# ריבטום

אַן אויפקלערונג,
וואָס וועט דערמעגלעכן יעדן
איינעם פולשטענדיק צו דער־
גרייכן דעם גרעסטן פאַרלאַנג
און די גענאַרטסטע האָפענונגען
פון דער מענטשהייט.



פון י. פ. רוטהערפאָרד

פאַרפאַסער פון

דאָס שלום־מאַכן רעגירונג
באַפרייאונג באַשאַפונג
נבואה ליכט
און אַנדערע ביכער

אויפלאַגע 3 856 000

"Riches"
Yiddish

אַרויסגעבער

וואַכטורעם
ביבל־ און טראַקטאַט־געזעלשאַפט
אינטערנאַציאָנאַלע ביבלפאָרשער־פאַראייניקונג
ברוקלין, ניו־יאָרק,
פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע

WATCH TOWER
BIBLE AND TRACT SOCIETY
International Bible Students Association
Brooklyn, N. Y., U. S. A.

אָפּטיילונגען
לאָנדאָן, קייפ־טאַון, בערן, סטאָקהאָלם, אָסלאָ,
קאָפּענהאַגען, העלסינקי, מעקסיקאָ, בוענאָס־איירעס
און אין אַנדערע שטעט.


געווידמעט דעם
נאָמען פון יהוה
דעם גרויסן געבער פון אַלעם גוטן
„איטלעכע גוטע מתּנה און איט־
לעך פולקאם געשאנק קומט
פון אויבן אראפ, פון דעם
פאָטער פון די ליכטיקייטן,
ביי וועמען עס איז ניטא קיין
פארענדערונג און ניט קיין
שאָטן פון אומבייט.‟
—יעקב א: יז.

# רייכטום

## קאַפּיטל 1

# פאַלשע און אמתע עשירות

וו ילט איר באמת זיין רייך און זייער גליקלעך? אויב יאָ, איז דאָס וויסן, ווי אַזוי צו דערגרייכן רייכטום און ווי אַזוי צו געניסן פון דעם, פון דער גרעסטער וויכטיקייט פאַר אייך. אויב איר ווערט געהאַלטן אין אומוויסנקייט וועגן דעם אמתן דרך, וואָס פירט צו דעם דאָזיקן וויסן, און איר פאַרלאָזט זיך אויף דער מיינונג פון דעם אומפולקאָמענעם מענטשן, און לאָזט אייך פירן פון אים, וועט איר קיינמאָל ניט קענען זיך דערוווערבן דאָס רייכטום, וואָס וועט אייך ברענגען שלום אין האַרצן און דויערנדיק גליק. יעדער מענטש, וואָס וועט נאָר אויסגעפינען דעם ריכטיגען וועג, און וואָס וועט דערמאָלט אָנהאַלטן פלייסיק נאָכצופאָלגן דעם דאָזיקן ריכטיקן וועג, וועט זיין אַבסאָלוט זיכער צו באַזיצן מיט דער צייט גרויס עשירות און אַלע באַגלייטנדיקע ברכות. דעם אמתן וועג קאָן מען ניט געפינען אין מענטשלעכע פלענער. דער, וואָס וויל ווערןווירקלעך רייך, מוז באמת זוכן צו דערוווערבן וויסן וועגן י ה ו ה ג אָ ט און זיין גרויסן שאַצקאַמער.

זייט איר וויליק אָפּצוגעבן די נויטיקע צייט און צו באַטראַכטן מיט ערנסטקייט דאָס, וואָס איז געשריבן אין דעם איצטיקן בוך? אויב יאָ, וועט איר דערוווערבן וויסן, וואָס וועט אייך ברענגען אמתן פרידן, ווייל דאָס איצטיקע בוך דריקט ניט אויס די מיינונג פון אַ מענטשן, נייערט ברענגט אַרויס דעם אמת, גענומען פון גאָטס וואָרט. דאָס וועט באַפרידיקן די, וואָס וועלן דאָס אויפמערקזאַם באַטראַכטן. מיליאָנען ערלעכע מענטשן זיינען אָפּגעקערט געוואָרן פון יהוה גאָט, און פון דער ביבל,

ווייל מען האט זיי פאלש פארגעשטעלט סיי גאט און סיי די הייליקע שריפט. מיליאנען אנדערע זיינען געהאלטן געווארן אין אומוויסנקייט וועגן דער הייליקער שריפט, ווייל זעלבסטזיכטיקע מענטשן האבן איינגערעדט די מענטשן, אז זיי וועלן ניט קענען פארשטיין די ביבל. דער אמת איז, אז „די הייליקע שריפט איז אינספירירט געווארן פון גאט” און איז טאקע פארן צוועק צו לערנען ערלעכע און פורכטלאזע מענטשן צו גיין אויפן ריכטיקן וועג. (טימותיוס ב ג: טז, יז) די געטלעך אינספירירטע הייליקע שריפט מאכט א קלארן אונטערשייד צווישן פאלשע און אמתע עשירות, און דערקלערט קלאר די סיבה, פארוואס גליק ווערט דערווארבן און גענאסן בלויז פון די, וואס געפינען דאס אמתע רייכטום. איידער איר קענט אויף א שכלדיקן אופן אויסקלייבן דעם פאלשן אדער דעם אמתן וועג צו דערווערבן עשירות, מוזט איר זיך דערוויסן וועגן די ביידע דרכים; דעמאלט ערשט, זייענדיק פריי צו ווילן, וועט איר אויסקלייבן איין וועג אדער דעם אנדערן. אויב איר פארלאזט זיך אויף דער מיינונג אדער אויף די רייד פון וועלכן ניט איז מענטשן, וועט איר זיכער אוועק אויפן שלעכטן וועג. „איר זאלט אייך ניט פארלאזן אויף פירשטן, אדער אויף א מענטשנקינד, ביי וועלכע עס איז ניטא קיין הילף.” (תהלים קמו: ג) אויב איר טרויט און פארלאזט זיך אויף גאטסווארט, וועט איר זיכער אוועק אויפן ריכטיקן וועג. „פארלאז זיך אויף גאט מיט דיין גאנצן הארצן, און אויף דיין אייגענעם פארשטאנד זאלסטו זיך ניט אנלענען. אין אלע דיינע וועגן דערקען אים, און ער וועט גלייך מאכן דיינע שטעגן.” (משלי ג: ה, ו) דער גרעסטער קריזיס פון אלע צייטן איז איצט באפאלן דעם מענטשלעכן מין, און יעדער ערלעכער מענטש וועט איצט האבן די מעגלעכקייט אויסצוגעפינען דעם ריכטיקן וועג, אויף וועלכן צו גיין, כדי יעדער איינער זאל קאנען פריי אויסקלייבן זיין אייגענעם שיקזאל. אייער געלעגנהייט איז איצט דא.

פאלש רייכקייט, וואס באשטייט פון געלט, הייזער און גיטער, דערווארבן דורך זעלבסטזיכטיקע מיטלען אויפן חשבון פון

אַנדערע, און דאַן ענגאַאיסטיש באַנוצט פאַר זיך אַליין, ווערט כּמעט שטענדיק גענוצט אונטערצודריקן אַנדערע מענטשן. אין דער איצטיקער צייט באַזיצט בלויז אַ הייפעלע מענטשן כּמעט אַלע געלדער, הייזער און גיטער, און די גרויסע מאַסע פון דער מענטשהייט ליידט מאַנגל אין די סאַמע נויטיקסטע זאַכן פאַר זייער טעגלעכן לעבן. רייכטימער, וואָס ווערן אַזוי־נאָך זעלבסטזיכטיק דערוואָרבן און וואָס ווערן אַזוי אומגערעכט געברויכט, ווערן אין דער הייליקער שריפט באַצייכנט אַלס „שמוציקער פראָפיט”. זעלבסטזיכטיקע מענטשן האָבן ליב די מאַכט, וואָס אַ סך געלט גיט זיי, און דערפאַר שטייט געשריבן אין דער שריפט, אַז „די גלוסט נאָך געלט איז דער וואָרצל פון אַלע שלעכטסקייטן”. (טימותיוס א ו: י) דאָס שלעכטס ליגט ניט אין דעם געלט גופא, נאָר געלט פירט צו רשעות, צוליב דער גיריקייט נאָך געווינס און נאָך מאַכט, וואָס געלט ברענגט צו יענעם, וואָס האָט עס און געברויכט עס אויף אַן אומגערעכטן אופן. אויב עמיצער באַקומט געלט ערלעכערהייט און נוצט עס אויף אַ געהעריקן אופן פאַר אַ גערעכטן צוועק צום רום פון גאָט, אַזאַ געלט פירט ניט צו רשעות, נאָר צו גוטסקייט.

די עטלעכע מענטשן, וואָס באַזיצן אין די איצטיקע צייטן עשירות פון מאַטעריעלע זאַכן אויף דער וועלט, זיינען באמתן ניט גליקלעך. אַזעלכע מענטשן זיינען כּמעט אין אַלע פאַלן שטאָלץ, פאַרריסן, שטרענג, שלעכט און אויסערגעוויינלעך זעלבסטזיכטיק. בעת זיי באַזיצן אַ סך מער, וויפל זיי דאַרפן, האָבן זיי שטענדיק מורא צו פאַרלירן וואָס זיי באַזיצן. דאָס געלט פון די גאָר רייכע ווערט אָפט גענוצט צו באַדריקן אַנדערע, און די מענטשן, וואָס נוצן דאָס געלט אויף אַזאַ אופן, זען אויס צו זיין שטאָלץ דערמיט, וואָס זיי האָבן אַזאַ מאַכט. מכּח זיי זאָגט גאָט: „דערפאַר איז גרויסהאַלטעריי זייער האַלדזבאַנד, ווי אַן אָנטועכץ וויקלט זיי איין געוואַלט־טעטיקייט. פון פעטקייט קריכן אַרויס זייערע אויגן, די איינבילדונגען פון האַרצן לויפן איבער. זיי שפּעטן און רעדן מיט בייזקייט פון רויב, פון אויבן אַראָפּ רעדן זיי. זיי מאַכן אויף קעגן דעם הימל זייער מויל, און

זייער צונג גייט אום אויף דער ערד. און זיי זאָגן: ווי קען גאָט וויסן? און: איז דען דאָ וויסן ביים אויבערשטן? זע, דאָס זיינען די רשעים, און אייביק אָן זאָרג, מערן זיי זייער נגידות." — תהלים עג: ו־ט, יא, יב.

איצט זיינען אָנגעקומען געפערלעכע צייטן, פונקט ווי גאָטס וואָרט האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז זיי וועלן קומען; און דאָס איז דערפאַר, ווייל מיר געפינען זיך איצט אין די „לעצטע טעג", ווען מענטשן זיינען געוואָרן ברעכער פון אָפּמאַכן, אומגעטריי און זוכן זיך צו דערהויבן אויפן חשבון סיי פון די רייכע און סיי פון די אָרעמע. (טימותיוס ב ג: א־ד) אייגנליביקע פּאָליטישע הערשער, וועלנדיק זיך האַלטן אין מאַכט און נאָכפאָלגנדיק אַנדערע אומגערעכטע איינפלוסן, האָבן אָנגעפאַנגען צו „זויגן די רייכע", כּדי צו שאַפן מער פּאָליטישע שטעלעס, און אַזוינאָך צו פאַרגרעסערן זייער מעגלעכקייט צו האַלטן זיך אין אַמט. מענטשן, וואָס באַמיען זיך אַזויאַרום, צוצונעמען אומגערעכטערהייט פון די ערדישע רייכע דאָס, וואָס זיי באַזיצן, זיינען אומגליקלעך און אויסערגעוויינלעך אייגננוציק. סיי יענע, וואָס באַזיצן איצט אַ סך מאַטעריעלע רייכטימער, סיי די אַנדערע, וואָס באַמיען זיך אַריינצוכאַפּן דאָסזעלביקע, ווערן געטריבן דערצו פון אַ אייגנליביקן פאַרלאַנג; און נאָכפאָלגנדיק דעם דאָזיקן וועג, וועלן זיי זיכער ווערן ביטער אַנטוישט אין משך פון אַ גאַר אַ קורצער צייט. „איר זאָלט אייך ניט פאַרזיכערן אויף געוואַלט־טעטיקייט, און ניט נאַרן מיט גזלה זאָלט איר אייך. אַז דער פאַרמעגן וואַקסט, זאָלט איר ניט זעצן אייער האַרץ אויף דעם." (תהלים סב: י) דער, וואָס פאַרזיכערט זיך אויף זיין [מאַטעריעלע] עשירות, וועט פאַלן." (משלי יא: כח) „אַ פּעלדהון, וואָס בריט אויף וואָס זי האָט ניט געלייגט, איז דער, וואָס דערווערבט עשירות, אָבער ניט מיט גערעכטיקייט; אין העלפט פון זיינע טעג וועט ער עס פאַרלאָזן, און אין זיין סוף וועט ער בלייבן אַ נאַר." — ירמיה יז: יא.

אַזאַ מענטש ווערט אַ נאַר, ווייל ער מאַכט זעלבסטזיכטיקע געווינסן, וואָס ווערן אַנדערש אָנגערופן „געלט", פאַר זיין גאָט,

און ער פאַרלאָזט זיך אויף דער מאַכט און דעם שוץ, וואָס זיין געלט קאָן אים ברענגען. ער פאַראַכט גאָט און אמתע חכמה, און דורך זיין אופן פון האַנדלונג באַווייזט ער, אַז ער איז אַ נאַר; ווי די הייליקע שריפט דערקלערט: „דער נאַר זאָגט אין זיין האַרצן: ס'איז ניטאָ קיין גאָט.” (תהלים יד: א) דורך זיין האַנדלונג אַנטבלויזט ער זיין כּונה, וואָס ווערט דאָ פאָרגע־שטעלט אַלס „זיין האַרץ”; און דערמיט זאָגט ער כּמעט אויס־דריקלעך, אַז ער איז אַ נאַר. פאַראַכטנדיק גאָטס פאָרזאָרגונגען פאַרן מענטשן און נאָכפאָלגנדיק אַ זעלבסטזיכטיקן וועג, ווערט מען איינגאַנצן בלינד בנוגע זיינע אייגענע העכסטע אינטערעסן. די מאַסן מענטשן אויף דער ערד זיינען ממש משוגע געוואָרן צוליב זייער אומדערזעטלעכער גיריקייט צו דערווערבן מאַטע־ריעלע עשירות. אַזעלכע פאַלשע רייכטימער געדויערן בלויז אַ קורצע צייט. דער מענטש שטאַרבט, און דאָס איז דער סוף פון זיינע נגידות, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן אויף אַן אומ־גערעכטן אופן: „פאַרמעגן נוצט ניט אין טאָג פון צאָרן, אָבער גערעכטיקייט איז מציל פון טויט.” (משלי יא: ד) „הייבסט אויף דיינע אויגן דערויף, און שוין איז עס ניטאָ; וואָרן עשירות מאַכט זיך פליגלען ווי אַן אָדלער, וואָס פליט צום הימל.” (משלי כג: ה) די שורות, וואָס ווערן דאָ ציטירט, באַציען זיך אויף דעם, וואָס ווערט אָנגערופן „פאַלש רייכטום”.

## „אמתע רייכקייט”

צו פאַרשטיין דעם אמתן אונטערשייד צווישן פאַלשן און אמתן רייכטום, איז זייער וויכטיק פאַר אייער לעבן און גליק. בלויז אין דער הייליקער שריפט קאָן מען געפינען דעם דאָזיקן קלאָרן אונטערשייד און קאָנטראַסט. יהוה גאָט איז באמת רייך, יאָ, זיין רייכקייט קאָן פון מענטשלעכן גייסט גאָרניט באַגריפן ווערן. דאָס וואָרט „וועלט” באַדייט סיי דאָס, וואָס איז אויף דער ערד, און סיי דאָס, וואָס איז אין הימל, דאָס מיינט, הן די זעבאַרע זאַכן, הן די אומזעבאַרע זאַכן פאַר די מענטשלעכע אויגן. אַלצדינג געהערט יהוה גאָט: „צו גאָט געהערט די ערד

און איר פולקייט, די וועלט און די וואוינער אין איר.״ (תהלים כד : א) „אין אָנהייב האָט גאָט באַשאַפן דעם הימל און די ערד.״ (בראשית א : א) „ווירדיק ביסטו, אונדזער האר און אונדזער גאָט, אַז דו זאָלסט הערלעכקייט און כבוד און מאַכט דערהאַלטן, וואָרן דו האָסט אַלע זאַכן באַשאַפן, און דורך דיין ווילן זיינען זיי און זיינען זיי באַשאַפן געוואָרן.״ (אַנטפּלעקונג ד : יא) כּדי צו דערוויסן זיך וועגן אמתער רייכקייט, מוזן מיר זיך ווענדן צום אורקוואַל פון עשירות.

ישוע המשיח איז אָן אַ מאָס רייך. דער נאָמען, וואָס איז אים אורשפּרינגלעך געגעבן געוואָרן, איז, ווי עס שטייט געשריבן אין דער הייליקער שריפט, „ד אָ ס ו ו אָ ר ט פ ו ן ג אָ ט״, דער לאָגאָס, אָדער דער, וועמען יהוה גאָט נוצט, באַקאַנטצו־מאַכן און דורכצופירן זיינע געבאָט. דאָס וואָרט, דער וואָרט־פירער, אָדער דער לאָגאָס איז געווען דער אָנהייב פון יהוהס באַשאַף (אַנטפּלעקונג ג : יד), און נאָכדעם האָט יהוה גאָט גענוצט דעם לאָגאָס (זיין וואָרט) אַלס זיין ווערקמייסטער אין דעם באַשאַף פון אַלצדינג. „אין דעם אָנהייב איז געווען דאָס וואָרט, און דאָס וואָרט איז געווען מיט גאָט, און דאָס וואָרט איז געווען [אַ] גאָט.״ (יוחנן א : א) די בוכשטעבלעכע איבער־זעצונג פון דעם עמפאַטישן דיאַגלאָט (דאָס איז אַ וואָרט נאָך וואָרט איבערזעצונג) איז : „אין אָנהייב איז געווען דער לאָגאָס, און דער לאָגאָס איז געווען מיט דעם גאָט, און אַ גאָט איז גע־ווען דער לאָגאָס.״ דאָס מיינט, אַז יהוה גאָט איז די גרויסע ערשטע סיבה, אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף, און איז דעריבער „דער גאָט״ ; און אַז דער אָנהייב פון זיין באַשאַף איז געווען דער לאָגאָס, דאָס וואָרט, וואָס איז „אַ גאָט״, דאָס הייסט אַ מעכטיקער. ווען יהוה גאָט האָט געשיקט זיין באַליבטן, דאָס וואָרט, אויף דער ערד, איז אים געגעבן געוואָרן דער נאָמען „ישוע״. ישוע האָט געזאָגט : „מיין פאָטער איז גרעסער פון מיר.״ (יוחנן יד : כח) יהוה גאָט איז דער פאָטער, ישוע המשיח איז דער זון. יהוה „גאָט [דער פאָטער] . . . האָט באַ־שאַפן אַלצדינג דורך ישוע המשיחן״, זיין זון. (עפעזער ג : ט)

בנוגע ישוע המשיחן, דעם וואָרט, שטייט געשריבן: „דורך אים זיינען אַלע זאַכן באַשאַפֿן געוואָרן, וואָס זיינען אין הימל, און וואָס זיינען אויף דער ערד, די זעבאַרע און די אומזעבאַרע, צי זיי זיינען טראָנען אָדער הערשאַפֿטן, פֿירשטנטימער אָדער מאַכטן: אַלע זאַכן זיינען פֿון אים און פֿאַר אים באַשאַפֿן געוואָרן. און ער איז איידער אַלצדינג, און אַלע זאַכן באַשטייען דורך אים.”—קאָלאָסער א: טז, יז.

אַלצדינג, וואָס איז געטאָן געוואָרן פֿון יהוה גאָט, איז געטאָן געוואָרן אין אָרדענונג און אין פֿולן איינקלאַנג מיט זיין אוניווערסאַלער אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע באַשטייט פֿון דעם לאָגאָס, פֿון כרובים, שׂרפֿים, מלאָכים און אַנדערע; און איבער אַלעם איז דער גרויסער אַלמעכטיקער גאָט. איינער פֿון די נעמען, וואָס איז געגעבן צו גאָטס אָרגאַניזאַציע, איז „ציון”, און די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע ווערט סימבאָליש פֿאָרגעשטעלט אַלס אַ „ווייב”, וואָס געבערט קינדער. (ישעיה נד: א־יג) פֿון זיין אוניווערסאַלער אָרגאַניזאַציע נעמט יהוה גאָט אַ באַשטימטע צאָל, וואָס זיינען אין איינקלאַנג מיט אים, און בויט פֿון זיי אויף זיין הויפּט־אָרגאַניזאַציע, פֿון וועלכער ישוע המשיח, דער מלך פֿון הערלעכקייט, איז דער הויפּט. די הויפּט־אָרגאַניזאַציע פֿון יהוה נוצט ער באַזונדערס, דורכצופֿירן זיינע באַשלוסן. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע ווערט דערמאָנט אין דער הייליקער שריפֿט אויך אַלס „די מלוכה”.

גאָט האָט באַשאַפֿן דעם ערשטן מענטשן און האָט אים אָנגערופֿן אָדם. נאָכדעם האָט גאָט באַשאַפֿן אַ ווייב און האָט זי אָנגערופֿן חוה; און דעם דאָזיקן מענטשנפּאָר איז געגעבן געוואָרן די מאַכט פֿון גאָט צו געבערן זייער מין, דאָס מיינט דורך באַפֿרוכטונג און געבורט צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט. דער ערשטער מענטש און זיין ווייב זיינען געווען אַ טייל פֿון יהוהס אוניווערסאַלער אָרגאַניזאַציע; דאָס הייסט, זיי זיינען געווען אין דעם ערדישן אָדער זעבאַרן טייל דערפֿון אונטער דער אויפֿזיכט פֿון אַן אומזעבאַרן אויבערהאַר. זיי זיינען געווען אין עדן, אַן אָרט פֿון פֿולקאָמענקייט און שיינ־

קייט. גאָט האָט דעם מענטשן באַקאַנטגעמאַכט זיין געזעץ, און דעם מענטשן איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז די שטראָף פאַר פאַר־לעצן גאָטס געזעץ איז דער טויט. עס מאַכט ניט אויס, אויף וואָס פאַראַן אופן דער מענטש פאַרלעצט גאָטס געזעץ. דער פאַרברעך באַשטייט אין וועלכן ניט איז אופן פון פאַרלעצונג; און די שטראָף איז דער טויט. גאָט האָט ניט געפאָדערט פון דעם מענטשן קיין גרויסע זאַך; נייערט ער האָט געפאָדערט פון אים אַ קליינע זאַך, וואָס איז באַשטאַנען אין אָפּזאָגן זיך פון עסן אַ געוויסע פרוכט. דער מענטש האָט מיט זיין אייגענעם ווילן פאַרלעצט גאָטס געזעץ, און דערפאַר איז ער גערעכטער־הייט פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, און ער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון גאָטס אוניווערסאַלער אָרגאַניזאַציע.

נאָך אַ משך פון אַ לאַנגער צייט, אין וועלכער אָדמס קערפּער איז דעגענערירט געוואָרן, איז דער מענטש געשטאָרבן. ווען דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן, און זינט יענער צייט איז ער געוועזן רייך, ביז וואַנען ער איז געוואָרן אַ זינדער; און דע־מאָלט האָט ער פאַרלאָרן אַלצדינג. (בראשית ג: יז־כד) אָדמס אומגערעכטע האַנדלונג, זיין פאַרברעכן קעגן גאָטס געזעץ, צוזאַמען מיט די אומגערעכטע האַנדלונגען פון אַנדערע באַ־שעפענישן, וואָס זיינען געווען פאַרמישט אין יענעם רשעות־דיקן עסק, האָט געבראַכט אַ סך חרפּה אויף דעם הייליקן נאָמען פון יהוה גאָט. וועט יהוה גאָט נעמען די נויטיקע שריט, כּדי ריינצוּוואַשן און צו רעכטפאַרטיקן זיין הייליקן נאָמען אין אָנגעזיכט פון אַלע באַשעפענישן פון דעם אוניווערס? דעם ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע געפינט מען אין דער הייליקער שריפט, און איצט קאָנט איר זיך וועגן דעם דערוויסן.

## זיין פעסטער באַשלוס

דער נאָמען „אַלמעכטיקער גאָט" איז אָנגעווענדט באַזונ־דערס אויף דעם אייביקן אַלס די גרויסע ערשטע אורזאַך און דער באַשאַפער פון אַלצדינג. זיין נאָמען „יהוה" זאָגט אָן באַזונדערס זיין כּונה בנוגע זיינע באַשעפענישן. אין דער צייט

פון אָדמס אומגעהאָרכזאַמקייט און זיין פאַלן, און ווען ער איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון גאָטס אוניווערסאַלער אָרגאַניזאַציע, האָט דער גרויסער באַשאַפער, אין אַ פאַרבאָרגענער שפּראַך, באַקאַנטגעמאַכט זיין באַשלוס, צו באַשאַפן זיין הויפּט־אָרגאַני־זאַציע אָדער מלוכה, וואָס וועט אין דער באַשטימטער צייט פאַרניכטן אַלע געזעצלאָזע, און אויפריכטן גערעכטיקייט סיי אויף דער ערד און סיי אין הימל; און דאָס אַלץ וועט זיין, כדי ריינצוּוואַשן יהוהס נאָמען. (בראשית ג: טו; יב: ב, ג; כב: טז־יח) „גאָט איז ליבע״ (יוחנן א ד: טז); דאָס מיינט, אַז ער איז אינגאַנצן ניט אייגנליביק, און אַז אַלצדינג ווערט פון אים געטאָן אָן שום אייגננוציקייט. צו רעכטפאַרטיקן זיין נאָמען אין די געדאַנקען פון די באַשעפענישן, ברענגט יהוה גאָר ניט קיין נוצן. וואָס באַשעפענישן טראַכטן וועגן דעם אַלמעכטיקן, גייט וויניק וואָס אָן דעם באַשאַפער. גאָט האָט באַקאַנטגעמאַכט זיין באַשלוס, ריינצוּוואַשן זיין נאָמען, און די דאָזיקע רעכטפאַרטיקונג וועט געבן זיינע באַשעפענישן אַלע מעגלעכקייט, צו דערווערבן גרויסע רייכטימער פון דער האַנט פון דעם באַשאַפער. גאָט באַמיט זיך ניט צו ראַטעווען באַ־שעפענישן; אָבער ער גיט זיינע באַשעפענישן די מעגלעכקייט צו באַנוצן זיך מיט דער רעטונג, וואָס ער האָט אָנגעגרייט. ער איז דער אורשפּרונג און דער קוואַל פון אַלע רייכטימער; און אויב דער מענטש וויל האָבן און געניסן דאָס עשירות, מוז ער קענען גאָט און וויסן גאָטס דרך, אויף וועלכן מען קאָן דערגרייכן דאָס געגאַרטע און אמתע רייכטום. יהוה מאַכט עס מעגלעך פאַר אַלע זיינע אינטעליגענטע באַשעפענישן צו באַקומען עשירות פון זיין פריינגעביקער האַנט.

דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן פאַר דער ערד, און כדי ער זאָל באַזיצן און געניסן די שפע פון די רייכקייטן פון דער ערד. דער פולקאָמער מענטש אין עדן איז געווען דעריבער רייך, און אַזאַ עשירות וואָלט ער געקענט האָבן אויף אייביק, ווען ער וואָלט שטענדיק געהאָרכט זיין באַשאַפער. אָדם, דורך זיין ניט האָרכן גאָטס געבאָט, איידער נאָך דער מענטש האָט אויסגע־

איבט זיין מאַכט צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט, האָט ניט בלויז פאַרלאָרן אַלצדינג פאַר זיך אַליין, נאָר זיינע קינדער זיינען געבאָרן געוואָרן אַלס זינדער, ניט פּולקאָם, און אָן דעם רעכט צו לעבן. „דעריבער, אַזוי ווי דורך איין מענטש איז די זינד אַריינגעטראָטן אין דער וועלט, און דער טויט דורך דער זינד, אַזוי איז דער טויט געקומען צו אַלע מענטשן, ווייל אַלע האָבן געזינדיקט.״ (רוימער ה: יב) עס שטייט זייער פּשוט געשריבן אין דער הייליקער שריפט, אַז יהוה גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן פאַר דער ערד און די ערד פאַר דעם מענטשן: „איך האָב געמאַכט די ערד, און דעם מענטשן אויף איר באַשאַפן; איך — מיינע הענט האָבן אויסגעשפּאַנט די הימלען, און זייער גאַנצן חיל באַפעל איך. וואָרן אַזוי האָט געזאָגט יהוה, דער באַשאַפער פון די הימלען, ער, גאָט, וואָס האָט געפורעמט די ערד און זי געמאַכט; ער, וואָס האָט זי אויפגעשטעלט, ניט פאַר אַ וויסטעניש זי באַשאַפן, נאָר צום וווינען זי געפורעמט: איך בין יהוה, און אויסער מיר איז קיינער ניטאָ.״ — ישעיה מה: יב, יח.

זאָל צוליב דער אומגעהאָרכזאַמקייט פון דעם מענטשן און צוליב דעם פאַרלירן דאָס רעכט צו לעבן און צוליב פאַרלירן דאָס רעכט אויף אמתן רייכטום, צונישט ווערן יהוהס צוועק, פאַר וועלכן ער האָט באַשאַפן די ערד? יהוהס צוועק קאָן ניט בטל ווערן, נייערט מוז ווערן דערגרייכט; און מכּח דעם שטייט געשריבן: „יאָ, איך האָב גערעדט, און איך וועל עס אויך ברענגען, איך האָב עס באַשלאָסן, און איך וועל עס אויך טאָן.״ (ישעיה מו: יא) „מיין וואָרט ... עס וועט זיך ניט אומקערן צו מיר ליידיק; נייערט עס וועט טאָן וואָס איך האָב געוואָלט, און אויספירן וואָס איך האָב עס געשיקט טאָן.״ (ישעיה נה: יא) יהוה וועט קיין שום זאַך ניט דערלויבן, וואָס זאָל אים שטערן אויסצופירן זיין ווילן. גאָט בייט זיך ניט איבער, און אויך זיין געזעץ בייט זיך ניט. (מלאָכי ג: ו) ער בייט ניט איבער זיין אייגענעם משפּט, פּסק־דין אָדער באַשלוס. זעענדיק אַזוינאָך, אַז אַלע מענטשן, צוליב אָדמס זינד, זיינען געבאָרן

געוואָרן אומפּולקאָם און אָן דעם רעכט צו לעבן, טאָ ווי אזוי איז עס מעגלעך פאַר וועלכן ניט איז מענטשן, צו דערוווערבן וועג ניט איז רייכטום פון דער האַנט פון יהוה גאָט און נאָך דערצו דאָס אויף אייביק צו געניסן?

### אויסלייזונג

דער מענטש קאָן קיינמאָל ניט דערגרייכן דאָס אמתע און געגאַרטע עשירות דורך זיינע אייגענע באַמיאונגען. עס שטייט געשריבן: „איר ווייסט די גנאָד פון אונדזער האר ישוע המשיחן, אַז כאָטש ער איז רייך געווען, איז ער דאָך פון אייערטוועגן אָרעם געוואָרן, כּדי דורך זיין אָרעמקייט זאָלט איר רייך ווערן." (קאָרינטער ב ח: ט) דער דאָזיקער פּסוק דערקלערט אין עטלעכע ווערטער, ווי אזוי ס'איז מעגלעך פאַרן מענטשן צו באַקומען אמתע עשירות. וואָס איז דער גרעסטער פאַרלאַנג פון אַלע שׂכלדיקע באַשעפענישן געבאָרן אין זינד, געפורעמט אין אומגערעכטיקייט (תהלים נא: ז), אָפּגעקערט פון גאָט, אונטער דער מאַכט פון זינד, און זייענדיק אַבסאָלוט זיכער מיטן טויט, קומען אַלע מענטשלעכע באַשעפענישן אריין אין דער וועלט אין אַ צושטאַנד פון נידעריקסטער אָרעמקייט. בלויז אַ קליינער פּראָצענט פון דעם מענטשלעכן מין ווערט רייך מיט מאַטעריעלע זאַכן אויף דער ערד, און דאָס אויפן חשבון פון זייער מיטבאַשעפענישן; אָבער זיי פעלט אינגאַנצן דאָס אמתע עשירות, און זייער פאַלש רייכטום, וואָס זיי באַקומען אזויאַרום, גיט זיי קיין שום נוצן צום סוף. „די, וואָס פאַרטרויען אויף זייער פאַרמעגן און באַרימען זיך מיט זייער גרוים עשירות: ניט אויסקויפן אַ ברודער קאָן אַ מענטש, ניט געבן גאָט אַן אויסלייז פאַר זיך, ... כּדי ער זאָל קאָנען שטענדיק לעבן און זאָל ניט זען די גרוב. וואָרן ער זעט, אַז חכמים שטאַרבן, אַז דער נאַר און דער פאַרגרעבטער גיין צוזאַמען אונטער און לאָזן איבער צו אַנדערע זייער פאַרמעגן. זיי טראַכטן ביי זיך, זייערע הייזער זיינען אויף אייביק, זייערע וווינונגען אויף דור־דורות; זיי רופן לענדער נאָך זייער נאָמען נאָך. אָבער דער בכּבודיקער מענטש

בלייבט ניט, ער איז געגליכן צו דער בהמה, וואָס ווערט פאַר־שניטן.״ (תהלים מט: ו, ז, ט־יד) אַזוינאָך ווערט באַשריבן דער צושטאַנד פון דעם אומפּולקאָמענעם מענטשלעכן מין, פול־שטענדיק הילפלאָז און אָן וועלכע ניט איז פּיאיקייטן צו דער־ווערבן דאָס, וואָס ער פאַרלאַנגט אַזוי שטאַרק.

הגם גאָט האָט ניט געקאָנט צונישט מאַכן זיין משפּט קעגן דעם מענטשן און די ווירקונג דערפון אויף די אָפּשטאַמער פון דעם ערשטן מענטשן; דאָך האָט ער באַשטימט אין זיין געזעץ, אַז ער קאָן אין איינקלאַנג מיט זיין גערעכטיקייט אָננעמען אַ שטעל־פאַרטרעטער פאַר דעם פאַרמשפּטן מין, און אַז ער וועט דורך דעם באַפרייען דעם מענטשן פון דער אומפּיאיקייט, אונטער וועלכער אַלע געפינען זיך. די אומאייגננוציקע פאַר־זאָרגונג, וואָס יהוה האָט געשאַפן פאַר דעם מענטשן, איז אַזוינאָך: אַז אַ לעבן זאָל קאָנען געגעבן ווערן פאַר אַ לעבן, דאָס הייסט, אַז אַ פּולקאָם, זינדלאָז לעבן זאָל קאָנען געגעבן ווערן אַלס במקום פאַר יענעם לעבן, וואָס איז אַמאָל געווען אָן זינד, אָבער שפּעטער איז געוואָרן זינדיק און דערפאַר אונטער־וואָרפן דעם טויט. (דברים יט: כא) דאָס זינדלאָזע לעבן, וואָס זאָל קאָנען אָנגענומען ווערן אויפן אָרט פון דעם מענטשן אָדמען, וואָס איז באַגאַנגען זינד, מוז זיין אַ פּולקאָם מענטש־לעך לעבן. דאָס קאָן ניט זיין ניט מער און פאַרשטייט זיך אויך ניט ווייניקער, כּדי נאָכצוקומען די פאָדערונג פון גאָטס געזעץ. אַזוי ווי דער גאַנצער מענטשלעכער מין שטאַמט אָפּ פון אָדמען, דעם זינדער, איז עס דערפאַר אינגאַנצן אוממעגלעך פון וועמען ניט איז פון אָדמס אָפּשטאַם, צו ווערן דער אויס־קויפער און דערלייזער פון דער מענטשהייט. אויסלייז־פּרייז אָדער „אויסקויף״ מיינט אַ באַשטימטער גלייכווערטיקער פּרייז, דאָס הייסט, דער פּרייז פון פּינקטלעך דעמזעלביקן ווערט, וואָס דאָס געזעץ פאָדערט פון דעם, וואָס איז באַגאַנגען די זינד.

ס׳איז געווען דער פּולקאָמענער מענטש אָדם, וואָס האָט געזינדיקט, און גאָטס געזעץ האָט געפאָדערט אָדמס טויט, ווייל זיין לעבן איז געווען פאַרפאַלן. גאָטס משפּט האָט צוגענומען

פון אָדמען דאָס רעכט צו לעבן, און ער איז געשטאָרבן. קיין איין זאַך וואָלט ניט געקאָנט זיין קיין אויסקויף פאַרן מענטשן, סיידן אַ פולקאָמענע מענטשלעכע באַשעפעניש, וואָס באַזיצט מענטשלעך לעבן און דאָס רעכט אויף דעם דאָזיקן לעבן. דער־יעניקער, וואָס ווערט דער אויסלייזער אָדער אויסקויפער פון אָדמס אָפּשטאַם, מוז פאַרנעמען פּינקטלעך דאָסזעלבע אָרט, וואָס אָדם האָט פאַרנומען, איידער ער האָט געזינדיקט, און ווען ער איז נאָך געווען פולקאָם און אין גן־עדן, און איידער ער האָט גענומען וועלכע ניט איז אומגעזעצלעכע שריט צו באַגיין זינד. דעריעניקער, וואָס וואָלט געקאָנט פאַר־נעמען דאָס אָרט פון דעם זינדיקן מענטשן און שטאַרבן פאַר אים, כדי אים צו ברענגען אויסלייזונג, מוז זיין אַ פולקאָמענע מענטשלעכע באַשעפעניש. אויב ער וואָלט געווען טיילוויי גייסט און טיילוויי מענטש, וואָלט דאָס ניט געווען דער פּרייז, וואָס איז געווען גלייכוואַרטיק מיט דעם פולקאָמענעם מענטשן אָדמען. קיין שום באַשעפעניש האָט ניט געהאַט די מאַכט צו ברענגען די דאָזיקע אויסלייזונג. בלויז גאָט האָט געקאָנט באַ־שאַפן אַזאַן אויסלייזער; און די הייליקע שריפט באַווייזט, אַז ער האָט צוגעגרייט די אויסלייזונג פון דעם מענטשן. טוענדיק דאָס, איז יהוה געווען באַוויזן אינגאַנצן פון אומאייגננוציקע מאָטיוון.

דער לאָגאָס, די גייסט־באַשעפעניש, דאָס וואָרט פון יהוה גאָט, איז געווען אומגעהויער רייך, ווייל ער איז געווען דער צווייטער נאָך יהוה און דער ווערקמייסטער פון יהוה אין דעם באַשאַף פון אַלצדינג, און פאָלגלעך האָט ער גענאָסן די שפע עשירות פון דעם גאַנצן באַשאַף. כדי צו ווערן דער אויס־לייזער פונם מענטשן, האָט ער געמוזט ווערן אַ מענטש און פאַרציכטן אויף דאָס גאַנצע עשירות און די גאַנצע הערלעכקייט, וואָס ער האָט באַזיצט און גענאָסן אין הימל, און ווערן אַ פּשוטער מענטש. אין איינקלאַנג דערמיט שטייט אויסדריקלעך געשריבן, אַז „ישוע . . . איז געמאַכט געוואָרן אַביסל נידעריקער פון די מלאָכים, כדי צו ליידן דעם טויט, . . . אַז ער זאָל

דורך דער גנאָד פון גאָט פאַרזוכן דעם טויט פאַר יעדן מענטשן". (עברים ב : ט) דאָס באַווייזט, אַז ישוע, ווען ער איז געווען אויף דער ערד, איז ניט געווען טיילווייז אַ גייסט און אויך ניט אינגאַנצן אַ גייסטיקע באַשעפעניש ווי די מלאָכים, נאָר אַז ער איז געווען אַ מענטש און נידעריקער פון די מלאָכים, כּדי ער זאָל קענען ווערן דער דערלייזער און אויסקויפער פון דער מענטשהייט דורך פאַרנעמען דאָס אָרט פון דעם מענטשן אַלס זינדער און ליידן דעם טויט ווי אַ זינדער. דערפאַר אַוועקלייגנדיק אָן אַ זייט זיין הימלשע עשירות און הערלעכקייט, איז ער געוואָרן אָרעם.

ווי אַזוי איז דער לאָגאָס, וואָס ווערט איצט אָנגערופן „ישוע", געוואָרן אַ מענטש? זיין פאָטער אָדער זיין לעבנגעבער איז ניט געווען קיין מענטשלעכע באַשעפעניש אָדער אַן אָפּשטאַמער פון אָדמען. אויב ער וואָלט געווען דער זון פון אָדמען, וואָלט ער דעמאָלט ניט געקאָנט ווערן געבאָרן אַ פולקאָמענער מענטש. די הייליקע שריפט ווייזט אָן, אַז יוסף און מרים זיינען געווען פאַרלאָבט, און איידער זייער הייראַט איז געקומען צום שטאַנד, דאָס הייסט, „איידער זיי זיינען זיך צוזאַמענגעקומען", איז מרים „געפונען געוואָרן שוואַנגער פון דעם רוח הקודש". דאָס מיינט, אַז די אומזעבאַרע מאַכט פון יהוה גאָט, זיין הייליקער גייסט, האָט גורם געווען, אַז מרים זאָל פאַרשוואַנגערן אין איר מוטערלייב מיט אַ קינד. צו זאָגן דאָס אין אַנדערע ווערטער, יהוה, דער אַלמעכטיקער גאָט, האָט אויסגעאיבט זיין באַשאַפער־מאַכט, און אין דעם לייב פון מרימען האָט זיך געפורעמט אַ קינד, נאָך איידער זי האָט התונה געהאַט מיט יוספן. גאָטס מלאָך האָט דעמאָלט אָנגעזאָגט יוספן די דאָזיקע בשורה: „יוסף, בן דוד, פאָרכט דיך ניט צו נעמען צו דיר מרים, דיין ווייב: וואָרן דאָס, וואָס איז אין איר עמפּפאַנגען, איז פון דעם רוח הקודש. און זי וועט געווינען אַ זון, און דו זאָלסט זיין נאָמען רופן ישוע: וואָרן ער וועט ראַטעווען זיין פאָלק פון זייערע זינד. און דאָס אַלץ איז געשען, כּדי עס זאָל מקוים־ווערן וואָס איז געזאָגט פון

דעם האַר דורך דעם נביא, וואָס זאָגט: ‚זע, די יונגפרוי וועט שוואַנגער ווערן און וועט געווינען אַ זון, און מען וועט זיין נאָמען רופן עמנואל׳: וואָס הייסט אויף אידיש: גאָט איז מיט אונדז.״ — מתתיה א: כ־כג.

אין דער געהעריקער צייט האָט מרים געבאָרן דאָס קינד, מיט וועלכן זי איז שוואַנגער געווען דורך דעם איבערנאַטירלעכן כח פון דעם גרויסן באַשאַפער. ווען דאָס קינד איז געבאָרן געוואָרן, האָט גאָט עס אָנערקענט אַלס זיין זון און אָנגערופן זיין נאָמען ישוע, וואָס מיינט, אַז ער איז געבאָרן געוואָרן צו זיין דער דערלייזער פון דער וועלט. אין דער נאַכט פון ישועס געבורט איז אַ בשורה פון דער גרעסטער וויכטיקייט אָנגעזאָגט געוואָרן דער מענטשהייט דורך גאָטס מלאָכים, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון הימל: „און אַ מלאָך פון דעם האַר איז געשטאַנען פאַר זיי, און די הערלעכקייט פון דעם האַר האָט געשיינט אַרום זיי, און זיי האָבן זיך זייער געפאָרכטן. און דער מלאך האָט צו זיי געזאָגט: האָט ניט קיין מורא, וואָרן, זעט, איך ברענג אייך אַ בשורה טובה פון גרויסער פרייד, וואָס וועט זיין צו אַלע מענטשן. וואָרן היינט איז צו אייך געבאָרן געוואָרן, אין דער שטאָט פון דודן, אַ רעטער, וועלכער איז משיח, דער האַר . . . לויב צו גאָט אין דער הייך, און פרידן אויף דער ערד צו די מענטשן פון גוטן ווילן!״ — לוקאַס ב: ט־יד.

אַזוינאָך איז געקומען אויף דער וועלט דאָס פולקאָמענע קינד, מיטן נאָמען ישוע: „און דאָס קינד איז געוואַקסן, און איז שטאַרק געוואָרן אין גייסט, אָנגעפילט מיט חכמה; און די גנאָד פון גאָט איז געווען אויף אים.״ (לוקאַס ב: מ) לויט גאָטס געזעץ האָט אַ מענטש געמוזט זיין דרייסיג יאָר אַלט, כדי צו קאָנען דינען אַלס אַ באַדינער אָדער כהן אין גאָטס אָרגאַניזאַציע. ישוע איז אויסגעוואַקסן צום עלטער פון אַ יונגנמאַן, און איצט איז ער געווען גרייט און פּאַסיק דורכצופירן די כונה פון זיין פאָטער, יהוה גאָט. ער האָט געטראָפן יוחננען ביים טייך ירדן, און דאָרטן האָט יוחנן צוליב ישועס

בקשה, טובֿל געווען ישוע אין דעם טייך. דאָס איז געטאָן געוואָרן אַלס אַן אויסערלעכער סימבאָל, אַז ישוע האָט איינ־געשטימט צו טאָן זיין פאָטערס ווילן, וואָס־נאָר דאָס זאָל זיין: „און ישוע, ווען ער איז געטובֿלט געוואָרן, איז גלייך אַרויס־געקומען פון דעם וואַסער; און, זע, דער הימל האָט זיך געעפנט פאַר אים, און ער האָט געזען דעם גייסט פון גאָט אַרונטערפליען אַזוי ווי אַ טויב און קומען אויף אים. און, זע, אַ קול פון הימל האָט געזאָגט: דאָס איז מיין באַליבטער זון, אין וועלכן איך האָב וווילגעפעלן." (מתתיה ג: טז, יז) אַזוי האָט יהוה אָנערקענט אָדער געבאָרן ישוע המשיחן אַלס זיין באַליבטן זון, געשיקט אויף דער ערד, כּדי דורכצופירן זיין כּונה. אין די דריי און אַ האַלב יאָר נאָכדעם איז דער מענטש ישוע געשטעלט געוואָרן אויף דער שטרענגסטער פּראָבע, און אונטער אַזאַ פּראָבע האָט ער צו יעדער צייט באַוויזן זיין איבערגעבנקייט און געטריישאַפט צו גאָט און האָט אָנגעהאַלטן זיין שטאַנדהאַפטיקייט צו זיין פאָטער.

פאַרוואָס איז ישוע געווען אויף דער ערד? די ערשטע סיבה, ווי דאָס ווערט אָנגעגעבן אין דער הייליקער שריפט, איז, אַז ער איז געווען אויף דער ערד צו רעכטפאַרטיקן דעם נאָמען פון יהוה גאָט; און די צווייטע סיבה, אויסצולייזן דעם מענטש־לעכן מין און אַזוינאָך געבן דעם מענטשן אַ מעגלעכקייט צו לעבן. די צווייטע סיבה ווערט דאָ פריער באַטראַכט, און די ערשטע סיבה וועט באַטראַכט ווערן אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל.

די אויסלייזונג פון דעם מענטשן איז אַזוי וויכטיק, און עס איז אַזוי נויטיק דאָס קלאָר צו פאַרשטיין, אַז, כּדי צו מאַכן דעם ענין אַזוי דייטלעך ווי נאָר מעגלעך, ווערן עטלעכע זאַכן, וואָס זיינען אויבן דערקלערט געוואָרן, דאָ איבערגעחזרט. דער אומפּולקאָמענער מענטש אָדם, אונטערן פּסק־דין פון טויט, האָט ניט געקאָנט איבערגעבן זיין אָפּשטאַם דאָס רעכט צו לעבן. אַזוי ווי די גאַנצע מענטשהייט איז דער אָפּשטאַם פון אָדמען, זיינען אַלע געבאָרן געוואָרן אויף דער וועלט אָן דעם

רעכט צו לעבן. דאָס ווערט דערקלערט אין דער הייליקער שריפט אין די פאָלגנדיקע עטלעכע ווערטער: „אזוי ווי דורך איין מענטשן איז די זינד אריינגעטראָטן אין דער וועלט, און דער טויט דורך דער זינד; אַזוי איז אויך דער טויט געקומען צו אַלע מענטשן, ווייל אַלע האָבן געזינדיקט." (רוימער ה: יב)

אַלע מענטשלעכע באַשעפענישן זיינען זינדער דורך ירושה, און צוליב דער דאָזיקער סיבה זיינען זיי ניט דירעקט פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר זייער אומפולקאָמענקייט. זיי ווערן געבאָרן אין זינד און אין געזעצלאָזיקייט צוליב צושטאַנדן, וועלכע דאָס קינד קאָן ניט ענדערן. „זע, אין זינד בין איך געבאָרן געוואָרן, און אין חטא האָט מיך מיין מוטער עמפפאַנגען." (תהלים נא: ז) די דאָזיקע אומפּייאיקייט פון דעם מענטש־לעכן מין האָט געקאָנט אָפּגעראַמט ווערן בלויז דורך דעם טויט פון דעם פולקאָמענעם מענטשן ישוע ווי אַ זינדער און אַנשטאָט דעם זינדער, פאַרזאָרגנדיק אויף דעם דאָזיקן אופן דעם אויסלייז־ און אויסקויף־פּרייז פאַר דער מענטשהייט. דער מענטש ישוע איז געווען אַ פולקאָמענער מענטש און האָט אין יעדן אופן גענוי אַנטשפּראָכן דעם פולקאָמענעם מענטשן אָדמען, איידער ער האָט געזינדיקט. ישוע האָט באַזיצט לעבן אַלס אַ מענטשלעכע באַשעפעניש, און אויך דאָס רעכט צו לעבן, ווייל אין אַלע צייטן באַזיצן די געהאָרכזאַמע און די, וואָס זיינען אין איינקלאַנג מיט יהוה גאָט, דאָס רעכט פון גאָט צו לעבן. דער פולקאָמענער מענטש ישוע האָט באַזיצט אַלע נויטיקע אייגנשאַפטן צו ווערן דער אויסלייזער פון דעם מענטשלעכן מין. צוערשט האָט געדאַרפט באַזאָרגט ווערן דער אויסלייז־פּרייז, און דאַן מוז קומען די רעכטפאַרטיקונג פון יהוהס נאָמען.

גאָט האָט ניט געקאָנט אויסגעהאַלטענערהייט צווינגען אַ פולקאָמענעם מענטשן צו שטאַרבן אויפן אָרט פון איינעם, וואָס האָט געזינדיקט; נאָר ער האָט עס געקאָנט מאַכן מעגלעך פאַר אַ פולקאָמענעם מענטשן, אין איינקלאַנג מיט זיין פאַ־

טערס ווילן, צו שטאַרבן פרייוויליק. עס איז געווען גאָטס ווילן, אַז מענטשן זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו לעבן, און דער האר ישוע האָט זיך פולשטענדיק געווידמעט צו טאָן דעם ווילן פון גאָט; דעריבער האָט ער זיך פרייוויליק אונטער־וואָרפן דעם ווילן פון גאָט, כּדי ער זאָל קענען ווערן דער אויסלייזער. גאָטס פאַראָרדענונג אָדער געזעץ דערקלערט: „דער שׂכר פון זינד איז דער טויט, אָבער די מתּנה פון גאָט איז דאָס אייביקע לעבן דורך ישוע המשיחן, אונדזער האר." (רוימער ו: כג) דאָס געזעץ פון גאָט באַדייט, אַז דער, וואָס זינדיקט אייגנוויליק, מוז שטאַרבן, און אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנטרינונג פון טויט און קיין האָפענונג פאַר אַ שפּעטערדיק לעבן, סיידן אַז יהוה מאַכט עס מעגלעך פאַרן מענטשן צו לעבן. דאָס לעבן איז אַ מתּנה פון גאָט, און ער האָט דערמעג־לעכט צו געבן לעבן צו די געהאָרכזאַמע מענטשן דורך ישוע המשיחן.

לעבן און דאָס רעכט צו לעבן קאָן בלויז גאָט געבן, און דערפאַר שטייט געשריבן, אַז „דאָס לעבן איז אַ מתּנה פון גאָט דורך ישוע המשיחן". דאָך איידער די מתּנה ווערט אָנ־גענומען, מוז די אומפּייאַיקייט פון דעם מענטשן, ווען די מתּנה ווערט געגעבן, אָפּגעראַמט ווערן; און די דאָזיקע אומפּייאַיקייט קאָן אָפּגעראַמט ווערן בלויז מיט דעם געאָפּ־פערטן לעבן פון דעם פולקאָמענעם מענטשן ישוע אַלס אויס־לייז־פרייז פאַר דעם זינדיקן מענטשן. דערפאַר האָט ישוע המשיח געזאָגט: „... דער בן־אָדם איז ניט געקומען באַדינט צו ווערן, נייערט צו באַדינען און אַוועקצוגעבן זיין לעבן אַלס אַן אויסלייזונג פאַר פילע." (מתּתיה כ: כח) ישוע איז ניט געקומען, כּדי צו באַקומען עטוואָס פאַר זיך אַליין; נאָר כּדי צו באַדינען אַנדערע און אַוועקצוגעבן זיין לעבן אַלס רעטונג־מיטל פאַר אַזויפיל פון דער מענטשהייט, וויפל עס וועלן נאָכ־קומען די פאָדערונגען פון גאָטס געזעץ, נאָכדעם ווי זיי דער־וויסן זיך וועגן דעם.

## אָרעם

דער פֿולקאָמענער מענטש ישוע האָט געמוזט שטאַרבן, ניט ווייל ער האָט אַליין באַגאַנגען וועלכע ניט איז שלעכטס אָדער צוליב צוואַנג; נייערט ער האָט זיך פרייווילליק געאָפּפערט אין געהאָרכזאַמקייט צום געזעץ פֿון זיין פֿאָטער. עס איז געווען ישועס פרייד צו טאָן דעם ווילן פֿון זיין פֿאָטער, און אַזוי האָט ער זיך אויסגעדריקט. (תהלים מ: ח) אַז ישוע איז ניט געצוווּנגען געוואָרן צו שטאַרבן, נייערט אַז ער האָט עס געטאָן מיט זיין אייגענעם ווילן און אין איינקלאַנג מיט זיין פֿאָטערס ווילן, נעמט אין אַכט זיינע אייגענע ווערטער: „דערפאַר האָט מיין פֿאָטער מיך ליב, ווייל איך לייג מיין לעבן אַנידער, אַז איך זאָל עס ווידער קענען דערהאַלטן. קיינער נעמט עס ניט פֿון מיר, נייערט איך לייג עס אַנידער פֿון זיך אַליין. איך האָב מאַכט, עס אַנידערצולייגן, און איך האָב מאַכט, עס ווידער צו נעמען. דעם דאָזיקן געבאָט האָב איך באַקומען פֿון מיין פֿאָטער.” — יוחנן י: יז, יח.

די דאָזיקע ווערטער פֿון ישוע באַווייזן קלאָר, אַז ער איז געווען אין איינִיקייט אָדער אין פֿולן איינקלאַנג מיט זיין פֿאָטער, און וואָס נאָר עס איז געווען דער ווילן פֿון זיין פֿאָטער, האָט ישוע געטאָן מיט פרייד. אין הימל איז ישוע געווען זייער רייך. פֿאַרלאָזנדיק די הימלישע הויפֿן, כּדי צו ווערן אַ מענטשנקינד, איז ער געוואָרן אָרעם אין פֿאַרגלייך דערמיט, וואָס ער האָט געהאַט אַלס גייסט. אַלס אַ מענטש אויף דער ערד איז ישוע געווען רייך. ער איז געווען דער איינציגער מענטש, וואָס איז ווען ניט איז געווען אויף דער ערד, אַ הוץ אָדמען, וואָס איז געווען פֿולקאָם. איינער פֿון זיינע טיטלען איז געווען „דער בן־אָדם”, און פֿון דעמאָלט אָן איז ער באַקאַנט אַלס „דער מענטשנזון”; דאָס מיינט, אַז דערפאַר, ווייל ער איז געווען דער איינציקער פֿולקאָמענער מענטש, איז ער געוואָרן דער געזעצלעכער איינגנטימער און באַזיצער פֿון אַלצדינג, וואָס אָדם האָט אַמאָל געהאַט און האָט פֿאַרלאָרן. אָדם איז געוואָרן אַן אָרעמאַן צוליב זיין זינד, און איצט האָט ישוע געמוזט

פרייוויליק ווערן אַן אָרעמאַן, כּדי איבערצונעמען דאָס אָרט פון דעם זינדער אָדם. כּדי צו ווערן דער אויסלייזער פון דעם זינדיקן מענטשן, האָט ישוע זיך געמוזט אָפּזאָגן פון יעדער רעכט און יעדן באַזיץ. אַלס אַ באַקרעפטיקונג פון דעם דאָזיקן אויספיר שטייט געשריבן: „ישוע האָט צו אים געזאָגט: די פוקסן האָבן לעכער, און די פייגל פון די לופטן האָבן נעסטן; אָבער דער בן־אָדם האָט ניט, וווּ דעם קאָפּ אַנידערצולייגן.״ (לוקאַס ט: נח) דאָס מיינט ניט, אַז ישוע האָט ניט געקאָנט געפינען קיין אָרט פאַר זיין קערפּער זיך אָפּצורוען; נאָר דאָס מיינט, אַז, זייענדיק געקומען צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון דעם זינדיקן מענטשן, האָט ער זיך געמוזט אָפּזאָגן פון וועלכער ניט איז פאָדערונג אויף יעדער זאַך. דערפאַר ברענגט ער דעם פאַרגלייך צווישן זיך און די פוקסן און די פייגל. ער האָט געמוזט ווערן אינגאַנצן אָרעם, אָפּגעטאָן פון אַלע רייכטימער.

און פאַרוואָס איז ישוע געוואָרן אָרעם? אַזויפיל וויפל דער ענטפער באַציט זיך אויפן מענטשן, איז ער געוואָרן אָרעם, ווי עס ווערט דערקלערט אין דער הייליקער שריפט: „פאַר אייערטוועגן [פאַר דעם מענטשנס וועגן], ... אַז איר זאָלט דורך זיין אָרעמקייט רייך ווערן.״ (קאָרינטער ב ח: ט) אַנדערש געזאָגט, ישוע, נאָכקומענדיק פולשטענדיק דעם ווילן פון גאָט, איז דערפאַר געוועזן דער פּאַסיקסטער צו ווערן דער דערלייזער פון דער מענטשהייט און גאָטס אינסטרומענט, וואָס דורך אים אַליין קען געגעבן ווערן לעבן צו די געהאָרכזאַמע פון דער מענטשהייט. דערפאַר האָט ישוע געזאָגט: „איך בין געקומען, כּדי זיי זאָלן האָבן דאָס לעבן.״ — יוחנן י: י.

אַ חוץ דער רעטונג, וואָס יהוה האָט צוגעגרייט, און אַ חוץ דער דערלייזונג דורך ישוע המשיחן, איז ניטאָ קיין שום אַנדער מעגלעכקייט פאַר וועלכער ניט איז מענטשלעכער באַשעפעניש, צו האָבן דאָס אייביקע לעבן: „און עס איז ניטאָ קיין ישועה אין וועמען ניט איז אַנדערן: וואָרן עס איז אויך ניטאָ קיין אַנדערער נאָמען אונטערן הימל, וואָס איז געגעבן געוואָרן צווישן מענטשן, דורך וועלכן מיר מוזן געראַ־

טעוועט ווערן.״ (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע ד: יב) בלויז יענע, וואָס האָבן פֿולן גלויבן און צוטרוי אין ישועס פֿאַרגאָסן בלוט אַלס דעם דערלייזונגס־פּרייז פֿאַרן מענטשן, קאָנען באַקומען דאָס אייביקע לעבן. פֿאַר די געהאָרכזאַמע האָט גאָט צוגעגרייט די מיטלען, זיי צו שענקען דאָס לעבן און אויף אייביק צו קרעפטיקן און צו דערהאַלטן דאָס דאָזיקע לעבן. די דאָזיקע צוגרייטונג האָט גאָט נביאיש אָנגעדייט דורך זיין האַנדלען מיט די בני־ישׂראל דורך משהן. בעת די בני־ישׂראל זיינען געווען אין מדבר, האָבן זיי זיך זייער גענויטיקט אין שפּייז, און גאָט האָט זיי געשיקט שפּייז דורך משהס האַנט, ווען גאָט האָט באַשטימט פֿאַר זייער פֿירער. די יידן, זיך באַציענדיק אויף גאָטס צוגרייטונג פֿאַר דעם מענטשן צו לעבן, האָבן אַזוי געזאָגט צו ישוען: „אונדזערע אָבות האָבן געגעסן מן אין דער מדבר; ווי עס שטייט געשריבן: ,ער האָט זיי געגעבן ברויט פֿון הימל צו עסן׳. דעמאָלט האָט ישוע צו זיי געזאָגט; באמת, באמת זאָג איך אייך: ניט משה האָט אייך געגעבן דאָס ברויט פֿון הימל; נייערט מיין פֿאָטער גיט אייך דאָס אמתע ברויט פֿון הימל. וואָרן דאָס ברויט פֿון גאָט איז דער, וואָס קומט אַראָפּ פֿון הימל און גיט לעבן צו דער וועלט. האָבן זיי דעמאָלט צו אים געזאָגט: האַר, גיב אונדז שטענדיק דאָס דאָזיקע ברויט! און ישוע האָט צו זיי געזאָגט: איך בין דאָס ברויט פֿון לעבן: דער, וואָס קומט צו מיר, וועט קיינמאָל ניט זיין הונגעריק; און דער, וואָס גלייבט אין מיר, וועט קיינמאָל ניט זיין דורשטיק. וואָרן איך בין אַראָפּגעקומען פֿון הימל, ניט כּדי צו טאָן מיין אייגענעם ווילן, נייערט דעם ווילן פֿון אים, וואָס האָט מיך געשיקט. און דאָס איז דער ווילן פֿון אים, וואָס האָט מיך געשיקט, אַז יעדער איינער, וואָס זעט דעם זון און גלייבט אין אים, זאָל האָבן אייביק לעבן; און איך וועל אים אויפֿוועקן אין דעם לעצטן טאָג.״ — יוחנן ו: לא־לה, לח, מ.

ברויט איז שפּייז צו קרעפטיקן דעם מענטשלעכן קערפּער, און דאָ האָט ישוע גענוצט ברויט אַלס אַ סימבאָל צו שילדערן

זיך אַליין, ווען גאָט האָט פאַראָרדנט אַלס דעם געבער און דערהאַלטער פון לעבן. „באמת, באמת, זאָג איך אייך, דער, וואָס גלויבט אין מיר, האָט אייביק לעבן. איך בין דאָס ברויט פון לעבן. אייערע אָבות האָבן געגעסן מן אין דער ווּסטעניש, און זיי זיינען געשטאָרבן. דאָס איז דאָס ברויט, וואָס קומט אַראָפּ פון הימל, אַז מען זאָל דערפון עסן און ניט שטאַרבן.” (יוחנן ו: מז־נ) ישועס דאָזיקע ווערטער זיינען געשפּראָכן געוואָרן מיט אַבסאָלוטער פולמאַכט פון יהוה גאָט.

אַז דער טויט פון ישוען איז צום גוטן בלויז פאַר די, וואָס גלייבן און געהאָרכן דעם האר, ווערט ווייטער באַקרעפ־טיקט דורך די פאָלגנדיקע ווערטער פון ישוען, געשפּראָכן מיט פולמאַכט פון אויבן: „איך בין געקומען אין דער וועלט פאַר אַ ליכט, אַז איטלעכער, וואָס גלייבט אין מיר, זאָל ניט בלייבן אין דער פינצטערניש. יענער, וואָס פאַרוואַרפט מיך, און נעמט ניט אָן מיינע ווערטער, האָט איינעם וואָס משפּט אים: דאָס וואָרט, וואָס איך האָב גערעדט, דאָסזעלביקע וועט אים משפּטן אין דעם לעצטן טאָג. וואָרן איך האָב ניט גערעדט פון זיך אַליין; נייערט דער פאָטער, וואָס האָט מיך געשיקט, האָט מיר אַ געבאָט געגעבן, וואָס איך זאָל זאָגן און וואָס איך זאָל רעדן. און איך וויים, אַז זיין געבאָט איז אייביק לעבן; דרום וואָס איך רעד, דאָס רעד איך אַזוי ווי דער פאָטער האָט מיר גע־זאָגט.” (יוחנן יב: מו, מח־נ) גאָט צווינגט קיינעם ניט צו באַנוצן זיך לטובות זיך אַליין מיט דעם אויסקויף־קרבן. דאָס לעבן איז „די מתּנה פון גאָט”, און אַ מתּנה קאָן בלויז אָנגע־נומען ווערן פון יענעם, וואָס דערוויסט זיך פריער וועגן דער מתּנה און וואָס דאַן נעמט זי אָן.

דער טויט פון דעם פולקאָמענעם מענטשן ישוע, פאַראור־זאַכט אין וועלכן ניט איז אופן, וואָלט נאָכגעקומען די פאָדע־רונגען פון געזעץ, ווייל טויט איז געווען די שטראָף, וואָס איז געווען אַרויפגעלייגט אויף אָדמען. טאָ פאַרוואָס איז ישוע אויפגעהאַנגען געוואָרן אויף אַ האָלץ? ישוע איז ניט גע־קרייציגט געוואָרן אויף אַ הילצערנעם קרייץ, אַזוי ווי דאָס

ווערט פארגעשטעלט אין א סך סטאטועס און בילדער, וואס מענטשן האבן אויסגעטראכט און געמאכט; ישוע איז אויפגעהאנגען געווארן דורך צונאגלען זיין קערפער צו א בוימשטאם. דאס, וואס מען האט אים געטייט אויף אזאן אופן, האט סימבאליש געמיינט: „דער דאזיקער מענטש איז פארשאלטן פון גאט.” צו שטארבן ווי א זינדער איז געווען א שענדלעכער טויט, און ווערן אויפגעהאנגען אויף א בוימשטאם האט אייגנטלעך געמיינט: „דער, וואס שטארבט דא, ווערט געטייט אלס א נידערטרעכטיקער זינדער.” דאס האט גאט געהאט פארארדנט אין זיין געזעץ. (דברים כא: כב, כג) גאטס קללה איז געווען אויף אדמען, ווייל אדם איז באגאנגען א זינד מיט זיין אייגענעם ווילן. כדי צו ווערן דער אויסקויפער און דערלייזער, האט ישוע געמוזט שטארבן, פונקט ווי ער וואלט געווען פארשאלטן פון גאט, א נידערטרעכטיקער זינדער, דאך אין דער אמתן אן שום זינד; און צוליב דער סיבה האט יהוה עס דערלאזט, אז זיין באליבטער זון איז געווארן געטייט דורך צונאגלען אים צו א בוימשטאם. „משיח האט אונדז אויסגעלייזט פון דער קללה פון דעם געזעץ, דערמיט וואס ער איז געווארן א קללה פאר אונדז; ווארן עס שטייט געשריבן: ‚פארשאלטן איז יעדער איינער, וואס הענגט אויף א בוים’.” (גאלאטער ג: יג) „דער גאט פון אונדזערע אבות האט אויפגעוועקט ישוען, וועמען איר האט אומגעבראכט און אויפגעהאנגען אויף א בוים.” — אפאסטאלן־געשיכטע ה: ל.

דאס צונאגלען ישוען אויף א בוים איז אן עדות פארן גאנצן באשאף, אז ער האט פרייוויליק גענומען אויף זיך דעם שענדלעכסטן טויט, כדי ער זאל קאנען זיך באווייזן פולשטענדיק געהארכזאם צו דעם ווילן פון גאט אונטער די שווערסטע באדינגונגען און דורך דעם נאכקומען אלע פאדערונגען פון גאטס געזעץ, וואס באציען זיך צו א זינדיקן מענטשן.

ס'איז געווען דער מענטש ישוע, וואס איז געווארן ארעם אלס מענטש און איז געשטארבן אין שאנד, און עס איז געווען ישוע המשיח, וועמען יהוה גאט האט אויפגעוועקט פון טויט,

אַ געטלעך באַשעפעניש, וואָס איז „לעבעדיק אויף אייביק", און וועמען יהוה האָט איבערגעגעבן גרענעצלאָזע רייכטימער, וואָס קאָנען ניט ווערן געמאָסטן און געוואויגן. אַלס אַ באַ־קרעפטיקונג פון דעם אויספיר, זעט די הייליקע פאַרצייכע־נונג: „ווערכער, הגם זייענדיק אין גאָטס געשטאַלט, האָט ניט געטראַכט, דורך פאַרכאַפּונג פון מאַכט זיך צו מאַכן גלייך ווי גאָט; נייערט ער האָט זיך אַליין צונישט געמאַכט, און אָננע־מענדיק די געשטאַלט פון אַ קנעכט, איז ער געמאַכט געוואָרן אין דער גלייכקייט פון מענטשן; און זייענדיק אין דעם מצב פון אַ מענטשן, האָט ער זיך דערנידעריקט און איז געוואָרן געהאָרכזאַם ביז צום טויט, אַפילו צום טויט אויפן בוים. און דעריבער האָט אים גאָט צום העכסטן דערהויבן, און ער האָט אים געשענקט דעם נאָמען, וואָס איז איבער יעדן נאָמען, כּדי אין דעם נאָמען פון ישוען זאָל זיך בייגן יעדע קני, פון די, וואָס זיינען אין הימל, און אויף דער ערד, און אונטער דער ערד; און יעדע צונג זאָל צוגעבן, אַז ישוע המשיח איז דער האַר, צום כּבוד פון גאָט, דעם פאָטער." — פיליפּער ב: ו־יא.

יהוה האָט אַרויפגעזעצט ישוע המשיחן אין דעם דערהוי־בנסטן אָרט פון זיין גאַנצן אוניווערס, גלייך לעבן דעם אַל־העכסטען גאָט. ישוע המשיחן זיינען געשענקט געוואָרן אַלע רייכטימער פון דעם אוניווערס און ער איז באַשטימט געוואָרן צו זיין דער הויפּט־באַאַמטער פון יהוה, דער רעכטפאַרטיקער פון יהוהס נאָמען, און דער, וואָס רעדט מיט אומבאַגרענעצטער פולמאַכט. אַז ישוע המשיח איז דער ווערקמייסטער פון יהוה אין דעם באַשאַף פון אַלצדינג, און אַז זינט זיין אויפשטיין תּחית־המתים איז ער דער יורש פון אַלצדינג, און אַז ער רעדט מיט אומבאַגרענעצטער פולמאַכט, באַמערקט דאָס פאָלגנדיקע: „גאָט, ווערכער האָט פאַרצייטן פיל מאָל און אין פילערליי אופנים גערעדט צו די אָבות דורך די נביאים, האָט אין די איצטיקע לעצטע טעג גערעדט צו אונדז דורך זיין זון, ווערכן ער האָט באַשטימט פאַרן יורש פון אַלצדינג, דורך ווערכן ער האָט אויך געמאַכט די וועלטן; ווערכער, זייענדיק דער אָפּ־

גלאַנץ פון זיין הערלעכקייט און דאָס אויסגעשפּראָכענע בילד פון זיין וועזן, און דערהאַלטנדיק אַלצדינג דורך דעם וואָרט פון זיין מאַכט, נאָכדעם ער האָט דורך זיך אַליין גערייניקט אונדזערע זינד, זיך האָט געזעצט צו דער רעכטער האַנט פון דער מאַיעסטעט אין דער הייך; דורך דעם איז ער פאַר־טרעפלעכער געוואָרן פון די מלאָכים, וואָרן ער האָט אַ פיל העכערן נאָמען ווי זיי געירשנט. וואָרן צו וועלכן פון די מלאָ־כים האָט ער ווען אַמאָל געזאָגט: ,דו ביסט מיין זון, היינט האָב איך דיך געבאָרן'? און ווידער: ,איך וועל זיין צו אים אַ פאָטער, און ער וועט זיין צו מיר אַ זון'? און ווידער, ווען ער ברענגט דעם בכור אין דער וועלט, זאָגט ער: ,און אַלע מלאָכים פון גאָט זאָלן זיך בוקן צו אים.'" — עברים א: א־ו.

ישוע המשיח איז דערהויבן געוואָרן צו זיין דער מלך פון דער וועלט, דעריבער איז ער דער באַרעכטיקטער רעגירער, און די מענטשן, וואָס ווילן קריגן די ברכות פון יהוה, מוזן גלייבן אין דעם נאָמען פון זיין געזאַלבטן און זיך פאַרלאָזן פולשטענדיק אויף אים. „בנוגע דעם זון זאָגט ער: ,דיין טראָן, אָ גאָט, איז פון אייביקייט צו אייביקייט: אַ צעפּטער פון גערעכטיקייט איז דער צעפּטער פון דיין מלוכה. דו האָסט געליבט גערעכטיקייט, און געהאַסט אומרעכט; דרום האָט דיך גאָט, דיין גאָט, געזאַלבט מיט דעם אייל פון פרייד איבער דיינע חברים'. און: ,דו, האַר, האָסט אין אָנהייב געלייגט דעם גרונט פון דער ערד; און דער הימל איז דאָס ווערק פון דיינע הענט'." (עברים א: ח־י) ישוע המשיח איז דערהויבן געוואָרן צו זיין דער פאַראורזאַכער פון אייביקער דערלייזונג פון אַלעמען, וואָס גלייבן אין דעם ווערט פון זיין פאַרגאָסן בלוט און פולשטענדיק האָרכן אים אַלס גאָטס גרויסן אויס־טיילער פון ברכות צו דעם מענטשלעכן מין: „און פולקאָמען געמאַכט, איז ער געוואָרן דער אָנהייבער פון אייביקער ישועה פאַר אַלע די, וואָס האָרכן אים; ווערנדיק גערופן פון גאָט אַ כהן־גדול נאָך דער אָרדענונג נאָך פון מלכּי־צדק." — עברים ה: ט, י.

דער אויסקויף־קרבן מיינט נאָך ניט די דערלייזונג פון יעדן איינצלנעם, וואָס האָט ווען ניט איז געלעבט אויף דער וועלט, נייערט דאָס מיינט, אז בלויז אלע די, וואָס גלייבן אין דעם האר ישוע המשיחן און האָרכן דאן טריי גאָטס געזעץ, האָבן אזוי א געלעגנהייט צו באַקומען און צו געניסן ישועה און עשירות. די אזוי־גערופענע „לערע פון אוניווערסאַלער ישועה" איז אינגאַנצן פאַלש און איז בשום אופן ניט אין איינקלאַנג מיט גאָטס וואָרט. עס איז פונקט אזוי טעותדיק צו זאָגן, אז גאָט באַמיט זיך צו ראַטעווען וועמען ניט איז. דאָס איז ניט נאָר פאַלש, נאָר ס'איז א גאָט־לעסטערנדיקע לערע צו זאָגן, אז א מענטש האָט די מאַכט צו „ראַטעווען נשמות", אזוי ווי דאָס ווערט געטענהט פון מענטשן. די דערלייזונג קומט פון יהוה גאָט דורך ישוע המשיחן צו די (און בלויז צו די דאָזיקע מענטשן), וואָס קומען נאָך גאָטס פאָראָרדענונג בנוגע ישועה.

## דערקענטניש

דער, וואָס האָט א קלאָרן באַגריף וועגן דעם אמת, באַזיצט וויסן און דערקענטניש. „צו דערקענען" מיינט פעסטצושטעלן, צו באַגרייפן און קלאָר צו פאַרשטיין, וואָס איז אמת. אָן דעם אמת קאָן קיינער ניט זיין געהעריק באַלערנד. ישוע המשיח, וואָס רעדט מיט פולשטענדיקער פולמאַכט, זאָגט מכּח יהוהס וואָרט: „דיין וואָרט איז אמת." דאָס באַדייט, אז יהוהס כּונה, וואָס איז פאַרצייכנט אין זיין בוך, אין דער הייליקער שריפט, איז דער אמת. (יוחנן יז: יז) בלויז דורך דערוואַרבן דערקענטניש וועגן דעם אמת און דורך פולער געהאָרכזאַמקייט דערצו, קאָן מען זיין פּאַסיק צו ווערן געברויכט אין דעם דינסט פון דעם אלהעכסטן גאָט און צו דערהאַלטן פון זיינע הענט דאָס גרויסע רייכטום, וואָס קומט פון זיין גרענעצלאָזן שאַצקאַמער.

מענטשן האָבן אויפגעבויט אָרגאַניזאַציעס און האָבן דורך זיי פאַרשפּרייט דאָגמאַטישע באַהויפּטונגען, לערעס אָדער תּורות, וואָס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אלס וועגווייזער

פאַר די מענטשן, און דורך וואָס מיליאָנען מענטשן זיינען פאַרפירט געוואָרן. די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע איז צונויפגעשטעלט פון עטלעכע מענטשן, וואָס נעמען זיך די מאַכט צו הערשן און צו רעגירן; און די דאָזיקע הערארכיע באַהערשט און קאָנטראָלירט מיליאָנען מענטשן, וואָס זיינען היינט אונטערטעניק דער דאָזיקער הערארכיע. אַזעלכע מענטשן ווערן ניט פאַררעכנט פאַר מיטגלידער פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע אָדער פון דער „קירך"; נייערט זיי ווערן באַצייכנט פון יענער אָרגאַניזאַציע אַלס „די קאַטוילישע באַפעלקערונג", מיינענדיק דערמיט, אַז זיי זיינען די, וואָס האַלטן אויף, שטיצן און ליפערן דאָס געלט פאַר דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע האָט אויפגעשטעלט געוויסע דאָגמאַטישע באַהויפּטונגען אָדער לערעס און אָנגעזאָגט דעם פאָלק, אַז עס מוז די דאָזיקע באַהויפּטונגען און לערעס נאָכפאָלגן; און מיליאָנען גוטע מענטשן זיינען פאַרפירט געוואָרן נאָכצופאָלגן און זיך אונטערצוּוואַרפן דער הערארכיע, און דורך די דאָזיקע לערעס זיינען זיי זייער אָפּגענאַרט געוואָרן. זיי זיינען אָפּגענאַרט, ווייל אַזעלכע דאָגמאַטישע באַהויפּטונגען און לערעס פון דער הערארכיע זיינען ניט אין איינקלאַנג מיט גאָטס אמת.

די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע האָט זיך זייער באַמיט צו האַלטן די הייליקע שריפט וואָס ווייטער פון פאָלק, כּדי עס זאָל קאָנען געהאַלטן ווערן אין אונטערטעניקייט צו דער הערארכיע; און, זייענדיק אונטערטעניק דער הערארכיע, זיינען די דאָזיקע מיליאָנען ערלעכע מענטשן ניט פריי; נייערט זיי זיינען צוגעשמידט צו אַ מענטש־געמאַכטע איינריכטונג. זיי קענען קיינמאָל ניט זיין פריי, ביז וואַנען זיי וועלן זיך ניט אָפּרייסן פון די לערעס פון מענטשן, ביז וואַנען זיי וועלן ניט אויפהערן זיי נאָכצופאָלגן, און ביז וואַנען זיי וועלן ניט דערהאַלטן און נאָכפאָלגן דעם אמת פון גאָטס וואָרט. אויף אַזעלכע פאַרשקלאַפּטע מענטשן, וועלכע זיינען באמת אויפריכטיק, פּאַסן זיך ישועס פאָלגנדיקע ווערטער: „אויב איר

בלייבט אין מיין וואָרט, ... וועט איר דערקענען די וואָרהייט, און דער אמת וועט אייך פריי מאַכן ... דעריבער, ווען דער זון [ישוע המשיח] וועט אייך מאַכן פריי, וועט איר ווירקליך זיין פריי." (יוחנן ח: לא־לו) די אמתע דערקענטניש מיינט אַזוינאָך צו וויסן דעם אמת, וואָס איז געשפּראָכן געוואָרן פון ישוען און וואָס איז אויפגעצייכנט געוואָרן אין דער הייליקער שריפט.

מען קאָן גאָר ניט אָפּשאַצן דעם ווערט פון דעם אמת פאַר דעם מענטשן. דער טעקסט פון דער הייליקער שריפט, וואָס פאָלגט דאָ נאָך, זאָל אויפמערקזאַם באַטראַכט ווערן פון אַלע, וואָס ווילן באַקומען פון דעם עשירות, וואָס גאָט האָט צוגע־גרייט פאַרן געהאָרכזאַמען מענטשן: „דער אָנהויב פון דער־קענטניש איז מורא פאַר גאָט; אָבער די נאַרן פאַראַכטן חכמה און מוסר." (משלי א: ז) „יאָ, ווען דו וועסט רופן צום שכל, צו פאַרשטאַנדיקייט אויפהייבן דיין קול; אז דו וועסט זי זוכן ווי זילבער, און ווי נאָך באַהאַלטענע אוצרות איר נאָכ־פאָרשן; דעמאָלט וועסטו פאַרשטיין די פאָרכט פאַר יהוה, און דערקענונג וועסטו געפינען פון גאָט. וואָרן יהוה שענקט חכמה, פון זיין מויל קומען וויסן און פאַרשטאַנדיקייט. ער האָט באַהאַלטן פאַר די רעכטפאַרטיקע רייכע חכמה, ער איז אַ שילד פאַר די, וואָס גייען אויפריכטיק. ער באַוואַכט די שטעגן פון גערעכטיקייט, און די וועגן פון זיינע פרומע באַהיט ער. דעמאָלט וועסטו פאַרשטיין גערעכטיקייט, און רעכט און גראָדקייט — יאָ, יעטוועדן גוטן וועג. וואָרן חכמה וועט קומען אין דיין האַרץ, און וויסן וועט זיין זיס פאַר דיין נפש. באַזיני־קייט וועט אויפפּאַסן פאַר דיר, פאַרשטאַנדיקייט וועט דיך באַהיטן: כדי דיך מציל צו זיין פון דעם שלעכטן וועג, פון דעם מאַן וואָס רעדט פאַרקערטקייט." — משלי ב: ג־יב.

„נעמט אָן מיין מוסר, און ניט זילבער, און קענטשאַפט איידער פיינגאָלד. וואָרן חכמה איז בעסער פון פּערל, און אַלצדינג, וואָס מען קאָן זיך ווינטשן, איז ניט דערמיט צו פאַרגלייכן." — משלי ח: י, יא.

„חכמים זאַמלען איין די דערקענטניש.״ (משלי י : יד) בלויז די חכמים וועלן ווען אַמאָל באַקומען און געניסן די אוצרות, וואָס גאָט האָט צוגעגרייט פאַר געהאָרכזאַמע מענטשן. „און דורך קענטשאַפט ווערן די קאַמערן אָנגעפילט ווערן מיט אַלערליי טייערן און ליבלעכן גוטס. אַ קלוגער מאַן איז שטאַרק, און אַ מענטש מיט קענטשאַפט באַפעסטיקט זיין גבורה.״ — משלי כד : ד, ה.

דער „קלוגער מאַן״, לויט דעם מיין פון דער הייליקער שריפט, איז דער, וואָס דערגרייכט וויסן מכּח גאָטס אמת און פאָלגט אים נאָך אייפערדיק און איז געהאָרכזאַם צום אמת. אַזאַ מענטש, דערגרייכט חכמה: „וואויל צו דעם מענטשן, וואָס געפינט חכמה, און דעם מענטשן, וואָס דערגרייכט פאַרשטאַנדיקייט, וואָרן איר סחורה איז בעסער ווי סחורה פון זילבער, און מער ווי גינגאָלד איר איינקום. זי איז טייערער ווי פערל, און אַלצדינג, וואָס דו קאָנסט באַגערן, איז ניט גלייך צו איר.״ — משלי ג : יג־טו.

מאַטעריעלע, ערלעך דערוואָרבענע עשירות, געברויכט אויף אַ געהעריקן אופן, באַווירקן גוטס; אָבער דאָס קאָן ניט פאַרגליכן ווערן מיט דעם וויסן פון אמת: „וויפל בעסער זיך צו דערווערבן חכמה איידער פייגאָלד! און זיך איינצוקויפן שכל איז פיל בילכער ווי זילבער!״ (משלי טז : טז) „מורא פאַר יהוה איז דער אָנהייב פון חכמה, און די דערקענונג פון דעם הייליקן איז פאַרשטאַנדיקייט.״ — משלי ט : י.

די מורא פאַרן האַר, ווי דאָס ווערט באַמערקט אין דער הייליקער שריפט, באַדייט ניט אַ קראַנקהאַפטע שרעק, נייערט מורא צו האָבן צו טאָן וואָס איז קעגן גאָטס וואָרט און דערמיט אַרויסצורופן אומצופרידנקייט ביי יהוה: „מורא פאַר יהוה איז פיינט האָבן שלעכטס: האָפערדיקייט און גרויסהאַלטעריי און דעם דרך פון שלעכטס און אַ מויל מיט פאַרקערטקייט האָס איך.״ — משלי ח : יג.

דער דאָזיקער טעקסט דערקלערט, אַז מען מוז האָסן (און פאָלגלעך זיך היטן צו טאָן) יעטוועדע זאַך, וואָס ברענגט אַן

אַנדערן שאָדן; אַז מען מוז אויסמיידן שטאָלץ און העזה, ווייל דאָס איז דערווידער צו גאָט; און אַז מען מוז האַסן און דעריבער אויסמיידן די דרכים פון יענע, וואָס פאַרבייטן גאָטס וואָרט פון אמת מיט טעאָריעס, געשאַפן פון מענטשן, און וואָס פאַרפירן אַזוינאָך אַנדערע. דאָס מיינט, אַז מען מוז זיך אָפּהאַלטן פון טאָן שווינדלערישע זאַכן, און אַז מען זאָל דאָס האַסן. ווער עס וויל געפינען חסד אין גאָטס אויגן, מוז גיין אין די דרכים, וואָס זיינען אָנגעוויזן געוואָרן פונם האַר, נעמלעך: „אַזוי ווי מיר האָבן די געלעגנהייט, לאָזט אונדז טאָן גוטס צו יעדן מענטשן", און לאָזט דעם האַר משפּטן. (גאַלאַטער ו: י; רוימער יד: ד) ווען איר דערווערבט דאָס וויסן פון דעם אמת, פאָלגט דעם אמת אייפערדיק און דערציילט דעם אמת צו אַנדערע, ווען נאָר איר האָט אַ געלעגנהייט, און אַזוינאָך טוט גוטס און דערמיט באַווייזט, אַז איר זייט דאַנקבאַר פאַר גאָטס גוטסקייט צו אייך. איידער מען קען דערהאַלטן דאָס רייכטום פון גאָטס מתּנה, מוז מען דערקענען גאָטס אמת. דערפון דאַרף מען דרינגען, אַז יעדער מענטש, אָדער יעדע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אייך געהאַלטן אין אומוויסנקייט בנוגע דער הייליקער שריפט און אייך צוגערעדט ניט צו לייענען ביבער, וואָס דערקלערן די הייליקע שריפט, איז שולדיק אין האַלטן אייך אין אומוויסנקייט וועגן גאָטס מיטלען אייך ברכות צו שענקען. די הייליקע שריפט איז געשריבן געוואָרן, כּדי דער מענטש זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו וויסן דעם אמת; און קיין שום מענטש אָדער געזעלשאַפט פון מענטשן האָט דאָס רעכט אויסצונוצן די מענטשן ווי סחורה, דורך לערנען זיי אומפאַרשעמט פאַלשקייטן אין דעם נאָמען פון האַר.

## זיינע ברכות

ווייל גאָט איז ליבע, און דעריבער אינגאַנצן אומאייגננוציק, האָט ער צוגעגרייט די דערלייזונג און די בענטשונג פון דעם מענטשן: „וואָרן גאָט האָט אַזוי געליבט די וועלט, אַז ער האָט געגעבן זיין איינציק־געבוירענעם זון, אַז איטלעכער,

וואָס גלייבט אין אים, זאָל ניט פאַרלוירן ווערן, נייערט זאָל האָבן דאָס אייביקע לעבן.״ (יוחנן ג: טז) אָן שום אייגננוץ האָט יהוה גאָט, הגם אים האָט דאָס אַ סך געקאָסט דורכן אוועקגעבן זיין באַליבטן זון, געעפנט אַ וועג פאַר מענטשלעכע באַשעפענישן צו לעבן, צו ווערן די מקבלים פון די עשירות פון זיין ברכה, און צו באַווייזן זייער לויטערקייט צו אים. די מאַטעריעלע רייכטימער, וואָס די מענטשן פון דער וועלט דער־ווערבן, זיינען, פריער אָדער שפּעטער, שטענדיק באַגלייט מיט פיל זאָרג. די ברכות, וואָס יהוה גאָט שיקט, ברענגען פּונקט די פאַרקערטע רעזולטאַטן: „די ברכה פונם האר, זי מאַכט רייך; און ער טוט קיינע טרויעריקייט דערצו.״ (משלי י: כב) גאָטס ברכות, וועלכע ער שענקט דעם מענטשן, זיינען אָן אויסנאַם באַגלייט פון פריידן און פרייד.

פאַר דער פאַרזיכערונג און פאַרן נוצן פון יענע, וואָס זוכן אייפערדיק וויסן און פאַרשטאַנדיקייט פון גאָטס וואָרט, שטייט געשריבן: „די תּורה פון יהוה איז פולקאָם, זי דערקוויקט די זעל; יהוהס אָנזאָג איז זיכער, ער מאַכט קלוג דעם אומ־ווויסנדן. יהוהס פאָרשריפטן זיינען רעכטפאַרטיק, זיי דערפרייען דאָס האַרץ; יהוהס געבאָט איז לויטער, עס מאַכט ליכטיק די אויגן. די מורא פאַר יהוה איז ריין, זי באַשטייט אויף אייביק; יהוהס משפטים זיינען אמת, זיי זיינען אַלע גערעכט; זיי זיינען קאָסטבאַרער פון גאָלד און פון אַ סך גינגאָלד, און זיסער פון האָניק און טריפהאָניק. אויך ווערט דיין קנעכט געוואָרנט דורך זיי; אין היטן זיי איז גרויס שׂכר פאַראַן.״ — תהלים יט: ז־יא.

דער מענטש, וואָס גייט נאָך די געזעצן פון גאָט, וועט קיינ־מאָל ניט געבראַכט ווערן צום קומער. בלויז ווען ער טרעט אָפּ פון גאָטס געזעצן, באַפאַלן אים צרות. וויסן און פאַרשטאַנדיקייט פון גאָטס געזעץ, און דערצו נאָך געהאָרכזאַמקייט, זיינען ווינשנסווערטער פון אַלץ.

אמתע עשירות קומט פון יהוה גאָט און ווערט אויסגעטיילט פון ישוע המשיחן צו די געהאָרכזאַמע באַשעפענישן. די דאָזיקע ווערטפולע הבטחות ווערן געגעבן יענעם מענטשן, וואָס דער־

ווערבט וויסן און גייט אין דעם וועג פון האר: „ווויל צו דעם מענטשן, וואָס גייט ניט נאָך דער עצה פון די רשעים, און שטייט ניט אויף דעם וועג פון די זינדער, און זיצט ניט אויף דער זיצונג פון די שפּעטער; נייערט צו דער תּורה פון גאָט איז זיין באַגער, און איבער זיין געזעץ טראַכט ער טאָג און נאַכט. און ער וועט זיין ווי אַ בוים געפּלאַנצט ביי וואַסער־בעכן, וואָס גיט זיין פּרוכט אין צייט, און זיין בלאַט פאַר־וועלקט ניט; און אין אַלץ וואָס ער טוט, ווערט ער באַגליקט.״ (תּהלים א: א־ג) דער שליח און געטרייער דינער פון ישוע המשיחן, געניסנדיק אַ טייל עשירות פון יהוהס גרויסע שאַץ־קאַמערן, זאָגט צו זיינע מיט־באַשעפענישן, וואָס זוכן צו גיין אויף דעם רעכטן וועג: „[איך] הער ניט אויף צו דאַנקען פאַר אייך, דערמאָנענדיק אייך אין מיינע תּפילות; כּדי דער גאָט פון אונדזער האַר ישוע המשיח, דער פאָטער פון הערלעכקייט, זאָל אייך געבן דעם גייסט פון חכמה און אַנטפּלעקונג אין דער דערקענטניש פון אים; כּדי די אויגן פון אייער פאַרשטענדע־ניש זאָלן ווערן אויפגעלויכטן; כּדי איר זאָלט וויסן, וואָס איז די האָפענונג פון זיין באַרוף, און וואָס איז די רייכקייט פון דער הערלעכקייט פון זיין ירושה פאַר די הייליקע, און ווי ווייט גרייכט די גרענעצלאָזע גרויסקייט פון זיין מאַכט קעגן אונדז, וואָס גלייבן, נאָך דער ווירקונג פון זיין מעכטיקער קראַפט.״ — עפעזער א: טז־יט.

## הימלשע רייכקייט

די וועלט איז צונויפגעשטעלט פון הימל און ערד. די באַ־צייכענונג „הימל״ באַציט זיך אויף זאַכן, וואָס קענען ניט געזען ווערן מיטן נאַטירלעכן אויג. אונטערן וואָרט „ערד״ פאַרשטייט מען אַלע יענע זאַכן, וואָס קענען געזען ווערן מיטן אויג פון אַ נאַטירלעכן מענטשן. אין משך פון אַ סך יאָרן זיינען די פעלקער פון דער ערד רעגירט געוואָרן פון אַן אומ־געזעענער מאַכט, וואָס איז זייער רשעותדיק, און דורך אַן אָרגאַניזאַציע פון מענטשן אויף דער ערד אונטער דער הער־

שער־געוואַלט פון דעם דאָזיקן העכסטן רשע. גאָט האָט באַקאַנט געמאַכט זיין כּונה אויפצושטעלן אַ גערעכטע וועלט, וואָס זאָל רעגירן די מענטשן מיט גערעכטיקייט: „אין דיין זאָמען זאָלן אַלע פעלקער פון דער ערד ווערן געבענטשט; וואָרן דו האָסט געהאָרכט מיין שטים.“ (בּראשית כב: יח; ישעיה לב: א) יהוה גאָט וועט געוויס דורכפירן זיין באַקאַנט־געמאַכטן באַשלוס. געשטיצט אויף גאָטס זיכערן און אומפעלבאַרן צוזאָג, האָט דער געטרייער און אינספּירירטער שליח געשריבן: „מיר דערוואַרטן נאָך זיין הבטחה נאָך אַ נייעם הימל און אַ נייע ערד, ווו עס וווינט גערעכטיקייט.“ (פּעטרוס ב ג: יג) עס איז טאַקע וועגן אָט דעם נייעם הימל און דער דאָזיקער נייער ערד, וואָס איר זוכט איצט אויפקלערונג. דער נייער הימל און די נייע ערד שטעלן מיט זיך פאָר די וועלט פון גערעכטיקייט. דער דאָזיקער נייער הימל איז גאָטס הויפּט־אָרגאַניזאַציע, פון וואָס ישוע המשיח איז דער הויפּט, און וועלכע באַזיצט אַזאַ רייכקייט, וואָס קאָן גאָר ניט ווערן אויסגעדריקט אין מענטשלעכע ווערטער. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז צונויפגעשטעלט פון ישוע המשיחן, דעם הויפּט, און פון 144 000 מיט אים פאַראייניקטע מיטגלידער, וואָס געניסן מיט אים זיין רייכטום און זיין הערלעכקייט, און זי ווערט געשטיצט און באַגלייט פון מחנות הייליקע מלאָכים, וואָס דינען דעם האַר ישוען.

די 144 000 פאַראייניקטע גלידער פון דער דאָזיקער הויפּט־אָרגאַניזאַציע זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון דער מענטשהייט. (אַנטפּלעקונג ז: ד; יד: א־ד) די דאָזיקע מענטשן ווערט פריער געגעבן די דערקענטניש פון דעם אמת. דאַן ווערן זיי אָפּגעזונדערט פון דעם שׂטנס וועלט, געשטעלט אויף פּראָבע, און ווען זיי זיינען אויספּרובירט, ווערן זיי גוטגעהייסן פון יהוה גאָט. דאָס אַלץ ווערט געטאָן פון ישוע המשיחן, דעם גרויסן כּהן־גדול פון יהוה. ישוע המשיח איז אַליין פריער אויסדערוויילט און ביז צום אויסערסטן פּרובירט געוואָרן, און נאָכדעם ווי ער האָט באַוויזן זיין געטריישאַפט אין אָנהאַלטן זיין שטאַנדהאַפטיקייט, איז ער דערהויבן געוואָרן צו דער העכ־

סטער שטעלונג אין יהוהס אוניווערסום. נאָך זיין אויפשטיין תחית־המתים און זיין ארויפגיין אויפן הימל, האָט ישוע המשיח אָנגעהויבן אויסוויילן די גלידער, וואָס זאָלן זיין מיט אים פאַרבונדן אין זיין אָרגאַניזאַציע און דאָס ווערט ווייטער אָנ־האַלטן, ביז וואַנען די פולע צאָל ווערט דערגרייכט ביים סוף פון דעם שטנס וועלט. די דאָזיקע הייליקע און קעניגלעכע אָרגאַניזאַציע פון יהוה וועט תמיד זיין אומזעבאַר פאַר מענטש־לעכע אויגן, ווייל ישוע המשיח איז אַ גייסט און די מיטגלידער פון זיין קעניגהויז זיינען גייסטיקע באַשעפענישן, און קיין שום מענטשלעכע אויג קאָן ניט זען קיין גייסטיקע באַשעפעניש. דאָס דאָזיקע קעניגהויז שטעלט מיט זיך פאָר דעם נייען הימל, וועגן וואָס דער שליח רעדט.

אַזוי ווי די 144 000 מיטגלידער פון יהוהס קעניגהויז ווערן אויסגעקליבן פון צווישן מענטשן, ווי איז עס מעגלעך פאַר וועלכן ניט איז מענטשן צו ווערן אַ גייסטיקע באַשעפע־ניש און נאָכדעם ווערן אומזעבאַר פאַר מענטשלעכע אויגן? עס איז זיכער, אַז קיין שום מענטש קאָן פון זיך אַליין ניט דערגרייכן יענע הויך דערהויבענע מדרגה, און עס איז נאָר דורך דעם חסד און דער מאַכט פון גאָט, אַז אַזאַ זאַך קאָן ווערן דערגרייכט. דער וועג איז געעפנט געוואָרן דורך דער פולשטענדיקער געהאָרכזאַמקייט פון ישוע המשיחן, כּדי גאָט זאָל אַרויסנעמען מענטשן פון דער וועלט און זיי דערהייבן צו זיין פאַרבינדטע פון ישוע המשיחן.

## דער זינדאָפּפער

צוליב זינד, דאָס הייסט, צוליב דעם אָבזיכטלעכן ברעכן און אַריבערטרעטן גאָטס געזעץ, איז אָדם פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. ישוע המשיח, דער דערלייזער פון דעם מענטשן, איז געשטאָרבן אויף דער ערד; אָבער כּדי צו אַנולירן יהוהס משפּט קעגן דעם מענטשן, וואָס דער כּתב וועגן אים ווערט געהאַלטן פאַרצייכנט אין הימל, איז עס געווען נויטיק, צו ברענגען אין הימל דעם ווערט פון ישועס מענטשלעכן לעבן,

וואָס איז געבראַכט געוואָרן פאַר אַ קרבן, אַלס אַן אָפּפער פאַר די זינד פון דעם מענטשן. ווען דער פולקאָמענער מענטש ישוע איז געווען טויט, האָט ער ניט געקאָנט פאַרברענגען דעם ווערט פון זיין מענטשלעך לעבן אַלס אַ זינדאָפּפער. דאָס פולקאָמענע לעבן פון דעם מענטשן ישוע איז ניט געווען פאַרלאָרן ווי אָדמס לעבן. ישוע איז געשטאָרבן; אָבער ווייל ער איז געווען הייליק, אומשולדיק און אָן זינד, האָט ער ניט פאַרלוירן זיין רעכט אויף זיין מענטשלעכן לעבן. (עברים ז: כו) גאָט האָט אויפגעוועקט ישוען פון טויט, ניט אַלס אַ מענטשן, נייערט אַלס אַ גייסטיקע, געטלעכע און אומשטערבלעכע באַשעפעניש, קיינמאָל מער ניט צו זיין אונטערוואָרפן דעם טויט. (פעטרוס א ג: יח; אַנטפּלעקונג א: יח) ישוע המשיח, דער געטלע־כער, האָט פאָרגעבראַכט דעם ווערט פון זיין מענטשלעכען קרבן פאַר דעם טראָן פון משפּט אָדער כפּרת־חסד אין הימל אַלס אַ זינדאָפּפער פאַר דעם זינדיקן מענטשן, און כדי אויס־צומעקן דעם געטלעכן משפּט קעגן דעם מענטשן. די צערע־מאָניע פון דער פאָרשטעלונג פון ישוע המשיחס לעבן אַלס אַ קרבן פאַר די זינד איז אָנגעדייט געוואָרן אַלס אַ פאָרבילד אינם משכּן אָדער געצעלט פון דער פאַרזאַמלונג אינם מדבּר, וואָס גאָט האָט געהייסן משהן אויפשטעלן, און יענע צערעמאָניע האָט אָנגעדייט ישוע המשיחן, פאָרברענגענדיק אין הימל דעם ווערט פון זיין פולקאָמענעם מענטשלעכען לעבן אַלס אַ זינד־אָפּפער.

ביי דער משכּן־צערעמאָניע איז דער שטיר געשאָכטן געוואָרן אין פאָרהויף, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם משכּן און וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די ערד, ווו ישוע איז געשטאָרבן. שפּעטער האָט דער כּהן־גדול אַריינגעטראָגן דאָס בלוט פון דעם געשאָכטענעם שטיר אין דעם קדשי־קדשים פון דעם משכּן און האָט דאָרט באַשפּריצט דעם אָרון פון חסד, און דאָס האָט געשילדערט ישוע המשיחן, דעם גרויסן כּהן־גדול, ווי אַזוי ער האָט זיך באַוויזן אין הימל און האָט פאָרגעבראַכט דאָרטן דעם ווערט פון זיין קרבן פאַרן מענטשן. (ויקרא יו: ו, יא־יד) דאָס

גאָטדינסט אין משכּן, וואָס ווערט דאָ דערמאָנט, פלעגט דורכגעפירט ווערן איין מאָל אַ יאָר. דער געשאָכטענער שטיר האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם פולקאָמענעם מענטשן ישוע. דאָס בלוט, וואָס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דעם קדשי־קדשים און מיט וואָס דער דעק פון אָרון איז באַשפּריצט געוואָרן, האָט אילוסטרירט דאָס לעבנבלוט אָדער דעם ווערט פון ישועס פולקאָמען מענטשלעך לעבן, וואָס איז פאָרגעשטעלט געוואָרן אין הימל גופא אַלס אַ זינדאָפּפער.

מכּח דעם דאָזיקן ענין שטייט געשריבן: „כּמעט אַלע זאַכן ווערן נאָך דער תּורה מיט בּלוט גערייניקט; און אָן פאַרגיסונג פון בּלוט איז ניטאָ קיין פאַרגעבונג. דעריבער איז עס נויטיק געווען, אַז די מוסטערן פון הימלשע זאַכן זאָלן מיט דעם גערייניקט ווערן; אָבער די הימלשע זאַכן אַליין מיט בּעסערע קרבּנות, ווי מיט די דאָזיקע. וואָרן משיח איז ניט אַריינגעגאַנגען אינם הייליקטום, וואָס איז מיט הענט געמאַכט און וואָס איז אַ מוסטער פון דעם אמתן, נייערט אין הימל אַליין, אַז ער זאָל זיך ווייזן פאָר גאָט פאַר אונדז; אויך ניט כּדי ער זאָל זיך אָפּט מקריב־זיין גלייך ווי דער כּהן־גדול איז אין הייליקן אָרט איטלעך יאָר אַריינגעגאַנגען מיט פרעמדן בּלוט; וואָרן אויף אַזאַ אופן וואָלט ער געמוזט אָפּט ליידן זינט דער גרינדונג פון דער וועלט; אָבער איצט האָט ער זיך איינמאָל [און ניט טעגלעך, אַזוי ווי די קאַטוילישע פּריסטער באַהויפּטן באַטריגעריש מיט זייערע „מעסן"] באַוויזן בּיים סוף פון דער וועלט, כּדי ער זאָל אויסמעקן די זינד דורך זיין קרבּן." (עברים ט: כב־כו) דעם משיחס פאַרגאָסן בּלוט, פאָרגעבראַכט אין הימל, איז דער יסוד פון דעם מענטשנס רעכטפאַרטיקונג און פון דעם צוריקבּרענגען אין איינקלאַנג מיט גאָט יענע מענטשן, וואָס גלייבּן און פאָלגן די לערעס פון גאָטס וואָרט.

עס איז אמת, אַז ישוע המשיח האָט אויסדערוויילט זיינע שלוחים, איידער נאָך ער איז געטייט געוואָרן, און עלף פון יענע שלוחים האָבּן דערוויזן צו זיין געטריי צו גאָט און צו

דעם האַר ישוע המשיח. זייער רעכטפאַרטיקונג האָט אָבער ניט געקאָנט געשען, ביז וואַנען דער ווערט פון ישועס קרבן איז ניט פאָרגעבראַכט געוואָרן אין הימל. די דאָזיקע טרייע שלוחים, זיינען צוליב זייער געטרייקייט צו גאָט און צו ישוען גערעכט־פאַרטיקט געוואָרן שבועות, און דאָס איז באַוויזן געוואָרן דורכן אויסגיסן דעם הייליקן גייסט אויף זיי אין יענער צייט. (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע ב: א־טז) פון יענער צייט אָן זיינען אַנדערע געוואָרן פריווילעגירט צו ווערן אויסדערווײלט פון צווישן מענטשן און אריינגענומען צו ווערן אין דער הימלשער אָרגאַניזאַציע פון יהוה אונטער דעם משיח ישוען אַלס פירער און הויפּט דערפון.

פּוילוס איז אויסדערוויילט געוואָרן פון דעם האַר, און שפּעטער איז ער באַשטימט געוואָרן צו זיין א געזאַנדטער פון ישוע המשיחן, און אויף פּוילוסן האָט גענידערט דער רוח הקודש פון יהוה צו שרייבן מיט פולמאַכט, און זיינע אינספּי־רירטע שריפטן זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר א טייל פון גאָטס וואָרט. ער האָט געקראָגן זיין לערע פון דעם אויפגעוועקטן ישוע המשיחן, און דעמאָלט האָט ער געשריבן די דאָזיקע ווער־טער, נעמליך: „איך האָב אייך איבערגעגעבן צוערשט דאָס, וואָס איך האָב אויך דערהאַלטן, אַז משיח איז געשטאָרבן פאַר אונדזערע זינד נאָך די שריפטן נאָך; און אַז ער איז באַגראָבן געוואָרן, און דעם דריטן טאָג איז ער אויפגעשטאַנען, אַזוי ווי די שריפט זאָגט; ... און צולעצט האָט ער זיך צו מיר אויך באַוויזן, אַזוי ווי צו אַן אומצייטיק קינד.״ — קאָרינטער א טו: ג־ח.

דער משיח ישוע איז געשטאָרבן ווי א זינדיקער פאַר די זינד פון דעם מענטשן, און גאָט האָט אים אויפגעוועקט פון טויט פאַר דער רעכטפאַרטיקונג פון יענע מענטשן, וואָס גלייבן אין דעם האַר ישוע המשיחן. „רעכטפאַרטיקונג״ באַדייט, געמאַכט צו ווערן גערעכט פאַר גאָט, דאָס הייסט, צו געפינען חן אין יהוהס אויגן אַלס א גערעכטער, און דאָס באַרעכטיקט דעם

גערעכטפאַרטיקטן צום רעכט אויף לעבן.—רוימער ד: כד, כה.

גאָט איז דער, וואָס רעכטפאַרטיקט און באַשטימט, ווער איז גערעכט פאַר אים. איידער דער מענטש קאָן ווערן גערעכטפאַרטיקט, מוז ער נאָכקומען גאָטס באַשטימטע פאָרשריפטן, פון וואָס די ערשטע איז, צו דערהאַלטן וויסן וועגן ישוע המשיחן, און צו גלייבן אין אים אַלס דעם אויסלייזער פון דעם מענטשן. דער האַר ישוע המשיח זאָגט: „איך בין דער וועג און דער אמת און דאָס לעבן; קיין מענטש קומט ניט צום פאָטער ווי נאָר דורך מיר.‟ (יוחנן יד: ו) „קיינער קאָן ניט צו מיר קומען, אויסער דער פאָטער, וואָס האָט מיך געשיקט, ציט אים, און איך וועל אים אויפוועקן אין דעם לעצטן טאָג. עס שטייט געשריבן אין די נביאים: ‚און זיי וועלן אַלע געלערנט זיין פון גאָט.‛ איטלעכער, וואָס האָט געהערט און געלערנט פון דעם פאָטער, קומט צו מיר.‟—יוחנן ו: מד, מה.

וויסן איז דעריבער פון ערשטער וויכטיקייט, און יהוה גאָט מאַכט עס מעגלעך, אַז די, וואָס זוכן אייפערדיק צו דערקענען דעם אמתן דרך, זאָלן קאָנען דערוווערבן אַזאַ וויסן. צוערשט געפינען זיי אויס, אַז אַלע מענטשן זיינען געבאָרן זינדיקע, און אַז ישוע המשיח איז דער דערלייזער פון מענטשן; און האָבנדיק גלויבן איז דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיחן, געפינען זיי אויס, אַז ער איז דער איינציקער וועג, וואָס פירט צום לעבן. אַ מענטש ווערט אַזוינאָך צוגעצויגן צו ישוע המשיחן דורך דעם וויסן, וואָס יהוה האָט צוגעגרייט פאַר אים. ער זעט, אַז גאָט איז דער געבער פון לעבן, און אַז ישוע המשיח איז דער דערלייזער פון דעם מענטשן, און אַז דורך ישוע המשיחן ווערט דערגרייכט די מתנה פון לעבן.

## פאַר זיין נאָמען

דער גאַנצער צייט־אָפּשניט פון שבועות ביז דעם צווייטן קומען פון משיחן און ביז צו דער אויפשטעלונג פון זיין קעניגרייך איז באַשטימט פאַר דער אויסדערוויילונג פון די, וואָס וועלן זיין פאַרבונדן מיט ישוע המשיחן און זיין מלוכה. דאָס

זיינען די 144 000, וואָס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין מיטגלידער פון דעם קעניגהויז. זיינען די דאָזיקע אויסגע־קליבן געוואָרן, בלויז כדי זיי זאָלן אַרויף אין הימל? ניין; זיי זיינען גענומען געוואָרן פון צווישן די מענטשן פון אַלע פעלקער אויף דער ערד, כדי צו זיין די עדות צווישן מענטשן פאַר יהוה און זיין קעניגרייך. מכח דעם שטייט געשריבן: „גאָט האָט צוערשט באַזוכט די נאַציעס, אַרויסצונעמען פון זיי אַ פאָלק פאַר זיין נאָמען.״ (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע טו: יד) בעת זיי זיינען אויף דער ערד, דאַרפן די דאָזיקע אויסגעקלי־בענע פאַרקינדיקן די לויבן פון יהוה גאָט און זיין קעניג. און צוליב דעם צוועק זיינען זיי אַרויסגערופן געוואָרן פון דער פינצטערניש און איז זיי געגעבן געוואָרן דאָס ליכט פון גאָטס וואָרט. (פעטרוס א ב: ט) אַ סך האָט מען געמאַכט גלייבן, אַז גאָט האָט געלאָזט פריידיקן די בשורה טובה, בלויז כדי צו ראַטעווען מענטשן פון דער אייביקער שטראָף און זיי צו געבן אַ היים אין הימל. דאָס איז ניט גאָטס כוונה, און זיין וואָרט באַווייזט דאָס קלאָר. די גרופע, וואָס איז אויף אַזאַן אופן אַרויסגענומען געוואָרן פון די פעלקער, איז די אויסדערוויילטע גרופע פון גאָט, און זיי אַלע מוזן ווערן אונטערגעוואָרפן אַ באַשטימטער פראָבע און מוזן אויספירן געוויסע באַשטימטע פליכטן, בעת זיי געפינען זיך אויף דער ערד. דער אופן פון זייער אַרויסקליב פון צווישן די פעלקער איז נאָך דער היי־ליקער שריפט נאָך דער פאָלגנדיקער:

ווען גאָט ציט איינעם צו משיחן, ווי ס'ווערט אויבן דער־קלערט, מוז יענער מענטש דעמאָלט באַווייזן זיין גלויבן אין גאָט און אין משיחן דורך נעמען אויף זיך אַ נדר צו טאָן גאָטס ווילן, אויב ער וויל געפינען חן אין יהוהס אויגן. דאָס מוז ער טאָן פונקט אַזוי ווי ישוע המשיח האָט געשלאָסן אַ בונד צו טאָן גאָטס ווילן. (זע תהלים מ: ז, ח) ישועס תלמי־דים זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו אים, און ישוע האָט זיי אונ־טערריכט, און זיין לערע באַציט זיך אויך אויף אַלע, וואָס ווערן אַרויסגענומען פון דער וועלט אַלס אַ פאָלק פאַר יהוהס נאָמען.

„דאַן האָט ישוע געזאָגט צו זיינע תּלמידים: ווער עס וויל מיך נאָכפאָלגן, דער זאָל זיך זעלבסט פאַרלייקענען און זיין תּליה אויפנעמען און מיך נאָכפאָלגן. וואָרן ווער עס וויל זיין לעבן ראַטעווען, דער וועט עס פאַרלירן; און ווער עס וועט זיין לעבן פאַרלירן פון מיינעטוועגן, דער וועט עס געפינען. וואָרן דער בן־אָדם וועט קומען אין דער הערלעכקייט פון זיין פאָטער מיט זיינע מלאָכים, און דעמאָלט וועט ער באַצאָלן איטלעכן נאָך זיין טואונג." — מתּתיה טז: כד, כה, כז.

די דאָזיקע ווערטער ישועס באַווייזן, אַז דער מענטש, וואָס וויל ווערן אַן אמתער נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן, מוז זיך אַליין פאַרלייקענען, דאָס הייסט, ער מוז פריייוויליק אויפגעבן זיין אייגנליביקן ווילן און טאָן מיט פרייד דעם ווילן פון גאָט. דאָס איז זיך מקדיש־זיין. עס איז געווען גאָטס ווילן, אַז ישוע זאָל שטאַרבן מיט אַן אָפּפערטויט, און עס איז גאָטס ווילן, אַז די, וואָס דאַרפן זיין פאַרבונדן מיט ישוע המשיחן אין זיין מלכות, זאָלן שטאַרבן מיט ישוע המשיחן און זאָלן אויפגעוועקט ווערן פון טויט אַלס גייסטיקע באַשעפענישן. דאָס מיינט, אַז דער מענטש, וואָס וויל לעבן מיט ישוע המשיחן, מוז שטאַרבן אַלס אַ מענטש און פון דער צייט פון זיין הייליקונג ביזן טויט מוז אַזאַ פּערזאָן דורך זיינע טואונגען באַווייזן זיין געטריישאַפט צו גאָט און צו משיחן, און די, וואָס באַווייזן זיך געטריי, ווערן פון משיחן באַלוינט ביי זיין צוריקקומען.

דער מענטש, וואָס גלייבט אין גאָט און ישוע המשיחן דורך נעמען אויף זיך אַ נדר צו טאָן גאָטס ווילן, איז נאָענט צו ווערן געמאַכט גערעכט אָדער אָנגענומען צו ווערן פון גאָט, און דאָס הייסט „רעכטפאַרטיקונג". דער שליח האָט אונטער אינספּיראַציע אָדער געטלעכער איינגעבונג געשריבן צו זיינע מיט־נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן מכּח דעם, אַז אברהם האָט אַרויסבאַוויזן זיין פולן גלויבן אין גאָט, און אַז צוליב זיין באַוויזענעם גלויבן האָט גאָט אים פאַררעכנט פאַר אַ צדיק אָדער אַ גערעכטן מאַן. דאַן גיט צו דער שליח: „און עס איז ניט געשריבן געוואָרן פון זיינעטוועגן אַליין, אַז עס איז אים צוגע־

רעכנט געווארן; נייערט פון אונדזערטוועגן אויך, צו וועמען עס וועט צוגערעכנט ווערן, אויב מיר גלייבן אין אים, וואס האט אויפגעוועקט ישוען, אונדזער האר, פון די טויטע; וועלכער איז איבערענטפערט געווארן פאר אונדזערע זינד, און איז צוריק אויפגעוועקט געווארן פאר אונדזער רעכטפארטיקונג.״ — רוימער ד: כ־כה.

דאס איז גאט, וואס רעכטפארטיקט אדער פארעכנט. יענעם מענטשן פאר א גערעכטן, וואס נעמט אויף זיך א נדר, דאס הייסט, וואס הייליקט זיך פאר גאט. (רוימער ח: לג) דער, וואס איז גערעכטפארטיקט געווארן, שטייט פאר גאט, אזוי ווי ער וואלט געווען א צדיק, האבנדיק אלע רעכט, וואס קומען יענעם, וואס איז גערעכט: „דערפאר ווייל מיר זיינען גערעכטפארטיקט געווארן דורך דעם גלויבן, האבן מיר פרידן מיט גאט דורך אונדזער האר ישוע המשיחן; דורך וועמען מיר האבן אויך צוטריט דורך גלויבן צו דער דאזיקער גנאד, אין וועלכער מיר שטייען, און מיר פרייען זיך אין דער האפענונג פון דער הערלעכקייט פון גאט.״ (רוימער ה: א, ב) רעכטפארטיקונג גיט דעם מענטשן דאס רעכט צו לעבן אלס א מענטשלעכע באשעפעניש.

דער מענטש ווערט גערעכטפארטיקט, כדי ער זאל קאנען זיין א תלמיד פון ישוע המשיחן, און אזא רעכטפארטיקונג איז אן איינלאדונג נאכצופאלגן די טריט פון דעם האר: „וואָרן דערצו זייט איר באַרופן געוואָרן: וואָרן משיח האט אויך געליטן פאר אונדז, איבערלאזנדיק פאר אונדז א ביישפיל, אז מיר זאלן נאכפאלגן זיינע טריט.״ — פעטרוס א ב: כא.

אזוי ווי דאס איז דער ווילן פון גאט, אז די, וואס ווערן אזויארום גערעכטפארטיקט און וואס ווערן באַרופן, זאלן שטארבן מיט ישוע המשיחן, מוז דער מענטש, וואס נעמט אויף זיך דעם נדר צו טאן גאטס ווילן, שטארבן אלס א מענטשלעכע באשעפעניש, כדי ער זאל קאנען אויפגעוועקט ווערן אלס א גייסטיקע באשעפעניש. דעם גערעכטפארטיקטן נעמט גאט אן אלס א קרבן מיט ישוע המשיחן, און דאס מיינט, אז דאס

רעכט צו לעבן אלס א מענטש אדער אלס א מענטשלעכע באַ־שעפעניש הערט אויף, און אז די פּריווילעגיע צו לעבן אלס א גייסטיקע באַשעפעניש הייבט זיך אָן: „וואָרן איר זייט געשטאָרבן, און אייער לעבן איז מיט משיחן אין גאָט פאַר־באָרגן. ווען משיח, וועלכער איז אונדזער לעבן, וועט אַנטפּלעקט ווערן, דעמאָלט וועט איר אויך מיט אים אַנטפּלעקט ווערן אין הערלעכקייט.” (קאָלאָסער ג: ג, ד) גאָט אָנערקענט א זאָלכן אלס זיין זון, און דאָס מיינט, אז ער געבערט דעם דאָזיקן אלס א זון פון גאָט: „דורך זיין איינגענעם ווילן האָט ער אונדז געבאָרן מיט דעם וואָרט פון אמת, כּדי מיר זאָלן זיין א מין פון ערשטע פּרוכט פון זיינע בּריאות.” (יעקב א: יח) „גע־באָרן” באַדייט, אז גאָט אָנערקענט אָדער באַזיצט די דאָזיקע פּערזאָן אלס זיין זון, וועלכער איז באַרופן צו דעם הימלשן קעניגרייך: „געלויבט זיי דער גאָט און פאָטער פון אונדזער האַר ישוע המשיחן, וועלכער האָט אונדז ווידערגעבאָרן נאָך זיין גרויסער באַרמהאַרציקייט נאָך צו א לעבעדיקער האָפע־נונג דורך דעם אויפוועקן פון ישוע המשיחן צו א ירושה, וואָס איז אומפאַרדאָרבן און אומבאַפלעקט און וואָס פאַרוועלקט ניט, וואָס איז אין הימל באַהאַלטן פאַר אייך, וועלכע זיינען באַוואָרנט דורך דער מאַכט פון גאָט דורך גלויבן צו דער ישועה, וואָס איז גרייט צו ווערן אַנטפּלעקט אין דער לעצטער צייט.” — פּעטרוס א א: ג־ה.

דער מענטש, וואָס ווערט, אַזויאַרום געבאָרן דורך דעם ווילן פון גאָט, איז א נייע באַשעפעניש אין משיחן: „דערפאַר, ווען עמיצער איז אין משיחן, איז ער א נייע באַשעפעניש; דאָס אַלטע איז פאַרגאַנגען; זע, אַלצדינג איז ניי געוואָרן.” (קאָרינ־טער ב ה: יז) פאַר דעם דאָזיקן מענטשן זיינען אַלע אויס־זיכטן אויף דער צוקונפט ניי, ווייל זיין האָפענונג איז איצט אָנטיילצונעמען אין די הימלשע רייכקייטן מיט ישוע המשיחן, מיטן באַדינג, אז ער וועט ווייטער זיין געטריי. פון יענער צייט אָן ביז זיין טויט מוז ער באַווייזן זיין געטריישאַפט אונטער א שווערע פּראָבע.

בנוגע דעם צוועק פון זיין קומען אויף דער ערד, האָט ישוע געזאָגט: „דערפאַר בין איך געקומען אויף דער וועלט, אַז איך זאָל זיין אַן עדות פאַרן אמת. איטלעכער, וואָס איז פון דעם אמת, הערט מיין קול.” (יוחנן יח: לז) פונקט ווי ישוע איז געווען געטריי און אמתדיק אַלס אַן עדות פאַרן נאָמען פון יהוה גאָט, פונקט אַזוי דאַרפן זיינע נאָכפאָלגער זיין עדות פאַרן נאָמען פון גאָט. ווייל ישוע האָט געזאָגט דעם אמת, האָט מען אים פיל געלעסטערט און פאַרפאָלגט; און ווייל זיינע נאָכפאָלגער זאָגן דעם אמת, מוזן זיי דערוואַרטן, אַז מען וועט אויך זיי שעלטן און פאַרפאָלגן, ווי דאָס באַשטעטיקט די הייליקע שריפט. (רוימער טו: ג; תהלים סט: ט) די דאָזיקע, וואָס ווערן אַזוינאָך אויסגעקליבן פון צווישן די פעלקער אַלס אַ פאָלק פאַר יהוהס נאָמען, זיינען אָפגעטיילט פון דער וועלט, און צו זיי זאָגט ישוע המשיח: „אויב די וועלט האַסט אייך, אַזוי ווייסט איר, זי האָט מיך פריער פון אייך געהאַסט. ווען איר וואָלט זיין פון דער וועלט, אַזוי וואָלט די וועלט דאָס אייריקע געליבט; נאָר ווייל איר זייט ניט פון דער וועלט, נייערט איך האָב אייך אויסדערוויילט פון דער וועלט, דערפאַר האַסט אייך די וועלט. געדענקט דאָס וואָרט, וואָס איך האָב אייך געזאָגט: דער קנעכט איז ניט גרעסער פון זיין האַר. אויב זיי האָבן מיך פאַרפאָלגט, וועלן זיי אייך אויך פאַרפאָלגן; אויב זיי האָבן מיין וואָרט געהאַלטן, אַזוי וועלן זיי אויך דאָס אייערע האַלטן. אָבער די דאָזיקע אַלע זאַכן וועלן זיי אייך טאָן פון מיין נאָמענס וועגן, וואָרן זיי קענען ניט דעם, וועלכער האָט מיך געשיקט.” — יוחנן טו: יח־כא.

די באַליידיקונגען און פאַרפאָלגונגען, וואָס קומען איבער די געטרייע נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן, נעמען זיך דערפון, וואָס זיי זאָגן עדות וועגן דעם אמת, און דאָס גיט זיי אַ געלעגנהייט צו באַווייזן זייער געטרייִשאַפט און אָנצוהאַלטן זייער לויטערקייט קעגן גאָט. פון אַלע די, וואָס הייבן אָן נאָכצופאָלגן די טריט פון ישוען, ווערט געפאָדערט פולשטענדיקע איבערגעבנקייט צו יהוה און צו ישוע המשיחן און גע־

טריישאפט ביז צום סוף. צו אזעלכע זאגט ישוע: „זיי געטריי ביזן טויט אריין, און איך וועל דיר געבן די קרוין פון לעבן.״ (אנטפלעקונג ב: י) דאס באציט זיך ניט אויף א טיילווייזער געטריישאפט אין משך פון א באשטימטער צייט, נייערט דאס מיינט צו זיין שטענדיק געטריי צו גאט און משיחן. מכח דעם שטייט געשריבן: „זיכער איז דאס ווארט: ווען מיר וועלן מיט אים שטארבן, וועלן מיר מיט אים אויך לעבן; ווען מיר ליידן מיט אים, וועלן מיר אויך הערשן מיט אים; ווען מיר פארלייקענען אים, וועט ער אונדז אויך פארלייקענען.״ — טימותיוס ב ב: יא, יב.

דער שליח פוילוס איז געווען א געטרייער דינער און נאכפאלגער פון ישוע המשיחן, און ווען ער האט דערגרייכט דעם סוף פון זיין ערדישע רייזע, האט ער געשריבן די דאזיקע ווערטער צו זיינע ברידער: „איך בין שוין פארטיק א קרבן צו זיין, און די צייט פון מיין אפשייד איז נאענט. איך האב געשטריטן דעם גוטן שטרייט, איך האב פארענדיקט מיין וועג, איך האב געהאלטן דעם גלויבן; פון איצט אן איז פאר מיר אפגעלייגט די קרוין פון גערעכטיקייט, וואס דער האר, דער גערעכטער שופט, וועט מיר געבן אין יענעם טאג; און ניט נאר מיר אליין, נייערט אויך אלע די, וואס האבן ליב זיין דערשיינען.״ (טימותיוס ב ד: ו־ח) אין קורץ, דאס איז דער וועג, וואס ישוע המשיחס א נאכפאלגער מוז נאכגיין.

פון דער צייט פון שבועות ביז צום צווייטן קומען פון ישוע המשיחן האט די בארופונג און דער אויסוואל פון די מיטגלידער פון דעם קעניגהויז געמאכט פארטשריט. אין משך פון דער דאזיקער צייט זיינען יענע, וואס זיינען געשטארבן, געווען טויט, און זיי האבן געמוזטווארטן אויף דעם קומען פון דעם האר און אויף תחית־המתים. איצט איז דאס צוריקקומען פון דעם האר א דערגרייכטער פאקט, און די אלע געטרייע, אזעלכע ווי דער שליח פוילוס, זיינען אויפגעשטאנען תחית־המתים און זיי זיינען געווארן א טייל פון גאטס הימלישע ארגאניזאציע אדער פון דעם קעניגהויז. דער איבעררעשט אדער

דער איבערבלייב, דאס הייסט די, וואס זיינען געבליבן אויף דער ערד ביז איצט, און וואס זיינען געטריי צו גאט און משיחן אין דער דורכפירונג פון זייער נדר פון הייליקונג, שטעלן מיט זיך צונויף דעם ערדישן אדער זעבארן טייל פון גאטס ארגאניזאציע; און די, וואס זיינען ווייטער געטריי ביזן טויט, וועלן תיכף ווערן איבערגעביטן אין תחית־המתים פון מענטשלעכע אין גייסטיקע באשעפענישן, ווי עס שטייט געשריבן: „זע, איך זאג אייך א סוד: מיר וועלן ניט אלע שלאפן, נאר מיר וועלן אלע אומגעוואנדלט ווערן, פלוצים, אין איין אויגנבליק, ביי דעם לעצטן שופר; ווארן דער שופר וועט בלאזן, און די טויטע וועלן אומפארדארבלעך אויפשטיין, און מיר וועלן אומגעוואנדלט ווערן. ווארן דאס דאזיקע פארדארבלעכע מוז אנטאן די אומפארדארבלעכקייט, און דאס דאזיקע שטערבלעכע מוז אנטאן אומשטערבלעכקייט. אבער ווען דאס דאזיקע פארדארבלעכע וועט אנטאן די אומפארדארבלעכקייט, און דאס דאזיקע שטערבלעכע וועט אנטאן אומשטערבלעכקייט, דעמאלט וועט מקוים ווערן דאס ווארט, וואס איז געשריבן: דער טויט איז פארשלונגען געווארן אין דעם זיג.״ — קארינטער א טו: נא־נד.

בעת זיי זיינען אויף דער ערד, מוזן די, וואס ווערן גוטגעהייסן פון גאט, זיין די עדות פאר דעם נאמען און דער מלוכה פון יהוה. אין קיין שום אנדערן וועג קאנען זיי ניט זיין געטריי און דורכפירן זייער אויפגאבע. די געזאלבטע זיינען באאויפטראגט צו טאן די דאזיקע ארבעט, ווי עס שטייט געשריבן: „דער גייסט פון דעם האר יהוה איז אויף מיר, ווייל יהוה האט מיך געזאלבט צו ברענגען א גוטע בשורה צו די עניוותדיקע; ווייל ער האט מיך געשיקט צו פארבינדן די צערבראכענע הערצער, אויסצורופן פרייהייט צו די געפאנגענע און לויסלאזונג צו די געבונדענע; אויסצורופן דאס יאר פון גנאד פון יהוה און דעם טאג פון נקמה פון אונדזער גאט; צו טרייסטן אלע טרויערער; צו באשענקען די טרויערער פון ציון, זיי צו געבן שיינקייט אנשטאט אש, אייל פון פרייד אנשטאט טרויער,

א מאַנטל פון לויב אַנשטאָט א באַטריבט געמיט; כּדי מען זאָל זיי רופן אייכנבוימער פון גערעכטיקייט, יהוהס פלאַנצונג צו זיין פאַרהערליכונג." — ישעיה סא: א־ג.

די געזאַלבטע מוזן זיין געהאָרכזאַם צו יהוהס געבאָט, וועלכע זיינען געגעבן געוואָרן פון ישוע המשיחן; און איטלעכער, וואָס פאַרזאַמט אָדער זאָגט זיך אָפּ צו געהאָרכן ישוע המשיחן, פון וועמען משה איז געווען א פאָרבילד, איז זיכער צו ווערן פאַרניכט. (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע ג: כב, כג) דער סוף פון דעם שׂטנס וועלט איז געקומען, און ווען דער דאָזיקער צייט האָט ישוע אַרויסגעגעבן אַן אויסדריקלעך געבאָט, וואָס באַציט זיך צו אַלע זיינע אמתע נאָכפאָלגער אויף דער ערד, נעמלעך: „די דאָזיקע בשׂורה טובה פון דער מלוכה מוז געפּריידיקט ווערן איבער דער גאַנצער וועלט אַלס א צייגניש צו אַלע פעלקער: און דאַן וועט קומען דער סוף." (מתּתיה כד: יד) דאָס דאָזיקע געבאָט מוז אויסגעפאָלגט ווערן, און צוליב דער דאָזיקער סיבה קומען אַרויס די נאָכפאָלגער אַלס עדות פאַר דעם נאָמען פון גאָט און ישוע המשיחן. און טאַקע צוליב זייער געטריישאַפט אין זייער געהאָרכזאַמקייט צו די געבאָט פון דעם האַר, ווערן זיי געהאַסט פון אַלע די, וואָס זיינען קעגן גאָט און זיין קעניגרייך. — מתּתיה י: כב.

אין געהאָרכזאַמקייט צום האַר מוזן זיי גיין פון הויז צו הויז און ברענגען דאָס צייגניש פון דעם קעניגרייך. (לוקאַס י: ה) די שלוחים האָבן געטאָן פונקט די זעלבע זאַך. (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע כ: כ) יהוה האָט געגעבן די דאָזיקע געטרייע זיין אייגענעם נאָמען, רופנדיק זיי מיט א „נייעם נאָמען", נעמלעך „יהוהס עדות", און זיי מוזן דורכפירן די פליכטן, וואָס זיינען אַרויפגעלעגט געוואָרן אויף זיי, נעמלעך צו זאָגן עדות אין זיין נאָמען. (ישעיה מג: י־יב; סב: א, ב) עס איז זיכער, אַז זיי וועלן באַקעמפט ווערן פון אַלע יענע, וואָס זיינען ניט פאַר גאָט; אָבער זיי מוזן „פאָלגן גאָט איידער מענטשן". (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע ה: כט) זיי וועלן אויספאָלגן די געזעצן פון די נאַציעס, אַזוי לאַנג ווי יענע געזעצן זיינען ניט קעגן




„און דער גייסט און די כלה זאגן: קום!" זייט 52

גאָטס געזעצן; און דאָס איז עס, וואָס ישוע האָט געמיינט, ווען ער האָט געזאָגט: „גיט צום קיסר וואָס איז צום קיסר, און צו גאָט וואָס איז צו גאָט.״ (לוקאַס כ: כה) דורכפירנדיק זייער בונד, ליידן די דאָזיקע געטרייע גויטוועגדיקערהייט לע־סטערונגען און פאַרפאָלגונגען; אָבער זיי מוזן דאָס אויסהאַלטן ביזן סוף. — מתתיה י: כב; כד: יג.

האָבן אָט די געטרייע אַ צוזאָג צו באַקומען רייכקייטן? יאָ! די דאָזיקע, וואָס זיינען געטריי ביז צום סוף, זיינען זיכער צו זיין די שותפים פון די גרעסטע רייכקייטן און צו טיילן מיט ישוע המשיחן זיין הערלעכקייט און מאַכט. ישוע המשיח איז דער יורש פון אַלע רייכטימער פון גאָטס אומענדלעכן אוניווער־סום. (עברים א: ב) די געטרייע, וואָס ווערן מיטגלידער פון זיין קעניגהויז טיילן מיט משיחן זיין הערלעכקייט און אומענדלעך רייכטום, ווי עס שטייט געשריבן: „דער גייסט אַליין זאָגט עדות מיט אונדזער גייסט, אַז מיר זיינען קינדער פון גאָט; און אויב קינדער, זיינען מיר אויך יורשים, יורשים מיט גאָט און מיט־יורשים מיט משיחן; ווען מיר ליידן מיט אים, כדי מיר זאָלן אויך מיט אים פאַרהערלעכט ווערן. וואָרן איך דרינג, אַז די ליידן פון דער איצטיקער צייט זיינען ניט ווערט, פאַרגליכן צו ווערן מיט דער הערלעכקייט, וואָס וועט זיך אין אונדז אַנטפּלעקן.״ — רוימער ח: טו־יח.

אין משך פון אַן ערך 1900 יאָר האָט יהוה באַרופן, באַ־לערנט און אויסדערוויילט די, וואָס שטעלן מיט זיך צונויף זיין קעניגהויז, פון וואָס ישוע המשיח איז דער הויפּט און דער האַר. געטריישאַפט ווערט געפאָדערט פון אַלע, וואָס ווערן אַזוינאָך אַריינגעבראַכט אין זיין קעניגלעכער משפחה. מיליאָ־נען מענטשן האָט מען געמאַכט גלייבן, אַז זיי זיינען קריסטן, און צו באַהויפּטן, אַז זיי זיינען משיחס נאָכפאָלגער; אָבער כמעט זיי אַלע האָבן קיינמאָל אַפילו זיך ניט דערוווּסט, וואָס עס ווערט געפאָדערט פון משיחס אַ נאָכפאָלגער. די הייליקע שריפט באַווייזט גענוי, אַז די צאָל מיטגלידער פון דעם קעניג־הויז איז באַגרענעצט אויף 144 000. „ער איז דער האַר פון

הארן און מלך המלכים, און זיי, וואס זיינען מיט אים זיינען באַרופענע, אויסדערוויילטע און געטרייע.״ (אַנטפּלעקונג יז: יד; ז: ד) צו זיי וועלן געגעבן די עשירות פון גאָט, ניט ווי אַ צוצי־מיטל פאַר געטריישאַפט; נאָר דאָס איז גאָטס באַלוינונג פאַר די, וואָס באַווייזן זייער געטרײשאַפט און בלייבן שטאַנדהאַפטיק אַפילו ביזן טויט. יהוה דינגט קיינעם ניט אים צו דינען. ער באַוועגט קיינעם ניט אים צו דינען צוליב שׂכר. קיין שום באַשעפעניש קאָן ניט ברענגען יהוה גאָט קיין שום נוצן, מאַכט ניט אויס, וואָס ער זאָל ניט טאָן. (לוקאַס יז: י) די, וואָס טרעטן אַריין אין אַ בונד צו טאָן דעם ווילן פון גאָט, און וואָס וועלן געלאַדן צום בונד פאַר דעם קעניגטום און וואָס באַווייזן מיט פרייד זייער געטרײשאַפט ביזן טויט אַפילו: זיי וועלן דערלויבט צו טיילן די הימלשע רייכקייטן.

עס שטייט געשריבן, אַז ליבע איז די הויפּטזאַך; און ליבע צו גאָט מיינט, אַז די באַשעפעניש איז ניט זעלבסטזיכטיק און איז אינגאַנצן איבערגעגעבן צו גאָט, ניט געקוקט צו וואָס פאַראַ ליידן זיין געטרײשאַפט קאָן פירן. ווער עס האָט איינגעשטימט צו טאָן גאָטס ווילן, מוז עס אויך טאָן. פולשטענדיקע געטרײשאַפט, פאַראורזאַכט פון ליבע אָדער פון אומאייגננוציקייט פירט צו דערגרייכונג פון געטלעכע רייכקייטן, און מכּח דעם האָט דער געטרייער נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן געזאָגט: „אָ, וואָס פאַראַ טיפע עשירות, אי פון דער חכמה און אי פון דער דערקענטניש פון גאָט!״ (רוימער יא: לג) די עשירות פון יהוה זיינען אַזוי אומענדלעך, אַז קיין שום באַשעפעניש קאָן זיי פולשטענדיק ניט באַגרייפן, דאָך צו די דאָזיקע ענדלאָזע רייכטימער לאָזט גאָט צו די געטרייע נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן.

די 144 000 מיטגלידער פון דעם קעניגהויז זיינען די איינציקע פון צווישן מענטשן אַרויסגענומענע, וואָס געפינען זייער אייביק וווינאָרט אין דעם אומזעבאַרן רייך פון יהוה גאָט, און מכּח דעם שטייט געשריבן: „געליבטע, אַצינד זיינען מיר די קינדער פון גאָט; און עס איז נאָך ניט אַנטפּלעקט

געוואָרן, וואָס מיר וועלן זיין; אָבער מיר ווייסן, אַז ,ווען ער וועט דערשיינען, וועלן מיר זיין גליך צו אים; וואָרן מיר וועלן אים זען אַזוי ווי ער איז.״ — יוחנן א ג: ב.

באַדייט דאָס, אַז אַ חוץ די 144 000 וועט קיין איינער קיינ־מאָל ניט קענען ווערן דער באַזיצער פון די רייכקייטן, וואָס ווערן געשאָנקען פון יהוה? ניין, ניט דאָס איז דער מיין פון גאָטס וואָרט. די 144 000 גייסטיקע באַשעפענישן שטעלן מיט זיך צונויף דאָס קעניגהויז, וואָס טיילט מיט ישוע המשיחן זיין קעניגרייך; און צו די צוועלף שלוחים, וואָס פאַרטרעטן אַלע געטרייע, איז דער פאָלגנדיקער צוזאָג געגעבן געוואָרן: „ישוע האָט צו זיי געזאָגט: באמת זאָג איך אייך, אַז איר, וואָס האָט מיך נאָכגעפאָלגט, וועט אין דעם ווידערגע־בורט, ווען דער בן־אָדם וועט זיצן אויפן טראָן פון זיין הער־לעכקייט, אויך זיצן אויף צוועלף טראָנען און משפטן די צוועלף שבטים פון ישראל.״ (מתתיה יט: כח) דאָס באַווייזט, אַז עס דאַרף זיין און אַז עס וועט זיין אַ ווידערגעבורט אָדער לעבן־באַנייונג, איינשליסנדיק די געהאָרכזאַמע פון דער מענטש־הייט, און אין דעם דאָזיקן ווערק פון ווידערגעבורט אָדער ווידערבאַשאַפונג וועלן די דאָזיקע 144 000 נעמען אָנטייל צוזאַמען מיט ישוע המשיחן, דינענדיק אונטער זיין פירער־שאַפט.

באַלערנענדיק זיינע תּלמידים — וועלכע לערע באַציט זיך צו אַלע, וואָס ווילן לעבן — האָט ישוע געזאָגט: „זאַמלט אייך ניט קיין אוצרות אויף דער ערד, וווּ די מילב און זשאַווער פאַרדאַרבן, און וווּ גנבים ברעכן זיך אַריין און גנבענען; נייערט זאַמלט אייך אוצרות אין הימל, וווּ מילב און ראָסט פאַרדאַרבן ניט, און גנבים ברעכן זיך ניט אַריין און גנבענען ניט: וואָרן דאָרטן, וווּ אייער אוצר איז, דאָרטן וועט אויך זיין אייער האַרץ.״ (מתתיה ו: יט־כא) פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע ווערטער באַציען זיך צו די, וואָס ווערן באַרופן צו זיין ישוע המשיחס נאָכפאָלגער; אָבער זיי באַציען זיך אויך צו אַלע, וואָס ווילן טאָן גאָטס ווילן.

מוז מען ארויף אין הימל, כּדי דאָרטן אָפּצולייגן אוצרות? ניין. אַ מענטש קאָן זיך זאַמלען אוצרות אין הימל, אַפילו ווען ער גייט ניט אַרויף אין הימל. אַלער רייכטום קומט אַראָפּ פון די הימלישע שאַצקאַמערן, און אַזאַ רייכטום קומט צו די, וועלכע דערגרייכן די דערקענטניש פון גאָטס כּונה, וואָס איז דערקלערט אין זיין וואָרט, און וועלכע זיינען דאַן אייפער־דיק באַשטרעבט צו טאָן גאָטס ווילן. יהוה איז דער קוואַל פון עשירות, און ישוע המשיח איז דער אויסטיילער דערפון. מענטשן, וואָס באַמיען זיך צו דערווערבן מאַטעריעל רייכטום אויף דער ערד און וואָס ווילן ניט וויסן פון דעם האַרס לערע, דערווערבן וואָס פאַרגייט און פאַרשווינדט. די אָבער, וואָס ווידמען זיך צו דערקענען און צו טאָן גאָטס ווילן, זאַמלען עשירות, וואָס האַלט אָן אייביק. דאָס עשירות, וואָס דער גע־האָרכזאַמער מענטש באַקומט אויף דער ערד, קומט פון הימל. יהוה גאָט איז דער געבער פון יעדער גוטער און פולקאָמענער מתנה. — יעקב א: יז.

די נגידות, וואָס אַ סך מענטשן האָבן אָפּגעלייגט אויף דער ערד, וועט זיי ניט ברענגען קיין שום נוצן צום סוף. אייגננוצי־קייט האָט באַוויזן מענטשן צונויפצוזאַמלען גרויס מאַטע־ריעל רייכטום: דאָס האָבן זיי געטאָן אויפן חשבון פון אַ סך ליידן פון אַנדערע, און דעריבער האָט זייער אוצר קיין שום דויערהאַפטיקן ווערט פאַר זיי. מכּח דעם שטייט געשריבן, אין יעקב ה: ב, ג: „אייערע רייכקייטן זיינען פאַרפוילט געוואָרן, און אייערע קליידער זיינען פון מילבן צעפרעסן געוואָרן. אייער גאָלד און זילבער איז פאַרראָסט געוואָרן; און דער ראָסט דער־פון וועט זיין אַן עדות קעגן אייך און וועט אויפפרעסן אייער פלייש ווי אַ פייער. איר האָט אָנגעהויפט אוצרות אין די לעצטע טעג.“

ישועס ווערטער באַווייזן, אַז אַזוינאָך דערוואָרבענע רייכטי־מער שיצן ניט און העלפן גאָרניט אין דער צייט פון אומגליק און גרויסער נויט. דער מענטש פון גוטן ווילן, וואָס וויל דערקענען און טאָן וואָס געפעלט דעם אַלמעכטיקן גאָט, פאָרשט

אייפערדיק אין גאָטס וואָרט, כּדי צו דערגרייכן די דערקענטעניש פון גאָט און משיחן און צו דערלערנען דעם אמתן דרך, און אַזויאַרום געפינט ער אוים, ווי אַזוי ער קאָן זאַמלען נוצבאַרע אוצרות אין הימל, וואָס וועלן אים ברענגען אייביקע פרייד און צופרידענקייט.

די הייליקע שריפט און די פאַקטן באַווייזן, אַז די אויסדער־ווײלונג פון די 144 000 איז איצט כּמעט ווי פאַרענדיקט. דאָס, וואָס שטייט געשריבן אין אָט דעם בוך, איז הויפּטזאַכלעך געשריבן געוואָרן, כּדי צו העלפן די מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס זיינען איצט פאַראַן אויף דער ערד און וואָס האָפן צו געפינען אין גאָטס וואָרט דעם דרך, וואָס פירט זיי צו די רייכ־קייטן, וואָס וועלן קיינמאָל ניט פאַרגיין. ווער עס האָט באַ־שלאָסן אין זיין האַרצן צו טאָן גאָטס ווילן, וועט זיכער געפינען אַזעלכע אוצרות. אַזעלכע רייכקייטן קומען פון גאָט און זיינען זיינע ברכות פאַר דעם מענטשן, און גאָט פאַרשאַפט ניט קיינע זאָרגן דערצו; נייערט פאַרקערט, ער שענקט דערמיט אייביקן שלום און אומענדלעך גליק. איר וועט איצט האָבן דעם פאַרלאַנג אויסצוגעפינען, וואָס יהוה האָט צוגעגרייט פאַר די מיליאָנען מענטשן אויף דער ערד, וואָס ווילן טאָן וואָס איז גערעכט, אָבער וואָס וועלן קיינמאָל ניט אַרויף אויפן הימל.

קאפיטל 2

# יונדב

**י**הוה האט געשיקט זיין באפולמעכטיקטן מלאך נאענט צו דער ערד, וואס האט דארטן אנגעזאגט די מענטשן דאס געבורט פון ישוען, דעם דערלייזער פון דעם מענטשלעכן מין. דעם דאזיקן שליח פון הימל האט אהין באגלייט א „מענגע הימלישע שארן, און די דאזיקע מענגע, תכף נאך דעם אנזאג פון ישועס געבורט, האט געזונגען א וואונדערבארן געזאנג, וואס הערט זיך איבער דער גאנצער ערד פון דעמאלט אן ביז איצט. בעת זיי האבן געזונגען שבחים צום אלמעכטיקן גאט, האט מען געהערט די מחנות זאגן: „רום צו גאט אין דער הייך! און שלום אויף דער ערד צווישן די מענטשן פון גוטן ווילן.” (לוקאס ב: יד) אנדערע איבערזעצער גיבן איבער דעם דאזיקן טעקסט אויף אזאן אופן: „הערלעכקייט צו גאט אין דער הייך, און שלום אויף דער ערד צווישן די מענטשן, וואס געפעלן אים!” „כבוד צו גאט אין דער הייך, און שלום אויף דער ערד צווישן די מענטשן, פון וועמען ער איז צופרידן!” די דאזיקע הייליקע, אויבן אנגעזאגטע בשורה באווייזט אן שום צווייפל, אז גאט וועט האבן אויף דער ערד א קלאס מענטש־לעכע באשעפענישן, וואס זיינען פון גוטן ווילן צו גאט און זיין משיח, און אז אזעלכע מענטשלעכע באשעפענישן וועלן האבן אייביקן שלום. דאס מיינט ניט גוטער ווילן צווישן אלע מענטשן, ווי דער טעקסט איז אפט אנגעווענדט געווארן; נייערט עס מיינט שלום צווישן יענע מענטשן אויף דער ערד, וואס זיינען פון גוטן ווילן צו יהוה און ישוע המשיחן. פארן נוצן פון אזעלכע מענטשן איז געגעבן געווארן דער גרויסער אויסלייז־קרבן.

היינט איז די ערד פול מיט שטרייט, און צווישן אלע נאציעס איז ניטא קיין שלום. אין יעדן פאלק איז פאראן אויסערסטע

איינגליבע, און עס שאַלטן און וואַלטן דאָרט פאַרברעכן און גרויסע רשעות. אַלע ערדישע אָרגאַניזאַציעס דינען זעלבסט־זיכטיקע צוועקן און באַגינסטיקן אומגערעכטיקייט, און דאָס שליסט איין יעדע אָרגאַניזאַציע אָדער יעדע סעקטע אויף דער ערד, וואָס רופט זיך „אַ קירך”. פון דעם זיכערן וואָרט פון געטלעכער נביאות און פון אומבאַשטרייטבאַרע באַמערקלעכע פאַקטן ווייזן מיר, אַז אויסערסט זעלבסטזיכטיקע און רשעות־דיקע אָרגאַניזאַציעס באַהערשן די ערד, און אַז די דאָזיקע רשעותדיקע אָרגאַניזאַציעס וועלן גאָר אינגיכן אונטערגיין אין אַ צייט פון אַזעלכע גרויסע צרות, וואָס די מענטשהייט האָט פריער נאָך קיינמאָל ניט געזען אָדער זיך פאָרגעשטעלט. אַזעל־כע צרות וועלן אַראָפּגעבראַכט ווערן אויף די רשעותדיקע און זעלבסטזיכטיקע אָרגאַניזאַציעס פון יהוה אַליין, כּדי דער גאַנצער אוניווערס זאָל פּטור ווערן פון אומגערעכטיקייט.

די ביבל און אויך די פאַקטן באַווייזן אָן שום צווייפל, אַז פון צווישן די גרויסע צרות וועט אַרויסקומען אַ מחנה מענטשן פון גוטן ווילן צו גאָט און זיין קעניגרייך, אַז די דאָזי־קע מענגע לאָזט זיך שוין באַמערקן, און אַז זי קומט אַרויס, זינגענדיק שבחים צו יהוה און זאָגנדיק: „ישועה [זאָל צוגע־שריבן ווערן] צו אונדזער גאָט, וואָס זיצט אויף דעם טראָן, און צו דעם לאַם!” (אַנטפּלעקונג ז: ט, י) דאָס זיינען די, וואָס אָנערקענען יהוה אַלס דעם אמתן און אַלמעכטיקן גאָט און ישוע המשיחן אַלס זיין געזאַלבטן קעניג און אַלס די איינציקע האָפענונג פאַר די מענטשן און פעלקער אויף דער ערד. צו דערגרייכן די דערקענטניש פון יהוהס כּוונה בנוגע יענע מענטשן פון גוטן ווילן, איז איצט פון דער גרעסטער וויכטיקייט. אַלע מענטשן פון גוטן ווילן דאַרפן איצט מיטן גרעסטן אייפער דערווערבן דאָס דאָזיקע וויסן, ווייל איצט ווערט זיי געגעבן די פּריווילעגיע צו דערלערנען גאָטס כּוונה. די, וואָס טוען דאָס, וועלן אין דער געהעריקער צייט אָנפילן די ערד מיט שבחים צו יהוה און זיין מלוכה, און זיי וועלן געניסן

פולשטענדיקן שלום, איבערפלוס און עשירות, וואס שטייגן אריבער דעם געוואגטסטן חלום פון א נאטירלעכן מענטשן.

אין גאטס אומפעלבארן ווארט זיינען פארצייכנט די דאזיקע שאלנדיקע אמתן: „אזוי ווי וועגן דער עבירה פון איין מענטשן [אדמען] האט געהערשט דער טויט דורך איינעם; וועלן א סך מער יענע, וואס דערהאלטן די איבערפליסנדיקע גנאד און די מתנה פון גערעכטיקייט, הערשן אין לעבן דורך דעם איינעם, ישוע המשיחן. דערפאר, גלייך ווי דורך דער עבירה פון איינעם [אדמען], איז דער משפט געקומען איבער אלע מענטשן צו פארדאמונג; אזוי איז אויך דורך דער גערעכטיקייט פון איינעם [ישוע המשיחן] די פרייע מתנה געקומען צו אלע מענטשן פאר דער רעכטפארטיקונג פון לעבן. ווארן גלייך ווי דורך דעם אומגעהארכן פון דעם איינעם מענטשן [אדם] זיינען א סך געווארן זינדער, אזוי אויך דורך דעם געהארכן פון איינעם [ישוע המשיחן] וועלן א סך געמאכט ווערן גערעכט.” — רוימער ה: יז־יט.

„ישוע ... איז געשטעלט געווארן אביסל נידעריקער פון די מלאכים, כדי צו לײדן דעם טויט, ... אז ער זאל דורך גאטס חסד פארזוכן דעם טויט פאר יעדן מענטשן.” (עברים ב: ט)
די דאזיקע פסוקים באווייזן, אז דער ווערט פון דעם קרבן פון ישוע המשיחן איז צוגעגנגלעך פאר יעדן מענטשן, וואס וועט דערגרייכן דאס וויסן וועגן יהוהס גנעדיקער כונה, און וואס וועט דאן געהארכן גאט. אנדערש געזאגט, דער טויט פון ישוען אלס אן אויסלייז־פרייז וועט זיין צום נוצן פון יעדער מענטשלעכער באשעפעניש, מיטן תנאי, אז יעדע מענטשלעכע באשעפעניש וועט גלייבן אין דעם האר ישוע המשיחן און אין יהוה און וועט דינען גאט געטריי. די, וואס ווארפן אפ גאטס ווארט, קענען, פארשטייט זיך, ניט דערהאלטן קיין שום נוצן פון דעם אויסלייז־אפפער. עס וואלט געווען פולשטענדיק ניט אויסגעהאלטן מצד גאט צו באשענקן אויך די רשעים מיטן נוצן פון דעם אויסלייז־אפפער. גאט האט אויסדריקלעך דערקלערט, אז די, וואס זיינען געווען רשעים דורך זייער אייגענעם ווילן און

וואס האבן זיך דערפאר אנטזאגט צו דערווערבן דערקענטניש פון גאטס ווארט און אים צו געהארכן, וועט ער פארניכטן. „גאט באהיט אלע, וואס ליבן אים; אבער אלע רשעים וועט ער פארטיליקן.״ (תהלים קמה: כ) עס ווערט תכף קלאר פאר אלע פארנינפטיקע באשעפענישן, אז אויב זיי ווילן באקומען די רייכקייטן, וואס גאט האט צוגעגרייט פאר דער מענטשהייט, מוזן זיי דערקענען יהוה, דערקענען ישוע המשיחן, דערקענען גאטס ווארט, און דאן באווייזן זייער ליבע צו גאט און צו משיחן דורך געהארכזאמקייט. גאט האט באשאפן די ערד, כדי די מענטשן זאלן זי באוווינען, און ער האט זי ניט געמאכט צו זיין וויסט און לער, און דאס באווייזט ענטגילטיק, אז דאס אייביקע וווינארט פון די מענטשן, וואס געהארכן דעם האר, וועט זיין אויף דער ערד. (ישעיה מה: יב, יח) איצט איז גע־קומען די צייט, ווען אלע מענטשן פון גוטן ווילן אויף דער ערד קאנען דערגרייכן דאס געווונטשטע וויסן וועגן יהוהס כונה, זיי צו באשענקען דורך זיין מלכות מיט דער עשירות, וואס קומט פון הימל.

פון דעם טאג זינט גאט האט דורך משהס האנט ארויסגעפירט די בני־ישראל פון מצרים ביז צום סוף פון צדקיהוס מלוכה, דעם לעצטן קעניג פון יהודה, אין יאר 606 פ. ק., זיינען די בני־ישראל געווען גאטס אייגנארטיק פאלק, וואס איז געווען אויסדערוויילט צוליב א געוויסן צוועק. מיט דעם דאזיקן פאלק האט גאט געשלאסן א בונד, און וואלטן זיי געווען געטריי, וואלט ער פון צווישן ישראל זיך דערוויילט דאס „פאלק פאר זיין נאמען״. אבער זיי זיינען געווארן אומגעטריי, און דערפאר האט גאט זיי פארווארפן אלס א פאלק. אין משך פון דער צייט, וואס די בני־ישראל האבן געפונען חסד אין גאטס אויגן, האט ער זיך מיט זיי באנוצט צו שאפן א סך נביאישע בילדער, דער־מיט פארויסזאגנדיק גרעסערע געשעענישן אין דער צוקונפט, וואָרן אזעלכע געשעענישן באציען זיך צו זיין מלוכה אונטער משיחן און צו די ברכות, וואס מען וועט דערהאלטן דורך דעם דאזיקן קעניגרייך. דורך דער האנט פון משיחן אלס פאר־

מיטלער האָט גאָט געגעבן די בני־ישׂראל זיין תּורה, און אין דער הייליקער שריפט שטייט פאַרצייכענט, אַז „די תּורה איז געווען אַ שאָטן פון די צוקינפטיקע גוטע זאַכן". (עברים י: א) די פילע זאַכן, וואָס די בני־ישׂראל האָבן געטאָן, בעת זיי זיינען געווען אין גאָטס גנאָד, און די זאַכן, וואָס אַנדערע פעלקער האָבן געטאָן אין שייכות מיט די בני־ישׂראל, האָבן פאָרויס־געוויזן זאַכן, וואָס וועלן געשען ביים סוף פון דעם שׂטנס וועלט. (קאָרינטער א י: יא) דער סוף פון דער וועלט איז איצט געקומען, און די דאָזיקע נביאישע בילדער אָדער דראַמעס זיינען דורך גאָטס חסד קלאָר געוואָרן, כּדי די, וואָס זיינען איבערגע־געבן צו גאָט, זאָלן קאָנען זען און פאַרשטיין דעם מיין דערפון, און אויף אַזאַ אופן באַגרייפן גאָטס כּונה. אַ טייל פון די בילדער וועלן מיר דאָ באַטראַכטן, און דאָס וועט אייך דערמעגלעכן צו זען קלאָרער, וואָס יהוה האָט באַשלאָסן צו טאָן.

צווישן די פילע נביאישע בילדער פון תּנ"ך איז פאַראַן איינס, וואָס איז בנוגע יהוא, איינעם פון די מלכים פון ישׂראל, און אין דער דאָזיקער נביאישער דראַמע איז אַ מאַן מיט דעם נאָמען יהונדב איינגעלאַדן געוואָרן פון יהוא מיטצופאָרן מיט אים אין זיין רייטוואָגן. יענע פּראָפעטישע דראַמע איז אַ הילף פאַר די, וואָס האָבן גלויבן אין גאָט און אין זיין וואָרט, צו דערקענען די מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס זיינען פאַראַן אויף דער ערד ביי דער איצטיקער צייט, און אויף וועמען עס באַציט זיך די בשׂורה, וואָס איז געבראַכט געוואָרן פון די מלאָכישע מחנות בעת ישועס געבורט. איר וועט וועלן זיך דערוויסן וועגן יהונדבן און וועגן די שייכותן, וואָס איר האָט מיט די, וועלכע ער האָט פאָרויסגעוויזן.

געוויסע היסטאָרישע פאַקטן מכּח ישׂראלס הערשער, און אין וועלכע יהוא האָט געשפּילט אַ ראָלע, זיינען דאָ אין אַ געוויסער מאָס וויכטיק. די צען שבטים פון ישׂראל האָבן מורד געווען קעגן דודס הויז, און זיי האָבן זיך אויסגעוויילט אַן אייגענעם קעניג. אָסאָ איז געווען דער קעניג איבער יהודה און האָט געהערשט אין ירושלים אַרום 979 פ. ק. די צען שבטים האָבן

זיך געפונען אין דעם צפון־טייל פון ארץ־ישראל. עמרי, אן אויבערשטער אין דער ישראלישער ארמיי, האט פארכאפט דעם טראן פון מלכות ישראל און זיך דערקלערט קעניג. שפעטער צו האט ער אפגעקויפט דעם בארג פון שומרון און האט דארט אויפגעבויט זיין קעניגהויז, פון וואנען ער האט געהערשט איבער די צען שבטים פון ישראל. (מלכים א טז: טז־כד) נאך עמרין איז אויפגעשטאנען אחאב אלס מלך פון מלכות ישראל. אחאב האט חתונה געהאט מיט איזבל, די טאכטער פון אתבעל. אחאבן און איזבלען איז געבארן געווארן א טאכטער מיטן נאמען עתליה. אין א צייט שפעטער האט אליהו הנביא נביאות געזאגט וועגן אן אנקומענדיקן דריי און האלב יאריקן הונגער. אחאב איז שפעטער דערהרגעט געווארן אין א שלאכט, און אויף זיין טראן איז ארויפגעשטיגן זיין זון אחזיהו. — מלכים א כב: לד־ם.

עתליה, די טאכטער פון אחאבן און איזבלען, האט חתונה געהאט יהורמען, דעם טראן־יורש פון מלכות יהודה. ער האט אנגעהויבן צו הערשן אן ערך ארום 913 פ. ק. אין ירושלים. (דברי הימים ב כא: א) נאך אים האט נאכגעפאלגט אויפן טראן אחזיהו, דער זון פון עתליה און דער אייניקל פון איזבלען. יורם (יהורם), דער זון פון אחאבן, האט פארנומען דעם טראן פון ישראל נאך זיין ברודער אחזיהון. אליהו איז אוועקגענומען געווארן, און זיין ארט האט פארנומען דער נביא אלישע. דאן איז יהוא, דער זון פון יהושפט, דער זון פון נמשי, געזאלבט געווארן צו זיין דער קעניג איבער ישראל. (מלכים ב ט: א־ו) קורץ נאכדעם האט יהוא דערהרגעט יורמען (יהורמען). (מלכים ב ט־כד) נאכדעם האט יהוא אינגאנצן פארטיליקט דאס גאנצע הויז פון אחאבן.

## דער שליסל

יהוהם כונה אין פארטיליקן דאס הויז פון אהאבן גיט אונדז דעם הויפטשליסל צו פארשטיין די שליחות, וואס יהוא האט דורכגעפירט און וואס דאס האט אנגעדייט. אחאב האט מיט

זיך פֿאַרגעשטעלט דעם שׂטן, דעם אַלטן שלאַנג, דעם טייוול. איזבל, זיין ווייב, האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט דעם שׂטנס „נקבה" אָדער אָרגאַניזאַציע. זייער שטאַם אָדער זאָמען האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט „דעם זאָמען פֿון דער שלאַנג", וואָס מוז ווערן פֿאַרטיליקט, ווייל ער איז קעגן גאָט, קעגן משיחן און קעגן גאָטס מלוכה. יהוּאס עובדא שטעלט מיט זיך פֿאָר יהוהס אוֹפֿן אין פֿאַרטיליקן דאָס, וואָס האָט פֿאַרדאַרבט די מענטש־לעכע ראַסע און געבראַכט חרפּה אויף גאָטס נאָמען.

די הויפּט־אורזאַך, וואָס האָט נויטיק געמאַכט די שחיטה, וואָס איז דורכגעפֿירט געוואָרן פֿון יהואָן, איז געווען דאָס דינען בעלן, וואָס איז דאָסזעלביקע ווי דינען דעם טייוול. דער נאָמען „בעל" מיינט „זיין דער האַר"; פֿאָלגלעך, חתונה צו האָבן, צו זיין דער מאַן און אין בילדלעכן זין פֿון וואָרט דער בעל־הבית. בעל־דינסט ווייזט זיך דערפֿאַר אַרויס צו זיין דאָס דינען דעם טייוול דורך אָנשליסן זיך צו דער אָרגאַניזאַציע, פֿון וועל־כער דער טייוול איז דער האַר, מאַן און אייגנטימער, און דורכן אָננעמען דעם טייוול אַלס האַר און הויפּט. „בעל־פּעוֹר" מיינט פֿאַרנעמען זיך מיט דעם דאָזיקן טייוולשן גלויבן אין שייכות מיט אויסגעלאַסענע און אוממאָראַלישע פֿרויען. דאָס איז גע־ווען אַ פֿאַרפֿירעריש מיטל אָפּצוקערן די מענטשן פֿון גאָט, יהוה.

בלעם, דער נביאות־זאָגער פֿון מעסאָפּאָטאַמיע, האָט גע־לערנט בלקן, דעם קעניג פֿון מוֹאָב, ווי אַזוי צו פֿאַרפֿירן די בני־ישׂראל אין שייכות מיט דעם דאָזיקן טייוולאָנישן גלויבן אין בעל־פּעוֹר. אַז יהוה האָט געהאַסט די דאָזיקע אָפּשײַלעכע זאַך, קאָן מען זען פֿון דעם פֿאָלגנדיקן: „ישׂראל איז געבליבן אין שטים, און דאָס פֿאָלק האָט גענומען מזנה־זיין מיט די טעכטער פֿון מוֹאָב. און זיי האָבן גערופֿן דאָס פֿאָלק צו די שלאַכטאָפּפֿער פֿון זייערע געטער, און דאָס פֿאָלק האָט געגעסן און זיך געבוקט צו זייערע געטער. און ישׂראל האָט זיך באַהעפֿט אָן דעם בעל־פּעוֹר; און דער צאָרן פֿון גאָט האָט געגרימט אויף ישׂראל. דאָ האָט גאָט געזאָגט צו משהן: נעם

אַלע הויפּטלייט פֿון דעם פֿאָלק, און הענג זיי אויף פֿאַר גאָט אַקעגן דער זון, און דער גרימצאָרן פֿון גאָט וועט זיך אָפּקערן פֿון ישׂראל. און משה האָט געזאָגט צו די ריכטער פֿון ישׂראל: הרגעט איטלעכער זיינע מענטשן, וואָס האָבן זיך באַהעפֿט אָן דעם בעל־פּעור.״ (במדבר כה: א־ה) דער רשע בלעם איז דער־הרגעט געוואָרן דורך דעם שווערד אויפֿן באַפֿעל פֿון דעם האַר צו משהן. — במדבר לא: ח.

נאָכדעם ווי די צען שבטים האָבן זיך אָפּגעטיילט פֿון יהודהן און האָבן אויפֿגעשטעלט אַן אייגענע מלוכה אין שומרון, איז געווען עמרי דעריעניקער, וואָס האָט אָפּיציעל גוטגעהייסן די שטן־דינערייַ פֿון די ישׂראלים. אַחאָב איז געקומען אויפֿן טראָן נאָך אים, און מבֿח אים שטייט געשריבן: „און אַחאָב בן עמרי האָט געטאָן שלעכטס אין די אויגן פֿון גאָט, מער פֿון אַלע, וואָס זיינען געווען פֿאַר אים. און עס האָט געטראָפֿן, ווי דאָס וואָלט געווען צו גרינג פֿאַר אים, וואָס ער איז געגאַנגען אין די זינד פֿון ירבעם בן נבטן, האָט ער נאָך גענומען פֿאַר אַ ווייב איזבל, די טאָכטער פֿון אתבעל, דעם מלך פֿון די צידונים, און איז געגאַנגען און האָט געדינט בעלן און זיך געבוקט צו אים. און ער האָט אויפֿגעשטעלט אַ מזבח צו בעלן אין דעם הויז פֿון בעלן, וואָס ער האָט געבויט אין שומרון. און אַחאָב האָט געמאַכט די אשרה; און אַחאָב האָט געטאָן מער צו דער־צערנען יהוה, דעם גאָט פֿון ישׂראל, איידער אַלע מלכים פֿון ישׂראל, וואָס זיינען געווען פֿאַר אים.״ — מלכים א טז: ל־לג.

די דריי און האַלב יאָר הונגער איז געקומען אויף ישׂראל, פּונקט ווי אליהו האָט עס פֿאָרויסגעזאָגט. אַן ערך ביים סוף פֿון יענעם הונגער האָט אליהו געטראָפֿן אַחאָבן און אים אויפֿן אָרט געזאָגט גלייך אין פּנים אַריין, אַז זיין דינען דעם טייוול איז געווען די אמתע סיבה פֿון די צרות, וואָס זיינען באַפֿאַלן ישׂראלן. „און עס האָט פּאַסירט, ווען אַחאָב האָט דערזען אלי־הון, האָט אַחאָב צו אים געזאָגט: ביסטו דער, וואָס פֿאַראומ־גליקט ישׂראל? און ער האָט געענטפֿערט: איך האָב ניט פֿאַר־אומגליקט ישׂראל; נייערט דו און דיין פֿאָטערס הויז, דערמיט,

וואָס איר האָט פאַרלאָזן די געבאָט פון יהוה, און וואָס דו ביסט נאָכגעגאַנגען די בעלים.״ — מלכים א יח: יז, יח.

אַחאָב און איזבל האָבן אויסגעהאַלטן „די נביאים פון בעל״, דורך וועלכע די ישׂראלים זיינען געוואָרן פאַרפירט און אָפּגע־קערט פון יהוה. יהוה גאָט האָט זיך באַנוצט מיט אליהון, כּדי דורכצופירן זיין פּסק־דין איבער די פיר הונדערט און פופציק נביאים פון בעלן. שפּעטער, ווען יהוא האָט געערדט פאַר א פאַרזאַמלונג פון פאָלק, האָט ער זיי געזאָגט: „אַחאָב האָט געדינט בעלן״. (מלכים ב י: יח) די דאָזיקע פּסוקים באַווייזן קלאָר, אַז אַחאָב איז געווען אינגאַנצן איבערגעגעבן דעם דינסט פון טייוול.

אין משך פון אַחאָבס קעניגן איז יהוא געווען א באַאַמטער אין זיין חיל. ער איז געווען א הויפּטמאַן און אַן אָנטרייבער פון א רייטוואָגן. בעת יהוה האָט געזאָגט אליהון, אַז יהוא און אלישע דאַרפן ווערן געזאַלבט, האָט ער אויך געזאָגט: „דאָך האָב איך פאַר זיך געלאָזן זיבן טויזנט אין ישׂראל, אַלע קניען, וואָס האָבן זיך ניט געבויגן פאַר בעלן, און איטלעך מויל, וואָס האָט אים ניט געקושט.״ (מלכים א יט: יח) דערפאַר זעט עס אויס גאַנץ וואַרשיינלעך, אַז יהוא, כאָטש ער האָט געדינט אין אַחאָבס אַרמיי, איז געווען צווישן די זיבן טויזנט ישׂראלים, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט זיך אָפּצוגעבן מיטן טייוול־דינסט און מיט בעליזם.

אַחזיהו האָט נאָכגעפאָלגט זיין פאָטער אַחאָבן אויפן טראָן. ער איז געווען געשעדיקט דורך א פאַל, און ער האָט געשיקט שלוחים אָנצופרעגן זיך ביי בעל־זבוב, דאָס מיינט דעם טייוול־גאָט פון עקרון, מכּח זיין געזונט ווערן: „און אַחזיהו איז אַרויסגעפאַלן דורך דער גראַטע פון זיין אויבערשטוב, וואָס איז געווען אין שומרון, און ער איז געווען קראַנק; און ער האָט געשיקט שלוחים, און ער האָט זיי געזאָגט: גייט, געפינט אויס פון בעל־זבובן, דעם גאָט פון עקרון, צי איך וועל געזונט ווערן פון דער דאָזיקער קראַנקייט. אָבער דער מלאך פון גאָט האָט געזאָגט אליהון דעם תּשבי: שטיי אויף, גיי אַרויס צו

טרעפן די שלוחים פון דעם קעניג פון שומרון, און זאָג זיי: איז דען ניטאָ קיין גאָט אין ישׂראל, וואָס איר גייט פרעגן ביי בעל־זבובן, דעם גאָט פון עקרון? דעריבער, האָט יהוה אזוי געזאָגט: דו וועסט ניט אראָפּ פון דעם בעט, אויף וועלכן דו ביסט אַרויף; נייערט דו וועסט זיכער שטאַרבן. און אליהו איז אַוועק געגאַנגען." — מלכים ב א: ב־ד.

יהורם (יוֹרם) איז אַרויף אויפן טראָן נאָך אַחזיהון; און בעת ער איז ניט געווען אַזוי זינדיק, ווי עס איז געווען אַחאָב, האָט דאָס בעל־דינסט דאָך אָנגעהאַלטן אין ישׂראל אין משך פון זיין הערשאַפט. אין משך פון זיין הערשאַפט האָט די אַלטע פרוי איזבל נאָך אַלץ געלעבט און זי האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן איר טייוולדינסט. (מלכים ב ג: א־ג) שפּעטער שטייט גע־שריבן מכּח יהואן: „אַזוינאָך האָט יהוא פאַרטיליקט בעלן פון ישׂראל." (מלכים ב י: כח) ביי דעם אָרט ענדיקט זיך דאָס יהוא־בילד. די שפּעטער פאַרצייכנטע פאַקטן וועגן אים שטעלן מיט זיך ניט פאָר קיין שום נביאיש בילד פון וועלכן ניט איז אויפגעפירט ווערט — ... 

„דער דערוויילטער קנעכט"

דער דערוויילטער דינער פון יהוה איז משיח, זיין באַליבטער זון. (ישעיה מב: א) יהוה האָט זיך באַנוצט מיט געטרייע מענטשן פון אַמאָל, וואָס זיינען באַצייכנט דורך אים אַלס „נביאים", צו ווירקן אין זיין נאָמען. די דאָזיקע נביאים אַליין און זייער אויפטואונגען האָבן אָנגעזאָגט גרעסערע זאַכן, וואָס דאַרפן געטאָן ווערן אין דער צוקונפט. דער נביא אליהו האָט געדינט גאָט געטריי, און יהוה האָט גענוצט אליהון אויסצו־דריקן זיין ווידערווילן בנוגע דער טייוול־ (אָדער בעל־) רעליגיע. אליהו און זיינע אויפטואונגען האָבן אָנגעוויזן אויף די טואונ־גען פון געטרייע מענטשן אויף דער ערד אונטער דער לייטונג פון ישוע המשיחן, גאָטס דערוויילטן דינער, אין משך פון דער צייט פון אַרום דעם יאָר 1878 נ. ק. ביז צום יאָר 1918. אליהו איז צוגענומען געוואָרן אין אַ שטורמווינט, און אלישע האָט

אים נאָכגעפאָלגט אין דעם אמט פון אַ נביא און אַ דינער פון גאָט. די אויפטואונגען, וואָס אלישע האָט שפּעטער אויסגעפירט, האָבן אָנגעוויזן אויף די טואונגען, וואָס די געטרייע נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן האָבן געטאָן אויף דער ערד אונטער דער פירונג פון ישוע המשיחן, גאָטס דערוויילטען קעניג, זינט דער צייט פון דעם האר ישועס קומען צו יהוהס טעמפּל. — מלאָכי ג: א־ג.

אַזעלכע געטרייע, וואָס דינען אונטער ישוע המשיחן, ווערן אין דער הייליקער שריפט באַצייכנט אַלס דער קלאַס „דער געטרייער און קלוגער קנעכט" (מתתיה כד: מה־מז), און דעם דאָזיקן געטרייען קלאַס גיט דער האר איבער זיינע מלוכה־אינטערעסן אויף דער ערד; און דער דאָזיקער געטרייער קלאַס איז באַאויפטראָגט פון דעם האר באַקאַנטצומאַכן זיין מלוכה דורך פּריידיקן די דאָזיקע גוטע נייעס אָדער בשורה וועגן דעם קעניגרייך צו יענע צווישן אַלע פעלקער אויף דער ערד, וואָס ווילן עס הערן. ווען אליהו איז אוועקגענומען געוואָרן, איז אוועק אַ קורצע צייט, איידער אלישע האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט. די הייליקע שריפט און די פאַקטן באַווייזן, אַז די ארבעט, וואָס דער מענטש אליהו הנביא האָט געטאָן, האָט פאָרויסגעוויזן די טואונג, וואָס איז געטאָן געוואָרן דורך דעם געטרייען קנעכטקלאַס אונטער ישוע המשיחן, און וואָס האָט זיך געענדיקט אין יאָר 1918 נ. ק.; אַז עס איז דאַן געווען אַ קורצע צייט פון אומטעטיקייט מצד די אמתע נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן, און אַז נאָך דער דאָזיקער קורצער צייט פון אומטעטיקייט האָט נאָכגעפאָלגט אַ גרעסערע ארבעט, וואָס איז פאָרויסגעוויזן פון דעם נביא אלישא, וועמעס טעטיקייט ווערט דאָ דערמאָנט אַלס „דאָס אלישע־ווערק", אָדער „דער אויפטו פון דער אלישע־פעריאָדע". די דאָזיקע ארבעט פון דער אלישע־פעריאָדע אָדער דאָס אלישע־ווערק האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1919 נ. ק. און דאַרף ווערן פאָרגעזעצט, ביז וואַנען די ארבעט פון עדות־זאָגן וועט זיין פאַרענדיקט. די, וואָס באַווייזן צו זיין פולשטענדיק געטריי צו גאָט, אויס־

פירנדיק די דאָזיקע אַרבעט, וואָס איז געווען פאָרויסגעזאָגט פון די נביאים, זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר א טייל פון זיין „דערוויילטען קנעכט"־קלאַס, פון וועלכן ישוע המשיח איז דער ראש און הויפּט. אַזעלכע געטרייע זיינען געבראַכט געוואָרן אין דעם גייסטיקן טעמפּל פון גאָט און זיינען אָט דערצו באַשטימט און געזאַלבט געוואָרן צו זיין די עדות פאַר יהוה גאָט. — ישעיה מג: י־יב.

דער מלך יהוא איז געווען א טיפּ אָדער א פאָרבילד פון יהוהס דערוויילטן דינער און צייטנווייז האָט ער פאָרויסגעזאָגט סיי ישוע המשיחן און סיי זיינע נאָכפאָלגער. דאָס מקוים ווערן פון דער נביאישער יהוא־דראַמע מוז פאָרקומען נאָך דעם האַר ישועס קומען אין טעמפּל פון יהוה, וועמעס קומען איז געשען אין יאָר 1918 נ. ק.. יהוא איז געקומען אין באַריר מיט אליהו הנביא און ער האָט געלעבט מער ווי צוואַנציק יאָר אויך אין דער צייט פון דעם נאַביא אלישע. דאָס ווייזט אויס צו באַדייטן, אַז יהוה האָט במשך פון דער אליהו־צייט, פון יאָר 1878 נ. ק. ביז צום יאָר 1918, אָנגעהויבן צוצוגרייטן א פאָלק צו זיין עדות פאַר יהוהס נאָמען, און אַז די, וואָס האָבן זיך באַוויזן צו זיין געטריי אין משך פון יענער צייט, זיינען אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער אלישע־פעריאָדע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1919 נ. ק.. די דאָזיקע זיינען אַריינגענומען געוואָרן אַלס מיטגלידער אין גאָטס אָרגאַניזאַציע, און זיי ווערן באַצייכנט אַלס דער „געטרייער און קלוגער קנעכט"־קלאַס. אַזעלכע געטרייע באַערט גאָט מיט זיין „נייעם נאָמען", זיי אָנרופנדיק „יהוהס עדות"; און ווען זיי בלייבן געטריי ביזן טויט, ווערן זיי פאַרוואַנדלט אין „דעם ערשטן תחית־המתים" צו דער ענלעכקייט פון דעם האַר ישוע המשיחן. (אַנטפּלעקונג כ: ו) דאָס באַווייזט, אַז יהוהס עדות זיינען אַריינגעפּאַסט אין דעם בילד אָדער אין דער דראַמע, געשאַפן פון יהוא און יהוֹנדבן. דאָס פאַרבונדן זיין מיט זיי אין דער אַרבעט, וואָס ווערט איצט געטאָן, באַפּעאיקט אונדז אויסצו־

געפינען, וועלכן קלאַס יהונדב האָט פאַרטראָטן אָדער אילו־סטרירט.

באַקרעפּטיקונג

אַלס באַקרעפּטיקונג פון דעם אויספיר, אַז יהוא האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט יהוהס „דערוויילטן קנעכט", ווערט דאָס פאָלגנדיקע דערקלערט: יהוא איז געבאָרן געוואָרן אונטערן געזעצבונד און איז דערפאַר געווען אַ ישׂראלי און אין אַ בונד־שייכות מיט יהוה, און די דאָזיקע פאַקטן ווערן באַוויזן דורך דער היליקער שריפט און גאָטס האַנדלונגען מיט אים. (מלכים ב יג: א־ו; יד: כג: כז) דער פאַקט, וואָס ער איז געווען קעגן דעם בעל־דינסט איז ווידער אַ באַווייז, אַז ער האָט געפונען חן אין די אויגן פונם האַר גאָט.

דער נאָמען „יהוא" באַדייט „יהוה איז ער". זיין נאָמען באַטאָנט דעם פאַקט, אַז יהוה איז דער אַלהעכסטער, און דאָס איז דער זעלביקער פאַקט, אויף וואָס דער „קנעכט־קלאַס", אַריינ־רעכנדיק יהוהס עדות, דעם „איבערבלייב", ווייזט איצט די מענטשן אָן. די נעמען פון זיין פאָטער און פון זיין זיידן זיינען אויך פול מיט באַדייטונג. יהוא איז געווען דער זון פון יהושפט, וועלכער איז געווען דער זון פון נמשי. (מלכים ב ט: ב, יד) „נמשי", דער נאָמען פון זיין זיידן, מיינט „אַרויסגעצויגענער". דאָס קומט מן־הסתם פון דעם וואָרט משה, דעם אורשפּרינג־לעכן וואָרצלוואָרט, וואָס באַדייט „אַרויסציען" און איז דאָס זעלביקע וואָרט, פון וואַנען עס שטאַמט דער נאָמען משה. „יהושפט", דער נאָמען פון יהואס פאָטער, באַדייט „יהוה האָט געמשפּט", דאָס הייסט „גערעכטפאַרטיקט". דער לעצטער טייל פונם נאָמען, שפט, באַדייט „משפּטן" אָדער „אַרויסגעבן אַ פּסק־דין" פאַר אָדער קעגן; און, דורך דרינגען פון דעם, „צו הערשן, רעגירן, אָדער רעכטפאַרטיקן". דער דאָזיקער יהושפט, דער זון פון נמשי, איז ניט דער זעלביקער, וואָס ווערט דער־מאָנט אין מלכים א טו: כד אַלס דער זון פון אָסאָ. די דאָזיקע צוויי נעמען, נמשי און יהושפט, שטעלן דעריבער מיט זיך

פאַר דאָס, וואָס ווערט אַרויסגענומען אָדער אַרויסגעצויגן און באַנוצט פאַר דער רעכטפאַרטיקונג פון יהוהס נאָמען.

עס איז געווען יהוה, וואָס האָט באַפוילן צו זאַלבן יהואן פאַר אַ קעניג איבער ישׂראל, און דעריבער איז די זאַלבונג געווען פון יהוה. אַהאָב איז קיינמאָל ניט געזאַלבט געוואָרן פון יהוה. אַזוי ווייט ווי די פאַרצייכענונגען באַריכטן, איז יהוא געווען דער איינציקער מאַן, וואָס איז ווען געזאַלבט געוואָרן אויפן באַפעל פון יהוה צו זיין אַ קעניג איבער מלכות ישׂראל, די מלוכה פון די צען שבטים. די פאַרצייכענונג איז: „יהואן, דעם זון פון נמשי, זאָלסטו זאַלבן פאַר אַ קעניג איבער ישׂראל.” (מלכים א יט: טז) האַנדלענדיק לויט די אָנווייזונגען פונם האַר, האָט אלישע געהייסן זיין „יונגן מאַן” צו גיין און דורכצופירן די זאַלבונג: „און ווען דו וועסט קומען אַהין, געפין דאָרטן יהואן, דעם זון פון יהושפט, דעם זון פון נמשין; און גיי אַריין, און מאַך אים אויפשטיין פון צווישן זיינע ברידער, און פיר אים אַריין אין אַן אינווייניקסטן קאַמער; און דאַן נעם דאָס קריגל אייל, און גיס עס אַרויס אויף זיין קאָפּ, און זאָג: אַזוי האָט געזאָגט יהוה: איך האָב דיך געזאַלבט פאַר אַ מלך איבער ישׂראל. דאַן עפן אויף די טיר, און אַנטלויף, און פאַרזאַם זיך ניט. .און ער איז אויפגעשטאַנען און איז אַריינגעגאַנגען אינם הויז; און ער האָט אויסגעגאָסן דעם אייל אויף זיין קאָפּ, און ער האָט צו אים געזאָגט: אַזוי האָט געזאָגט יהוה, דער גאָט פון ישׂראל: איך האָב דיך געזאַלבט פאַר אַ קעניג איבער יהוהס פאָלק, איבער ישׂראל.” — מלכים ב ט: ב, ג, ו.

יהוא איז אויף אַ געהעריקן אופן געזאַלבט און באַפולמעכטיקט געוואָרן אַלס יהוהס שאַרפריכטער אויסצוראָטן דאָס בעל־אָדער טייוול־דינסט אין ישׂראל. זיין געטלעכע באַפולמעכטיקונג לייענט זיך: „און דו זאָלסט דערשלאָגן דאָס הויז פון אַחאָבן, דיין האַר, כּדי איך זאָל זיך נוקם זיין פאַר דעם בלוט פון מיינע קנעכט, די נביאים, און פאַר דעם בלוט פון אַלע קנעכט פון יהוה פון איזבלס האַנט. און דאָס גאַנצע הויז פון

אַחאָבן זאָל אונטערגיין; און איך וועל פאַרשניידן יעטווערן מאַנספּאַרשוין, אי יעטווערן געבונדענעם, אי איטלעכן פרייען אין ישׂראל. און איך וועל מאַכן דאָס הויז פון אַחאָבן ווי דאָס הויז פון ירבעם בן־נבט, און אַזוי ווי דאָס הויז פון בעשאָ בן־אחיה; און די הינט וועלן פרעסן איזבלען אויף דעם שטיק לאַנד פון יזרעאל, און קיינער וועט זי ניט באַגראָבן.״ — מלכים ב ט : ז־י.

יהוא האָט דערפילט זיין אויפגאַבע. „און עס איז געשען, אַז, ווען יהוא האָט אויסגעפירט דעם פּסק־דין איבערן הויז פון אַחאָבן . . .״ (דברי הימים ב כב : ז, ח). פון די דאָזיקע ווערטער קאָן מען דרינגען, אַז ער איז געווען אַ שאַרפריכטער. יהוא, אויספירנדיק זיין אויפטראָג פונם האר, האָט דערוואָרבן יהוהס „גוט געטאָן!״ אָדער גוטהייסונג; און דערפאַר האָט יהוה געשלאָסן אַ בונד מיט יהואהן, אַז זיינע זין זאָלן ווייטער רעגירן אויפן טראָן. (מלכים ב י : ל) די דאָזיקע דערקלערונג זאָגט, אַז זיי וועלן רעגירן אויף פיר דורות, דאָס מיינט צו זאָגן אַ פירפאַכיקע אָדער פולשטענדיקע נאָכפאָלגערשאַפט אויפן טראָן. יהוא און זיין הויז האָבן פאַרנומען דעם טראָן פון ישׂראל אין משך פון הונדערט יאָר. יהוא אַליין האָט רעגירט אַכט און צוואַנציק יאָר. (מלכים ב י : לו) יהואָחז, זיין ערשטער דור, האָט רעגירט זיבעצן יאָר, און אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָט ישׂראל געניאָסן גאָטס חסד. (מלכים ב יג : ד, ה) יואָש אָדער יהואָש, יהואס איינקל, איז געווען אויפן טראָן פון ישׂראל בשעת אלישעס טויט, און ער האָט געפונען חן אין די אויגן פון יהוהס נביא. — מלכים ב יג : יד־כג.

אויפן באַרג כּרמל האָט אליהו אויסגעשאָכטן פיר הונדערט און פופציק כּהנים פון בעלן; און יהוא האָט נאָכאַמאָל דורכגעפירט יענע פאַרטיליקונג; אָבער אויף אַ סך אַ גרעסערן אופן. (מלכים א יח : מ; מלכים ב י : יח־כה) אליהו האָט אַזוינאָך אָנגעפאַנגען די פאַרניכטונג־אַרבעט קעגן דעם בעל־דינסט, און יהוא האָט די דאָזיקע אויפגאַבע פאַרענדיקט. (מלכים ב י : כח) אַן אַנדער זאַך, וואָס איז געווען צו יהואס גונסטן, איז געווען

זיין האס קעגן איזבלן. ער האט ארויסגעוויזן אן ענלעכן גייסט צו דעם פון דעם הארס גוטגעהייסטן פאלק, וואס ווייזט ארויס דעם גייסט פון פיינטשאפט קעגן איזבל, ווי דאס ווערט באשריבן אין אנטפלעקונג ב: כ־כג. ער האט גערינטן איבער איזבלן מיט טיפסטער פאראכטונג, און ער האט זי צעטראטן צום טויט. יהוא איז געווען דער רעכטפארטיקער פון יהוהס ווארט מיט דעם, וואס ער האט דערפילט יהוהס ווארט, געשפראכן דורך זיין נביא אליהו קעגן אחאבן און איזבלן. אין דעם האט ער אויך פארענדיקט דאס, וואס אליהו האט אנגעהויבן. אליהו האט אראפגעבראכט פייער פון הימל אין דער אנוועזנקייט פון די בעל־נביאים און פון אחאבן ביים בארג כרמל. זיין תפילה איז געווען: „ענטפער מיר, א יהוה, ענטפער מיר, אז דאס דאזיקע פאלק זאל וויסן, אז דו, יהוה, ביסט גאט!" (מלכים א יח: לז) דאס איז געווען א ריינוואשונג פון יהוהס נאמען; אבער ניט גענוג צו באווירקן אין אחאבן און איזבלן אן ענדערונג פון זייער געזינונג. דער בעל־דינסט איז ווייטער אנגעגאנגען, און דער האר גאט האט גענוצט יהואן צו רעכטפארטיקן זיין ווארט און זיין נאמען אין שייכות מיטן בעל־דינסט. (מלכים ב ט: כה־לז; י: ט־יא) דאס זיינען בלויז קורץ צוזאמענגעפאסטע היסטארישע פאקטן, וואס ווייזן, אז יהוא איז באנוצט געווארן פון יהוה דורכצופירן דעם פסק־דין אויף די פארשטייער פונם שטן, און דערפאר באקרעפטיקן זיי דעם אויספיר, אז יהוא האט פארויסגעוויזן די דורכפירונג פון גאטס פסק־דין איבער דעם שטן און זיין ארגאניזאציע, און ווי די הייליקע שריפט ווייזט אן, וועט דאס געטאן ווערן פון ישוע המשיחן און פון די, וואס זיינען פארבונדן מיט אים.

יהוא איז געווען א קריגער. ער איז געווען אין דער רייט־וואגן־אפטיילונג און א הויפטמאן אין דעם חיל פון ישראל. ווען נאר יהוה האט באגינסטיקט דעם חיל פון ישראל, פלעגט די דאזיקע ארמיי זיגן איבער איר שונא, און אזוינאך פלעגט דער חיל ווערן פאקטיש דער חיל פון דעם האר צבאות; און אזוינאך איז יהוא געווען א הויפטמאן אין דעם חיל פון יהוה

צבאות. (מלכים א כ: א־ל; מלכים ב ג: ה־כה; ו: כד ביז ז: טז) יהוא איז געווען באַוווּסט אַלס אַ שנעלער פֿאָרער, און מען פֿלעגט אים דערקענען צוליב דעם, ווייל ער פֿלעגט אָנטרייבן זיינע פֿערד „שטורמעדיק", דאָס הייסט „ווי אַ צערייצטער". (מלכים ב ט: טז, כ) דער פֿאַקט, אַז יהוא איז געווען פֿאַרבונדן מיט די מלחמה־רייטוועגענער פֿון ישׂראל, שיינט אָנצודייטן, אַז די, וואָס דערפֿילן דאָס נביאישע יהוא־בילד, מוזן האָבן צו טאָן מיט „דעם רייטוואָגן פֿון די כּרובים" — און זיי זיינען פֿאַקטיש דערמיט פֿאַרבונדן — (דברי הימים א כח: יח), וואָס שילדערט דעם קאָלאָסאַלן רייטוואָגן פֿון יהוהס אָרגאַניזאַציע, וועגן וואָס דער נביא יחזקאל האָט געהאַט אַ זעונג, און וואָס דער יחזקאל־קלאַס פֿאַרשטייט, אַז דאָס שילדערט יהוהס גרויסע אָרגאַניזאַציע. (יחזקאל א; י) „די רייטוועגן פֿון גאָט זיינען צוואַנציק טויזנט, אַפֿילו טויזנטער מלאָכים; גאָט איז צווישן זיי ווי אויפֿן סיני אין הייליקייט." (תּהלים סח: יז) „די שילדן פֿון זיינע גבורים זיינען געפֿאַרבט אין רויט, די העלדישע קריגס־לייט זיינען אין פּורפּור געקליידט; די רייטוועגענער זיינען ווי פֿלאַמענדיקע פֿאַקלען אין דעם טאָג פֿון זיין צוגרייט, און די ציפּרעסן ציטערן שרעקלעך." (נחום ב: ג) „צאָרנט דער האַר אויף די טייכן? איז דיין גרימצאָרן קעגן די טייכן? איז דיין כּעס קעגן דעם ים, אַז דו רייטסט אויף דיינע פֿערד און אויף דיינע רייטוועגענער פֿון ישועה?" (חבקוק ג: ח) „וואָס באַלקנט מיט וואַסער זיין אויבערקאַמער, וואָס מאַכט וואָלקנס פֿאַר זיין רייטוואָגן, וואָס גייט אויף די פֿליגלען פֿונם ווינט." — תּהלים קד: ג.

יהוהס וואָרט איז שייכות מיטן הויז פֿון אַחאָבן און איזבלן איז פֿולשטענדיק גערעכטפֿאַרטיקט געוואָרן דורך דער פֿאַרניכ־טונג פֿון יענעם הויז. אין דער געהעריקער צייט וועט יהוה גאָט אינגאַנצן רעכטפֿאַרטיקן זיין נאָמען און זיין וואָרט אין שייכות מיטן שׂטן און זיין אָרגאַניזאַציע דורך זייער פֿולער און ענד־גילטיקער פֿאַרניכטונג. יהוא האָט גוט דורכגעפֿירט זיין עובדא אין שייכות מיטן הויז פֿון אַחאָבן און איזבלן; אָבער ער איז

נאָך ניט פאַרטיק געווען מיט דער דורכפירונג פון זיין היינריכ־טונג־אַרבעט, צו וועלכער ער איז געווען אויסדריקלעך באַאויפ־טראָגט. עס איז געווען פאַר אים נאָך עפּעס מער צו טאָן.

## דער אייפער פאַר יהוה

יהוּא האָט געהאַט אַ סך אייפער פאַר יהוה, און דאָס איז די אַנדערע סיבה, פאַרוואָס ער האָט אילוסטרירט משיחן, דעם קעניגלעכן שאַרפריכטער. בנוגע דעם האַר ישוע שטייט גע־שריבן: „דער אייפער פון דיין הויז האָט מיך פאַרצערט; און די לעסטערונגען פון דיינע לעסטערער זיינען געפאַלן אויף מיר.” (תהלים סט: ט) דאָס איז דער אייפער, וואָס איז אייגנטימלעך פאַרן קעניגהויז און איז ווילגעפעליק אין יהוהס אויגן. אליהו האָט אַרויסגעוויזן דעמזעלביקן אייפער פאַר יהוה צבאות. נאָכדעם ווי ער האָט פאַרטיליקט די בעל־נביאים, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַהאַלטן אין אַ הייל אויפן באַרג חורב, האָט ער, אַלס ענטפער אויף גאָטס פראַגע, פאַרוואָס ער געפינט זיך דאָרטן, געזאָגט: „איך האָב זייער געאייפערט פאַר יהוה, דעם גאָט פון צבאות.” (מלכים א יט: י) „יהוה איז אַן אייפערדיקער גאָט.” (שמות כ: ה; דברים ה: ט) „וואָרן יהוה, דיין גאָט, איז אַ פאַרברענענדיק פייער, אַן אייפערדיקער גאָט.”— דברים ד: כד.

בנוגע דעם אויפשטעלן אַ גערעכטע הערשאַפט אונטער דעם מלך משיח שטייט געשריבן: „דער אייפער פון יהוה צבאות [דעם האַר פון מלחמה] וועט טאָן דאָס דאָזיקע.” (ישעיה ט: ז) אַט דער אויסדרוק געפינט זיך אויך אין די פאָלגנדיקע פסוקים: „איך בין אייפערדיק איבער אייך מיט אַ געטלעכן אייפער.” (קאָרינטער ב יא: ב) ווען פּוילוס האָט זיך פאַרטיידיקט פאַר די אידן, האָט ער געזאָגט וועגן זיך: „איך בין געלערנט גע־וואָרן לויטן שטרענגן אופן פון דעם געזעץ פון די פאָטערס, און איך בין געווען אייפערדיק פאַר גאָט, ווי איר אַלע זייט עס היינטיקן טאָג.” (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע כב: ג; פיליפער ג: ו; קאָלאָסער ד: יג) דער איבערבלייב פון גאָט, וואָס איז געזאַלבט

צו טאָן זיין ווערק, דאַרף האָבן דעמזעלביקן אייפער פאַר יהוה. „ישוע המשיח ... האָט זיך אַליין פאַר אונדז אַוועקגעגעבן, כּדי ער זאָל אונדז אויסלייזן פון אַלע אומגערעכטיקייטן און פאַר זיך ריינ̇יקן אַן אויסדערוויילט פאָלק, אייפערדיק אין גוטע ווערק.״ (טיטוס ב: יג, יד) די ווערטער „אייפער״ און „אייפער־דיק״ אין די אויבנדערמאָנטע פסוקים באַדייטן אַ שטאַרקע, אייזערנע אַנטשלאָסנקייט דורכצופירן דעם גערעכטן ווילן פונם האַר; אַן אומבאַזיגבאַרע אַנטשיידנקייט אויסצופירן דאָס, וואָס איז אויפגעטראָגן פון דעם האַר צו טאָן. זיי פאָלגן גאָט מער איידער מענטשן.

יהוא פלעגט פאָרן אין זיין רייטוואָגן „שטורעמדיק״ אָדער „ווי אַ צערייצטער״ און מיט אַן אומבאַזיגבאַרער און אייזער־נער אַנטשיידנקייט ניט צו לאָזן קיין שום זאַך אים אויפהאַלטן ביי דער דורכפירונג פון זיין אויפגאַבע, מיט וועלכער ער איז באַאויפטראָגט געוואָרן. אין דער זעלביקער שעה, ווען ער האָט געקראָגן זיינע אָנווייזונגען, האָט ער און זיין מיליטער־שטאַב, אָנגעהויבן דורכצופירן דעם אויפטראָג. ווען דעם קעניגס שלו־חים האָבן זיך דערנענטערט צו אים און האָבן אים געפרעגט, פאַרוואָס ער יאָגט אַזוי, האָט ער זיי געענטפערט: ‚מאַכט מיין וועג פריי און שטעלט זיך פון הינטן! איך האָב ניט קיין צייט צו פאַרלירן מיט אייך.‘ פונקט אַזוי איז געווען, ווען ישוע המשיח האָט באַקומען דעם באַפעל פון יהוה אַרויסצוגיין און צו רעגירן אין דער סאַמע מיט פון די שונאים, האָט ער אָנגעהויבן די „מלחמה אין הימל״ און פאַריאָגט פון דאָרטן דעם שׂטן און שׂטנס מלאָכים און זיי אַראָפּגעשליידערט אויף דער ערד. די הייליקע שריפט באַווייזט, אַז אַזוי שנעל ווי דאָס עדות־זאָגן, וואָס ווערט איצט דורכגעפירט, וועט זיין פאַרענדיקט לויט דעם ווילן פון יהוה, וועט ישוע זיך אַ נעם טאָן, ניט אָפּלייגנדיק און ניט דערלויבנדיק קיין זאַך אים צו שטערן, דורכצופירן די הינריכטונג פון דעם שׂונא. — תהלים קי: א־ו; אַנטפּלעקונג יא: יז־יט; יב: ז־יב; מתתיה כד: יד, כא, כב; תהלים מה: ג, ד.

די גלידער פוּן „משיחס קערפּער" אָדער קערפּערשאַפט, אַריינרעכענדיק דעם איבּעררעשט אָדער איבּערבּלייבּ, וואָס געפינט זיך איצט אויף דער ערד, דאַרפן האָבּן דעם זעלבּיקן אייפער פאַר גאָט, ווי יהוא האָט אַרויסגעוויזן. צוּ זען און ריכטיק אָפּצוּשאַצן דעם פאַקט, אַז דאָס קעניגרייך איז דאָ, בּאַדייט, אַז דער איבּערבּלייבּ מוּז זיין פלייסיק אין דוּרכפירן זייער געטלעכע עוּבדא, בּיז יעדע שפּוּר פוּן דעם שׂוֹנאס אָרגאַניזאַציע וועט פאַרשווינדן. (ישעיה ו: ט־יב) יהוה האָט געבּאָטן, אַז דאָס עדות־זאָגן מוּז פאַרענדיקט ווערן, איידער די שחיטה הייבּט זיך אָן, און דער איבּעררעשט אָדער איבּערבּלייבּ איז אייפערדיק דאָס צוּ טאָן און איז פעסט אַנטשלאָסן, אַז מיט גאָטס חסד וועט קיין זאַך זיי ניט אָפּהאַלטן צוּ טאָן דאָס געטריי: „איך האָבּ בּאַרעכנט מיינע וועגן, און געקערט מיינע פיס צוּ דיינע צייגנישן. איך האָבּ זיך געאיילט און ניט געזאַמט צוּ היטן דיינע מצוות . . . מיך האָט פאַרצערט מיין אייפער, וויל מיינע שׂוֹנאים האָבּן פאַרגעסן דיינע ווערטער." — תהלים קיט: נט, ס, קלט.

דער איבּערבּלייבּ, טוּענדיק דאָס דאָזיקע ווערק אין נאָמען פוּן יהוה צבאוֹת, מוּז זיך זייער איילן, און וויל זיי טוּען אַזוי, רוּפן אַ סך מענטשן זיי אָן, די משוּגענע. אָבּער עס מאַכט ניט אויס, וואָס דער שׂוֹנא זאָגט; זיי טוּען דאָס מיט פרייד. ווען דוד איז אַרויס צוּ קעמפן אין גאָטס חיל, האָט ער געזאָגט: „דעם קעניגס עוּבדא פאָדערט שנעלקייט." (שמוּאל א כא: ט) ווען גאָטס געזאַלבּטע זעען און שאַצן ריכטיק אָפּ די פאַקטן, אַז דאָס קעניגרייך איז דאָ, זעען זיי אויך, אַז עס איז צייט זיך צוּצוּאיילן צוּ דערפילן אין אויסצוּפאָלגן גאָטס געבּאָט. זיי בּאַמיען זיך צוּ דערפילן זייער בּאַרוּפוּנג און זייער אויסדערווילוּנג. (פּעטרוּס בּ א: י) זיי זיינען איבּערגעגעבּן דעם האַרס דינסט מיט אַן אייפער, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש בּלויז פאַר יהוּהס הויז. „אין יענעם טאָג וועט מען זאָגן צוּ ירוּשלים: שרעק זיך ניט! ציוֹן, לאָז דיינע הענט ניט ווערן נאַכלעסיק". — צפניה ג: טז.

## יונדב

א מאן מיטן נאָמען חמת איז געווען דער פאָטער פון דעם הויז פון רכב, וועלכער איז געווען א קיני. (דברי הימים א ב: נה) די קינים האָבן געוווינט אין דעם מדבר צווישן דעם דרומדיקן טייל פון כנען און די בערג פון סיני. זיי זיינען געווען פאַרוואַנדט מיט די מדינים. ווען פרעה האָט געוואָלט דער־הרגנען משהן, איז דעמאָלט דער יונגער משה אַנטלאָפן אינם לאַנד פון די מדינים, און דאָרטן האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון יתרו, דעם קיני. (שמות ב: טו - כא) די קינים האָבן אַרויסגעוויזן א סך גוטסקייט צו משהן, בשעת ער איז געווען אין צרות, און די דאָזיקע גוטסקייט האָט משה קיינמאָל ניט פאַרגעסן. בעת די ישׂראלים אונטער משהס פירערשאַפט האָבן געוואַנדערט פון מצרים קיין כנען, זיינען זיי געקומען צום לאַנד פון די קינים, און משה האָט געזאָגט צו די קינים: „מיר וואַנדערן צו דעם אָרט, מכּח וועלכן גאָט האָט געזאָגט: איך וועל דאָס אייך געבן. קום דו מיט אונדז, און מיר וועלן דיר טאָן גוטס.״ (במדבר י: כט) פון די דאָזיקע קינים האָט געשטאַמט רכב. רכב איז געווען דער שטאַמפאָטער פון יהונדב, וועלכער איז געווען דער אמתער גרינדער פון דעם וואַנדער־שבט פון רכבים. אין דער הייליקער שריפט ווערט זיין נאָמען דערמאָנט אַלס „יהונדב״ און אַלס „יונדב״, און אין די פאָלגנ־דיקע זייטן וועט דער דאָזיקער מענטש ווערן אָנגערופן „יונדב״.

„ער און זיין פאָלק האָבן די גאַנצע צייט געדינט יהוה, זיי זיי זיינען געווען גע׳מל׳ט, הגם זיי פלעגן ניט באַטראַכט ווערן אַלס אָנגעהעריקע פון ישׂראל, און אפשר דערפאַר האָבן זיי זיך ניט באַטראַכט געבונדן פון משהס געזעצן און ריטואַלן. דער בעל־דינסט איז פאַר זיי געווען אָפשיילעך. יונדב האָט איינגעפירט א רעפאָרמאַציע און האָט אַרויפגעצוווּנגען א שטרענגערע אָפּהיטונג פונם אַלטן אַראַבישן לעבן ווי ווען ניט איז פריער. זיי האָבן ניט געטאָרט טרינקען קיין וויין, ניט בויען קיין הייזער, ניט פאַרזייען זריעה, ניט פלאַנצן אָדער האָבן וויינ־גערטנער. זייער גאַנץ לעבן האָבן זיי געזאָלט לעבן אין געצעלטן.

(ירמיהו לג: ו, ז) דאָס האָט געזאָלט זיין דער תּנאי, דורך וועלכן זיי האָבן געקאָנט אָנהאַלטן אַן אויסגעשפּראָכן שבטים־לעבן. אין משך פון צוויי און האַלב יאָרהונדערטער האָבן זיי זיך געטריי געהאַלטן ביי דער דאָזיקן פאַראָרדענונג. נבוכדנצרס אַריינדרינגען אין יהודה אין יאָר 607 פ. ק., האָט פאַרטריבן די רכבים פון זייערע געצעלטן קיין ירושלים, ווו זיי האָבן באַוויזן זייער שטאַנדהאַפטיקייט קעגן נסיונות. און זיי זיינען דערפאַר געבענטשט געוואָרן." — אינטערנאַציאָנאַלער ביבל־ווערטערבוך (ענגליש), זייט 550 — „רכב".

יהוא איז אָנגעגאַנגען מיט זיין אויספירן דעם פּסק־דין און האָט פאַרטיליקט די מלכים און די זין פון אחאָבן און אַנדערע, און ווען ער האָט פאַרענדיקט מיט אחזיהוס צוויי און פערציק אָנהענגער, האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט יונדבן. יהוא האָט געפרעגט יונדבן: האַלטסטו מיט מיר אָדער ניט? — ביז דעמאָלט האָט שוין יונדב געהאַט געהערט, וואָס יהוא האָט געטאָן, אָדער אפשר האָט יהוא אים געזאָגט, אַז ער פאַרניכט דאָס בעל־דינסט אין ישראל; אַנדערש וואָלט יונדב ניט פאַרשטאַנען די פראַגע, וואָס יהוא האָט אים געשטעלט: „און ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען פון דאָרטן, האָט ער אָנגעטראָפן יהונדבן, דעם זון פון רכבן, וואָס איז געגאַנגען אים אַנטקעגן; און ער האָט אים באַגריסט און אים געזאָגט: איז דיין האַרץ אויפריכטיק, ווי מיין האַרץ איז צו דיין האַרץ? און יהונדב האָט געענטפערט: עס איז. — אויב יאָ, גיב מיר דיין האַנט. און ער האָט אים געגעבן זיין האַנט, און ער האָט אים אַרויפגענומען צו זיך אין רייטוואָגן." (מלכים ב י: טו) ס'איז קלאָר, אַז יהוה האָט געלאָזט יונדבן דערשיינען אין דעם דאָזיקן בילד צוליב אַ גוטן צוועק. און דער דאָזיקער צוועק, ווען מען דערווייסט זיך וועגן אים, איז אַ דערמוטיקונג און אַ טרייסט פאַר די געטרייע. עס ווערט ניט דערמאָנט אין דער שריפט, אַז יונדב האָט מיטגעהאָלפן אין דער דאָזיקער פאַרטיליקונג־אַרבעט. טאָ וואָס האָט יונדב מיט זיך פאָרגעשטעלט אין דעם דאָזיקן בילד?

יונדב האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אָדער סימבאָליזירט דעם

קלאַס פון גוטגעזינטע מענטשן, וואָס געפינען זיך איצט אויף דער ערד אין דער צייט, ווען די יהוא־אַרבעט ווערט געטאָן, וואָס זיינען ניט אין איינקלאַנג מיט דעם שטנס אָרגאַניזאַציע און נעמען זיך אָן פאַר גערעכטיקייט. זיי זיינען די, וועמען דער האַר, אויב זיי וועלן בלייבן געהאָרכזאַם און געטריי, וועט פאַרהיטן אין דער צייט פון הר־מגדון און העלפן איבער־לעבן די צרות, און וועמען ער וועט באַשענקען מיט אייביקן לעבן אויף דער ערד. זיי שטעלן מיט זיך פאָר דעם קלאַס פון „שאָף". זיי סימפּאַטיזירן מיט גאָטס געזאַלבטן פאָלק, ווייל זיי ווייסן, אַז דעם האַרס געזאַלבטע טוען גאָטס ווערק. (מתתיה כה: לב־מ) אַלס אַ באַקרעפטיקונג פון דעם אויספיר ווערט דאָס פאָלגנדיקע פאָרגעלייגט:

דער נאָמען „יונדב" באַדייט (לויט סטראָנגס קאָנקאָרדאַנץ) „יהוהס גרויסהאַרציקייט", דאָס מיינט, פרייגעביקייט, גרויס־מוטיקייט און ווילטעטיקייט. לויט אַן אַנדער אויטאָריטעט באַדייט דער נאָמען „יהוה איז ווילטעטיק". זיין נאָמען דייט דעריבער אָן, אַז יונדב שילדערט מיט זיך דעם קלאַס, צו וועמען יהוה איז זייער גרויסמוטיק. די רכבים האָבן שטרענג אָפּגעהיט, וואָס זיי האָבן געגלויבט איז גערעכט, לויט דעם ווי מען האָט זיי געלערנט. די הייליקע שריפט באַווייזט, אַז יונדב איז גע־גאַנגען אויפן וועג פון ערלעכקייט און עניוות, אַז ער האָט געטאָן דאָס, וואָס ער האָט געגלויבט איז גערעכט, אַז ער האָט געלערנט זיינע קינדער גערעכטיקייט, און אַז זיי זיינען געגאַנ־גען אויפן זעלביקן וועג. יונדבס אָפּשטאַמער האָבן געקראָגן אַ געבאָט פון אַ מענטשן, אָבער ניט פון יהוה, אַז זיי טאָרן קיינמאָל ניט טרינקען קיין וויין, אַז זיי טאָרן ניט בויען קיין היי־זער, און אַז זיי מוזן וווינען אין געצעלטן. דאָס מיינט, אַז זיי האָבן געמוזט פירן אַ פּראָסט לעבן פון זעלבסט־פאַרלייקענונג. זייער געטריישאַפט, וואָס איז באַשטאַנען אין זייער טאָן, ווי מען האָט זיי געלערנט, ווייל זיי האָבן דאָס אָנגענומען פאַר ריכטיק, האָט דער האַר באַנוצט אַלס אַ פאַרגלייך מיט די אומגעטרייע פון ישראל, וואָס האָבן פאַרפעלט צו טאָן, וואָס

ער האָט זיי געבאָטן. גאָט האָט געבאָטן די ישׂראלים, אַז זיי זאָלן ניט עסן פֿון דעם טייוולס טיש, וואָס באַדייט, אַז זיי זאָלן גאָרניט האָבן צו טאָן מיטן טייוול־דינסט; אָבער די ישׂראלים האָבן פֿאַראַכט דעם דאָזיקן געבאָט און האָבן זיך אָפּגעקערט צו דינען בעלן אָדער דעם טייוול. ביי היינטיקן טאָג איז עס דאָס אַזוי גערופֿענע „אָרגאַניזירטע קריסטנטום”, ווו די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע און אירע פּריסטער זיינען די פֿירער, וואָס פֿאַראַכט אינגאַנצן די געבאָט פֿון דעם האר און פֿרובירט צו עסן און צו טרינקען גלייכצייטיק פֿון דעם הארס טיש, בעת זיי נעמען אָנטייל אויך ביים טייוולס טיש, דורך דעם, וואָס זיי מאַכן זייער אָרגאַניזאַציע פֿאַר אַ טייל פֿון דעם שׂטנס וועלט. „איר קענט ניט טרינקען דעם כּוס פֿון דעם האַר און דעם כּוס פֿון שדים; איר קענט ניט זיין קיין אָנטיילנעמער אין דעם האַרס טיש און אין דעם טיש פֿון טייוואָלים.” (קאָרינטער א י: כא) יהוה האָט פֿיינט היפּאָקריטן.

די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע, די אָפּיציעלע און רעגירנדיקע קערפּערשאַפֿט, וואָס הערשט איבער די רעליגיאָניסטן אָדער פֿרומאַקעס פֿון דער וועלט, און די אַזויגערופֿענע „פּראָטעסטאַנטישע” אָרגאַניזאַציעס זיינען איצט פֿאַרבונדן צווישן זיך, און צוזאַמען פֿאָרמירן זיי וואָס ווערט אָנגערופֿן „דאָס אָרגאַניזירטע קריסטנטום”. דאָס וואָס ווערט דאָ געזאָגט וועגן דער הערארכיע און די גלחים אָדער דער רעגירנדיקער רעליגיעזער קערפּערשאַפֿט, באַציט זיך ניט צו אויפֿריכטיקע קאַטאָליקן און אויפֿריכטיקע פּראָטעסטאַנטן. עס זיינען פֿאַראַן מיליאָנען קאַטאָליקן, וואָס ווערן באַטראַכט אַלס מיטגלידער פֿון דער קאַטוילישער קירך; אָבער זיי זיינען דאָס ניט; אַפֿילו די הערארכיע באַצייכנט זיי אַלס די „קאַטוילישע באַפֿעלקערונג”. מען טאָר פֿון קיין מענטשן ניט חוזק מאַכן, ווייל ער איז אַ קאַטאָליק. אויפֿריכטיקע קאַטאָליקן ווילן וויסן דעם אמת, און דאָס, וואָס ווערט דאָ געזאָגט בדרך קריטיק, ווערט געטאָן מיטן צוועק צו העלפֿן ערלעכע מענטשן צו זען, ווי אַזוי עטלעכע מענטשן האָבן אַראָפּגעפֿירט פֿון וועג און באַטראָגן מיליאָנען

אויפריכטיקע פערזאָנען. די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע, די רעגירנדיקע קערפערשאַפט, צוזאַמען מיט דעם קלערוס פון אַנדערע רעליגיעס, באַהויפטן, אַז זיי זיינען די פאָרשטייער פון גאָט און אַז זיי איז איבערגעגעבֿן געוואָרן דאָס רעכט באַקאַנט־צומאַכֿן זיין וואָרט. זיי באַהויפטן, אַז זיי זיינען קריסטן; דעריבער זיינען זיי אין אַן ניט־בפֿרושן בונד צו טאָן דעם ווילן פון גאָט. פאַרקערט, זיי האָבֿן ניט אויסגעפאָלגט גאָטס געבאָט, נייערט זיי זיינען נאָכגעגאַנגען זייערע אייגענע זעלבסט־זיכטיקע פאַרלאַנגען. די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע, די דאָזיקע רעגירנדיקע רעליגיעז־פאָליטישע קערפערשאַפט, האָט פאַרפירט און באַטראָגן מיליאָנען ערלעכע מענטשן.

אַ סך פון די דאָזיקע מענטשן פון גוטן ווילן האָבֿן אונטער־שטיצט די קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע, הן פינאַנציעל און הן מאָראַליש, ווי אויך אויף פאַרשיידענע אַנדערע אופנים; אָבער די דאָזיקע ערלעכע מענטשן פון גוטן ווילן האָבֿן גאָרניט גוט־געהייסן די צביעות אָדער פאַרשטעלטקייט, מיט וואָס די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס באַנוצן זיך. אַ סך אַנדערע פערזאָנען פון גוטן ווילן, דרויסן פון די אָרגאַניזאַציעס, וואָס מען רופט „דאָס אָרגאַניזירטע קריסטנטום", האָבֿן פאַרלאַנגט צו טאָן דאָס גערעכטע, און האָבֿן נאָך אַלץ דעם זעלביקן פאַרלאַנג, און זיי ווילן קענען און דינען יהוה גאָט. די צייט מוז קומען, ווען די דאָזיקע מענטשן פון גוטן ווילן צו גאָט, וועלן קריגן די מעג־לעכקייט צו הערן און צו וויסן דעם אמת; און די דאָזיקע צייט איז איצט געקומען. דער היפאָקריטישער קלאַס, וואָס ווערט באַצייכֿנט אַלס „דאָס אָרגאַניזירטע קריסטנטום", האָט געהאַט אַ נביאיש ביישפיל אין די אומטרייע ישראלים, וואָס האָבֿן באַהויפּט צו זיין גאָטס פאָלק; און דאָך האָבֿן זיי ניט געוואָלט האָרכן גאָט און האָבֿן זיך אָפגעקערט פון דינען גאָט צום בעלן אָדער דעם טייוולדינסט. די פערזאָנען פון גוטן ווילן, וואָס געפינען זיך איצט אויף דער ערד, האָבֿן געהאַט אַ ביישפיל אין יענע, וואָס האָבֿן געהערט צום הויז פון יונדב. נאָך די דאָ־זיקע באַטראַכטונגען לאָז מען איצט אונטערזוכֿן די הייליקע



זייט 81 — יונדב באַגריסט יהואם רייטוואָגן

שריפט און זען, ווי אזוי די אומטרייע ישׂראלים זיינען געשטאַ־
נען פאַר גאָט, און פאַרגליכן זיי מיט דער שטעלונג פון דעם
הויז פון יוֹנדב.

יהוה האָט גורם געווען, אז ירמיה הנביה זאָל זאָגן נביאות,
אין וועלכע די אומגעטרייע ישׂראלים ווערן געשטעלט אין אַ
שאַרפן קעגנזאַץ צו די יהוֹנדבים, און דאָס דאָזיקע נביאות זאָגט
פאָרויס, אז יהוה וועט פאַרוואַרפן דאָס אזוי גערופענע „אָרגאַ־
ניזירטע קריסטנטום", און הויפּטזאַכלעך זיינע היפּאָקריטישע
פירער, און אַז ער וועט אויסשפּרייטן זיין חסד און ברכה אויף
די מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס שטעלן זיך אויף דער זייט
פון גערעכטיקייט און וואָס זיינען פאָרויסגעוויזן געוואָרן דורך
דעם הויז פון יוֹנדב. אָט דאָס נביאות פאָלגט: „דאָס וואָרט,
וואָס איז געווען צו ירמיהון פון יהוה אין די טעג פון יהוֹיקים,
דעם זון פון יאשיהון, דעם מלך פון יהודה, אזוי צו זאָגן: גיי
צו דעם הויז פון די רכבים, און רעד צו זיי, און ברענג זיי
אין הויז פון גאָט, אין איינעם פון די קאַמערן, און גיב זיי
וויין צו טרינקען." — ירמיה לה: א, ב.

דער דאָזיקער טייל פון דער נבואה דייט אָן, ווי אזוי גאָט
עפנט דעם וועג פאַר די גוטוויליקע מענטשן, וואָס געפינען זיך
איצט אויף דער ערד, צו ווערן געבראַכט אין זיין הויז אָדער
אָרגאַניזאַציע און צו באַקומען זיינע ברכות. אַ סך מענטשן
פון גוטן ווילן זעט מען איצט אַריינקומען אין יהוהס אָרגאַני־
זאַציע, אזוי ווי די דאָזיקע נבואה דייט אָן: „דאַן האָב איך
גענומען יאַזניה, דעם זון פון ירמיהון, דעם זון פון חבצניהן,
און זיינע ברידער און אַלע זיינע זין, און דאָס גאַנצע הויז פון
די רכבים. און איך האָב זיי געבראַכט אין הויז פון יהוה, אין
דעם קאַמער פון די זין פון חננען, דעם זון פון יגדליהון, דעם
מאַן פון גאָט, וואָס איז געווען לעבן דעם קאַמער פון די פירשטן,
וואָס איז געווען איבער דעם קאַמער פון מעשיהון, דעם זון
פון שלומען, דעם טירהיטער. און איך האָב געשטעלט פאַר די
זין פון דעם הויז פון די רכבים קריגלעך פול מיט וויין און
בעכער, און איך האָב צו זיי געזאָגט: טרינקט וויין! אָבער

זיי האָבן געזאָגט: מיר וועלן ניט טרינקען קיין ווייַן; וואָרן יהונדב, דער זון פון רכבן, אונדזער פאָטער, האָט אונדז באַ־פוילן און געזאָגט: איר זאָלט ניט טרינקען קיין וויין, ניט איר, און ניט אייערע זין ביז אייביק.״ — ירמיה לה: ג־ו.

באַמערקט, אַז די רכבים האָבן ניט געוואָלט טרינקען וויין, וואָס מען האָט פאַר זיי געגרייט, באַווייזנדיק דערמיט זייער אַנטשלאָסנקייט צו זיין געטריי צו דעם, וואָס זיי האָבן צוגע־זאָגט. זיי זיינען געוועזן אַנטשלאָסן צו האַלטן זייער וואָרט, וואָס זיי האָבן צוגעזאָגט. די נבואה שילדערט ווייטער, ווי די רכבים האָבן געזאָגט, לויט ווי עס האָט זיי געלערנט יונדב, דער גרינדער פון דעם דאָזיקן הויז: „איר זאָלט ניט בויען קיין הויז, און קיין זאָמען זאָלט איר ניט זייען, און קיין וויינגאָרטן זאָלט איר ניט פלאַנצן, און ניט האָבן; נייערט אַלע אייערע טעג זאָלט איר לעבן אין געצעלטן; כדי איר זאָלט קענען לעבן פיל טעג אין דעם לאַנד, וווּ איר זייט פרעמדע. אַזוינאָך האָבן מיר געהאָרכט דער שטים פון יהונדבן, דעם זון פון רכבן, אונדזער פאָטער, אין אַלץ, וואָס ער האָט אונדז באַפוילן, ניט צו טרינקען קיין וויין אַלע אונדזערע טעג, מיר, אונדזערע ווייַ־בער, אונדזערע זין, אונדזערע טעכטער; און ניט צו בויען קיין הייזער פאַר אונדז צו וווינען; און מיר באַזיצן ניט קיין וויינגאָרטן, קיין פעלד, קיין זאָמען; און מיר האָבן געוווינט אין געצעלטן, און האָבן געהאָרכט און געטאָן אַלץ אַזוי ווי יהונדב, אונדזער פאָטער, האָט אונדז באַפוילן.״ — ירמיה לה: ז־י.

די דאָזיקע רכבים פון דעם הויז פון יונדב האָבן זיך ניט נאָכגעיאָגט נאָך ערדישע רייכטימער, אַזוי ווי הייזער און וויינ־גערטנער. זייער וווינען אין געצעלטן באַווייזט סימבאָליש, אַז זיי זיינען געוועזן דורכוואַנדערנדיקע, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַ בעסערע רעגירונג. דערזעלביקער פאַרלאַנג האָט אָנגע־פילט די הערצער פון אַנדערע געטרייע מענטשן פון די אַלטע צייטן, וואָס האָבן מיט פיל גלויבן דערוואַרט אַ בעסערע רעגי־רונג, נעמלעך, די גערעכטע רעגירונג פון גאָט אונטער ישוע

המשיחן, און וואָס ווערט סימבאָליזירט דורך אַ שטאָט. (זע עברים יא: יד־טז.) בעת די שטאָט ירושלים איז געווען באַדראָט פון די פּאַראייניקטע אַרמייען פון מזרח, זיינען די יוֹנדבם אַוועק וווינען אין ירושלים. דערמיט האָבן זיי אילוסטרירט אָדער געשילדערט די מענטשן פון גוטן ווילן פון דער איצטיקער צייט, וואָס זוכן אַ מקום מנוחה און אַ זיכערן אָרט אין גאָטס אָרגאַניזאַציע אויף דער ערד.

שפּעטער שטרייכט אונטער דער האר דורך דער נבואה דעם גרויסן אונטערשייד צווישן די צוויי קלאַסן, ווייזנדיק זיין אומצופרידנקייט מיט די בונדברעכער, די ישׂראלים, און זיין וווילגעפעלן מיט יענע מענטשן פון דעם הויז פון רכב, די יוֹנדבם, וואָס האָבן געטריי געהאַלטן זייער בונד צו טאָן, וואָס זיי האָבן צוגעזאָגט. די נבואה זאָגט ווייטער: „און דאָס וואָרט פון יהוה איז געווען צו ירמיהון, אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט יהוה פון צבאוֹת, דער גאָט פון ישׂראל: גיי, און זאָג די מענער פון יהודה, און די איינוווינער פון ירושלים: ווילט איר ניט אַ מוסר אָראָפּנעמען צוצוהערן זיך צו מיינע ווערטער? האָט געזאָגט יהוה. די ווערטער פון יהוֹנדבן, דעם זון פון רכבן, וואָס ער האָט באַפוילן זיינע זין ניט צו טרינקען קיין וויין, זיינען געהאַלטן געוואָרן; וואָרן זיי טרינקען ניט קיין וויין ביז אויפן היינטיקן טאָג, ווייל זיי געהאָרכן זייער פאָטערס געבאָט; און איך האָב גערעדט צו אייך, פרי אויפשטייענדיק און רעדנדיק; אָבער איר האָט דאָך ניט געהערט צו מיר. און איך האָב געשיקט צו אייך אַלע מיינע קנעכט, די נביאים, פון פרי אָן געשיקט, זאָגנדיק: קערט אייך אום איטלעכער פון זיין שלעכטן וועג, און בעסערט אייערע מעשׂים, און גייט ניט נאָך פרעמדע געטער זיי צו דינען, און איר וועט בלייבן וווינען אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב אייך געגעבן און אייערע עלטערן; אָבער איר האָט ניט צוגעניינגט אייער אויער און ניט צוגעהערט צו מיר.״ — ירמיה לה: יב־טו.

די דאָזיקע נבואה וועגן די ישׂראלים שילדערט גענוי דעם דרך, אויף וועלכן עס איז אַוועק דאָס אַזוי גערופענע „אָרגאַני־

זירטע קריסטנטום" אונטער דער פירערשאַפט פון די רעגירנ־
דיקע מאַכטגרופּן, און וואָס איז אַזוי אויגנשיינלעך היינט־צו־
טאָג צווישן די אָרגאַניזאַציעס אויף דער ערד. הויפּטזאַכלעך
דער הערשנדיקער טייל פון דער רוימיש־קאַטוילישער אָרגאַני־
זאַציע, און די גייסטלעכקייט פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבן
געמאַכט אַ סך אָנשטעל, אַז זיי דינען גאָט; אָבער פאַקטיש
האָבן זיי געדינט דעם טייוול, און מיט זייער האַנדלען האָבן
זיי באַטראָגן מיליאָנען מענטשן און זיי געמאַכט גלייבן, אַז
די דאָזיקע הערשנדיקע פאַקטאָרן אָדער גייסטלעכע זיינען דינער
פון גאָט. דער גאַנצער רעגירנדיקער טייל, נעמלעך די רוימיש־
קאַטוילישע העראַרכיע און די פירנדיקע מענטשן, וואָס אונ־
טערשטיצן זייער אָרגאַניזאַציע, און וואָס קאָנטראָלירן און
רעגירן די „קאַטוילישע באַפעלקערונג", זיינען געווען פולשטענ־
דיק אומגעטריי צו גאָט. די ערלעכע, אויפריכטיקע פון דער
„קאַטוילישער באַפעלקערונג", וואָס זיינען פון גוטן ווילן צו
גאָט, זיינען פאָרויסגעוויזן געוואָרן פון די יונדבס.

דאַן לאָזט יהוה זאָגן דעם נביא ירמיה די דאָזיקע ווערטער, וואָס באַציען זיך אויף די מענטשן פון גוטן ווילן: „ווייל די זין פון יהונדבן, דעם זון פון רכבן, האָבן מקים געווען דעם באַפעל פון זייער פאָטער, וואָס ער האָט זיי באַפוילן; און דאָס דאָזיקע פאָלק האָט ניט צוגעהערט צו מיר: דערפאַר האָט אַזוי געזאָגט יהוה, דער גאָט פון צבאות, דער גאָט פון ישראל: זע, איך וועל ברענגען אויף יהודהן און אויף אַלע איינוואוינער פון ירושלים דאָס גאַנצע אומגליק, וואָס איך האָב אָנגעזאָגט אויף זיי; ווייל איך האָב גערעדט צו זיי, און זיי האָבן ניט געהערט; און איך האָב גערופן צו זיי, און זיי האָבן ניט געענט־פערט. און ירמיהו האָט געזאָגט צו דעם הויז פון די רכבים: אַזוי האָט געזאָגט דער גאָט פון צבאות, דער גאָט פון ישראל: ווייל איר האָט געהאָרכט דעם באַפעל פון יהונדבן, אייערן פאָטער, און איר האָט געהיט אַלע זיינע געבאָט, און איר האָט געטאָן אַלץ, ווי ער האָט אייך באַפוילן; דערפאַר, אַזוי האָט געזאָגט יהוה פון צבאות, דער גאָט פון ישראל: עס וועט ניט

פעלן יהוֹנדבן, דעם זון פון רכבן, אַ מאַן צו שטיין פאַר מיר אַלע טעג.״ — ירמיה לה: טז־יט.

אין עטלעכע ביבל־איבערזעצונגען געפינט זיך די זייט־באַמערקונג צו דעם דאָזיקן פסוק: „עס וועט ניט פאַרשניטן ווערן פון יהוֹנדבן, דעם זון פון רכבן, אַ מאַן צו שטיין פאַר מיר אַלע טעג.״ דאָס איז אַ זיכערער צוזאָג פון יהוה צו די מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס זיינען איצט אויף דער ערד און וואָס שטעלן זיך אַנטשיידן אויף דער זייט פונם האַר און בלייבן דאָרטן געטריי, אַז זיי וועלן אין דער באַשטימטער צייט געניסן גרויסע רייכטימער און שטיין פאַר דעם האַר אַלס גוטגעהייסענע אויף אייביק.

משה, וועלכער איז געווען אַ מוסטער פון יהוהס „אויסדערוויילטן קנעכט״ ישוע המשיחן, האָט איינגעלאָדן די קינים, פון וועלכע עס זיינען אַרויס די יוֹנדבס, זאָגנדיק: „קום מיט אונדז, און מיר וועלן דיר טאָן גוטס.״ (במדבר י: כט) מיט דעם איז פאָרויסגעוויזן געוואָרן, ווי אַזוי די גלידער פון דעם „אויסדערוויילטן קנעכט״־קלאַס זאָגן צו די מענטשן פון גוטן ווילן אומגעפער אַזוי: ‚קומט מיט אונדז, און לערנט דערקענען יהוה און ישוע המשיחן, און דינט זיי, און איר וועט ווערן געבענשט מיט גוטס.‘

צוריקקערנדיק זיך איצט צו דער נביאישער דראַמע אָדער דעם פראָפעטישן בילד, אין וועלכן יהוא שפּילט די הויפּטראָלע, און וו עס טרעט אויך אויף יוֹנדב, באַווייזט די הייליקע שריפט ענדגילטיק, אַז יוֹנדב איז געווען קעגן דער טייוול־רעליגיע און קעגן דעם בעליזם. די הייליקע שריפט זאָגט, אַז יהוא „האָט אָנגעטראָפן יוֹנדבן, דעם זון פון רכבן, וואָס איז געגאַנגען אים אַנטקעגן; און ער האָט אים באַגריסט, און ער האָט געזאָגט צו אים: איז דיין האַרץ אויפריכטיק, אַזוי ווי מיין האַרץ איז צו דיין האַרצן? און יהוֹנדב האָט געענטפערט: עס איז. — אויב יאָ, גיב מיר דיין האַנט. — און ער האָט אים אַרויפגענומען צו זיך אויפן רייטוואָגן.״ — מלכים ב י: טו.

יוֹנדב האָט געוווּסט, אַז יהוא האָט דאָ דורכגעפירט די

שליחות, באפוילן פון יהוה, צו פארניכטן די דינער פון טייוול איבערן גאנצן לאנד, און יונדב האט געוווסט, אז דאס איז א גערעכטע ארבעט, און ער איז געווען פולשטענדיק איינשטימיק דערמיט. פונקט אזוי דערקענען ביים היינטיקן טאג די מענטשן פון גוטן ווילן, וואס געפינען אוים וועגן די שליחות, וואס יהוהס עדות טוען איצט לויטן באפעל פון דעם האר, אז דאס איז א גערעכטע ארבעט, און די דאזיקע מענטשן פון גוטן ווילן זיינען פולשטענדיק איינשטימיק מיט דער דאזיקער ארבעט, און זיי ווילן, אז מען זאל וויסן, אז זיי זיינען איינס מיט דער דאזיקער גערעכטער טעטיקייט.

א רייטוואגן שטעלט מיט זיך סימבאליש פאר אדער שילדערט אן ארגאניזאציע; און אזוי ווי יהוא איז געפארן אויף א רייט־וואגן, בעת ער איז געווען פארנומען מיט דער ארבעט פון יהוה, שילדערט זיין רייטוואגן יהוהס ארגאניזאציע אויף דער ערד, דאס מיינט, דעם „געטרייען קנעכט"־קלאס, יהוהס איבערבלייב, וואס האנדלט אלס יהוהס עדות אונטער דער פירערשאפט פון ישוע המשיחן. יהוא האט אנגענומען יונדבס האנט און האט אים געבעטן ארייגצושטייגן אין זיין רייטוואגן, און מיט דעם האט ער געשילדערט דעם האר ישוען, אויסשטרעקנדיק הילף צו די מענטשן פון גוטן ווילן, וואס ווילן זיך פאראייניקן מיט זיין ארגאניזאציע. באמערקט, אז יהוא האט דאס געטאן, נאכ־דעם ווי יונדב האט אויפריכטיק זיך אויסגעדריקט, אז זיין הארץ און זיין זינען איז דאס זעלביקע וואס יהואס, וואס באַ־דייט, אז ער איז געווען פולשטענדיק איינשטימיק מיט יהואן און זיין ארבעט, און אז זיין כונה איז געווען די זעלביקע וואס יהואס, נעמלעך אומאייגננוציק. דורך די דאזיקע האנדלונג האט יונדב ארויסגעוויזן, אז ער האט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון יהוה. דאס באווייזט, אז די, וואס וועלן קריגן די ברכות פון גאט דעם האר, מוזן דערקלערן, אז זיי שטייען אויף דער זייט פון גאט און זיין מלוכה, און זיי מוזן פארנעמען זייער שטעלונג אויף דער זייט פון דער זעבארער ארגאניזאציע פון יהוה אויף דער ערד.

יהוא, געפינענדיק יוֹנדבן אין פוּלן איינקלאַנג אוּן אין פוּל־שטענדיקער איינשטימיקייט מיט אים אוּן מיט זיין טעטיקייט, האָט אָן שוּם צווייפל געזאָגט יוֹנדבן, וואָס ער קלייבט זיך צוּ טאָן: „אוּן ער האָט געזאָגט: קוּם מיט מיר, זע מיין אייפער פאַר יהוה! אוּן מען האָט אים געפירט אין זיין רייטוואָגן.” (מלכים ב׳ י׳: טז) יהוא האָט זיך ניט באַרימט מיט זיין אייפער, נאָר ער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט יוֹנדבן, אָפּצוּהיטן דעם רעכטן דרך פוּן איינעם, וואָס האָט באַשלאָסן צוּ טאָן דעם ווילן פוּן גאָט. אַלצדינג וואָס יהוא האָט געטאָן, האָט ער געטאָן ערנסט אוּן ענטוּזיאַסטיש. זיינע ווערטער באַדייטן, אַז ער איז געווען אַנטשלאָסן דוּרכצוּפירן די אויפגאַבע אוּן די אַרבעט, וואָס יהוה גאָט האָט אים אָנגעוויזן, אוּן אַז ער וועט עס טאָן אין נאָמען אוּן מיטן חסד פוּן דעם האַר. יוֹנדב איז אַוועק מיט יהוּאן אוּן ער האָט אָן שוּם צווייפל אוּנטערשטיצט יהוּאן אין זיין אַרבעט, טוּענדיק, וואָס מען האָט אים געבעטן אָדער וואָס מען האָט אים געהייסן טאָן. יהוא, געבנדיק יוֹנדבן זיין האַנט, האָט דערמיט סימבאָליש געזאָגט: איך וועל נוּצן מיין קראַפט פאַר דיר אוּן איך וועל דיר געבן הילף, שטיצע אוּן דערקוויקוּנג, אוּן איך וועל דיך לערנען דעם ריכטיקן וועג צוּ דינען יהוה גאָט.—פּוּנקט אַזוי רעדט איצט דער האַר צוּ די מענטשן פוּן גוּטן ווילן.

יהוא, באַגלייט פוּן יוֹנדבן, איז אַוועק קיין שוֹמרוֹן, ווּ עס זיינען פאַרניכטעט געוואָרן די איבערגעבליבענע מיטגלידער פוּן אַחאָבס הויז. דאַן האָט יהוא זיך צוּגעגרייט אויסצוּראָטן אַלע פירער פוּן דעם טייוול־דינסט אין גאַנץ ישראל. דער פאַקט וואָס יוֹנדב איז געווען מיט יהוּאן ביי דער דאָזיקער עוּבדא, באַווייזט, אַז ער האָט מיט דעם געזאָגט עדוּת קעגן דעם טייוול אוּן פאַר יהוה. דאָס אילוּסטרירט דאָס אָפענע אוּן מוּטיקע עדוּת־זאָגן פוּן די יהוֹנדבים פאַר דעם נאָמען פוּן יהוה אוּן זיין מלוּכה ביי היינטיקן טאָג. יהוא האָט זיך באַנוּצט מיט סטראַטע־גיע, אַז ער זאָל קענען צוּנויפקלייבן אַלע בעל־פּריסטער אוּן דינער פוּן דעם טייוול אוּן אַזוינאָך זיי אַלעמען פאַרטיליקן:

„און יהוא האָט פאַרזאַמלט דאָס גאַנצע פאָלק, און האָט צו זיי געזאָגט: אַחאָב האָט געדינט בעלן אַביסל, יהוא וועט אים דינען פיל. דערפאַר רופט צו מיר אַצינד אַלע נביאים פון בעלן, אַלע זיינע דינער, און אַלע זיינע כּהנים; קיינער זאָל ניט פעלן; וואָרן איך וויל ברענגען אַ גרויס אָפּפער־שלאַכטונג צו בעלן. יעדער איינער, וואָס וועט פעלן, וועט ניט בלייבן לעבן. און יהוא האָט עס געטאָן מיט ליסט, כּדי אומצוברענגען די דינער פון בעלן. און יהוא האָט געזאָגט: רופט אויס אַ פייערלעכע פאַרזאַמלונג פאַר בעלן! און זיי האָבן עס אויסגערופן. און יהוא האָט געשיקט איבער גאַנץ ישׂראל; און אַלע דינער פון בעלן זיינען געקומען, אַזוי אַז עס איז ניט געבליבן אַ מענטש, וואָס איז ניט געקומען.

„און זיי זיינען אַריינגעגאַנגען אין הויז פון בעלן; און דאָס הויז פון בעלן איז געוואָרן אָנגעפילט פון עק צו עק. און ער האָט געזאָגט צו דעם מאַן, וואָס איז געווען איבער דעם קליי־דער־קאַמער: ברענג אַרויס מלבושים פאַר אַלע דינער פון בעלן! און ער האָט זיי אַרויסגעבראַכט די מלבושים. און יהוא איז אַריינגעגאַנגען מיט יונדבן, דעם זון פון רכבן, אין הויז פון בעלן. און ער האָט געזאָגט צו די דינער פון בעלן: זוכט נאָך און זעט, אַז דאָ זאָל ניט זיין מיט אייך קיין איינער פון די קנעכט פון יהוה, נאָר בלויז בעל־דינער אַליין! און ווען זיי זיינען אַריין צו אָפּפערן שלאַכטאָפּפער און בראַנדאָפּפער, האָט יהוא געשטעלט אַכציק מאַן אין דרויסן, און ער האָט געזאָגט: ווער עס לאָזט אַנטלויפן עמיצן פון די מענטשן, וואָס איך גיב איבער אין אייערע הענט, וועט באַצאָלן מיט זיין לעבן פאַר יענעמס לעבן. און עס איז געשען, ווי מען האָט געענדיקט אָפּפערן דאָס בראַנדאָפּפער, אַזוי האָט יהוא געזאָגט צו די וועכטער און צו די הויפּטלייט: גייט אַריין און דערשלאָגט זיי; קיינער זאָל ניט אַרויס! און זיי האָבן זיי דערשלאָגן מיט דעם שאַרף פון שווערד; און די וועכטער און די הויפּטלייט האָבן זיי אַרויסגעוואָרפן. און זיי זיינען אַוועק צו דעם שטאָטטייל פון בעלס הויז, און זיי האָבן אַרויסגעטראָגן די בילדזיילן פון

בעלס הויז און האָבן זיי פאַרבּרענט. און זיי האָבן צעבּראָכן דאָס געצנבּילד פון בּעלן, און האָבן צעבּראָכן דאָס הויז פון בּעלן, און האָבן עס געמאַכט פאַר אָפּטריטן בּיז אויף היינטיקן טאָג [דעם טאָג, ווען די נבואה איז פאַרצייכנט געוואָרן]. אַזוינאַך האָט יהוא פאַרטיליקט בּעלן פון ישׂראל.״ — מלכים ב׳ י׳: יח־כח.

דער אויפטראָג, וואָס איז יהואן געגעבּן געוואָרן פון גאָט, צו פאַרטיליקן דאָס בּעל־דינסט, באַווייזט, אַז די טייוול־רעליגיע איז אַן אָפּשיילעכקייט אין די אויגן פון יהוה. דאָס באַווייזט, אַז די היפּאָקריטישקייט אין נאָמען פון דעם האַר, ווי זי ווערט באַנוצט פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע און פון אַנדערע רעליגיאָניסטן, איז אַ גרויסע אָפּשיילעכקייט אין די אויגן פון יהוה. ווען יהוא איז אַריין אינעם הויז פון בּעלן, בּאַגלייט פון יוֹנדבן, איז דאָס געווען אַן עדות־זאָגן מצד יוֹנדבן, אַז ער איז געווען קעגן דעם טייוולדינסט און אויף דער זייט פון יהוה. פּונקט אַזוי אין דער איצטיקער צייט, ווען די מענטשן פון גוטן ווילן, ניט געמענדיק אין אַכט זייערע פריערדיקע קאָנפעסיאָנעלע אָנגעהעריקייטן, פאַרבּינדן זיך איצט אָפן מיט יהוהס עדות און העלפן זיי און שטיצן זיי אין זייער אַרבּעט, מאַכן דערמיט די יוֹנדבים, אָדער די מענטשן פון גוטן ווילן באַקאַנט צו די מענטשן, אַז זיי זיינען קעגן דער היפּאָקריטישער אָדער דער טייוול־רעליגיע, ווי דאָס ווערט באַטריבּן דורך דעם אַזוי גערופענעם „אָרגאַניזירטן קריסטנטום״, און אַז זיי זיינען אויף דער זייט פון יהוה און זיין קעניגרייך.

עס זיינען פאַראַן אַנדערע פּסוקים, וואָס באַקרעפטיקן פול־שטענדיק דעם דאָזיקן אויספיר. יהוה און זיין קעניג, ישוע המשיח, גיבּן איצט דעם יוֹנדב־קלאַס געלעגנהייט צו באַווייזן זייער ליבּשאַפט צו דער מלוכה פון גערעכטיקייט, נעמלעך דורך זייער אָנשליסן זיך אָן יהוהס עדות אין פאַרשפּרייטן דאָס צייגניש און אין שטיצן די דאָזיקע אַרבּעט פינאַנציעל, מאָראַליש און אַקטיוו אין דעם צוגרייטן און אין דעם פאַר־עפנטלעכן די בּשׂורה פון דעם קעניגרייך. די דאָזיקע גוטע

בשורה וועגן דער מלוכה מוז איצט אָנגעזאָגט ווערן די מענטשן אין געהאָרכזאַמקייט צו די געבאָט פון דעם האַר, און עס איז די פּריווילעגיע און די פליכט פון דעם יונדב־קלאַס אָנטייל צו נעמען אין איבערברענגען די דאָזיקע הערלעכע בשורה.

יהוא האָט אויפגעפאָדערט די דינער פון בעלן אָדער דעם טייוול, אַז זיי זאָלן דייטלעך געבן צו דערקענען, ווער זיי זיינען; און דאָס האָבן זיי געטאָן דורך דעם, וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן געוויסע מלבושים. אַ קלייד אָדער אַ מלבוש איז אַ סימבאָל פאַר אידענטיפיקאַציע. כדי צו באַוועגן יענע מענטשן צו באַווייזן זייערע אָנגעהעריקייט, האָט יהוא געזאָגט: „ברענג אַרויס מלבושים פאַר אַלע דינער פון בעלן״; און אַלע אַנדערע זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דעם בעל־טעמפל. דאָס דריקט אויס סימבאָליש, אַז עס מוז זיין אַ פאַנאַנדערטיילונג צווישן די מענטשן, כדי יעדער איינער זאָל קאָנען ווערן דערקענט, צי ער איז אויף איין זייט אָדער אויף דער צווייטער, דאָס הייסט, אָדער אויף דער זייט פון טייוול אָדער אויף דער זייט פון יהוה גאָט און זיין קעניגרייך. יהוהס דינער איז איצט באַפוילן געוואָרן צו פאַרעפנטלעכן דעם אמת און אויפצופאָדערן אַלע, וואָס זיינען קעגן דער מלוכה־בשורה, אַז זיי זאָלן אָנטאָן די קליידער אָדער מלבושים, און אַזוי זיך געבן צו דערקענען, און דערמיט זיך צו דערקלערן קעגן גאָטס קעניגרייך. די מענטשן, וואָס שליסן זיך אָן אין די געזאַלבטע פון האַר, עדות צו זאָגן פאַר זיין נאָמען, באַווייזן, ווו זיי שטייען דורך זייער אָפּטיילן זיך פון די היפּאָקריטישע רעליגיאָניסטן. ווען אליהו האָט ביי אַ געוויסער געלעגנהייט געצוווּנגען די טייוולדינער, זיך דערקענען צו געבן, האָט ער געזאָגט: ‚אויב יהוה איז דער אַלמעכטיקער גאָט, גייט נאָך אים; אויב דער טייוול איז אייער גאָט, גייט נאָך אים!׳ (מלכים א יח: כא) דאָס איז אין איינקלאַנג מיט דעם, וואָס יהוא האָט געטאָן, און באַווייזט, אַז אין דער איצטיקער צייט שאַפט גאָט אַזעלכע צושטאַנדען, וואָס פאַראורזאַכן, אַז די מענטשן זאָלן נעמען זייער שטעלונג אָדער אויף דער זייט פונם טייוול, אָדער אויף דער זייט פון

דעם האַר, און אַזוינאָך זיך געבן צו דערקענען. אין דער הייליקער שריפט זיינען פאַראַן זייער אַ סך נביאישע בילדער, וואָס לאָזן זען אַ פאַנאַנדערטיילונג פון מענטשן; און אין יעדן פאַל לאָזט גאָט ברענגען דערקענטניש צו דער אויפמערקזאַמקייט פון די מענטשן, געבנדיק דערמיט זיי אַ מעגלעכקייט פרייוויליק צו אַנטשיידן, וועמען זיי ווילן דינען.

זאָל עס קלאָר פאַרשטאַנען ווערן, אַז יהוה גאָט פרובירט ניט מציל צו זיין מענטשן. ער האָט ניט געהייסן קיין שום געזעלשאַפט אָדער מענטשן אויף דער ערד זיך צו באַמיען מציל צו זיין מענטשן. גאָט פרובירט ניט צו טאָן קיין שום זאַך, נאָר ער פירט אויס זיין באַשלוס לויט זיין ווילן. יהוה האָט צוגעגרייט אומענדלעכע ברכות פון רייכטום פאַר די, וואָס דינען אים, און ער לאָזט ברענגען דערקענטניש פון זיין אמת צו דער אויפמערקזאַמקייט פון מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך פרייוויליק אַנטשיידן, צי זיי וועלן דינען גאָט און באַקומען זיינע ברכות, אָדער צי זיי וועלן דינען זעלבסטזיכטיקע מענטשן, וואָס ווערן באַהערשט און קאָנטראָלירט פון דעם טייוול. בלויז יענע מענטשן באַקומען די ברכות פונעם האַר, וואָס ווייזן אַרויס זייער גלויבן אין גאָט און אין ישוע המשיחן אַלס דעם דערלייזער פון דער מענטשהייט און וואָס ווייזן אַרויס זייער געטריישאַפט, דערמיט וואָס זיי מאַכן אָפן באַקאַנט דעם דאָזיקן פאַקט צו אַנדערע . אַזעלכע מענטשן מאַכט עס גליקלעך צו דערקלערן דעם אמת פון גאָטס וואָרט און זיין קעניגרייך צו אַנדערע. צו דעם דאָזיקן צוועק שיקט גאָט דעם אמת צו די מענטשן; און דאָס טוט ער דורך אַרויסשיקן זיינע עדות איבערן לאַנד צו דערקלערן זיין נאָמען און זיין קעניגרייך, און דורך דעם גיט ער די מענטשן פון גוטן ווילן אַ מעגלעכקייט און די פּריווילעגיע, זיך אַנצושליסן אין זיינע געזאַלבטע, געטרייע עדות און צו דערקלערן זיין בשורה פון אמת צו אַנדערע, אַז זיי זאָלן קאָנען פאַרנונפטיק האַנדלען און אויסוויילן, וועמען זיי ווילן דינען. די נביאישע דראַמע פון יהוא און יונדבן שילדערט דעריבער קלאָר די מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס זיינען איצט

אויף דער ערד, ווי זיי שטעלן זיך אויף דער זייט פון גאָט און זיין קעניגרייך און ווי זיי דינען צוזאַמען מיט יהוהס עדות, מאַכנדיק באַקאַנט די דאָזיקע אמתן צו די מענטשן.

### „צייכן אין די שטערנס"

עס האָט יהוה געפעלן צו געבן צו דערקענען אויך דורך אַנדערע נביאים, ווער און ווו עס זיינען די מענטשן פון גוטן ווילן איצט אויף דער ערד. יהוהס אומזעבאַרע אָרגאַניזאַציע, וואָס געפינט זיך אין הימל, און די פּערזאָנען אויף דער ערד, וואָס זיינען אַ טייל פון זיין אָרגאַניזאַציע, אַרבעטען צוזאַמען אין פולשטענדיקער האַרמאָניע. דערביי האָט דער אומזעבאַרער אָדער הימלישער טייל פון דער אָרגאַניזאַציע די פירונג. אין יחזקאלס נבואה ווערט געזען אַ נביאישע דראַמע אָדער אַ פּראָפּעטיש בילד, וואָס באַווייזט די צוזאַמענאַרבעט פון דעם הימלישן טייל פון גאָטס אָרגאַניזאַציע מיט די, וואָס זיינען אויף דער ערד, און וואָס אַנטפּלעקן אויך דעם אופן פון באַלערנען און פאַנאַנדערטיילן די מענטשן. די נבואה, וואָס איז פאַרצייכנט אין דעם ניינטן קאַפּיטל פון יחזקאל, און וואָס ווערט פולשטענדיק באַקרעפטיקט פון אַנדערע נביאות, באַווייזט, אַז די אַרבעט פון פאַנאַנדערטיילן ווערט געטאָן קורץ פאַר דער שלאַכט פונם גרויסן טאָג פון דעם אַלמעכטיקן גאָט, וואָס ווערט אַנדערש אָנגערופן „הר־מגדון", און מאַכט דעם קלאַס מענטשן פון גוטן ווילן דייטלעך דערקענבאַר.

ישוע המשיח איז דער מעכטיקער אויספירער פון יהוהס באַשלוסן און דער, וואָס פירט די חיילות פון הימל אין דער שלאַכט פון דעם גרויסן טאָג פון דעם אַלמעכטיקן גאָט און וואָס פירט דורך יהוהס פּסק־דין איבער דעם טייוולס אָרגאַניזאַציע. אין דער אויבן דערמאָנטן נבואה פון יחזקאל זיינען די דאָזיקע ווערטער פאַרצייכנט: „ער האָט געשריען פאַר מיינע אויערן מיט אַ גרויס קול, זאָגנדיק: נענטערט אייך, איר אויפזעער פון דער שטאָט, איטלעכער מיט זיין מאָרדגעצייג אין זיין האַנט!" (יחזקאל ט: א) דער דאָזיקער באַפעל ווייזט אַן יהוהס

אומזעבאַרן חייל צוצוגרייטן זיך צו דער אַנטשיידנדיקער שלאַכט, און צוליב דער דאָזיקער סיבה ווערט דער אומזעבאַרער חייל פונם האַר געבאָטן זיך צו נעענטערן, און אַז יעדער איינער זאָל האָבן אין זיין האַנט אַ שחיטה־געצייג. אין זיין זעונג האָט יחזקאל געזען, ווי זעקס באַשעפענישן דערנענטערן זיך: „און, זע, זעקס מענער זיינען אָנגעקומען פון דעם וועג פון דעם אויבערן טויער, וואָס ליגט צום צפון, און איטלעכער מיט זיין מאָרדגעצייג אין זיין האַנט; און איין מאַן צווישן זיי איז געווען אָנגעטאָן אין ליינען, מיט אַ שרייבגעצייג אויף זיינע לענדן; און זיי זיינען געקומען און האָבן זיך געשטעלט לעבן דעם קופּערנעם מזבח.״ — יחזקאל ט: ב.

זעקס איז אַ סימבאָלישע צאָל, וואָס ווערט גענוצט אין דער הייליקער שריפט צו באַצייכענען אומפולשטענדיקייט, בעת די צאָל זיבן סימבאָליזירט מיט זיך פולשטענדיקייט. יהוהס אָר־גאַניזאַציע איז איינע און איז אין אַ פולשטענדיקער איינהייט; די „זעקס מענער״ אין דער דאָזיקער דראַמע סימבאָליזירן און שטעלן דערפאַר מיט זיך פאָר דעם אומזעבאַרן אָדער הימלישן טייל פון גאָטס אָרגאַניזאַציע, בעת דער מאַן מיטן שרייבגעצייג אויף זיינע לענדן און אָנגעטאָן אין ליוונט, שטעלט מיט זיך פאָר דעם קלאַס פון דעם „געטרייען קנעכט״ אויף דער ערד, דעם זעבאַרן טייל פון גאָטס אָרגאַניזאַציע אונטער דעם באַפעל פון דעם האַר ישוע המשיחן. די זעקס שטעלן מיט זיך פאָר די הימלישע אָרגאַניזאַציע, און דער איינער, דעם ערדישן טייל דערפון; און צוזאַמען אילוסטרירן זיי די גאַנצע אָרגאַניזאַציע אין איר פולער גאַנצקייט. דעם ערדישן טייל פון גאָטס אָרגאַני־זאַציע איז באַפוילן צו זאָגן עדות אָדער צו פאַרעפנטלעכן גאָטס אמת בנוגע יהוה און זיין קעניגרייך. דער קלאַס פון דעם „געטרייען קנעכט״ אויף דער ערד איז געגליכן צו אַ כלה, וואָס איז אויסגעפוצט צוליב איר מאַן, און מכח דעם דאָזיקן קלאַס שטייט געשריבן אין דער הייליקער שריפט: „און עס איז איר געגעבן געוואָרן, אַז זי זאָל זיך קליידן אין פיינעם ליינען, העלן און ריינעם; וואָרן די פיינע ליינען איז די גערעכ־

טיקייט פון די הייליקע.״ (אַנטפּלעקונג יט:ח) דער מאַן, אָנגע־טאָן אין לייוונט און טראָגנדיק שרייבגעצייג אויף זיינע לענדן, שילדערט בילדלעך דעם גאַנצן איבערבלייב אָדער דעם קנעכט־קלאַס, דאָס הייסט יהוהס עדות. די צוויי טיילן פון דעם האַרם אָרגאַניזאַציע האַנדלען איצט צוזאַמען אין פולשטענדיקסטער האַרמאָניע. דער אומזעבאַרער טייל פאַרטיליקט די רשעים, בעת דער זעבאַרער אָדער דער ערדישער טייל פאַרעפנטלעכט די בשורה פון אמת, מיטן צוועק, אַז פאַרנונפטיקע באַשעפענישן זאָלן קאָנען זיך אַנטשיידן, אויף וועלכן צד זיי ווילן זיך שטעלן, איידער די הינריכטונג קומט פאָר. פריער פאַר אַלץ דאַרף דורכגעפירט ווערן די אַרבעט פון פאַרעפנטלעכונג, און ווען דאָס איז אָפּגעטאָן, דאַן וועט דער אומזעבאַרער טייל פון יהוהס אָרגאַניזאַציע הינריכטן יענע, וואָס זיינען אויף דער זייט פונם טייוול און זיין רשעותדיקער אָרגאַניזאַציע.

רעליגיע איז אַן אינטעגראַלער טייל פון דעם שׂטנס אָרגאַני־זאַציע. פון נמרודס צייט אָן האָט דער טייוול זיך באַנוצט מיט רעליגיע, כּדי מיט דעם צו שענדן דעם נאָמען פון יהוה גאָט, צו באַטריגן מענטשן און זיי אָפּצווענדן פון גאָט. עס ווערט מערסטנטייל פאַרשטאַנען, אַז רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס באַ־שטייען פון מענטשן, וואָס דינען גאָט; אָבער דער פאַקט איז, אַז די אַזוי גערופענע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, זיינען גאָר פּאָליטישע, וועמעס ציל איז צו פאַרכאַפּן און אויסצואיבן די הערשאַפט איבער די פעלקער פון דער ערד. אונטער דעם באַהערשנדיקן קאָנטראָל פון די דאָזיקע אַזוי גערופענע „רעליגי־עזע אָרגאַניזאַציעס״ געפינען זיך אַ סך פּערזאָנען פון גוטן ווילן, וואָס זיינען געצוואונגען געוואָרן דורך מורא צו אונטער־שטיצן די אומגערעכטע און היפּאָקריטישע אָרגאַניזאַציע. די גאַנצע אָרגאַניזאַציע אויף דער ערד ווערט סימבאָליזירט דורך דער באַצייכענונג „שטאָט״, און גאָט וועט זי פאַרניכטן אין דער שלאַכט פון הר־מגדון. איידער דער פאַרניכטונג באַפעלט יהוה זיינע פאַרקינדיקער, זיינע עדות, דאָס הייסט, דעם „מאַן מיט דעם שרייבגעצייג אויף זיינע לענדן״, צו טאָן אַ געוויסע

אַרבעט, און פֿאַר דעם צוועק גיט דער האַר דעם באַפֿעל: „און יהוה האָט צו אים געזאָגט: גיי דורך אין מיטן פֿון דער שטאָט, אין מיטן דורך ירושלים, און מאַך אַ צייכן אויף די שטערנס פֿון די מענטשן, וואָס זיפֿצן און יאָמערן, אויף די אַלע אָפּשייַלעכקייטן, וואָס ווערן געטאָן אין איר.״ — יחזקאל ט: ד.

היפּאָקריטישקייט אָדער טייוולדינגסט איז אויסערגעוויינלעך אָפּשייַלעך פֿאַר יהוה. אונטער דער געוואַלט פֿון דעם רעגירנדיקן טייל פֿון די דאָזיקע רעליגיע־אָרגאַניזאַציעס, נעמלעך פֿון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע, געפֿינען זיך מיליאָנען פּערזאָנען פֿון גוטן ווילן, וואָס זעען די גרויזאַמע, אומגערעכטע און רשעותדיקע מעשׂים, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין די קירך־אָרגאַניזאַציעס אין נאָמען פֿון גאָט און פֿון קריסטוסן, און די דאָזיקע פּערזאָנען פֿון גוטן ווילן ווערן געשילדערט אַלס מענטשן, „וואָס זיפֿצן און יאָמערן אויף די אַלע אָפּשייַלעכקייטן, וואָס ווערן געטאָן אין איר״.

יהוה וויל, אַז אַזעלכע פּערזאָנען פֿון גוטן ווילן זאָלן האָבן געלעגנהייט, צו דערוויסן זיך וועגן דעם אמת. דער שטערן פֿון דעם מענטשן שטעלט סימבאָליש מיט זיך פֿאָר דאָס אָרט פֿון אינטעליגענץ; ‚אָנצייכענען אַ צייכן אויף די שטערנס פֿון די, וואָס זיפֿצן און יאָמערן‘, באַדייט צו געבן אַזעלכע מענטשן אַ פֿאַרנונפֿטיקן באַגריף וועגן דעם אמת פֿון יהוהס ציל. דאָס איז די אַרבעט, וואָס איז באַפֿוילן יהוהס עדות צו טאָן, און וואָס זיי טוען טאַקע מיטן חסד פֿון גאָט, דורך דעם, וואָס זיי גיין פֿון הויז צו הויז, באַקאַנטצומאַכן די מענטשן מיט גאָטס כּוונה. צוליב דער דאָזיקער סיבה האָבן יהוהס עדות אַרויסגעגעבן אַ סך ביכער, וואָס דערקלערן די הייליקע שריפֿט; און די דאָזיקע ביכער ווערן טאָגטעגלעך צעטראָגן צו די מענטשן, וואָס פֿאַרלאַנגען צו קריגן „דעם צייכן אויף זייערע שטערן״: צו די עניוותדיקע און די לערנוויליקע, וואָס זוכן דערקענטניש. דאָס זיינען די פּערזאָנען פֿון גוטן ווילן, וואָס ווערן אַנדערש גערופֿן די „יהוֹנדבים״, וואָס דערווערבן זיך דערקענטניש וועגן דעם אמת, און וואָס ווערן אַזוינאַך אָנגעצייכנט אויף די

שטערנס. דערנאָך ווייזן די דאָזיקע מענטשן, אַז זיי זיינען אַזוי־אַרום אָנגעצייכנט געוואָרן, דורך דעם וואָס זיי שליסן זיך אָן אין דעם זעבאַרן טייל פון גאָטס אָרגאַניזאַציע, גיין האַנט אין האַנט מיט יהוהס עדות און פאַרבינדן זיך מיט זיי צו זאָגן עדות צו אַנדערע.

אין גאָטס געהעריקער צייט וועט אָפּגעטאָן ווערן די אַרבעט פון עדות־זאָגן, דאָס מיינט די אַרבעט פון אָנצייכענען אַ צייכן אויף די שטערנס פון די, וואָס פאַרלאַנגען צו קענען דעם אמת, און דאָס ווערט באַוויזן אין די פאָלגענדיקע ווערטער פון דעם נביא: „און זע, אַ מאַן, געקליידט אין לייוונט, וואָס האָט געהאַט אַ שרייבגעצייג אויף זיינע לענדן, האָט געבראַכט ענטפער און האָט געזאָגט: איך האָב געטאָן, ווי דו האָסט מיר באַפוילן.״ — יחזקאל ט: יא.

דאָס האַרמאָנירט גענוי מיט די ווערטער פון משיחן, וואָס האָט באַפוילן, אַז „די דאָזיקע בשורה פון דער מלוכה זאָל געפּריידיקט ווערן . . . פאַר אַן עדות צו אַלע נאַציעס; און דאַן וועט קומען דער סוף״; און דער דאָזיקער סוף וועט קומען בעת גרויסע צרות, וואָס זיינען קיינמאָל פריער ניט געוועזן באַקאַנט אויף דער וועלט. (מתתיה כד: יד, כא) אַזוי באַלד ווי די אַרבעט פון עדות־זאָגן וועט זיין אָפּגעטאָן און פאַרענדיקט פון די, וועלכע ווערן געשילדערט אַלס „דער מאַן מיטן שרייבגעצייג און אָנגעטאָן אין לייוונט״, דעמאָלט וועט קומען די אַרבעט, וואָס ווערט געשילדערט אין דער נבואה דורך די „זעקס מענער״, וואָס זיינען אַ בילד פון דעם הימלישן טייל פון גאָטס אָרגאַניזאַציע. דער דאָזיקער אומזעבאַרער שאַר גיט דער האַר המשיח אַ באַפעל, וואָס ווערט געהערט פון דעם נביא און וואָס איז פאַרצייכנט אין די דאָזיקע ווערטער: „און צו די אַנדערע האָט ער געזאָגט פאַר מיינע אויערן: גייט נאָך אים נאָך דורך דער שטאָט און שלאָגט; אייער אויג זאָל ניט שוינען, און איר זאָלט זיך ניט דערבאַרימען: הרגעט אינגאַנצן זקנים, יונגע און יונגפרויען און קליינע קינדער און ווייבער! אָבער קומט ניט נאָענט צו קיין מענטשן, וואָס אויף אים איז דער

צייכן; און ביי מיין הייליקטום זאָלט איר אָנהייבן. דאַן האָבן זיי אָנגעהויבן פון די אַלטע לייט, וואָס זיינען געשטאַנען לעבן הויז.״ (יחזקאל ט: ה, ו) דאָס באַווייזט, אַז גאָטס שטראָף־אויספירער וועט אַלעמען דערהרגענען, אַ חוץ יענע, וואָס האָבן דעם צייכן אויף דעם שטערן. ער וועט אויפגעפאָדערט אָנצוהויבן פון די „אַלטע לייט״, דאָס מיינט צו זאָגן, פון די הויך־געשטעלטע, וואָס באַזיצן אויטאָריטעט און וואָס געוועלטיקן איבער דער אָרגאַניזאַציע. בלויז די, וואָס האָבן דעם צייכן אויף די שטערנס, וועלן געשוינט. דאָס באַצייכנט, ווי עס שיינט, דעם ערשטן טייל פון הר־מגדוֹן, די שלאַכט פון דעם גרויסן טאָג פון דעם אַלמעכטיקן גאָט: „און ער האָט געזאָגט צו זיי: פאַראומרייניקט דאָס הויז, און פילט אָן די הויפן מיט די דער־שלאָגענע; גייט אַרויס! און זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען, און האָבן געשלאָגן אין דער שטאָט.״ — יחזקאל ט: ז.

דער דאָזיקער טייל פון דער נבואה באַווייזט, אַז אַ גרויסע פאַרטיליקונג־אַרבעט וועט געטאָן ווערן, און די, וואָס זיינען אויף דער זייט פונם טייוול און זיין אָרגאַניזאַציע, וועלן פאַר־ניכטעט און ניט געשוינט ווערן: „און איך וועל צעשמעטערן איינעם קעגן דעם אַנדערן, די עלטערן און די זין צוזאַמען, זאָגט יהוה: איך וועל ניט מיטלייד האָבן און ניט שוינען, און ניט רחמנות האָבן, נאָר זיי פאַרניכטן.״ — ירמיה יג: יד.

דער יוֹנדב־קלאַס איז אָנגעצייכנט אויפן שטערן און גע־האָרכט דעם האַר, און זיי ווערן דערפאַר פון דעם האַר אין הר־מגדוֹן געשוינט און געשיצט. אַן אויספירלעכע דערקלערונג פון דער דאָזיקער נבואה פון יחזקאל געפינט זיך אין דעם בוך רעכטפאַרטיקונג, באַנד 1, זייט 94 (ענגלישע אויסגאַבע).

## נח און זיין פאַמיליע

נאָך אַ בילד אין תנ״ך, וואָס העלפט צו דערקענען די מענטשן פון גוטן ווילן, איז דאָס בנוגע נחן און זיין משפחה. אין נחס צייטן זיינען די מענטשן אויף דער ערד געוואָרן אויסערגע־וויינלעכע רשעים, און יהוה האָט באַקאַנטגעמאַכט נחן זיין

באַשלוס צו פאַרניכטן די באַשעפענישן אויף דער ערד. גאָט האָט באַפוילן נחן אויפצובויען אַ קאַסטן, וואָס זאָל דינען פאַר אַ שוצאָרט פאַר נחן און זיין משפחה בשעתן גרויסן מבול. (בראשית ו: א־יז) די גרויסע פאַרניכטונג, וואָס איז געקומען איבער דער וועלט בשעתן מבול, האָט נביאיש פאָרויסגעזאָגט די פאַרניכטונג פון דעם טייוולס רשעותדיקער אָרגאַניזאַציע, וואָס רעגירט איבער דער וועלט ביי היינטיקן טאָג. (מתתיה כד: לז־לט; לוקאַס יז: כו, כז) דער קאַסטן, וואָס נח האָט געבויט, איז געווען אַ בילד פון דעם איינציקן שוצאָרט פאַר די, וואָס דינען גאָט, נעמלעך פון גאָטס אָרגאַניזאַציע. די רשעות אויף דער ערד אין נחס צייטן איז געווען דער רעזולטאַט פון דעם באַטרוג און דער פאַרפירונג, וואָס דער שׂטן און זיינע רשעותדיקע מלאָכים האָבן אויסגעאיבט קעגן אַנדערע באַשעפענישן. דער דאָזיקער ענין ווערט אויספירלעכער באַהאַנדלט און דערקלערט אין דעם ביכל מלאָכים.

רעליגיע איז געווען דאָס הויפּטמיטל, וואָס דער טייוול האָט באַנוצט צו באַטריגן מענטשן, און עס ווערן דאָ דערמאָנט רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, כּדי דער אמת, וואָס דאַרף איצט פאַרשטאַנען ווערן, זאָל ווערן ריכטיק באַגריפן פון די, וואָס האָבן ליב גערעכטיקייט.

יעדע רעליגיע־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ווען עקזיסטירט, אָנהייבנדיק מיט נמרודן (בראשית י: ח־י), האָט דער שׂטן איבערגעכיטרעוועט און זי באַנוצט פאַר זיינע צוועקן. דער קלאָרסטער אָפנבאַרסטער ביישפּיל דערפון איז די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע. פאַראַדירנדיק אונטער דעם נאָמען פון גאָט און משיחן, ווערט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע באַנוצט פונם שׂטן צו פאַרפירן מיליאָנען מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט טאָן דאָס גערעכטע, נאָר וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן אין אומ־וויסנקייט וועגן יהוהס ווילן. די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע איז דער שטאַרקסטער זעבאַרער שׂונא אויף דער ערד פון יהוהס עדות, און די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע קעמפט פאַרצווייפלטערהייט צו האַלטן דאָס פאָלק אין אומוויסנקייט וועגן דעם אמת. דאָס

איז אן ענדגילטיקער באווייז, אז די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע איז דעם שטנס ארגאניזאציע, אין וועלכער ער האט ארייננעכאפּט אין א פּאסטקע א סך גוטע מענטשן, וועמען ער וויל האלטן אין צאם און אוועק פון גאט. אויפן זעלביקן אופן האט דער שטן געהאלטן א סך מענטשן אין די פּראטעסטאנטישע קירכן אונטער דער הערשאפט פון זייערע גייסטלעכע. דאס איז אזוי געווען שוין אין נחס צייטן, וואס דער שטן האט ארייננעכאפּט אין א פּאסטקע די „זין פון גאט". (בראשית ו: א, ב) דער פאקט, וואס דער קלערוס האט געמאכט יד אחת מיט די פּאליטישע און פינאנציעלע אינטערעסן־גרופּן פון דער וועלט, וואס זיינען אלץ אונטער דעם שטנס לייטונג, איז אן ענדגילטיקער באווייז, אז דער שטן האט זיי ארייננעכאפּט אין א פּאסטקע און אז ער נוצט זיי פאר זיינע צוועקן. סיי די קאטאליקן און סיי די פּראטעסטאנטן פּריידיקן די מענטשן, אז זייערע טויטע פריינד לעבן און זיינען באוווסטזיניק אדער אין לייטערונגס־פייער אדער אין גיהנום. אט דאס איז געווען אין גרונט גענומען דעם שטנס ערשטער ליגן, וואס ער האט מענטשן איינגערעדט. (בראשית ג: ד; יוחנן ח: מד) א סך גוטע מענטשן ווערן געמאכט צו גלויבן, אז זייערע פריינד, וואס זיינען געשטארבן, לײדן, אז זיי זיינען אין לייטערונגס־פייער, און אז זיי קאנען געהאלפן ווערן דורך תפילות, וואס ווערן פאר זייערטוועגן געזאגט פון די גלחים. אלע די דאזיקע באטריגערייען שטאמען פון דעם שטן און ווערן פון אים און זיין מחנה רשעים אויסגעאיבט. נון ווייס דער שטן, אז ער האט נאך זייער ווייניק צייט ביז צום גרויסן קאמף פון הר־מגדון, און ער איילט זיך ארייננצוטרייבן אלע מענטשן אין ספּיריטיזם און סאטאניזם און דעריבער קעגן גאט; און צוליב דער דאזיקער סיבה גיבן זיך איצט אפּ מאסן מענטשן מיט ספּיריטיזם און מיט ספּיריטיסטישע מעדיומס. אלע, וואס פאלגן די פירערשאפט פונם שטן און זיין רשעותדיקע שותפים, וועלן שטארבן אין דער מלחמה פון הר־מגדון.

## דער וויכטיקער אמת

וואָס פאַראַן אמת טרעט בולט אַרויס אַלס פון דער גרעסטער וויכטיקייט פאַר אַלע, וואָס ווילן באַקומען און אָנהאַלטן דעם חסד פון יהוה גאָט? דאָס איז: אַז עס איז פאַראַן בלויז איין אָרט פאַר רעטונג, און דאָס איז, צו זיין און צו פאַרבלייבן אין דער אָרגאַניזאַציע פון יהוה גאָט. „זייט שטיל, און דערקענט, אַז איך בין גאָט! איך וועל דערהויבן ווערן צווישן די פעלקער, איך וועל דערהויבן ווערן אויף דער ערד. יהוה פון צבאות איז מיט אונדז, אַ הויכע פעסטונג איז אונדז דער גאָט פון יעקבן.״ (תהלים מו: י, יא) אַלצדינג, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן יהוה גאָט, וועט סוף־כל־סוף ווערן פאַרניכט. אָט זיינען עט־לעכע ביישפילן:

לוציפער האָט געוווסט, אַז יהוה איז דער אַלמעכטיקער גאָט און אַז ער, לוציפער, איז געווען פאַרפליכטעט צו געהאָרכן גאָט. ער איז געווען אין גאָטס אָרגאַניזאַציע און האָט זי אָבזיכטלעך פאַרלאָזן, האָט רעבעלירט קעגן גאָט, און האָט מיטגענומען מיט זיך אַ מחנה־מלאָכים, וואָס זיינען געווען אונטער אים. אַזאַ פאַרלאָזן גאָטס אָרגאַניזאַציע מיינט זייער פאַרניכטונג. יהוה איז געווען געדולדיק מיט זיי דערמיט, וואָס ער האָט געלאָזט דעם שׂטן און זיינע רשעותדיקע מחנות בלייבן לעבן און אַרויסווייזן זייער רשעות ביז ס'וועט קומען גאָטס באַשטימטע צייט זיי הינצוריכטן. וואָס גאָט האָט בולט אַרויסגעזאָגט אין זיין וואָרט בנוגע דער רשעותדיקער חברה, דינט פאַר אַ שטאַר־קער וואָרענונג פאַר יעדער אינטעליגענטער באַשעפעניש.

יעדע באַשעפעניש, כל־זמן עס איז אין גאָטס אָרגאַניזאַציע און באַהאַנדלט זיין פריווילעגיע נאָכלעסיק און גלייכגילטיק, זעצט זיך אויס צום ליסטיקן אָנפאַל פון דעם שׂונא. נאָכצוגעבן דעם שׂונאס איינפלוס און דאַן אָפּצוקערן זיך פון גאָטס אָרגאַ־ניזאַציע, און שפּעטער זי אָבזיכטלעך צו באַקעמפן, באַדייט די זיכערע פאַרניכטונג פון דער דאָזיקער באַשעפעניש. אָבזיכטלעכע זינד מיינט באַוואוסטזיניקער ברוך פון גאָטס געזעץ. דאָס איז

רשעות, און אַלע רשעים וועט גאָט פאַרניכטן. — תהלים קמה: כ.

שאול איז אַן אַנדער ביישפּיל פון יענע, וואָס זיינען אַמאָל געווען אין גאָטס אָרגאַניזאַציע און וואָס פאַלן דורך. (שמואל א ט: טו־יז; טו: כב־כו) יהודה (יודאַס) איז ווידער אַן אַנדער ביישפּיל פון די, וואָס זיינען אַמאָל געווען אין גאָטס אָרגאַניזאַציע און וואָס זיינען געוואָרן ווידערשפּעניק, זיינען אונטערגעפאַלן אונטער דער ביינזקייט פונם טייוול, און וואָס האָבן זיך דאַן אָבזיכטלעך אָפּגעקערט און זיך קעגנגעשטעלט גאָט, און וועמעס פאַרניכטונג איז זיכער. אָט דאָס איז דער גורל, וואָס באַפאַלט דעם „מאַן פון זינד" אָדער דעם „זון פון פאַרדאַרבונג". (טעסאַלאָניקער ב ב: ג־ט) די דאָזיקע זיינען אַמאָל געווען אין דעם אמת, אין גאָטס חסד און אין זיין אָרגאַניזאַציע; אָבער צוליב זייער איינגליבע קערן זיי זיך אָפּ פון גאָט און ליידן פאַרניכטונג. וועגן אַזעלכע זאָגט דער שליח פּעטרוס: „ווען זיי זיינען אַנטרונען פון די אומריינינקייטן פון דער וועלט דורך דער דערקענטניש פונם האַר און רעטער ישוע המשיחן, אָבער זיינען, ווידער אין דעם פאַרוויקלט, איבערוועלטיקט געוואָרן, אַזוי איז זייער לעצטער סוף ערגער ווי דער אָנהייב. וואָרן עס וואָלט פאַר זיי בעסער געווען, אַז זיי וואָלטן דעם וועג פון גערעכטיקייט ניט דערקענט, איידער, נאָכדעם ווי זיי האָבן אים געקענט, זיך אָפּצוקערן פון דעם הייליקן געבאָט, וואָס איז זיי איבערגעגעבן געוואָרן." (פּעטרוס ב ב: כ, כא) ישׂראל, אַלס אַ פאָלק, איז געווען גאָטס פאָרבילד־אָרגאַניזאַציע און האָט גענאָסן זיין חסד און זיין שוץ; אָבער די דאָזיקע נאַציע איז אונטערגעפאַלן אונטערן טייוול און האָט געליטן אונטערגאַנג. פונקט אַזוי האָט די „קריסטנשאַפט", אָדער דאָס „אָרגאַניזירטע קריסטנטום", אָנגעהויבן מיט דער עפנטלעך־דערקלערטער אָבזיכט צו דינען גאָט; אָבער זייערע פירער האָבן זיך אָפּגעקערט פון גאָט און משיחן און האָבן זיך פאַראייניקט מיט דעם טייוולס אָרגאַניזאַציע, און דערפאַר מוזן זיי ליידן פאַרניכטונג אין דער מלחמה פון הר־מגדון.

## זיכערקייט

ווו קאָן מען געפינען זיכערקייט און ווער קאָן געפינען אַזאַן אָרט פון אַבסאָלוטער זיכערקייט? דער וועלט־אונטערגאַנג אין נחס צייטן דורכן מבול דייט אָן די פאַרניכטונג פון דער איצ־טיקער וועלט אין דער מלחמה פון הר־מגדון. צוליב דעם, וואָס נח האָט זיך געווידמעט גאָט, האָט אָנגעהאַלטן זיין פרומקייט צו גאָט און איז געבליבן געטריי, איז ער געווען אַ גערעכטער אין די אויגן פון יהוה. לויט גאָטס אָנווייזונג האָט נח געבויט אַ קאַסטן, וואָס האָט געדינט פאַר אַן אָרט פון זיכערקייט און באַוואָרעניש פאַר נחן און פאַר יענע, וואָס זיינען געווען פאַר־בונדן מיט אים. דאָס דייט אָן, אַז דאָס איינציקע אָרט פון זיכערקייט בעת די גרעסטע צרות פון אַלע צייטן, קאָן מען געפינען אין יהוהס אָרגאַניזאַציע. דער קאַסטן, וואָס נח האָט געבויט לויט גאָטס באַפעל, איז דעריבער אַ בילד פון יהוהס אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָגט סימבאָליש צו אַלע אינטעליגענטע באַשעפענישן: „יהוהס אָרגאַניזאַציע איז דאָס איינציקע אָרט פון זיכערקייט.“

דער מבול האָט געבראַכט גרויסע צרות אויף דער וועלט. הר־מגדון וועט ברענגען די גרעסטע צרות. (מתתיה כד: כא, כב) בעת די צרות אין הר־מגדון וועלן די קעגנער פון גאָט ניט געפינען קיין שום וועג פון אַנטרינונג, פאָלגלעך קיין שום אָרט פון זיכערקייט. (ירמיהו כה: לג־לה) דער פאַקט, וואָס זיי רופן זיך אָן „קריסטן“, אָדער מיט דעם נאָמען פון משיחן אָדער קריסטוסן און פון גאָט, וועט זיי ניט פאַרשאַפן קיין אָרט פון זיכערקייט. זינט די טעג פון אנוֹש אָן האָבן זיך מענטשן היפּאָ־קריטיש גערופן מיטן נאָמען פון גאָט, וואָס איז געווען ניט מער ווי שפּאָט. (בראשית ד: כו) מען קאָן ניט שפּאָטן פון גאָט און ניט ווערן דערפאַר באַשטראָפט. (גאַלאַטער ו: ז) אַלע די, וואָס באַקעמפן יהוהס עדות צוליב זייער עדות־זאָגן בנוגע גאָטס מלוכה, וועלן ווערן פאַרניכט, און אין דעם ווערט באַ־שטימט אַריינגערעכנט „דער מאַן פון זינד, דער זון פון פאַר־דאַרבונג“. די נפילים (בראשית ו: ד), דאָס זיינען די מלאָכים,

וואָס האָבן מוֹרד געווען צוזאַמען מיטן שׂטן, וועלן פֿאַרניכט ווערן צוזאַמען מיטן שׂטן אין דער שלאַכט פֿון דעם גרויסן טאָג פֿון דעם אַלמעכטיקן גאָט. (זע רעכטפֿאַרטיקונג, באַנד 2, זייט 311; ענגלישע אויסגאַבע). „די זין פֿון גאָט", וואָס זיינען געוואָרן אומגעהאָרכזאַם און האָבן פֿאַרלאָזן גאָטס אָרגאַניזאַציע אין נחס טעג, ווערן געהאַלטן געפֿאַנגען זינט אַ לאַנגער צייט. (פּעטרוס א ג: יט, כ) זיי לעבן נאָך, און עס שיינט, אַז זייער שטראָף וועט זיך ענדיקן אומגעפֿער אין הר־מגדון. אָבער יענע פֿון דער דאָזיקער חברה, וואָס פֿאַרנעמען זיך אויפֿן דרך פֿון גערעכטיקייט, קאָנען נצול ווערן.

## יוֹנדב־חברה

נח, גאָטס עדות, דער „פּריידיקער פֿון גערעכטיקייט", האָט אָנגעדייט אויף דעם געטרייען איבערעשט, וואָס איז איצט אויף דער ערד. יענע מענטשן, וואָס זיינען געווען מיט נחן אין דעם קאַסטן, האָבן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט די יוֹנדב־חברה, וואָס איז איצט אויף דער ערד, און איז פֿאַרבונדן מיט גאָטס אָרגאַניזאַציע. זיי איז צוגעזאָגט געוואָרן, אַז, אויב זיי וועלן דורכפֿירן די אָנגעגעבענע תּנאים, וועלן זיי באַהאַלטן ווערן אין דעם טאָג פֿון גאָטס צאָרן. (צפניה ב: ג) די תּנאים זיינען, אַז זיי מוזן זיין פֿאַרבונדן מיט דעם האַרס אָרגאַניזאַציע, און זיי מוזן דאָרטן פֿאַרבלייבן און שטאַנדהאַפֿטיק גאָט דינען, אַרבעטנדיק אין איינקלאַנג מיט יהוהס עדות, און אָפּזאָגנדיק זיך צו מאַכן קאָמפּראָמיסן מיט דער וועלט. יעדער פֿאַרזוך צו פֿאַרבלייבן אין דער אָרגאַניזאַציע אָדער אין דעם „רייטוואָגן" פֿונם האַר און אין דער זעלביקער צייט צו אונטערשטיצן די רשעותדיקע וועלט, אַפֿילו מיטן ניט קלוגן פֿאַרלאַנג צו דערהייבן די וועלט, וועט פֿירן צו אַן אומגליקלעכן סוֹף. יהוהס אָרגאַניזאַציע איז דאָס איינציקע אָרט פֿון זיכערקייט, און יענער, וואָס האָט זיך איינמאָל באַנוצט מיט דער דאָזיקער זיכערקייט און האָט עס שפּעטער פֿרייוויליק פֿאַרלאָזן, מעג זיין זיכער מיט זיין פֿאַרניכטונג. די, וואָס זיינען פֿון דער יוֹנדב־חברה מוזן

אָנהאַלטן צו שטודירן געטריי גאָטס כונות, וואָס זיינען פאַר־באָרגן אין זיין וואָרט; און פאָלגלעך ווערט דעם הארס וואָרט פאַרעפנטלעכט פאַר זייערטוועגן. זיי מוזן באַווייזן זייער ליבע צו גאָט מיט זייער אייפער אָפּצוהיטן זיינע געבאָט. צוגונסטן דער טעמפּל־חברה און אויך צוגונסטן די, וואָס זיינען אַריינ־געשטיגן אין גאָטס „רייטוואָגן", האָט גאָט איצט אויפגעהויבן די פאָרהאַנגען און לאָזט זיין ליכט שיינען אין די פּנימער פון די, וואָס האָבן זיך איבערגעגעבן צו אים, און ער לאָזט זיי זען, וואָס מוז אינגיכן געשען, ווי אויך דעם באַדייט פון די געשע־ענישן פון די פאַרגאַנגענע זעקס טויזנט יאָר. דער אמת, וואָס טרעט קלאָר אַרויס און ווערט באַוויזן פאַרן בליק ווי פון העכס־טער וויכטיקייט, איז דער דאָזיקער: יהוה, דער אַלמעכטיקער גאָט, איז דער, וואָס שענקט לעבן, און ער וועט באַוואָרענען די, וואָס האָבן אים ליב און געהאָרכן אים און וואָס פאַרבלייבן שטאַנדהאַפטיק געטריי זיין אָרגאַניזאַציע, אַרויסווייזנדיק צו יעדער צייט אַ באַשטענדיקע און אומאויפהערלעכע ליבע צו יהוה. דערין געפינען מיר דעם אַנטשיידנדיקן פּראָביר־שטיין פאַר אַלע אינטעליגענטע באַשעפענישן. זאָלן אַלע אַזעלכע זיין געוואָרנט און זיך אָפּהיטן. „יהוה איז אין זיין הייליקן טעמפּל: זאָל די גאַנצע ערד זיין שטיל פאַר אים!"—הבקוק ב:כ.

די, וואָס ווילן דערלערנען דעם ריכטיקן דרך, מוזן זיך אָפּזאָגן נאָכצופאָלגן די לערעס פון מענטשן. יהוה גאָט און ישוע המשיח זיינען די אמתע לערער פון אַלע, וואָס האָבן ליב גערעכטיקייט און וואָס ווילן דערקענען דעם אמת. (ישעיה ל:כ) אייגנליביקע מענטשן, וואָס נעמען אויף זיך צו פאַרשפּרייטן לערעס, וואָס זיינען נאָך זייער אייגענעם געשמאַק נאָך, זיינען אונטערגעפאַלן אונטער דעם ליסטיקן און פאַרפירערישן איינפלוס פון דעם שׂטן, און דורך דעם ווערן זיי באַוויזן איינצופירן זייער איי־גענע לערע פון שפּעקולאַציע און פאַלשקייט אָנשטאָט דעם אמת פון גאָטס וואָרט. אויף דעם אופן ווערן אַ סך אויפריכטיקע מענטשן פאַרפירט. יעדער איינער, וואָס וויל באַקומען דאָס עשירות פון יהוה גאָט, מוז דערווערבן די דערקענטניש פון

אמת, און דאָס קאָן בלויז דערגרייכט ווערן דורך לערנען אויפ־מערקזאַם גאָטס וואָרט און די פירושים אָדער דערקלערונגען, וואָס ער האָט פאַרזאָרגט, כּדי מען זאָל קאָנען פאַרשטיין זיין לערע. עס איז די פריווילעגיע און פליכט פון אַלע פערזאָנען פון גוטן ווילן צו באַקענען זיך איצט דערמיט.

צופלוכט־שטעט

יענע מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס ווערן אַנדערש אָנגערופן „די יהונדבים", וועלן איצט געפינען אַ באַזונדערן אינטערעס אין גאָטס חסדיקער איינריכטונג, וואָס איז פאַרצייכנט אין דער הייליקער שריפט בנוגע די „ערי מקלט" אָדער צופלוכט־שטעט. די דאָזיקע שטעט פון רעטונג זיינען אַ־דייטלעכער אָנזאָג פון גאָטס רעטונגסאָרט, צוגעגרייט פאַר געוויסע מענטשן אין דער צייט פון הר־מגדון. משה איז געווען אַ פאָרבילד פון ישוע המשיחן און האָט דער ערשטער באַקומען די אָנווייזונגען פון יהוה וועגן די שטעט פון אַנטרינונג, און שפּעטער האָט משה איבערגעגעבן די דאָזיקע ידיעות צום פאָלק: „און יהוה האָט גערעדט צו משהן, זאָגנדיק, רעד צו די קינדער ישׂראל, און זאָג זיי: ווען איר וועט אַריבער דעם ירדן אין דעם לאַנד כּנען, דאַן זאָלט איר אייך באַשטימען שטעט צו זיין צופלוכט־שטעט פאַר אייך, אַז אַהין זאָל אַנטלויפן דער טויטשלעגער, וואָס האָט דערהרגעט אַ מענטשן דורך אַ פאַרזע. און זיי זאָלן זיין פאַר אייך שטעט פון אַנטרינונג פון דעם בלוטמאָנער, כּדי דער טויטשלעגער זאָל ניט שטאַרבן, איידער ער שטעלט זיך פאַר דער עדה צום משפּט." — במדבר לה: ט־יב.

לויט יהוהס באַפעל האָט משה איבערגעגעבן די דאָזיקע אָנ־ווייזונגען צו די בני ישׂראל אַ קורצע צייט, איידער זיי האָבן דערגרייכט דאָס לאַנד כּנען. (דברים א: א־ג) יהוה האָט פאַראָרדענט די איינריכטונג פון זעקס צופלוכט־שטעט (במדבר לה: ו), ווייל די צאָל זעקס איז דער סימבאָל פון אומפולשטענ־דיקייט און פון אומפולקאָמענקייט, און באַציט זיך אויף דער צוגרייטונג פונם האַר פאַר מענטשן אין משך פון דער צייט פון

אומפּולקאָמענע צושטאַנדן אויף דער ערד. דאָס וואָרט „אַנט־רינונג", וואָס ווערט גענוצט אין די דאָזיקע טעקסטן, מיינט אַן אָרט אָדער אַ צושטאַנד פון באַשיצונג און באַשירמונג. דאָס הרגענען אַ מענטשלעך באַשעפעניש דורך אַן אַנדערן שטעלט מיט זיך פאָר דעם ברוך פון גאָטס אייביקן בונד בנוגע דער הייליקייט פון לעבן. (בראשית ט: ד־טז) גאָט האָט פאַרזאָרגט די שטעט פון אַנטרינונג פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט דערשלאָגן זיין מיטמענטשן דורך אַ צופאַל אָדער דורך אַ פאַרזע, כּדי דער טויטשלעגער זאָל קאָנען אַנטלויפן אין אַזאַ שטאָט אָדער אַזעלכע שטעט און געפינען דאָרטן שוץ אונטער געוויסע תּנאים און זיין געראַטעוועט פון דעם נקמה־נעמער אָדער שטראָף־אויספירער ביז אַ געוויסער צייט. דאָס באַווייזט קלאָר, אַז עס ליגט אויפן שכל, אַז גאָט האָט פאַרזאָרגט אַן אָרט אָדער אַ צושטאַנד פון זיכערקייט פאַר די מענטשן פון גוטן ווילן אויף דער ערד, אַז זיי זאָלן ווערן באַשיצט דורך דער צייט פון דער וועלטווייטער פאַרניכטונג אין הר־מגדון, און די דאָזיקע צרה קומט אויף די נאַציעס, ווייל זיי האָבן פאַרבראָכן קעגן זיין אייביקן בונד.

די באַשטימונג פונם געזעץ איז געווען, אַז די דאָזיקע שטעט פון אַנטרינונג זאָלן זיין צוגונסטן פון יענע, וואָס דערשלאָגן אַ מענטשן דורך אַ פאַרזע. „די דאָזיקע זעקס שטעט זאָלן זיין פאַר אַנטרינונג, סיי פאַר די קינדער פון ישראל, סיי פאַרן פרעמדן, און סיי פאַרן איינגעוואַנדערטן צווישן זיי; אַז איטלעכער, וואָס דערשלאָגט אַ נפש דורך אַ פאַרזע זאָל קאָנען אַהין אַנטלויפן." (במדבר לה: טו) וואָס ווערט פאַרשטאַנען אונטער די ווערטער „איטלעכער, וואָס דערשלאָגט אַ נפש דורך אַ פאַרזע"? דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע אויף דער ערד האָט איינגעוויליק און אַבזיכטלעך פאַרבראָכן קעגן דעם אייביקן בונד דורך דערשלאָגן מענטשלעכע באַשעפענישן אויף אַ בלוטדורשטיקן און גרויזאַמען אופן. גאָט מאַכט באַקאַנט דורך זיין נביא זיין כּונה צו פאַרניכטן דעם שׂטנס אָפיציעלע אָרגאַניזאַציע אויף דער ערד פאַר איר פאַרברעכן קעגן דעם אייביקן בונד. „די

ערד איז זינדיק אונטער אירע באַוווינער, ווייל זיי האָבן עובֿר געווען אויף דער לערע, איבערגעטראָטן דאָס געזעץ, צעשטערט דעם אייביקן בונד. דעריבער עסט אויף אַ קללה די ערד, און די וואָס וווינען דערין, זיינען פאַרוויסט; דרום גייען איין די באַוווינער פון דער ערד, און מענטשן בלייבן ווינציק." (ישעיה כד: ה, ו) די קאָמערציעלע און פּאָליטישע עלעמענטן פון דעם שׂטנס זעבאַרע אָרגאַניזאַציע האָבן אָבזיכטלעך פּלאַנירט און דורכגעפירט גרויזאַמע מלחמות, וואָס האָבן געפירט צו פאַרגיסן טייכן אומשולדיק מענטשנבלוט. דער רעליגיעזער עלעמענט פון דער „קריסטנשאַפט", און הויפּטזאַכלעך די גייסטלעכקייט, האָט געהייליקט די דאָזיקע מלחמות און האָט לעסטעריש דערקלערט, אַז זיי זיינען אין איינקלאַנג מיט גאָטס ווילן. אָטאָ די אַלע אייגנווייליקע טויטשלעגער וועלן פאַרניכט ווערן אין דער מלחמה פון הר־מגדון.

פון דער אַנדערער זייט זיינען פאַראַן אויף דער ערד, הויפּטזאַכלעך אין דער ספער פון דער „קריסטנשאַפט", אַזעלכע, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די קאָמערציעלע און פּאָליטישע סיסטעמען פון אונטערדריקונג און וואָס האָבן זיי אונטערשטיצט; וואָס האָבן געדינט אין די אַרמייען און פלאָטן און האָבן דערביי פאַרטיליקט מענטשלעכע לעבענס; וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן די קאָמערציעלע און פּאָליטישע סיסטעמען, וועלכע האָבן זייער שטאַרק אונטערדריקט דאָס פּאָלק. אויך זיינען זיי געווען פאַרבונדן מיט די רעליגיע־סיסטעמען, וואָס האָבן געהייליקט די מלחמות, און זיי זיינען אַזוינאָך געווען אַ צד אין דעם פאַרברעך פון צעשטערן דעם אייביקן בונד. אַנדערע זיינען געווען מיטגלידער פון דעם „שטאַרקן אָרעם" פון דער פּאָליציי און האָבן געהאָלפן אין די פאַרפאָלגונגען אויף די געטרייע נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן, און זיי האָבן באַקעמפט די דינער פון גאָט. אין משך פון דער וועלט־מלחמה האָבן אַ סך אָנטייל גענומען אין די דאָזיקע מעשׂים תעתּועים, און הויפּטזאַכלעך אין דער פאַרפאָלגונג פון גאָטס פאָלק; אָבער זיי האָבן דאָס געטאָן

אָן שום בייזוויליקייט און אָן שום וויסן, אַז זיי זיינען עובר אויף גאָטס געזעץ.

די הערשנדיקע עלעמענטן אין ישׂראל זיינען געווען שולדיק אין פּונקט אַזעלכע רשעותדיקע מעשׂים, ווי אָט אַ די, וואָס זיינען געשילדערט אין דעם פריערדיקן פּאַראַגראַף, און צו זיי האָט ישוע געזאָגט: „כּדי אויף אייך זאָל קומען דאָס גאַנצע אומשולדיקע בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן אויף דער ערד, פון דעם בלוט פון דעם גערעכטן הבל ביז דעם בלוט פון זכריה בן ברכיה, וועלכן איר האָט אומגעבראַכט צווישן דעם היכל און דעם מזבח. באמת זאָג איך אייך, דאָס אַלץ וועט קומען איבער דעם איצטיקן דור.” (מתתיה כג: לה, לו) אויף די בלוטשולדיקע פון דעם אָפיציעלן עלעמענט פון דעם פאָלק ישׂראל, וואָס האָט געמאַכט פאַרשווערונגען קעגן גאָטס דינער און האָט זיי אונטערדריקט און דערהרגעט און האָט אויך געדריקט און געטייט די שוצלאָזע מענטשן אין אַלגעמיין, איז געקומען גאָטס נקמה. יענע שוידערלעכע שטראָף איז געקומען אויף ישׂראל אין עטלעכע יאָר אַרום נאָכן אויפהענגען ישוען; און פעטרוס, באַגייסטערט מיט גאָטס גייסט, רעדנדיק וועגן די אָנקומענדיקע צרות, האָט געזאָגט צו די ישׂראלים: „ראַטעוועט זיך פון דעם דאָזיקן פאַרקערטן דור!” — אַפּאָסטאָלן־געשיכטע ב: מ.

גאָטס פאָלק אין די לענדער פון דער „קריסטנשאַפט” איז זייער פאַרפאָלגט געוואָרן, און די בלוטשולדיקייט פאַלט אויף די, וואָס האָבן אָבזיכטלעך אָנטייל גענומען אין די דאָזיקע זינדיקע פאַרפאָלגונגען. אַנדערע האָבן געהאַט אַ האַנט אין דעם אַריינגענאַרטערהייט. די „קריסטנשאַפט” — און הויפּטזאַכלעך איר אָפּיציעלער טייל — באַרימט זיך, אַז זי דערפילט דעם ווילן פון גאָט, בעת זי איז אין דער זעלביקער צייט שולדיק אין אַ סך הימל־שרייענדיקע פאַרברעכנס. יהוהס נביא, באַציענדיק זיך אויף דעם, זאָגט: „אוי, ווי איז געוואָרן אייער [אַזוי ווי איר זאָגט] געטרייע שטאָט ווי אַ זונה! זי איז געווען פול מיט גערעכטיקייט; רעכטפאַרטיקייט פלעגט רוען אין איר; אָבער איצט — מערדערס. דיין זילבער איז געוואָרן פּסולת, דיין גוטער

ווײַן מיט וואַסער געמישט. דײַנע פֿירשטן זײַנען אָפּטריניקע און חברים פֿון גנבֿים, איטלעכער האָט ליב שוחד, און יאָגט זיך נאָך געצאָלט; דעם יתום טוען זיי ניט קיין גערעכטיקייט, און דער שטרײַט פֿון דער אַלמנה גייט זיי ניט אָן. דערפֿאַר זאָגט דער האַר, יהוה צבאות, דער מעכטיקער פֿון ישׂראל: אָ, איך וועל זיך שטילן אָן מײַנע באַלײדיקער, און איך וועל זיך נוקם זײַן אָן מײַנע שׂונאים." (ישעיה א: כא־כד) די גײַסטלעכע, און הויפּטזאַכלעך די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע, האָבן געמאַכט פֿאַרשווערונגען מיט די גרויסע קאָמערציעלע און פּאָליטישע שלעכטסטוער צו באַרויבן און צו פֿאַרניכטן מענטשן; און די אויבנדערמאָנטע נבֿואה באַציט זיך אויף זיי, ווײַל אַזוי זײַנען יענע, וואָס באַהויפּטן, אַז זיי זײַנען גאָטס קעניגרײַך. ווידער זאָגט גאָטס נבֿיא:

„אַ קול ווי פֿון אַ ווײַערן האָב איך געהערט, אַנגסט ווי פֿון אַן ערשטגעווינערן; דעם קול פֿון טאָכטער ציון וואָס פֿאַרקײַכט זיך, וואָס שפּרייט פֿאַנאַנדער אירע הענט: וויי איז מיר, וואָרן מײַן זעל איז אומגעמעכטיק פֿאַר די מערדער!" (ירמיה ד: לא) „און די איבעריקע האָבן גענומען די קנעכט און האָבן זיי מיט שאַנד באַהאַנדלט און אומגעבראַכט. אָבער ווען דער קעניג האָט דאָס דערהערט, איז ער אין כּעס געוואָרן: און ער האָט זײַנע הערשאַרן אַרויסגעשיקט, און ער האָט יענע רוצחים אומגעבראַכט, און פֿאַרברענט זייער שטאָט." (מתּתיה כב: ו, ז) סײַ צווישן די אידן און סײַ צווישן דער „קריסטנשאַפֿט" זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט גוטגעהייסן די בייזע האַנדלונגען; דאָך זײַנען זיי געצוווּנגען געוואָרן דורך די אומשטענדן אָנטייל צו נעמען און צו אונטערשטיצן די דאָזיקע שלעכטסטוער, צום ווייניגסטן ביז צו אַ געוויסער מדרגה, און אַזוינאָך געהערן זיי צו דעם קלאַס, וואָס איז ניט־ווילנדיק און דורך אַ פֿאַרזע שולדיק אין פֿאַרגיסן בלוט.

די, וואָס האָבן ניט־ווילנדיק און דורך אַ פֿאַרזע געשטיצט די שלעכטסטוער, מוזן געפֿינען אַ געוויסן אופֿן ווי זיך צו ראַטעווען; אַז ניט, וועלן זיי אומקומען אין דער גרויסער צרה,

אין דער שלאכט פון דעם גרויסן טאָג פון גאָט דעם אלמעכטיקן. יהוה האָט אין זיין ליבהארציקייט צוגעגרייט אזא באוואָרעניש, וואָס דערמעגלעכט אזאַ אנטרינונג. פון די זעקס אנטרינונג־שטעט „האָט משה אָפּגעשיידט דריי שטעט אויף דער זייט ירדן צו זונאויפגאַנג”. (דברים ד: מא־מד) יהושוע האָט באקרעפּ־טיקט דעם דאָזיקן אויסוואַל, נאָכדעם ווי ער איז אריבער דעם ירדן, און ער האָט אויך באשטימט דריי שטעט אין כנען. (יהו־שוע כ: ז־ט) די זעקס שטעט זיינען געווען אַן אָרט פון אנט־רינונג „פאַר די בני־ישראל” און „פאַר דעם פרעמדן” און „פאַר דעם איינגעוואַנדערטן”, און דאָס באווייזט, אַז ווען די נבואה ווערט מקוים, איז דאָס אָרט פון אנטרינונג סיי פאַר די מענטשן אין דער „קריסטנשאַפט”, און סיי פאַר די, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער „קריסטנשאַפט”; אָבער זיינען ניט אַ טייל דערפון, און וואָס נויטיקן זיך אין אזאַן אנטרינונג און באַגערן און זוכן עס. „דער טויטשלעגער, וואָס דערשלאָגט אַ נפש דורך אַ פאַרזע, אָן כיוון, זאָל קענען אהין אנטלויפן: און זיי זאָלן אייך זיין פאַר אַן אנטרינונג פון דעם בלוטמאָנער. דאָס זיינען געווען די שטעט, באשטימט פאַר אַלע קינדער פון ישראל, און פאַר דעם פרעמדן, וואָס וווינט צווישן זיי, אַז איטלעכער, וואָס דערשלאָגט אַ נפש דורך אַ פאַרזע, זאָל אהין אנטלויפן, כדי ער זאָל ניט שטאַרבן דורך דער האַנט פון דעם בלוטמאָנער, איידער ער שטעלט זיך פאַר דער עדה.” — יהושוע כ: ג, ט.

ווען אָבער עמעצער איז געוואָרן געטייט בכיוונדיקערהייט דורך נוצן פאַר אַ כלי־זיין „אַן אייזערנע זאַך”, אָדער דורך „וואַרפן אַ שטיין”, אָדער „מיט אַ הילצערנער זאַך אין האַנט”, דאָס הייסט אַ שטעקן, איז דער, וואָס איז באַגאַנגען אזא שלעכטע טואונג, וואָס האָט געפירט צום טויט, געווען שולדיק אין טויט־שלאָגן און האָט געמוזט שטאַרבן. (במדבר לה: טז־יח) דעם טויטשלעגערס בלוט האָט געמוזט פאַרגאָסן ווערן דורך דעם בלוטמאָנער, וואָרן דאָס איז דאָס שטראָפגעזעץ פון גאָט פאַר פאַרברעכן קעגן דעם אייביקן בונד. „דער וואָס פאַרגיסט דאָס בלוט פון אַ מענטשן, זאָל דורך אַ מענטשן זיין בלוט פאַרגאָסן



ראַטעווע זיך אין יהוהס אָרגאַניזאַציע ! זייט 116

ווערן; וואָרן אין געשטאַלט פוּן גאָט האָט ער געמאַכט דעם מענטשן.” (בּראשית ט: ו) „דער בּלוּטמאַנער, ער זאָל אוּמ־בּרענגען דעם מערדער: ווען ער טרעפט אים, זאָל ער אים טייטן.” (בּמדבּר לה: יט) אָבער אויב די דערשלאָגוּנג איז געווען דוּרך אַ פאַרזע און ניט בּכּיוון, האָט דער מערדער געקאָנט אַנטלויפן אין דער אַנטרינוּנג־שטאָט און דאָרט געפינען שוּץ. „און די שטעט זאָלן אייך זיין פאַר אַנטרינוּנג פוּן דעם בּלוּט־מאַנער, כּדי דער טויטשלעגער זאָל ניט שטאַרבּן, איידער ער שטעלט זיך פאַר דער עדה צוּם משפּט.” — בּמדבּר לה: יב.

## דער בּלוּטמאַנער

ווער איז דער בּלוּטמאַנער, אָדער דער, וואָס בּיי דער דערפי־לוּנג פוּן דער נבוּאה, פירט דוּרך די נקמה קעגן אַזעלכע שלעכטס־טוּער? דאָס וואָרט אַליין פוּן גאָטס געזעץ מאַכט דעם „בּלוּט־מאַנער” פאַר גאָטס אָפיציעלן אוּרטייל־אויספירער. לויט דעם העבּרייאישן וואָרט „גוֹאל” פאַלט אויס דאָס נעמען נקמה אויף אַ קרוב.

דער גרויסער קרוב פוּן מענטשלעכן מין איז ישוּע דוּרך זיין געבּוּרט פוּן דער בּתוּלה מרים; פאָלגלעך איז ער געווען אַ קרוב צוּ די ישׂראלים. (גאַלאַטער ד: ד, ה) דער פוּלקאָמענער מענטש ישוּע האָט אויסגעקויפט די מענטשלעכע ראַסע מיט זיין אייגן טייער בּלוּט און איז דעריבּער דער דערלייזער; און זייענדיק דער דערלייזער פוּן מענטשן, איז ער בּאַקליידט מיט אויטאָריטעט פוּן יהוה, זיין פאָטער, צוּ געבּן לעבּן דעם מענטשלעכן מין. (רוימער ו: כג; ישעיה ט: ו, ז) ער איז יהוהס גרויסער אוּרטייל־דוּרכפירער, און ער טיילט אויס גערעכטיקייט דוּרך צוּריקצאָלן גלייך אויף גלייך דעם בּלוּטשוּלדיקן. „וואָרן דער פאָטער משפּט קיינעם ניט, נייערט ער האָט דאָס גאַנצע משפּט איבּערגעגעבּן דעם זוּן; און ער האָט אים געגעבּן מאַכט אויך דוּרכצוּפירן דעם משפּט, ווייל ער איז דער בּן־אָדם.” (יוֹחנן ה: כב, כז; דבּרים יט: כא) ישוּע המשיח איז דער רעכטפאַרטיקער פוּן יהוהס נאָמען, און דער משפּט־דוּרכפירער פוּן גאָטס אַלע

שונאים, און דורך זיין נעמען נקמה איז ער פאַרבונדן מיט די, וואָס ווערן געשילדערט אַלס די „זעקס מענער", וואָס יעדער פון זיי איז באַוואָפנט מיט אַ צעשטערגעצייג אין זיין האַנט און נוצט עס לויטן אָנווייז פון האַר. — זע יחזקאל ט: א, ב; רייכטום, זייטן 93-99; אויך דאָס בוך רעכטפאַרטיקונג, באַנד 1, זייט 94; ענגלישע אויסגאַבע.

„דער בלוטמאָנער, ער זאָל טייטן דעם מערדער, ווען ער טרעפט אים." (דברים לה: יט) ישוע המשיח, דער גרויסער ריכטער, וועט זיך טרעפן און כאַפּן אַלע בלוטשולדיקע אין הר־מגדון, אין דער שלאַכט פון דעם גרויסן טאָג פון דעם אַלמעכטיקן גאָט, און וועט אומברענגען אַלע, וואָס געפינען זיך ניט אין די שטעט פון אַנטרינונג. די באַשטימונג פון געזעץ איז געווען, „אַז דער טויטשלעגער זאָל ניט שטאַרבן, איידער ער שטעלט זיך צום משפט פאַר דער עדה". (במדבר לה: יב) אַלע אַנדערע טויטשלעגער האָבן געמוזט הינגעריכט ווערן. די שטעט פון אַנטרינונג זיינען צוגעגרייט געווען אויף צו ראַטעווען זיך: „כדי דער בלוטמאָנער זאָל ניט נאָכיאָגן דעם טויטשלעגער, בעת זיין האַרץ איז הייס, און אים כאַפּן, ווייל דער וועג איז אַ ווייטער, און אים טייטן; ווען אים קומט ניט קיין טויטשטראָף, ווייל ער איז אים ניט געווען קיין שונא פון פריער אָן . . . כדי עס זאָל ניט פאַרגאָסן ווערן אומשולדיק בלוט אין דיין לאַנד, וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר פאַר אַ נחלה, און עס זאָל ניט זיין אויף דיר קיין בלוטשולד." (דברים יט: ו־י) די דאָזיקע פאַראָרדענונג פון גאָטס געזעץ איז געווען אַ שאָטנבילד פון אַ סך גרעסערע זאַכן, וואָס דאַרפן געשען, נאָכדעם ווי דער געטרייער און אויסגעפרווטער איבערבלייב איז אַריינגענומען געוואָרן אינם בונד פאַרן קעניגרייך. (עברים י: א; יב: יב־כט) אַזוי ווי דער נייער בונד איז שוין איינגעפירט געוואָרן, און די געטרייע זיינען אַריינגענומען געוואָרן אינם בונד פאַר דעם קעניגרייך, דעריבער פאָלגט דערפון, אַז די דאָזיקע סימבאָלישע שטעט פון אַנטרינונג זיינען איצט אויפגעשטעלט, און זיי זיינען צום נוצן פאַר די, וואָס נעמען אָן די תנאים פון גאָטס האַרץ־

ליבּענדיקער באַוואָרעניש. (אויספירלעכער באַטראַכט אינם בּוּך יהוה; ענגלישע אויסגאַבּע.)

בּעת יהוּא איז אַרויס צוּ רעכטפאַרטיקן יהוהס נאָמען, האָט זיין האַריץ געפלאַמט דוּרכצוּפירן די אַרבּעט, וואָס גאָט האָט אים אָנפאַרטרויט. פּוּנקט אַזוי איז געווען מיטן גרעסערן יהוּאָן, ישוּע המשיחן, ווען ער איז געשיקט געוואָרן צוּ הערשן צווישן זיינע שׂוּנאים און צוּ רעכטפאַרטיקן גאָטס נאָמען, האָט זיין האַריץ געבּרענט דוּרכצוּפירן די דאָזיקע גרויסע אויפגאַבּע. פאַר די אוּמגעהייערע און הימל־שרייענדיקע פאַרלעצוּנג פוּן דעם אייבּיקן בּוּנד דוּרכן פאַרגיסן מענטשנבּלוּט, מוּז איצט גענוּמען ווערן נקמה, וואָרן איצט איז דער טאָג פוּן נקמה פוּן אוּנדזער גאָט, און די בּלוּטשוּלדיקע מוּזן פאַלן דוּרך דער האַנט פוּן דעם גרויסן ריכטער. דערפאַר וויים דער טייוול, „אַז ער האָט וויניק צייט" און אַז אינגיכן וועט די שלאַכט פוּנם גרויסן טאָג פוּן דעם אַלמעכטיקן גאָט געקעמפט ווערן. (אַנטפּלעקוּנג יב: יב) דאַן וועט אויסגעטיילט ווערן גערעכטיקייט צוּ די מערדער, און יהוהס נאָמען וועט גערעכטפאַרטיקט ווערן. ווער עס איז געווען אוּמוויסנדיקערהייט פאַרבּוּנדן מיט דער טייוולאָנישער אַרבּעט קעגן דער מענטשהייט און מיטן אָנהויפּן חרפּה אויף יהוהס נאָמען; אָבּער וואָס וויל איצט זיך ראַטעווען אין די אַנטרינוּנג־שטאָט, מוּז זיך צוּאיילן דערמיט. אַזעלכע מוּזן אַנטלויפן פוּן דעם טייוולס אָרגאַניזאַציע און פאַרנעמען זייער אָרט אין דער אָרגאַניזאַציע פוּן גאָט דעם האַר און בּלייבּן דאָרטן. דעריבּער שטייט געשריבּן: „אַנטלויפט פוּן בּבל, און ראַטעוועט איטלעכער זיין נפש; ווערט ניט פאַרשניטן דוּרך איר זינד; וואָרן דאָס איז די צייט פוּן גאָטס נקמה: ער וועט איר בּאַצאָלן אַ פאַרגעלטוּנג. מאַכט בּלאַנק די פיילן; פילט אָן די פיילבּייטלען! גאָט האָט דערוועקט דעם גייסט פוּן די מלכים פוּן מדי; וואָרן זיין טראַכטוּנג איז קעגן בּבל, זי צוּ צעשטערן, ווייל דאָס איז די נקמה פוּן יהוה, די נקמה פוּן זיין טעמפּל." — ירמיה נא: ו, יא.

אין משך פון יאָרהונדערטער איז די וועלט געווען אונטער דער באַדריקערישער הערשאַפט פון דעם רשע, דעם שׂטן, און פון זיין גרויזאַמער און רשעותדיקער אָרגאַניזאַציע. דער משפּט־דורכפירער וועט זיי אין הר־מגדון פולשטענדיק פאַרניכטן. ישוע המשיח, דער משפּט־דורכפירער, איז איצט אין יהוהס טעמפּל צו משפּטן, און גאָט באַפעלט אַלע פעלקער צו שווייגן פאַר זיין אָנגעזיכט און צו אַכטן יהוהס געבאָט. איצט איז זיין צייט באַקאַנטצומאַכן זיין באַשלוס, און ער לאָזט די מענטשן וויסן און וואָרנט זיי. דעם אָפיציעלן טייל פון דעם שׂטנס זעבאַרער אָרגאַניזאַציע האָט מען געלאָזט וויסן און געוואָרנט, אַז די איצטיקע וועלט איז דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, אַז זי וועט פאַרניכט ווערן, און אַז יהוהס עדות זיינען פון אים באַשטימט געוואָרן באַקאַנטצומאַכן די דאָזיקע אמתן און צוצושטעלן אַזאַ פּראָקלאַמאַציע. די באַקאַנטמאַכונג פון די דאָזיקע אמתן איז ניט וווילגעפעלן די גייסטלעכע, די גרויס־הענדלער און פּאָליטיקאַנער; נייערט פאַרקערט, זיי האָבן ניט געוואָלט נעמען אין אַכט די מודעה און וואָרענונג און זיי האָבן פאַרהאַרטעוועט זייערע הערצער. דאָס איז הויפּטזאַכלעך אמת בנוגע די גייסטלעכע. דער דאָזיקער אָפיציעלער עלעמענט דריקט ווייטער מיט אייגנווילִיקייט, פאַרבאַדאַכטונג און פאָרויס־צוגעטראַכטער רשעות צו אונטערדריקן גאָטס מענטשן און זיי צו פאַרפאָלגן פאַר באַקאַנטמאַכן דעם אמת. נאָכמער, זיי שעדיקן און ברענגען אום די, וואָס זיינען איבערגעגעבן דעם האַר. זיי שעדיקן די מענטשן פון גוטן ווילן דורך זייער שטענדיקער באַמיאונג צוריקצוהאַלטן פון זיי דעם אמת.

די אָפיציעלע טיילן פון דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, סיי די זעבאַרע און סיי די אומזעבאַרע, זיינען אין אַ פאַרשווערונג צו פאַרניכטן די געזאַלבטע פון דעם האַר און צו פאַרהיטן די באַקאַנטמאַכונג פון אמת בנוגע יהוה, זיין נאָמען און זיין כּונה. (תהלים פה: א־ה) פּונקט ווי אַחאָב און איזבל, וואָס האָבן צוגערעדט עדות צו דערהרגענען נבֿותן און צוצונעמען זיין אייגנטום, אַזוי רעדן אָן די גלחים און זייער פאַרבינדעטע אַנדערע

צו שווערן פאַלש קעגן יהוהס עדות און צו פאַראורזאַכן זיי לײדן, און אַזוינאַך ווייזן די רעליגיע־פירער אַרויס רשעות און גרוי־זאַמען האַס. מיט מערדערישן האַס לויערן זיי, אומצוברענגען די געטרייע. בנוגע אַזעלכע דערקלערט גאָטס געזעץ: „אויב ער האָט אים אַ שטויס געטאָן מיט האַס אָדער ער האָט געשליי־דערט אויף אים עפּעס לויערנדיק אויף אים, כּדי ער זאָל שטאַר־בּן; אָדער ער האָט מיט פײנטשאַפט אים געשלאָגן מיט זיין האַנט, כּדי ער זאָל שטאַרבּן: זאָל דער, וואָס האָט געטויט, געטויט ווערן; וואָרן ער איז אַ מערדער: דער בּלוטמאָנער זאָל טייטן דעם מערדער, ווען ער טרעפט אים.״ — בּמדבּר לה: כ, כא.

ניט שפּעטער ווי אין הר־מגדון וועט ישוע המשיח, דער בּלוט־מאָנער, אומבּרענגען די רשועתדיקע רעליגיע־פירער און זייערע פאַרבּינדעטע. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבּן בּאַהויפּט, אַז זיי דינען גאָט, אָבּער וואָס האָבּן בּכיוון געדינט דעם טייוול, וועלן בּאַשטראָפט ווערן אויף אַ שטרענגערן אופן פון דעם גרויסן משפּט־דורכפירער. דער האַר בּאַפעלט די „זעקס מענער״, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דעם אומזעבּאַרן טייל פון דער אָרגאַניזאַציע אונטער ישוע המשיחן, צו גיין מיט זייערע וואָפן און אומצובּרענגען די להכעיסניקעס אָן שום מיט־לייד. „און צו די אַנדערע האָט ער געזאָגט פאַר מיינע אויערן: גייט הינטער אים דורך דער שטאָט, און שלאָגט; אייער אויג זאָל ניט שוינען, און איר זאָלט זיך ניט דערבּאַרעמען: הרגעט צום טויט זקנים, בּחורים און יונגפרויען און קליינע קינדער און ווייבּער; אָבּער איר זאָלט ניט גענענען צו קיין מענטשן, וואָס אויף אים איז דער צייכן; און פון מיין הייליקטום זאָלט איר אָנהייבּן. האָבּן זיי אָנגעהויבּן פון די אַלטע לייט, וואָס זיינען געווען פאַרן הויז.״ (יחזקאל ט: ה, ו) די דייטלעכע דערקלערונג פון דעם האַר איז, אַז „די אָרגאַניזירטע רעליגיע״, וואָס האָט אַזויפיל געשענדט זיין נאָמען, און יענע אין די רעליגיע־אָרגאַ־ניזאַציעס, וואָס האָבּן אָנטייל גענומען אין פאַרפאָלגן זיין

געטריי פאָלק און האָבן פארשוועכט זיין נאָמען, זאָלן פארניכט ווערן אָן רחמנות.

טאָ ווער וועט אַנטרינען? די מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס וועלן זיך ראַטעווען אין די שטעט פון אַנטרינונג. זיי זיינען אַמאָל געווען אָ געוויסן גראַד פארבונדן מעט דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע; אָבער איצט, נאָך דעם ווי זיי האָבן אויסגעפונען וועגן איר רשעות און וועגן גאָטס גוטסקייט, זוכן זיי זיך צו ראַטעווען אין גאָטס אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשילדערט געוואָרן דורך די שטעט פון אַנטרינונג. זיי פארלאָזן בבל, דאָס הייסט, דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, און זיי אַנטלויפן אין גאָטס אָרגאַניזאַציע, שטעלנדיק זיך אויפן צד פון יהוה און זיין קעניגרייך. פון איצטער אָן טאָרן זיי ניט האָבן קיין סימפּאַטיעס מיט דער רשעותדיקער אָרגאַניזאַציע און טאָרן זיי ניט שטיצן; נייערט, זיי מוזן בלייבן שטאַנדהאַפטיק אויף דער זייט פון דעם האַר און אין פולער סימפּאַטיע מיט זיין אָרגאַניזאַציע און מיט זיין ווערק, וואָס ער טוט.

## די עלטעסטע

די עלטעסטע פון גאָטס אָרגאַניזאַציע זיינען די, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן אינם טעמפּל און זיינען געזאַלבט געוואָרן פון דעם האַר, און וועלכע זיינען אַזוינאָך, פאַקטיש עלטעסטע אָדער רייפע, אין משיחן. די וועלן זיך ניט אָפּהאַלטן צו דערקלערן דעם אמת וועגן גאָטס שׂונאים; און דאָס איז פאָרויסגעזאָגט געוואָרן דורך דער דערקלערונג פון גאָטס געזעץ געגעבן אין מואָב: „ווען אַ מאַן האַסט זיין שכן, און לויערט אויף אים, און שטייט־אויף אויף אים, און דערשלאָגט אים צום טויט, און ער שטאַרבט; און ער אַנטלויפט אין איינער פון די דאָזיקע שטעט: דעמאָלט זאָלן די עלטעסטע פון זיין שטאָט שיקן אַהין און אים נעמען פון דאָרטן, און אים איבערגעבן אין די האַנט פון דעם בלוטמאָנער, אַז ער זאָל שטאַרבן. דיין אויג זאָל זיך ניט דערבאַרעמען אויף אים, נייערט זאָלסט אויסראַמען די

שולד פון אומשולדיק [פארגאסן] בלוט פון ישראל, כדי דיר זאל גוט זיין.״ — דברים יט: יא־יג.

דער געטרייער איבערבלייב פון גאטס ארגאניזאציע, וואס באשטייט פון עלטעסטע, טאר אויף קיין שום אופן ניט איינגיין אויף קאמפראמיסן מיט די אבזיכטלעכע מערדער אדער פארפאלגער אין שטנס ארגאניזאציע אדער פרובירן זיי צו פארדעקן, און ער טאר אויך ניט האבן קיין שום מיטלייד מיט זיי בנוגע דער דורכפירונג פון גאטס נקמה איבער זיי. ניט נאר מוז ער זיך אפטיילן פון יענער רשעותדיקער ארגאניזאציע, נאר מוז זיין מיט זיין גאנצן הארצן איינפארשטאנען מיט גאטס אנטשלאסנקייט דורכצופירן זיין נקמה איבער זיי. גאטס געטרייע מוזן טאן תפלה צו אים, אז זיין דערקלערטע כונה צו פארניכטן די רשעים זאל דורכגעפירט ווערן. אזוינאך וועלן זיי באווייזן זייער פולע סימפאטיע מיט יהוה, זייער הארץ־איבערגעגעבנקייט צו אים און זייער איינשטימיקייט מיט זיינע כונות. די געטרייע מוזן דערפאר האלטן אין איין דערקלערן אומדערשראקן די נקמה פון אונדזער גאט, ווארן דאס איז א טייל פון דער עובדא, וואס ער האט ארויפגעלייגט אויף די געזאלבטע. — ישעיה סא: א, ב.

עס זיינען פאראן מיליאנען מענטשן מיט גוטע און ערלעכע הערצער אין גאנצן לאנד פון דער „קריסטנשאפט״, וואס ווילן ניט טיילן די שולד פאר אומשולדיק פארגאסן בלוט. אומוויסנדיק, פאלגלעך אומאבזיכטיק, און וועלכער ניט איז כונה און דורך א פארזע, זיינען זיי אריינגעצויגן געווארן אין דעם שטנס פאסטקע און זיינען געצווונגען געווארן צו באגיין א סך שלעכטע מעשים קעגן אנדערע. אין גאטס געזעץ ווערט דאס ניט־וויסן פון דעם געזעץ אנטשולדיקט, אויב איינער קערט זיין הארץ צו גערעכטיקייט. אבער, כדי אזעלכע זאלן זיך קענען ראטעווען, מוזן זיי באווייזן זייער איבערגעגבנקייט צו גאט און זיין קעניגרייך, נאכדעם ווי זיי דערוויסן זיך, וואס ער האט אנגעגרייט פאר דעם מענטשלעכן מין. פונקט ווי די „עלטסטע פון זיין [דעם מערדערס] שטאט״, טארן אויך זיי ניט באשיצן די שולדיקע; נאר זיי מוזן זיין אין איינקלאנג מיט דעם גרעסערן

יהוא; און ווען ער, ווי יהוא, פאַדערט די קעפּ פון די זין פון דעם היינטיקן אַחאַב־עולם, מוזן זיי נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון די הערשער און די עלטעסטע און איבערגעבן די דאָזיקע קעפּ. (מלכים ב׳ י: א־ז) דאָס מיינט ניט, אַז זיי נעמען אָנטייל אין אויספירן אַ פּסק־דין איבער וועלכן ניט איז נפש; נייערט דאָס באַדייט, אַז זיי טאָרן ניט צעגערן צו דערקלערן דעם אמת, ווען די געלעגנהייט קומט. און אַז זיי טאָרן ניט שווייגן, כּדי צו באַהאַלטן עמיצן. די גייסטלעכע, ספּעציעל די קאַטוילישע הער־אַרכיע, מאַכט גוואַלדן און באַקלאָגט זיך, אַז יהוהס עדות באַפאַלן זיי. דאָס איז אַבסאָלוט ניט אמת. גאָט האָט אַרויפגע־לייגט אויף זיין פאָלק די פליכט באַקאַנטצומאַכן דעם אמת, אַז אַנדערע זאָלן וויסן וועגן גאָטס גערדאַנקען. דער דאָזיקער אמת דעקט אויף די רשעים; און דער אמת ווערט באַקאַנט געמאַכט פאַר דער טובה פון די, וואָס ווילן ריכטיק האַנדלען.

דער גרויסער שופט, ישוע המשיח, זיצט אויף זיין טראָן אין דעם טעמפּל און טיילט פאַנאַנדער די מענטשן, און די, וואָס ווילן זיין אין איינקלאַנג מיט גאָט און גערעכטיקייט, מוזן אָן שום צווייַדייטיקייט אָדער קאָמפּראָמיס זיך שטעלן מיטן צד פון דעם האַר און לאָזן ווערן באַוווּסט, אַז זיי זיינען צו יעדער צייט פאַר גאָט און פאַר זיין גערעכטער רעגירונג. אויף יהוהס עדות ליגט איצט די פליכט צו באַלערנען דעם יונדב־קלאַס מענטשן, כּדי די גוטוויליקע זאָלן האַנדלען פאַרנונפטיק. די דאָזיקע מענטשן פון גוטן ווילן און מיט ערלעכע הערצער זיינען גע־האַלטן געוואָרן אין בלינדקייט דורך דעם שׂטן און זיינע משר־תים, הויפּטזאַכלעך דורך די גלחים, ביז זיי האָבן דערהערט דעם אמת וועגן דעם האַר און זיין מלוכה; און אַזוי־אַרום האָבן זיי אָן אָבזיכט אונטערשטיצט די גאָטלאָזע חברה און באַגאַנגען גוואַלטטאַטן קעגן די, וואָס זיינען געטריי יהוה און זיין קעניג־רייך; און דאָס האָבן זיי געטאָן אויך צו אַנדערע.

זינט דעם האַר ישועס קומען אין טעמפּל און זינט דעם אויפבוי פון ציון, זיינען די, וואָס זיינען דערקענט געוואָרן פאַר געטרייע און געבראַכט געוואָרן אינם בונד פאַרן קעניגרייך,

געוואָרן אַ טייל פון גאָטס הויפּט־אָרגאַניזאַציע. די שטעט פון אַנטרינונג זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן נאָך דעם בונד פון געטריישאַפט, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין מואָב, און דאָס באַווייזט, אַז ערשט נאָך דעם אַריינגעמען די געטרייע זין פון גאָט אין בונד פאַרן קעניגרייך, ווערן איצט, אין קעגנבילד, די שטעט פון אַנטרינונג אויפגעשטעלט, אָדער בעסער געזאָגט, גע־עפנט. איידער דער געטרייער איבערבלייב איז אַריינגענומען גע־וואָרן אינם בונד פאַרן קעניגרייך, און זינט דאַן, זיינען געווען פאַראַן מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס האָבן ניט ווייסנדיק, אָן אַן אָבזיכט און אין אַ פאַרזע פאַרלעצט דעם אייביקן בונד. די צייט פון אָפּפער און אויסקלייבונג פון אַ פאָלק פאַר יהוהס נאָמען מוז זיך ענדיקן מיט דער פאַרענדיקונג פון ציון; אָבער וואָס פאַרא צוגרייטונג איז געמאַכט געוואָרן פאַר די מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס גיבן איצט זיך איבער אינגאַנצן צו גאָט? זיי זיינען אין דער וועלט, וואָס ווערט באַהערשט פונם שטן, און זיי האָבן ניט קיין שום סימפּאַטיע מיט זיין רשעותדיקער הערשאַפט און האָבן זיך דערפון אָפּגעשיידט. זיי ווילן דינען גאָט און טאָן זיין ווילן. און גראָד איצט איז עס וויכטיק צו פאַרשטיין, אין וואָס באַשטייט יהוהס כונה בנוגע זיי, און וואָס פאַרא פליכט איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דעם געטרייען איבערבלייב אין צוזאַמענהאַנג מיט די יונדבס.

מענער זיינען אוועק אין דער וועלט־מלחמה און זיי האָבן פאַרלעצט דעם אייביקן בונד דורך פאַרגיסן מענטשנבלוט; אָבער אַ סך פון זיי האָבן דאָס געטאָן, ווייל זיי זיינען געצוווּנ־גען געוואָרן דורך די הערשנדיקע מאַכטן פון דעם שטנס אָרגאַ־ניזאַציע אַזוי צו טאָן, און זיי האָבן דאָס געטאָן ניט ווייסנדיק, אַז זיי פאַרלעצן דעם אייביקן בונד. דאָרטן האָבן זיי געזען די צוויי־פּנימדיקייט און די פאַרשטעלטקייט פון די גייסטלעכע, וואָס האָבן באַהויפּט, אַז זיי זיינען די נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן און די דינער פון גאָט; אָבער וואָס האָבן ניט נאָר אָנטייל גענומען אין דער מלחמה, נאָר אויך בייזוויליק אַנדערע אָנגע־רייצט צו דערהרגענען מענטשלעכע נפשות. אַזעלכע מענטשן

זיינען געוואָרן שטאַרק אויפגעטרייסלט פון דעם אויפפּיר פון די רעליגיע־פירער, און ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער מלחמה און האָבן געהערט וועגן דעם אמת פון גאָטס אָנגרייטונג פאַרן מענטשלעכן מין דורך ישוע המשיחן, האָבן זיי געקראָגן אַ פאַרלאַנג צו וויסן און צו טאָן גאָטס ווילן. זיי האָבן פיינט געהאַט רשעות און געזוכט מיט אַן ערלעך האַרץ צו געפינען דעם ריכטיקן דרך. אַנדערע האָבן פריער געשטיצט די רשעותדיקע און אונטערדריקנדיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס געוועלטיקט איבער דער איצטיקער וועלט און וואָס איז באַגאַנגען אַזאַ סך גוואַלטטאַטן קעגן מענטשן, אַריינרעכענענדיק יהוהס עדות. אַנדערע זיינען געווען פאַרבונדן מיט רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן גרויזאַם פאַרפאָלגט גאָטס געטרייע מענטשן אויף אַן ענלעכן אופן ווי די עולה, וואָס איז באַגאַנגען שאול פון תרשיש. (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע ח:א־ג; ט:א־כב) אַנדערע, אַלס מיטגלידער פון דער פּאָליציי אָדער פון „שטאַרקן אָרעם" פון געזעץ, האָבן קעגן זייער ווילן דורכגעפירט די באַפעלן פון די גלחים, און זיינען באַגאַנגען גוואַלטטאַטן קעגן גאָטס געזאַלבטע מענטשן; אָבער ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט דעם אמת, האָבן זיי באַוויזן זייער גרייטקייט, זיך צו פאַרנעמען אויף אַן אַנדערן און גערעכטן דרך. ווער עס בייט ערלעך זיין אופן פון האַנדלען און זוכט דעם האַר אויף זיין באַשטימטן וועג, וועט אים געפינען.

די ווירקלעכקייט, וואָס איז געווען סימבאָליזירט פון די שטעט פון אַנטרינונג, איז יהוהס אָרגאַניזאַציע, און ער האָט צוגעגרייט שוץ פאַר די, וואָס שטעלן זיך גאַנץ אויף דער זייט פון זיין אָרגאַניזאַציע און וואָס האָבן ניט אָבזיכטלעך און רשעותדיק פאַרלעצט דעם אייביקן בונד. „אָבזיכטלעך און רשעותדיק" מיינט צו באַגיין באַוווּסטזיניק אַ שלעכטע טאַט מיט אַ בייזוויליקער כּונה אין האַרצן און אָן אַכט פאַר די רעכט פון אַנדערע. צום ביישפּיל, גייסטלעכע האָבן געמאַכט פאַרשווערונגען צו פאַרפאָלגן און דערהרגענען יהוהס עדות, און זיי האָבן דאָס געטאָן ווייסנדיק, אַז די דאָזיקע מענטער און פרויען זיינען אומ־

שעדלעך און אז זיי פּראָקלאַמירן גאָטס וואָרט. די אָבזיכט פון אזעלכע רעליגיע־פירער איז געווען אַ רשעותדיקע, ווייל זיי האָבן געוואָלט אָפּראַמען פון וועג די דאָזיקע עדות. אַנדערע האָבן זיי געהאָלפן ביי זייערע שלעכטע טאַטן; אָבער זיי האָבן דאָס געטאָן אָן אָבזיכט און אָן בייזוויליקייט. גאָטס געזעץ וועגן אַזעלכע מענטשן איז געגעבן געוואָרן די ישׂראלים, און באַציט זיך איצט, אין דער סימבאָליזירטן ווירקלעכקייט צו אַנדערע, נעמלעך: „די זעקס שטעט זאָלן זיין אַן אַנטרינונג, סיי פאַר די קינדער פון ישׂראל, סיי פאַרן פרעמדן און סיי פאַרן איינגעוואַנדערטן צווישן זיי; אַז יעדער מענטש, וואָס דער־שלאָגט אַ נפש דורך אַ פאַרזע זאָל קאָנען אהין אַנטלויפן.״ — במדבר לה: טו.

און איצטער, זינט דער האַר איז געקומען אין טעמפּל, מוזן די פון דער „קריסטנשאַפט״, וואָס פאָרמירן ניט קיין שום טייל פון דער „קריסטנשאַפט״, נאָר וואָס זיינען פון גוטן ווילן און באַגערן צו דינען גאָט און זיין גערעכטער רעגירונג, געפינען אַ האָפן אָדער אַן אָרט פון אַנטרינונג אין דער שטאָט (דאָס מיינט צו זאָגן, אין דער אָרגאַניזאַציע), וואָס איז פולשטענדיק געווידמעט צו דינען יהוה. יהוה האָט אין דער איצטיקער צייט אַרויפגעלייגט אַ פליכט אויף זיינע עדות בנוגע דעם דאָזיקן קלאַס, וואָס באַגערט צו טאָן גערעכטיקייט, און די דאָזיקע פליכט קאָן ניט ווערן אויסגעמידן אָדער איגנאָרירט. די דאָזיקע פליכט באַשטייט אין ברענגען צו די מענטשן פון גוטן ווילן די בשׂורה פון דער מלוכה און צו מאַכן זיי באַקאַנט מיט גאָטס צוגרייטונג פאַר די, וואָס גאַרן אים צו זוכן, כּדי אים צו דערקענען און צו געהאָרכן. דורך זיין גרויסן כהן־גדול, ישוע המשיחן, באַ־פעלט יהוה, אַז זיינע עדות מוזן פּריידיקן די דאָזיקע בשׂורה וועגן דעם קעניגרייך, איידער דער אַנטשיידענער סוף קומט. זיי מוזן לאָזן וויסן און וואָרענען די מענטשן, כּדי די מענטשן פון גוטן ווילן זאָלן קאָנען האַנדלען פאַרנונפטיק און זאָלן קאָנען טראָגן זייער אייגענע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר גאָט.

די צופלוכט־שטעט זיינען פארנומען געווארן פון שבט לוי: „ווען דער, וואס אנטלויפט אין איינע פון די דאזיקע שטעט, וועט שטיין אין דעם איינגאנג פון טויער פון דער שטאט, און וועט דערקלערן זיין פאל צו די אויערן פון די עלטסטע פון יענער שטאט, זאלן זיי אים אריינגעמען צו זיך אין דער שטאט און אים געבן אן ארט, און ער זאל זיצן ביי זיי. און אויב דער בלוטמאנער יאגט אים נאך, זאלן זיי ניט איבערענט־פערן דעם טויטשלעגער אין זיין האנט; ווארן ער האט דער־שלאגן זיין שכן אן א כיוון, און ער האט אים ניט געהאסט פון פריער". (יהושע כ: ד, ה) עס איז געווען די פליכט פון די דאזיקע לויים אין די אנטרינונג־שטעט צו געבן אויסקונפט, הילף און טרייסט צו די, וואס האבן זיך אהין געראטעוועט. פונקט אזוי זיינען די קעגנבילדלעכע לויים פארפליכט, צו געבן אויס־קונפט, הילף און טרייסט צו די, וואס זוכן איצט דעם הארם ארגאניזאציע. דאס מוזן זיי טאן דורך מאכן א צייכן אויף זייער שטערן, דאס מיינט צו זאגן, דורך געבן זיי פארנונפטיקע אויס־קונפטן מכח דעם, וואס זיי דארפן טאן, כדי צו דערגרייכן דעם הארם חסד. באזונדערס דורך זיין נביא יחזקאל באפעלט גאט, אז דער קלאס כהנים מוז דורכגיין דאס לאנד און אזויארום מאכן א „תו" אדער א צייכן אויף די שטערן פון די, וואס זוכן דעם הארם דרך. דאס איז דער קלאס מענטשן, אזוי גע־צייכנט, וואס קומט שפעטער אין די צופלוכט־שטעט, וווינט דארט און ווערט געשוינט און געראטעוועט אין דער גרויסער צרה. — יחזקאל ט: ו; צפניה ב: ג.

וועגן דעם, אז אויף גאטס איבערבלייב ליגט א באזונדערע פליכט בנוגע יענע מענטשן פון גוטן ווילן, וואס זוכן אזוינאך רעטונג פון דעם בלוטמאנער און וואס האבן שלעכטס געטאן אן א כיוון, שטייט געשריבן: „די עדה וועט משפטן צווישן דעם טויטשלעגער און דעם בלוטמאנער לויט די דאזיקע געזעצן: און די עדה זאל ראטעווען דעם טויטשלעגער פון דעם בלוט־מאנערס האנט. און די עדה זאל אים אומקערן צו דער שטאט פון אנטרינונג, וווהין ער איז אנטלאפן: און ער זאל דארטן

זיצן ביז דעם טויט פון דעם כהן־גדול, וואָס איז געזאַלבט געוואָרן מיט דעם הייליקן אייל.״ — במדבר לה: כב־כה.

סיי די, וואָס זאָגן זיך אָפּ אָדער פאַרזאַמען צו גיין צווישן מענטשן, צו קומען צו זיי אין זייערע היימען און צו געבן זיי גאָטס לעבן־ברענגענדיקע מלוכה־בשורה פון דעם האַר, און סיי יענע, וואָס שטערן, באַקעמפן און אַנטמוטיקן די, וואָס האָרכן אַזוי־אַרום דעם האַר דורך ברענגען די בשורה צו די מענטשן — זיי ווייזן אַרויס אומפריינטלעכקייט און אומגערעכטיקייט, וואָס גיבן איבער, אָן שום רחמנות, דעם יונדב־קלאַס צו ווערן גע־טייט דורך דעם אורטייל־אויספירער אין הר־מגדון. פאַרפעלן אָדער זאָגן זיך אָפּ דורכצופירן די דאָזיקע פליכט, וועט ניט דורכגיין אומבאַמערקט פון דעם האַר, וואָרן ער האָט אויפגע־קלערט זיינע געזאַלבטע, און זיי מוזן געהאָרכן. „זיי מציל די, וואָס ווערן גענומען צום טויט, און די אָנגעגרייטע צום הרגען, אויב דו קאָנסט אָפּהאַלטן. אויב דו וועסט זאָגן: זע, מיר האָבן דערפון ניט געוווּסט — וועט דאָס ניט מערקן דער פאַר־שער פון די הערצער? און דער היטער פון דיין זעל וועט דאָס ניט וויסן? און וועט ער ניט אומקערן איטלעכן לויט זיינע מעשׂים?״ (משלי כד: יא, יב) „אַן אמתער עדות ראַטעוועט נפשות; אָבער אַ באַטריגערישער עדות רעדט ליגן.״ — משלי יד: כה.

## זוכנדיק צופלוכט

דער פאַקט וואָס די צופלוכט־אָנגרייטונג איז געמאַכט געוואָרן „פאַר דעם פרעמדן״ אַזוי גוט ווי פאַר די ישׂראלים באַווייזט, אַז יהוהס גוטסקייט האָט באַוואָרנט אויך יענע, וואָס געפינען זיך אויסער דער אָרגאַניזאַציע, כּדי זיי זאָלן קאָנען זוכן און געפינען רעטונג דורך פאַרבינדן זיך מיט זיין אָרגאַניזאַציע, דאָס הייסט דורך זיין פולשטענדיק אים איבערגעגעבן מיט התמדה; אָבער די, וואָס וועלן זיך באַנוצן מיט אַזאַ צופלוכטאָרט, מוזן פריער ווערן אויפגעקלערט וועגן דעם און דאַן ערשט נאָכקומען די באַשטימונגען, וואָס גאָט האָט צוגעגרייט פאַר זייער וועגווײַ־

זונג. גאַנץ געזעץ האָט געפאָדערט, אַז אויב עמיצער ברענגט אום אַן אַנדערן דורך אַ צופאַל אָדער אָן אַ כיוון אָדער אין אַ פאַרזע, און אויב דער טויטשלעגער איז ניט געווען קיין שונא פון דעם דערהרגעטן מענטשן, דאַן האָט באַדאַרפט די עדה משפטן צווישן דעם טויטשלעגער און דעם בלוטמאָנער אָדער קרוב; דאָס הייסט, זיי האָבן געמוזט משפטן און באַשליסן, צי דער טויטשלעגער מעג אָדער טאָר ניט אַנטלויפן אין זייער שטאָט און געפינען דאָרט צופלוכט. „און ער זאָל וווינען אין יענער שטאָט, ביז ער שטעלט זיך פאַר דער עדה צו ווערן געמשפט, און ביזן טויט פונם כהן־גדול, וואָס וועט זיין אין יענע טעג: דאַן וועט דער טויטשלעגער זיך אומקערן, און קומען אין זיין אייגענער שטאָט, און אין זיין אייגן הויז, אין דער שטאָט, פון וואַנעט ער איז אַנטלאָפן.״ — יהושע כ: ו.

אויב דער פסק־דין איז געווען, אַז דאָס הרגען איז באַגאַנגען געוואָרן אָן בייזוויליקייט און איז געווען צופעליק און ניט בכיוונדיק, דאַן האָט דער טויטשלעגער געפינען שוץ אין דער שטאָט פון אַנטרינונג, און ער האָט געמוזט דאָרט בלייבן ביזן טויט פון דעם כהן־גדול. און דאַן אַפילו, הגם די עדה האָט דערקלערט דעם טויטשלעגער פאַר ניט שולדיק, און אַז ער איז באַרעכטיקט צום שוץ פון דער צופלוכט־שטאָט, איז דאָס נאָך ניט געווען גענוג פאַר אים צו ווערן באַפרייט, נאָר ער האָט געמוזט אַריינגיין אין דער שטאָט פון אַנטרינונג און בלייבן דאָרט ביז עס איז פאָרגעקומען אַן איבערבייטעניש אין דעם אַמט פונם כהן־גדול. נאָכן טויט פונם כהן־גדול האָט דער טויטשלעגער געקאָנט זיך אומקערן מיט זיכערקייט צו זיין אייגן אָרט אָדער זיין וווינאָרט. דאָס שיינט צו באַווייזן קלאָר, אַז דער יונדב־קלאַס, זוכנדיק און געפינענדיק אַנטרינונג אין גאַנץ אָרגאַניזאַציע, מוז בלייבן אין דעם רייטוואָגן אָדער אין דער אָרגאַניזאַציע פון דעם האַר, ביי דעם גרויסן יהוא, און מוז אָנהאַלטן זיין האַרץ־סימפּאַטיע און איינקלאַנג מיט דעם האַר און זיין אָרגאַניזאַציע און מוז באַווייזן זיין גוטן האַרץ־צושטאַנד דורך מיטאַרבעטן מיט יהוהס עדות, ביז דער אַמט פון דעם

כּהן־גדול־קלאַס, וואָס איז נאָך אויף דער ערד, וועט זיך ענדיקן. אַזוי מוזן טאָן די מענטשן פון גוטן ווילן, אויב זיי ווילן, אַז זייער לעבן זאָל געשווינט ווערן אין דער־שלאַכט פונם גרויסן טאָג פון דעם אַלמעכטיקן גאָט, און אויב זיי ווילן זיין פון דעם קלאַס, וואָס וועט לעבן און וואָס ווערט אַזוי אָפט דערמאָנט אַלס די „מיליאָנען, וואָס לעבן איצט און וועלן קיינמאָל ניט שטאַרבן”.

דער האַר ישוע המשיח איז דער גרויסער כּהן־גדול, און די געטרייע מיטגלידער פון זיין קעניגהויז ווערן פאַררעכנט אַלס מיטגלידער פון דער דאָזיקער כּהונה. (אַנטפּלעקונג א: ו; כ: ו; פּעטרוס א ב: ה־ט) דער זאַלבאייל פון גאָטס גייסט איז ספּעציעל ארויסגעגאָסן געוואָרן אויף אַלע פון יהוהס עדות אין די איצטיקע לעצטע טעג; און דורך דער דאָזיקער זאַלבונג זיינען זיי געוואָרן מיטגלידער פון דער „קעניגלעכער כּהונה”.

די דאָזיקע זאַלבונג אָדער ,דאָס אויסגיסן דעם גייסט אויף אַלע לייבער’ איז געשען זינט דעם קומען פון דעם האַר ישוע צום טעמפּל, און זינט דאַן האָבן די „יונגע לייט”, וואָס געהערן צו דער כּהונה, אַ קלאָרערן אויסבליק וועגן יהוהס כּונות בנוגע זיי. (יואל ב: כח, כט) דאָס זיינען די טעג, ווען דער יוֹנדב־קלאַס האָט אָנגעהויבן צו עקסיסטירן און ווען די פון דער יוֹנדב־מחנה זיינען אַנטלאָפן אין גאָטס אָרגאַניזאַציע. כּל זמן ווי די געזאַלבטע מיטגלידער פון דער קעניגלעכער כּהונה, דאָס מיינט דעם געזאַלבטן איבערבלייב, לעבן אויף דער ערד און האַלטן אָן צו פּריידיקן „די דאָזיקע בשורה פון דער מלוכה”, מוז די יוֹנדב־קאָמפּאַניע זיך האַלטן צוזאַמען און אין איינקלאַנג מיט יהוהס געזאַלבטע און העלפן זיי אין זייער אַרבעט; אַנדערש וועט דער גרויסער בלוטמאָנער זיי כאַפּן.

מען דאַרף האַלטן אין זינען, אַז די זאַכן בנוגע די געזעצן, וואָס גאָט האָט געגעבן די ישׂראלים, זיינען בלויז שאָטנס פון גרעסערע זאַכן, וואָס דאַרפן געשען. (עברים י: א) דאָס געזעץ וועגן דעם טויטשלעגער, וואָס האָט געהרגעט אָן אַ כּיוון אָדער אין אַ פּאַרזע, האָט אים אָנגעבאָטן שוץ בלויז אין די גרענעצן

פון די ערי מקלט אָדער צופלוכט־שטעט. און דער תּחום און די גרענעצן פון דער שטאָט זיינען געווען די פאָרשטעט, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט. (במדבר לה : ב ־ ה) אָבער ווען דער בלוטמאָנער האָט געפונען דעם טויטשלעגער אַריבער די גרענעצן פון דער שטאָט פון אַנטרינונג, דאַן האָט ער געמעגט אים הרגענען אומבאַשטראָפט, און דער בלוטמאָנער איז געווען אינגאַנצן פריי פון דער באַשולדיקונג פון בלוטפאַרגיסן.' „אָבער אויב דער טויטשלעגער וועט ווען ניט איז אַרויס אַריבער דעם געמאַרק פון זיין שטאָט פון רעטונג, וואוהין ער איז אַנטלאָפן ; און דער בלוטמאָנער וועט אים געפינען אַריבער די גרענעצן פון דער שטאָט פון אַנטרינונג, און דער בלוטמאָנער וועט הרגע־נען דעם טויטשלעגער, וועט ער ניט זיין שולדיק אין בלוט־פאַרגיסונג.״ — במדבר לה : כו, כז.

די דאָזיקע נביאישע באַשטימונג פון געזעץ געפינט איר דערפילונג ביי היינטיקן טאָג. יהוה האָט גנעדיק פאַרזאָרגט די מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס זוכן אים, און וואָס געהערן ניט צו דעם גייסטיקן קלאַס. אויב נאָכן קריגן די דאָזיקע גוטע זאַכן פון דער האַנט פון גאָט, עס וועט געפונען עמיצער, וואָס דערלויבט זיך צו פיל פּערזענלעכע פרייהייט, וואָס דאָס מיינט, אַז ער האַלט זיך ניט אין די גרענעצן פון יהוהס גנעדיקער באַוואָרעניש, וואָס איז פאַר אים צוגעגרייט אין דער איצטיקער צייט ; ניט פאַרגעסנדיק, אַז ער באַזיצט נאָך ניט דאָס רעכט צו לעבן, נייערט ער באַהאַנדלט יהוהס גנאָד גלייכגילטיק אָדער גרינגשעצנדיק, — פאַרלירט ער דעם שוץ, וואָס יהוה האָט פאַר אים צוגעגרייט. ער מוז פאָרטזעצן הויכצושאַצן די געוויסיקייט און נאָענטקייט פון הר־מגדון, ווען דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע וועט פאַרניכט ווערן, און אויך דעם פאַקט, אַז אינגיכן וועט דער כּהנים־קלאַס אַוועק פון דער ערד, און אַז דאַן וועט דער יונדב־קלאַס באַקומען די מתּנה פון לעבן דורך ישוע המשיחן, אויב זיי בלייבן ווייטער שטאַנדהאַפטיק אויף דער זייט פון דעם האַר און פון גערעכטיקייט. נאָכדעם ווי ער האָט זיך איינמאָל געשטעלט אויף דעם האַרס צד, און האָט געשפּירט דעם טעם

פון גאָטס גוטע איינריכטונגען, און נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעפונען וועגן גאָטס גנעדיקער אָנגרייטונג פאַר די פונם יהוֹנדב־קלאַס, קען ער זיך שוין ניט אומקערן צו די בעטלערישע עלעמענטן פונם שׂטנס אָרגאַניזאַציע און האָבן אין דער זעלביקער צייט דעם האַרס שוץ. — יחזקאל יח: כד, כו.

ווער עס האָט איינמאָל געזוכט און געפונען אַנטרינונג אויף דער זייט פונם האַר, און וואָס קערט זיך דאַן צוריק צו אומגערעכטיקייט, וועט ווערט זיין דעם טויט. דער פסק־אויספירער פון יהוה איז פולשטענדיק גערעכט אַזעלכע אומצוברענגען, און זיינע הענט זיינען ריין, ווייל ער פירט דורך יהוהס באַפעלן. קיינער אין דער וועלט קאָן ניט זאָגן מיט רעכט, אַז די שלאַכט פון הר־מגדוֹן וועט זיין באַרבאַריש, אומבאַרעכטיקט און אומגערעכט. פאַרקערט, דאָס וועט צופרידנשטעלן די פאָדערונגען פון גאָטס געזעץ בנוגע דער הייליקייט פון דעם מענטשלעכן לעבן. ווי נויטיק און וויכטיק עס איז איצט צו וואָרענען די מענטשן, ווערט באַטאָנט דורך די ווערטער וואָס יהוה האָט גערעדט דורך זיין נביא: „יעדער, וואָס דערהערט דאָס קול פון שופר, און לאָזט זיך ניט וואָרענען, און דאָס שווערד קומט און נעמט אים צו, איז ער אַליין שולדיק. ער האָט געהערט די שטים פון שופר, און האָט זיך ניט געלאָזט וואָרענען: דערפאַר פאַלט זיין בלוט אויף אים, וואָרום ווען ער וואָלט זיך געלאָזט וואָרענען, וואָלט ער זיין נפש געראַטעוועט. ווען איך זאָג דעם גערעכטן, אַז ער וועט זיכער לעבן, און ער פאַרלאָזט זיך אויף זיין טוגנד און טוט אומרעכט: דאַן וועלן אַלע זיינע מעשׂים ניט דערמאָנט ווערן; און פאַר זיין אומרעכט, וואָס ער האָט באַגאַנגען, דערפאַר וועט ער שטאַרבן. — יחזקאל לג: ד, ה יג.

„שאָף"

דער האַר האָט ליב צו נוצן אַ בילדער־לשון אויך צו באַשרייבן די, וואָס הערן און געהאָרכן זיינע געבאָט. איינס פון אַזעלכע ביבלישע סימבאָלן איז די „שאָף", אַ באַשעפעניש, וואָס איז מילד און געהאָרכזאַם. דער האַר האָט צייטנווייז גערעדט דורך

משלים צו שילדערן דאָס צונויפזאמלען ארום זיך פון די, וואָס האָבן ליב און וואָס געהאָרכן יהוה און ישוע המשיחן. דער פאַסטעך און די שאָף זיינען אויף אזא אופן גענוצט געוואָרן פון אים. עס איז געווען א מנהג אין ארץ ישראל (ווו ישוע האָט געפריידיקט), אז דער פאַסטעך זאָל גיין אין פאָרנט פון די שאָף, און די שאָף, קענענדיק זיין קול, האָבן געהאָרכט און אים נאָכגעפאָלגט. רעדנדיק וועגן דעם פאַסטעך זאָגט ישוע: „און ווען ער פירט אַרויס זיין גאַנצע אייגענע שאָף, גייט ער אין פאָרנט פון זיי, און די שאָף פאָלגן אים נאָך; וואָרן זיי קענען זיין קול.” — יוחנן י: ד.

יהוה איז דער גרויסער פאַסטעך, וואָס פירט, באַשיצט און באַשירעמט די, וואָס זיינען אים איבערגעגעבן. „יהוה איז מיין פאַסטעך; מיר וועט ניט פעלן.” (תהלים כג: א) ישוע המשיח, וואָס איז שטענדיק געהאָרכזאַם צום פאָטערס ווילן, ווערט אין דער הייליקער שריפט פאַרגליכן צו א שאָף, וואָס באַקלאָגט זיך ניט און וואָס איז פולשטענדיק אונטערטעניק דעם אלערהעכסטן. — ישעיה נג: ז.

ווען יהוה האָט אַרויסגעפירט די ישראלים, זיין סימבאָליש פאָלק, פון מצרים, „האָט ער געמאַכט זיין פאָלק ציען ווי שאָף, און ער האָט זיי געפירט ווי א סטאַדע אין מדבר”. (תהלים עח: נב) יענע געהאָרכזאַמע ישראלים זיינען געווען א סימבאָל פון גאָטס אויסדערוויילטע, וואָס ווערן לסוף מיטגלידער פון דעם קעניגהויז. (תהלים צה: ז) יהוה האָט געמאַכט זיין באַליבטן זון ישוע פאַר דעם הויפּט, דעם פירער און דעם גוטן פאַסטעך פון אלע, וואָס ווערן מיטגלידער פון זיין קעניג־הויז. דער האַר ישוע „פירט אַרויס ווי שאָף” מענטשן, וואָס זיינען פולשטענדיק געהאָרכזאַם צו זיין רוף און באַפעל. זיי לאָזן זיך אוועק צווישן אַנדערע, וואָס ווערן געגליכן צו וועלף, און ישוע המשיח באַשיצט זיי. (מתתיה י: טז) ישוע, דער גוטער פאַסטעך, האָט אוועקגעגעבן זיין לעבן פאַר די, וואָס ווערן זיינע אמתע נאָכפאָלגער. ישוע אַליין איז די טיר, אָדער דער וועג און דער איינגאַנג פון די שאָף צום לעבן, און דאָס שיל־



„די קליינע סטאַדע" און די „אַנדערע שאָף" זייט 139

דערט ער מיט די דאָזיקע ווערטער: „איך בין די טיר; ווער עס וועט דורך מיר אַריינקומען, דער וועט געראַטעוועט ווערן, און וועט אַריינגיין און אַרויסגיין און וועט געפינען פּאַשע. דער גנב קומט אַריין נאָר כּדי צו גנבענען און צו שעכטן און אומצוברענגען; איך בין געקומען, אַז זיי זאָלן לעבן האָבן און זאָלן עס האָבן אין איבערפלוס. איך בין דער גוטער פּאַסטעך; דער גוטער פּאַסטעך לייגט זיין לעבן אַנידער פאַר די שאָף. איך בין דער גוטער פּאַסטעך, איך קען מיין שאָף, און די מיינע קענען מיך.״ — יוחנן י: ט־יא, יד.

ישוע באַציט זיך צו די, וואָס זיינען גערופן געוואָרן נאָכצופאָלגן זיינע טריט און וואָס ווייזן זיך אַרויס פאַר געטריי און אמתדיק, ווען ער געבּרויכט די דאָזיקע ווערטער: „מיינע שאָף הערן מיין קול, און איך קען זיי, און זיי גייען מיר נאָך: און איך גיב זיי דאָס אייביקע לעבן, און זיי וועלן קיינמאָל ניט פאַרלוירן ווערן, און קיינער וועט זיי ניט אַרויסרייסן פון מיין האַנט.״ (יוחנן י: כז, כח) דורך זיין שילדערונג באַווייזט דער האַר זיין היטן מיט ליבע די מענטשן, וואָס גיבן זיך איבער מיט התמדה צו גאָטס זאַך און פאָלגן נאָך דעם מייסטער, ישוע המשיחן, דעם גוטן פּאַסטעך.

אין דער וועלט זיינען פאַראַן אָרגאַניזירטע סיסטעמען, וואָס מען רופט „קירכעס״, און אין די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן געוויסע מענטשן לאַנגע יאָרן נאָכאַנאַנד געלערנט, אַז אַלע, וואָס דערקלערן זיך פאַר נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן, גיין נאָכן טויט אַוועק אין הימל, און אַז אַלע אַנדערע גיין אַוועק אין לייטערונגס־פייער אָדער אויף אייביקע פּייניקונגען, און אַז עס איז ניט פאַראַן קיין שום האָפענונג אויף לעבן פאַר קיינעם ניט, אַ חוץ די, וואָס דערגרייכן לסוף דעם הימלשן רייך. אַזאַ לערע אָדער אויספיר איז פולשטענדיק ניט אין איינקלאַנג מיט גאָטס וואָרט. ישוע שילדערט אַפּריער זיינע געטרייע נאָכפאָלגער, אַזעלכע ווי זיינע שלוחים, און פאַרגלייכט זיי מיט שאָף, און דאַן, כּדי אונטערצושיידן צווישן די, וואָס גייען אַוועק אין הימל און די אַנדערע פון דעם מענטשלעכן מין, וואָס האָבן ליב

און געהאָרכן גאָט, זאָגט ישוע: „און איך האָב אַנדערע שאָף, וואָס זיינען ניט פון דער דאָזיקער סטאַדע; אויך זיי מוז איך ברענגען, און זיי וועלן הערן מיין קול: און עס וועט זיין איין סטאַדע, און איין פּאַסטעך.״ — יוחנן י: טז.

די, וואָס ווערן דאָ דערמאָנט אַלס „אַנדערע שאָף״, ווערן אין אַן אַנדער טייל פון דער הייליקער שריפט באַצייכנט פאַרן יונדב־קלאַס, וואָס ווערט אין דער געהעריקער צייט אריינגע־בראַכט אין גאָטס אָרגאַניזאַציע אונטער דער פירערשאַפט פון ישוע המשיחן; און צו די דאָזיקע געהאָרכזאַמע האָט זיך ישוע באַצויגן, ווען ער האָט געזאָגט: „באמת, באמת, זאָג איך אייך, ווער עס וועט האַלטן מיין וואָרט, וועט קיינמאָל ניט זען קיין טויט.״ (יוחנן ח: נא) „ און ווער עס לעבט און גלייבט אין מיר, וועט קיינמאָל ניט שטאַרבן. גלויבסטו אין דעם?״ — יוחנן יא: כו.

די הייליקע שריפט באַווייזט גענוי, אַז יענע שאָף, וואָס וועלן זיין מיטגלידער פון דעם קעניגהויז אין גאָטס הימלישער אָרגאַניזאַציע, וועלן ירשענען צוזאַמען מיט ישוע המשיחן די רייכטימער פון זיין הערלעכקייט, און אַז די צאָל פון אַזעלכע איז באַגרענעצט, נעמלעך 144 000. די הייליקע שריפט באַ־ווייזט אויך קלאָר, אַז עס וועלן זיין מענגעס מענטשן, וואָס וועלן לעבן אייביק אויף דער ערד און וואָס וועלן דערהאַלטן דעם גרענעצלאָזן רייכטום, וואָס יהוה האָט צוגעגרייט פאַר זיי אין זיין קעניגרייך אונטער משיחן. די, וואָס געפינען זיך איצט אויף דער ערד, האָבן די פּריווילעגיע, צו לעבן אין אַ צייט, ווען יהוה גאָט מאַכט קלאָר דעם באַדייט פון זיין וואָרט און אַנטפּלעקט פאַר די, וואָס זוכן דעם אמת, די שאַצקאַמערן פון זיין גרויס עשירות.

די אויבן דערמאָנטע פּסוקים פון דער הייליקער שריפט באַ־צייכענען דעם קלאַס מענטשן פון גוטן ווילן צו יהוה, וואָס זיינען באַקאַנט אין דער הייליקער שריפט אויך פאַר די יהונדבים; אַלס די, וואָס באַקומען אַ צייכן אויף זייערע שטערנס; אַלס די, וואָס אַנטלויפן אין די שטעט פון אַנטרינונג און געפינען דאָרטן

שוּץ; אַלס די, וואָס זיינען סימבאָליזירט געוואָרן דוּרך נחם משפּחה, וואָס האָט געפוּנען שוּץ אין דעם קאַסטן; און אַלס די „אַנדערע שאָף“, וואָס דער האַר ברענגט לסוף אריין אין זיין אָרגאַניזאַציע און לאָזט זיי ירשענען ברכות אויף דער ערד. אַנדערע נביאישע בילדער אין דער הייליקער שריפט באַצייכענען דעם זעלביקן קלאַס אוּנטער פאַרשיידענע נעמען. פאַר די דאָזיקע געהאָרכזאַמע האָט גאָט אין רעזערוו אוּמאויסשפּרעכלעכע רייכטימער. יעדער פאַרנוּמפטיקער מענטש וועט איצט באַגערן צוּ וויסן, ווי אַזוי ער קאָן דערווערבן אַ טייל פוּן די דאָזיקע גרויסע רייכטימער. איר האָט איצט די געלעגנהייט צוּ דערוויסן זיך די דאָזיקע האַרץ־דערקוויקנדיקע אמתן.

קאפיטל 3

# ווי אַזוי צו ווערן רייך

יהוה איז דער קוואל פון אַלע רייכטימער, און ישוע המשיח איז יהוהס אויסטיילער פון די דאָזיקע רייכטימער. „דער פאָטער האָט ליב דעם זון, און ער האָט אַלצדינג איבערגעגעבן אין זיינע הענט.״ (יוחנן ג: לה) בלויז די, וואָס דערקענען יהוה און וואָס האָרכן אים, וועלן באַקומען די רייכע ברכות, וואָס דער האר טיילט אויס. צוליב דעם האָט ישוע געזאָגט: „דאָס איז דאָס אייביקע לעבן, דיך צו קענען, דעם איינציקן אמתן גאָט, און ישוע המשיחן, וועמען דו האָסט געשיקט.״ — יוחנן יז: ג.

אַ סך מענטשן, וואָס באַגערן די ברכות פון לעבן, נאָר וואָס זיינען פאַרפירט און שטאַרק צעטומלט, הערט מען אָפט זאָגן: איך גלייב, אַז אויב איך וועל נאָר טאָן, וואָס איך האַלט פאַר ריכטיק, וועל איך זיכער געראַטעוועט ווערן.״ אַזאַ אויספיר אָדער גלויבן איז אינגאַנצן פאַלש. עס זיינען ניט פאַראַן אַ סך וועגן, נייערט איין איינציקער וועג, דורך וועלכן אַ מענטש קאָן דערגרייכן יהוהס רייכע ברכות, און דעם דאָזיקן איינציקן וועג האָט גאָט באַשטימט. ווי אַזוי קאָן מען געפינען דעם איינציקן און דעם ריכטיקן וועג?

אין דער הייליקער שריפט זיינען די פאָלגנדיקע ווערטער געשריבן געוואָרן צום נוצן פונם מענטשן, וואָס זוכט צו געפינען דעם ריכטיקן וועג: „אָן גלויבן איז אוממעגלעך אים צו געפעלן; וואָרן דער, וואָס נעענטערט זיך גאָט, מוז גלייבן, אַז ער איז, און אַז ער איז אַ באַלוינער פון די, וואָס זוכן אים אייפערדיק.״ — עברים יא: ו.

„גלויבן״, ריכטיק דעפינירט, דאָס הייסט לויט דער הייליקער שריפט, מיינט: צו דערקענען יהוהס כונה, וואָס איז אויסגעדריקט אין זיין וואָרט, אין דער הייליקער שריפט, און דאַן מיט בטחון זיך פאַרלאָזן אויף גאָטס וואָרט. גלויבן מוז געבויט

ווערן אויף דעם, וואָס איז באַוווּסט צו זיין אמת, און מיר האָבן די אַבסאָלוטע זיכערקייט, אַז גאָטס וואָרט איז אמת. בנוגע דער הייליקער שריפֿט, גאָטס וואָרט, זאָגט ישוע: „דיין וואָרט איז אמת.” אין איינקלאַנג מיטן פֿאָרגייענדיקן דערקלערט די הייליקע שריפֿט אמונה מיט די דאָזיקע ווערטער: „גלויבן איז דער יסוד פֿון דעם, וואָס מען דערהאָפֿט, די איבערצייגונג וועגן דעם, וואָס מען זעט ניט.” (עברים יא: א) „דאָס גלויבן איז אַ גוט־באַגרינדעטע פֿאַרזיכערונג פֿון דעם, אויף וועלכן מיר האָפֿן, און אַן איבערצייגונג וועגן דער ווירקלעכקייט פֿון זאַכן, וואָס מיר זען ניט.” — עברים יא: א.

אַ מענטש קאָן זיך ניט פֿאַרלאָזן זיכער אויף וואָס ניט איז, וואָס איז געבויט בלויז אויף זיינע איינבילדונגען, און דערצו נאָך אָן קיין שום באַווייז, וואָס פֿליסט אַרויס פֿון דעם אמתדיקן קוואַל. אַלצדינג, וואָס איז ניט געבויט אויפֿן אַבסאָלוטן אמת, איז בלויז אַ השערה. קיין שום קלאָרער מענטש וועט ניט וועלן לאָזן רוען זיין אייביקן וווּלזיין בלויז אויף אַ טרעפֿן.

אייער באַגער איז צו באַקומען די ברכות פֿון דעם האַר, וואָס מאַכן רייך און מיט וועלכע עס איז ניט פֿאַרבונדן קיין שום טרויער. כּדי מען זאָל קאָנען האָבן צו באַקומען אַזעלכע ברכות, מוז זיין אַ גוטע סיבה, צו דערוואַרטן די דאָזיקע ברכות; און דער דאָזיקער גרונט מוז זיין געבויט אויף איבערצייגנדיקע באַווייזן, וואָס קומען פֿון אַן אַבסאָלוט פֿאַרלעסלעכן קוואַל. דער יסוד אָדער דער גרונט, אויף וועלכן עס רוט די דאָזיקע האָפֿענונג, איז גלויבן. איידער אַ מענטש קאָן גלייבן, לויטן באַדייט פֿון דער הייליקער שריפֿט, אָדער באַזיצן גלויבן, מוז ער דערווערבן וויסן אין אַ געוויסער מאָס. דערפֿאַר שטייט געשריבן אין דער הייליקער שריפֿט: „דאָס גלויבן קומט דורך דעם הערן [די בשׂורה פֿון אמת], און דאָס הערן [די בשׂורה פֿון אמת] דורך דעם וואָרט פֿון גאָט [וואָס איז דער אמת].” (רוימער י: יז) וויסנדיק, אַז די בשׂורה פֿון גאָטס וואָרט איז אמת, קאָנט איר זיך זיכער פֿאַרלאָזן אויף דער דאָזיקער בשׂורה, וואָס ליפֿערט די אמתע און איבערצייגנדיקע באַווייזן פֿון די זאַכן, אויף וואָס

מיר האָפן. דאָס איז די סיבה פון אייער האָפענונג צו באַקומען די ברכות, וועלכע גאָט האָט צוגעגרייט פאַר די, וואָס ליבן און דינען אים.

גלויבן קאָן ניט געבויט ווערן אויף אויסקונפט, וואָס קומט פון דעם מענטשן, ווייל אַלע מענטשן זיינען אומפולקאָם, און מען קאָן ניט זיין זיכער, אַז וועלכער ניט איז מענטש זאָגט דעם גענויען אמת. ווי ערלעך אַ מענטש זאָל ניט זיין, איז דאָך זיין מיינונג ווערטלאָז, סיידן אַז די דאָזיקע מיינונג איז באַקרעפטיקט מיטן וואָרט פון גאָט. אויב איר פאַרלאָזט זיך אויף דעם, וואָס אַן אומפולקאָמענער מענטש זאָגט, דאַן איז עס לייכטגלויביקייט, אָבער ניט גלויבן. יעדע האָפענונג, וואָס איז געבויט אויף לייכט־גלויביקייט, וועט זיכער צוזאַמענברעכן. כדי צו באַזיצן גלויבן, מוזט איר הערן דעם אמת, וויסן אַז דאָס איז דער אמת, און דאַן זיך פאַרלאָזן מיט צוטרוי אויף דער בשורה פון אמת. אויב איר געהאָרכט דאַן דער בשורה פון אמת, קענט איר קיינמאָל ניט דורכפאַלן. זיך פאַרלאָזן אויף דעם, וואָס איר הערט פון גאָטס וואָרט פון אמת, מיינט צו גלויבן אין יהוה און זיינע כוונות, אַנטפּלעקט אין דער הייליקער שריפט. באַמערקט דעם ביבלישן באַווייז וועגן דעם דאָזיקן פונקט: „איטלעכער, וואָס וועט אָנרופן דעם נאָמען פון האַר, וועט געראַטעוועט ווערן. ווי וועלן זיי דען אים אָנרופן, אין וועמען זיי האָבן ניט געגלויבט? און ווי וועלן זיי גלייבן אין אים, וועגן וועמען זיי האָבן ניט געהערט? און ווי וועלן זיי הערן אָן אַ פּריידיקער [איינער, וואָס מאַכט באַקאַנט גאָטס וואָרט פון אמת, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין דער הייליקער שריפט]? און ווי וועלן זיי פּריידיקן, ווען זיי זיינען ניט געשיקט? ווי עס שטייט געשריבן: ,ווי שיין זיינען די פיס פון די אָנזאָגער, וואָס ברענגען אַ בשורה טובה פון שלום, וואָס ברענגען אַ בשורה טובה פון גוטס!'" — רוימער י: יג־טו.

אַ מאַן, וואָס פאַרטשאַדעט מענטשן און מאַכט רעקלאַמע פאַר זיין אויספיר אָדער די אויספירן אָדער מיינונגען פון אַנדערע מענטשן, איז ניט קיין „פּריידיקער", לויט דעם מיין פון דער

הייליקער שריפֿט. אַ פֿאַסיקערער נאָמען פֿאַר אים וואָלט געווען אַ „בלאָפֿער". אַ מאַן, וואָס אַפּעלירט צו די געפֿילן אָדער די ליידנשאַפֿטן פֿון אַנדערע, פֿריידיקט ניט דעם אמת, ווייל דעם אמת קאָן מען דערגרייכן נאָר דורך טראַכטן רואיק און ניכטער; דעריבער זאָגט גאָט צו דעם מענטשן, וואָס זוכט דעם אמת: „קומט נאָר, און לאָמיר זיך דורכרעדן, זאָגט יהוה; אויב אייערע זינד זיינען ווי קאַרמין, וועלן זיי ווייס ווי שניי ווערן; אויב זיי זיינען רויט ווי ווערמילפֿאַרב, ווערן זיי ווערן ווי וואָל." (ישעיה א: יח) „זיך דורכרעדן" מיט גאָט מיינט צו באַטראַכטן זיין וואָרט אויף אַ ניכטערן, געבעטפֿולן און אויפֿמערקזאַמען אופֿן.

צוליב דעם צוועק שיקט גאָט אַרויס זיינע עדות צו לאָזן וויסן אַנדערע מענטשן וועגן זיין כּונה; און די דאָזיקע עדות מאַכן באַקאַנט ניט זייערע מיינונגען, נאָר זיי ווייזן אָן אויף דער בשׂורה פֿון אמת, וואָס געפֿינט זיך אין דער הייליקער שריפֿט. ווער עס באַקומט די דאָזיקע אויסקונפֿטן פֿון דער ביבל, האָט די פּריווילעגיע צו גלייבן אין דעם האַר גאָט און אין דעם האַר ישוע המשיחן, און אויב ער גלייבט יאָ, וועט ער באַווייזן זיין גלויבן דורך זיין האַנדלען האַרמאָניש דערמיט. ווער עס האָט אמתן גלויבן, פֿאַרלאָזט זיך אויף גאָטס וואָרט, און האַנדלט אין איינקלאַנג מיט גאָטס וואָרט.

מענטשן האָבן געשאַפֿן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס רופֿט זיך „קירך", און זייערע לערעס און מיינונגען, רופֿן זיי אָן „אַני־מאַמינס", און די מענטשן ווערן געצוווּנגען צו גלייבן אַזעלכע טעאָריעס אָדער לערערס און נאָכצופֿאָלגן דעם פֿאָרמאַליזם פֿון אַזאַ רעליגיע. צו גלייבן אין די טעאָריעס פֿון מענטשן אָדער אין דעם, וואָס ווערט געפּריידיקט פֿון אַן אָרגאַניזאַציע פֿון מענטשן, איז בשום אופֿן ניט קיין אמת גלויבן. די לערער מוזן זיין יהוה גאָט און ישוע המשיח, און די אמתע לערעס אָדער טעאָריעס געפֿינען זיך אין דער הייליקער שריפֿט; און די הייליקע שריפֿט איז געגעבן געוואָרן פֿאַר אַ פֿולקאָמען וועגווייזער פֿאַר מענטשן, וואָס באַגערן אויסצוגעפֿינען און צו גיין אויפֿן וועג פֿון גערעכטיקייט. (טימותיוס ב ג: טז, יז) פֿון דעם

פאָלגט, אַז מען קאָן ניט ווילגעפעלן גאָט דורך שטיצן און פאַר־לאָזן זיך אויף דעם, וואָס מען האָט זיך אַליין אויסגעטראַכט, אויך קאָן מען ניט ווילגעפעלן גאָט דורך שטיצן און פאַרלאָזן זיך אויף דעם, וואָס אַנדערע מענטשן האָבן אויסגעטראַכט און וואָס ווערט פון זיי געלערנט. מען קאָן ווילגעפעלן גאָט בלויז דורך וויסן זיין וואָרט, דורך פאַרלאָזן זיך אויף זיין וואָרט און דורך פאָלגן זיין וואָרט.

צוליב דער דאָזיקער סיבה איז עס אַבסאָלוט וויכטיק צו באַ־זיצן אַ מאָס וויסן פון דער הייליקער שריפט. דער ערשטער יסוד איז צו „גלייבן, אַז גאָט איז", דאָס הייסט, אַז ער עקזיסטירט, און אַז פון אים קומען אַלע ברכות. (עברים יא : ו) גאָט איז דער אייביקער, וועלכער האָט באַשאַפן די הימלען און די ערד און אַלץ, וואָס איז דאָ אין דעם. ווי די הייליקע שריפט דער־קלערט, איז ער דער גרויסער „א י ך ב י ן", וואָס מיינט, אַז ער איז ניט בלויז דער, וואָס איז געווען, וואָס איז געקומען אין דאָזיין אַריין, און איז איצט; נייערט דער „א י ך ב י ן" מיינט, אַז ער האָט עקזיסטירט אייביק. (שמות ג : יד) „האַר, דו ביסט געווען אונדזער וווינאָרט אין אַלע דורות. איידער די בערג זיינען געבאָרן געוואָרן, און דו האָסט באַשאַפן די ערד און די וועלט, יאָ, פון אייביקייט ביז אייביקייט, ביסטו גאָט." (תהלים צ : א, ב) אין דער נבואה פון דער הייליקער שריפט שטייט געשריבן: „אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר, ער וואָס האָט באַשאַפן די הימלען און זיי אויסגעשפּרייט; ער וואָס האָט אויסגעברייט די ערד מיט אירע שפּראָצונגען; ער וואָס גיט אָטעם די מענטשן אויף איר, און דעם לעבנאָטעם די, וואָס גייען אויף איר." — ישעיה מב : ה.

דורך זיין וואָרט, דער ביבל אָדער דער הייליקער שריפט, אַנט־פּלעקט זיך גאָט צו זיינע באַשעפענישן און מאַכט באַקאַנט דערביי זיינע כוונות בנוגע זיינע באַשעפענישן. דער זין פון זיינע נעמען אָדער טיטלען איז פון גרויסער באַדייטונג. זיין נאָמען גאָט באַדייט דער מעכטיקער, דער באַשאַפער פון אַלצדינג. זיין נאָמען יהוה באַצייכנט זיין כוונה בנוגע זיינע באַשעפענישן.

זיין נאָמען דער אַלמעכטיקער באַדייט, אַז זיין מאַכט איז אָן אַ גרענעץ. זיין נאָמען דער אַלהעכסטער מיינט, אַז ער איז דער העכסטער און עס איז ניטאָ קיינער פאַר אים. זיין נאָמען פאָטער מיינט, אַז ער איז דער געבער פון לעבן. ער איז דער פאָטער פון אונדזער האַר ישוע המשיחן, ווייל ישוע המשיח, דער זון, איז געווען יהוהס „אַנהייב פון באַשאַף" און האָט פון יהוה באַקומען זיין לעבן. (אַנטפּלעקונג ג: יד) ער האָט באַשטימט זיין באַליבטן זון, ישוע המשיחן, צו זיין דער הויפּט־אויספירער פון זיינע באַשלוסן און דער דערלייזער פון דער מענטשהייט.

נאָכדעם ווי איר האָט באַקומען עטוואָס וויסן וועגן יהוה גאָט און זיין באַליבטן זון ישוע המשיחן, וועט איר באַגערן צו קומען צו אים און צו דערוויסן זיך זיין כונה. פריער דערמאָנט זיינען געבראַכט געוואָרן שטעלן פון דער הייליקער שריפט, וואָס באַציען זיך אויף די, וואָס זיינען אויסגעוויילט געוואָרן פון דער וועלט אַלס אַ פאָלק פאַר יהוהס נאָמען. די זעלביקע שטעלן פון דער הייליקער שריפט באַציען זיך ביז צו אַ געוויסער מאָס אויף אַלע, וואָס וועלן לסוף באַקומען לעבן. ווייל די דאָזיקע פסוקים באַציען זיך צו מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס הייסן אַנדערש „יהונדבים", ווילן מיר דאָ ווידער אָנווייזן אויף זיי. ישוע, יהוהס פירשפּרעכער, דערקלערט מיט אויטאָריטעט: „איך בין דער וועג און דער אמת און דאָס לעבן. קיין מענטש קומט ניט צום פאָטער, בלויז דורך מיר. (יוחנן יד: ו) דאָס מוז מען וויסן, איידער מען קען גלייבן, און דאַן דאַרף מען זיך פאַרלאָזן אויף דער דאָזיקער דערקענטניש. גאָט האָט אָנגע־גרייט פאַר דער מענטשהייט דערלייזונג און ברכות דורך ישוע המשיחן, און עס איז ניטאָ קיין שום אַנדער וועג פאַר אַ מענטשן צו דערווערבן די דאָזיקע ברכות. „און עס איז אויך ניט פאַראַן קיין שום דערלייזונג אין עמיצן אַנדערש: וואָרן עס איז ניט פאַראַן קיין שום אַנדערער נאָמען אונטערן הימל, וואָס איז געגעבן געוואָרן צווישן מענטשן, דורך וועמען מיר קאָנען ווערן געראַטעוועט." (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע ד: יב) דאַן זאָגט ישוע: „קיינער קען צו מיר קומען, אויסער דער פאָטער, וועלכער האָט

מיך געשיקט, ציט אים." (יוחנן ו: מד) עס איז העכסט וויכטיק פאר אייך צו פארשטיין, ווי אזוי מען קאן קומען אין איינקלאנג מיט יהוה גאט. די הייליקע שריפט דערקלערט, אז גאט ציט־צו מענטשן צו ישוע המשיחן, געבנדיק דעם מענטשן א געלעגנ־הייט, צו דערלערנען און צו וויסן, אז ישוע איז גאטס צוגעגרייטער וועג פאר דער רעטונג און די בענטשונג פון מענטשן, און אז עס איז ניטא קיין אנדער וועג. ווען א פארנונפטיקער מענטש איבערצייגט זיך, אז עס איז ניטא קיין אנדער וועג צו באקומען לעבן און די באגלייטנדיקע ברכות, בלויז דורך ישוע המשיחן, דאן וועט אזא מענטש ווערן צוגעצויגן צו אים. קיין שום ברכה קאן ניט זיין דויערהאפטיק, סיידן א מענטש לעבט אייביק, און די דאזיקע ברכה קומט פון יהוה דורך ישוע המשיחן, ווי עס שטייט געשריבן: „לעבן איז די גנעדיקע מתנה פון גאט [פארן מענטשן] דורך אונדזער האר און דערלייזער, ישוע המשיחן." (רוימער ו: כג) דערפאר האט ישוע געזאגט: ,דאס איז דאס אייביקע לעבן, צו קענען גאט און משיחן.' — יוחנן יז: ג.

האט איר איצט דערגרייכט די דאזיקע שטופע, אז איר גלויבט, אז יהוה איז דער אמתער און דער אלמעכטיקער גאט, און אז ישוע המשיח איז זיין באליבטער זון; אז דורך דעם ווילן פון גאט איז ישוע געשטארבן אויפן בוים און האט דערמיט צוגע־גרייט דעם אויסקויף־ אדער דעם אויסלייז־פרייז פאר אייך, און אז דערפאר איז ישוע המשיח דער דערלייזער פון מענטשן, און אז נאר דורך אים קאן א מענטש דערגרייכן לעבן? זייט איר איבערצייגט, אז די דאזיקע ביבלישע אמתן זיינען פולשטענ־דיק פארלעסלעך, און אז איר קענט מיט זיכערקייט און מיט צוטרוי זיך פארלאזן אויף זיי? אויב איר ענטפערט יא, וועט איר באווייזן, אז איר גלויבט אזוי, דורך פארנעמען זיך אויף דעם וועג, וואס די הייליקע שריפט ווייזט אן פאר יעטווערן, וואס באגערט צו באקומען די ברכות פון רייכטימער, וואס יהוה האט צוגעגרייט פאר דער מענטשהייט? טא וואס איז דאן דער ווייטערדיקער שריט?

## הייליקונג

איר זייט א מענטש פון גוטן ווילן צו גאט, און דעריבער איז עס אייער ערלעכער און ערנסטער באגער, צו טאן דעם ווילן פון גאט. איר האט פולן צוטרוי אין יהוה גאט, און דערפאר ווייסט איר, אז זיין ווילן בנוגע אייך איז רעכט. אלס פולקאמער מענטש האט ישוע געזאגט: „זע, איך קום . . . צו טאן דיין ווילן, א גאט.״ (עברים י: ז) „איך באגער צו טאן דיין ווילן, א גאט; פארוואר, דיין תורה איז אין מיין הארצן.״ (תהלים מ: ז, ח) די דאזיקע ווערטער מיינען, אז ישוע האט פולשטענדיק זיך פארלאזט אויף יהוה גאט און האט פריידיק איינגעשטימט צו טאן דעם רצון פון גאט, זיין פאטער. אזא איינשטימונג צו טאן גאטס רצון באדייט הייליקונג. יעדער מענטש, וואס באגערט צו באקומען גאטס חסד, מוז זיך פארנעמען אויף פונקט דעם זעלביקן וועג. ער מוז גלייבן אין דעם האר ישוע המשיחן אלס זיין דערלייזער און רעטער, און פארלאזנדיק זיך אזוינאך אויף גאט און אויף ישוע המשיחן, מוז דער דאזיקער מענטש נעמען אויף זיך א נדר אדער איינשטימען צו טאן גאטס ווילן. גאטס רצון בנוגע דעם דאזיקן מענטשן ווערט דערקלערט אין דער הייליקער שריפט; דעריבער איז עס נויטווענדיק פאר אזא מענטשן צו לערנען די הייליקע שריפט און אויסצוגעפינען גאטס ווילן בנוגע אים.

עס איז נויטיק צו געבן געוויסע באווייזן, אז איר האט איינגעשטימט צו טאן גאטס ווילן, און דורך דעם וועלן אנדערע זיך קאנען דערוויסן, אז איר האט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון גאט און ישוע המשיחן. בנוגע דעם שטייט אין דער הייליקער שריפט: „אויב דו וועסט מודה זיין מיט דיין מויל דעם האר ישוען, און וועסט גלייבן אין דיין הארצן, אז גאט האט אים אויפגעוועקט פון די טויטע, וועסטו געראטעוועט ווערן. ווארן מיט דעם הארצן גלייבט מען צו גערעכטיקייט; און מיט דעם מויל איז מען זיך מודה צו ישועה.״ — רוימער י: ט, י.

א דרויסנדיקע אדער אן עפנטלעכע דערקלערונג אדער באקענונג, אז איר האט געשלאסן א בונד, דאס מיינט, גענומען אויף

זיך אַ נדר אָדער באַשלאָסן צו טאָן גאָטס רצון, איז זייער וויכטיק פאַר אייך, ווייל אַזוי באַווייזט איר, אַז איר האָט באמת גלויבן אין גאָט און זיינע אָנגרייטונגען פאַר אייך, און אַז איר איבט עס אויס. אַ סך מענטשן באַהויפּטן, אַז זיי זיינען קריסטן, אין קעגנזאַץ פון געצנדינער, אָבער כמעט אַלע פון זיי שעמען זיך מודה צו זיין דעם נאָמען פון גאָט און פון ישוע המשיחן, און דאָס דאָזיקע שעמען זיך איז אַליין אַ באַווייז, אַז אַזעלכע מענטשן האָבן ניט איינגעשטימט צו טאָן גאָטס ווילן. וואָרן די הייליקע שריפט זאָגט: „איטלעכער וואָס גלויבט אין אים, וועט ניט פאַרשעמט ווערן.” (רוימער י: יא) פאַרוואָס זאָל מען זיך שעמען מודה צו זיין עפנטלעך פאַר אַנדערע דעם נאָמען פון דעם איינציקן, דורך וועמען מען קאָן באַקומען אַלע זיינע ברכות?

## טבילה

איז עס נויטיק פאַר יעדן איינעם, וואָס דערקלערט, אַז ער איז אַ יונדב אָדער אַ מענטש פון גוטן ווילן צו גאָט, אַז ער זאָל ווערן געטובלט אָדער אונטערגעטויכט אין וואַסער? דאָס איז אַ געהעריקע און נויטיקע טאַט פון געהאָרכזאַמקייט מצד יעדן איינעם, וואָס האָט זיך געהייליקט, דאָס הייסט, וואָס האָט איינגעשטימט אָדער געשלאָסן אַ בונד מיט גאָט, צו טאָן דעם ווילן פון גאָט. דאָס איז אַ דרויסנדיקע באַקענונג, אַז די פּערזאָן, וואָס איז געטובלט געוואָרן אין וואַסער האָט איינגעשטימט צו טאָן גאָטס ווילן. טבילה אָדער אונטערטויכט ווערן אין וואַסער וואַשט ניט אַוועק קיין זינד און רייניקט ניט פון זינד, וואָס זיינען געקומען אויפן מענטשן וועגן אָדמס אומגעהאָרכזאַמקייט. ס'איז דער קרבן אָדער דאָס לעבנסבלוט פון ישוען, וואָס רייניקט פון זינד. (יוחנן א א: ז־ט) עס איז ניטאָ קיין שום מיטל אָפּצורייניקן פון זינד אָדער פאַר מחילה פאַר זינד, אויסער דורך דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיחן. (עברים ט: כב) די זינד וועט פאַרגעבן בלויז יענע, וואָס האָבן גלויבן אין דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיחן און וואָס

איבן אויס זייער גלויבן. טבילה אין וואַסער איז אַ זעבאַרער באַווייז, אַז דער, וואָס ווערט אַזוי אונטערגעטויכט, איז אַריינגעטראָטן אין אַ בונד מיט גאָט צו טאָן זיין ווילן, און דאָס איז אַ באַווייז פון גלויבן אין דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיחן. אונטערגעבן זיך צו ווערן אונטערגעטויכט אין וואַסער איז אַן אַקט פון געהאָרכזאַמקייט, וואָס אילוסטרירט, ווי אַזוי מען גיט זיך פולשטענדיק איבער אין די הענט פון האַר, און דעריבער איז עס נויטיק און געהעריק, אַז אַלע, וואָס האָבן איינגעוויליקט צו טאָן גאָטס רצון, זאָלן דורכפירן טבילה.

אַלס פולקאָמענער מענטש האָט ישוע זיך פאָרגעשטעלט פאַר יוחנען אין דעם טייך ירדן, און ער האָט געבעטן צו ווערן געטובלט אין דעם טייך. יוחנן האָט זיך אָפּגעזאָגט אים צו טובלען, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז ישוע איז ניט געווען קיין זינדיקער מענטש, און יוחנן האָט געוויס פאַרשטאַנען, אַז וואַסער־טבילה איז בלויז לטובת זינדיקע. ישוע האָט יוחננען ניט דערקלערט דעם זין פון זיין האַנדלונג. אָבער נאָך יוחננס איינווענדונג האָט ער געענטפערט: „לאָז עס איצט אַזוי זיין; וואָרן אַזוינאָך קומט אונדז אָן צו דערפילן אַלץ וואָס איז גערעכט.” (מתתיה ג: טו) ישוע איז דאָרט געווען פולקאָם, ריין, הייליק און אָן זינד. זיין טבילה אָדער דאָס אונטערטויכן זיך אין וואַסער איז געווען אַ באַווייז אין אָנגעזיכט פון אַנדערע, אַז ער האָט פולשטענדיק איינגעשטימט צו טאָן דעם ווילן פון זיין פאָטער, יהוה.

עס שטייט געשריבן, אַז גלייך נאָך דער טבילה פון ישוען אין וואַסער האָבן יענע, וואָס זיינען געשטאַנען דערביי, דערהערט אַ קול פון גוטהייסונג, וואָס איז געקומען פון אויבן: „און זע, אַ קול פון הימל האָט געזאָגט: דאָס איז מיין געליבטער זון, וואָס איז מיר זייער וווילגעפעלן.” (מתתיה ג: יז) אַזוינאָך האָט גאָט אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט מיט דער געהאָרכזאַמער טאַט פון זיין באַליבטן זון, און ער האָט אין דער זעלביקער צייט אָנערקענט ישוע המשיחן אַלס זיין זון. יעדער מענטש, וואָס שטעלט זיך אַנטשיידן אויף דער זייט פון גאָט און פון ישוע

המשיחן, וועט ווען, אַז אַנדערע מענטשן זאָלן וויסן דעם פאַקט, אַזוי אַז זיי אויך זאָלן קאָנען זען די וויכטיקייט צו דינען יהוה; דערפאַר איז עס געהעריק, אַז ער זאָל עדות־זאָגן וועגן דעם פאַקט דורך אונטערגעבן זיך עפנטלעך דער אונטערטויכונג אָדער דער טבילה אין וואַסער. דורכן אונטערגעטויכט ווערן אין וואַסער, זאָגט ער סימבאָליש: „מיין זעלבסטזיכטיקער ווילן איז טויט, און פון איצט אָן וועט עס מיך פרייען צו טאָן דעם ווילן פון יהוה גאָט.”

אַזאַ אונטערטויכונג אין וואַסער איז פּאַסיק פאַר אַלע מענטשן, וואָס הייליקן זיך פאַר גאָט צו טאָן זיין ווילן. די, וואָס ווילן נעמען אָנטייל אין די הימלישע ברכות און ווערן מיטגלידער פון דעם קעניגלעכן הויז, מוזן אַ חוץ דער טבילה אין וואַסער אונ־טערגיין אַן אַנדער טבילה פון אַ סך אַ טיפערן באַדייט. וועגן דער טבילה פון די, וואָס וועלן געהערן צו דער הימלישער אָרגאַניזאַציע, דערקלערט די הייליקע שריפט: „ווייסט איר ניט, אַז מיר אַלע, וואָס זיינען אין ישוע המשיחן געטובלט געוואָרן, זיינען אין זיין טויט געטובלט געוואָרן? דערפאַר זיינען מיר דורך דער טבילה מיט אים אַריין אין טויט, כּדי גלייך ווי משיח איז פון די טויטע אויפגעוועקט געוואָרן דורך דער הער־לעכקייט פון דעם פאָטער, אַזוי זאָלן אויך מיר וואַנדלען אין נייקייט פון לעבן. וואָרן ווען מיר זיינען צוזאַמען געפלאַנצט געוואָרן אין דער גלייכהייט פון זיין טויט, אַזוי וועלן מיר אויך זיין אין דער גלייכהייט פון זיין אויפשטיין תּחית־המתים; און דאָס וויסן מיר, אַז אונדזער אַלטער מענטש איז מיט אים אויפ־געהאַנגען געוואָרן, כּדי דאָס לייב פון זינד זאָל צעשטערט ווערן, אַז מיר זאָלן פון איצט אָן ניט דינען דער זינד.” — רוימער ו: ג־ו.

די דאָזיקע ווערטער וועגן טבילה באַציען זיך ניט אויף דער וואַסער־אונטערטויכונג; נייערט זיי באַציען זיך צו טבילה אינעם טויט פון ישוע המשיחן. דאָס מיינט, אַז זיינע אמתע און גע־טרייע נאָכפאָלגער דאַרפן שטאַרבן ווי ישוע המשיח איז גע־שטאָרבן, נעמלעך אַ קרבן־טויט, כּדי זיי זאָלן קאָנען דערהויבן

ווערן אין דער ענלעכקייט פון דעם האר ישוע ביים אויפשטיין תחית-המתים. די מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס ווערן באצייכנט אַלס יהונדבים, האָבן ניט קיין שום חלק אין דער טבילה אין ישועס טויט. זייער האָפענונג איז אינגאַנצן אַן ערדישע: לעבן אויף דער ערד. יעדער איינער, וואָס באַקומט דאָס אייביקע לעבן, צי דאָס איז אין הימל, צי אויף דער ערד, מוז שליסן אַ בונד צו טאָן גאָטס ווילן, און די טבילה אין וואַסער סימבאָליזירט מיט זיך, אַז אַזאַ בונד איז געשלאָסן געוואָרן; אָבער בלויז די, וואָס נעמען זיך אונטער געטריי נאָכצופאָלגן די פוסטריט פון ישוען, און פאָלגן אים טאַקע נאָך מיט דער האָפענונג צו ווערן מיטגלידער פון זיין קעניגהויז, מוזן ווערן געטובלט אין דעם טויט פון ישוע המשיחן.

### ליבע

די פראַגע איז פאָרגעלייגט געוואָרן ישוע המשיחן: „האַר, וועלכע איז די גרויסע מצוה אין דער תורה?" (מתתיה כב: לו) האָט אין זינען, אַז גאָטס געזעץ בייט זיך קיינמאָל ניט; און דעריבער באַציט זיך ישועס ענטפער אויף יעדער באַשעפעניש פון מענטשלעכן מין, וואָס וועט באַקומען דאָס אייביקע לעבן, צי דאָס איז אין הימל, צי אויף דער ערד. „און ישוע האָט צו אים געזאָגט: דו זאָלסט ליבן דעם האר, דיין גאָט, מיט דיין גאַנצן הארצן, און מיט דיין גאַנצער זעל, און מיט דיין גאַנצן פאַרשטאַנד. דאָס איז דאָס גרויסע און ערשטע געבאָט." (מתתיה כב: לז, לח) ישועס ווערטער באַווייזן, אַז דאָס נאָרוואָס געזאָגטע איז גאָטס געבאָט פון דער ערשטער וויכטיקייט, און אַז דאָס איז דאָס גרעסטע געבאָט, וואָס איז געגעבן געוואָרן, דאָס ערשטע אין צייט און דאָס ערשטע, וואָס מוז אָפגעהיט ווערן, כּדי וווילצוגעפעלן יהוה גאָט. וואָס דען באַדייט „ליבע"?

דאָס קאָן זיכער ניט מיינען קיין סענטימענטאַליטעט. לויט דער הייליקער שריפט מיינט ליבע אַן אומזעלבסטזיכטיקע איבערגעבנקייט צו יהוה. ליבע איז פונקט דאָס פאַרקערטע פון זעלבסטזיכטיקייט. עס שטייט געשריבן, „גאָט איז ליבע", וואָרן

ער טוט אַלצדינג אָן שום אייגננוץ. זינט גאָט איז דער איינציקער, וואָס גיט לעבן צו באַשעפעניש, איז עס אַבסאָלוט נויטיק פאַרן באַשעפעניש צו זיין אין איינקלאַנג מיט גאָט און אומזעלבסט־זיכטיק אים איבערגעגעבן. פאַר אים דאַרף גאָט זיין דאָס ערשטע אין יעדער זאַך. אמתע ליבע האָט קיינע מדרגות ניט. ווער עס האָט ליב גאָט, מוז זיין פולשטענדיק אים איבערגעגעבן. דאָס „האַרץ" איז אַ סימבאָל פאַרן אָרט פון געפילן, ווי אויך פון דער כּונה, און דעריבער דאַרפן די ליבנדיקע געפילן פון דעם באַשעפעניש געווענדט ווערן אויפן באַשאַפער, און עס דאַרף ניט זיין קיין צעטיילונג פון אונדזער ליבע צווישן דעם באַשאַפער און אַן אַנדער באַשעפעניש. אויב מען שטעלט אייך פאַר וועל־כער ניט איז פראַגע, וואָס וואָלט געקאָנט פירן צו פאַנאַנדער־טיילן די איבערגעבנקייט צווישן דעם באַשאַפער און דעם באַ־שעפעניש, דאַן מוז דער מענטש, וואָס וויל ווילגעפעלן גאָט, תּכף זיך אַנטשיידן צוגונסטן פון יהוה גאָט. האַרץ־איבערגעגעבנ־קייט צו גאָט מוז זיין איבער אַלץ. די „זעל" איז דאָס לעבעדיקע באַשעפעניש, דאָס הייסט דאָס באַשעפעניש, וואָס עקזיסטירט, אָטעמט און באַוועגט זיך (בּראשית ב: ז); און דאָס געבאָט איז, אַז דאָס באַשעפעניש מוז ליבן מיט זיין גאַנצער זעל, וואָס מיינט, אַז זיין גאַנץ לעבן מוז זיין געווידמעט צו גאָט.

דאָס געבאָט איז: „דו זאָלסט ליבן גאָט מיט דיין גאַנצן פאַרשטאַנד." דער פאַרשטאַנד איז די אייגנשאַפט פון דעם באַשעפעניש, מיט וואָס מען זוכט אויס און דערקענט וואָס איז גאָטס ווילן; און דער דאָזיקער טייל פון דעם געבאָט מיינט, אַז מען מוז באַנוצן דעם פאַרשטאַנד אויסצוגעפינען וואָס איז גאָטס ווילן, און דעם דאָזיקן טאָן פריידיק. דערפאַר איז דאָס העכסטע געבאָט, אַז דאָס באַשעפעניש דאַרף ליבן יהוה; דאָס מיינט צו האָבן אַן אומזעלבסטזיכטיקן באַגער צו טאָן גאָטס ווילן, און דאַן זיך גאַנצהאַרציק צו באַמיען צו טאָן דעם ווילן פון גאָט. דאָס דאָזיקע געבאָט איז געגעבן געוואָרן צו דעם באַשעפעניש לטובת דעם באַשעפעניש. גאָטס תּורה האָט באַשטימט, אַז בלויז די, וואָס האָבן אים ליב, זאָלן באַקומען זיין ברכה פון עשירות;

דעריבער, פאַרן נוצן פון דעם באַשעפעניש, פאָדערט גאָט, אַז דאָס באַשעפעניש זאָל אים ליבן. דאָס ברענגט יהוה קיין שום נוצן ניט; אָבער דאָס איז דער איינציקער דרך, ווי אַזוי דאָס באַשעפעניש קאָן דערגרייכן גאָטס רייכע ברכות.

ווי אַזוי קאָן עמיצער איבערצייגן זיך אַליין אָדער אַנדערע, אַז ער האָט ליב גאָט און זיין וואָרט? די דאָזיקע פראַגע איז פאַרענטפערט אין דער הייליקער שריפט: ,דאָס באַווייזט אונ־דזער ליבע צו גאָט, אַז מיר היטן זיינע געבאָט און אַז מיר טוען דאָס מיט פרייד.' (יוחנן א ה: ג) ישוע און זיין פאָטער זיינען שטענדיק אין פולן איינקלאַנג, און דעריבער האָט דער, וואָס ליבט יהוה, אויך ליב ישוע המשיחן, וואָרן דאָס איז דאָס געבאָט פון גאָט. (עברים א: ו; יוחנן ה: כג) צו די, וואָס האָבן איינגעשטימט צו טאָן זיין ווילן, האָט ישוע געזאָגט: „אויב איר האָט מיך ליב, וועט איר מיינע געבאָט האַלטן. דער, וואָס האָט מיינע געבאָט און האַלט זיי, דער איז עס, וואָס האָט מיך ליב; און דער, וואָס האָט מיך ליב, וועט געליבט זיין פון מיין פאָטער, און איך וועל אים ליב האָבן, און וועל מיך צו אים באַווייזן." (יוחנן יד: טו, כא) ישוע המשיח איז דער אויס־פירער פון יהוהס באַשלוסן, און וואָס פאַראַ געבאָט עס ווערן געגעבן דורך דעם האַר ישוען, זיינען דאָס די געבאָט פון יהוה, דעם פאָטער; און פאָלגלעך, וועט דער, וואָס ליבט גאָט און משיחן, זיך מיען געטריי צו געהאָרכן די געבאָט פון גאָט און פון משיחן. — יוחנן יד: כד.

יהוה האָט ניט צוגעגרייט די דערלייזונג פון מענטשן צוליב אַ זעלבסטזיכטיקן צוועק אָדער דערפאַר, ווייל דאָס וועט אים ברענגען וועלכן ניט איז נוצן. זיין צוגרייטונג פאַרן מענטשן צו לעבן איז אינגאַנצן אומזעלבסטזיכטיק, דעריבער איז עס אַן אויסדרוק פון ליבע. „וואָרן גאָט האָט אַזוי ליב געהאַט די וועלט, אַז ער האָט געגעבן זיין איינציקן איינגעבאָרענעם זון, אַז איט־לעכער, וואָס גלויבט אין אים, זאָל ניט פאַרלאָרן ווערן, נייערט ער זאָל האָבן דאָס אייביקע לעבן." (יוחנן ג: טז) עס איז קלאָר, אַז די דאָזיקע ווערטער מיינען, אַז יהוה האָט אָנגעגרייט, אַז די

מענטשהייט קאָן באַקומען זיינע ברכות, מיטן באַדינג, אַז דער מענטש זאָל גלייבן אין ישוע המשיחן און אים געהאָרכן. צו גלייבן מיינט ניט, אַז דאָס איז בלויז אַ גייסטיקער באַגריף, נייערט עס מיינט, אַז מען האָט דערקענט, אַז ישוע המשיח איז דער רעטער, און אַז יהוה איז דער, וואָס גיט לעבן, און אַז מען פאַרלאָזט זיך מיט צוטרוי אויף די דאָזיקע אמתן און באַמיט זיך ערלעך און ערנסט צו טאָן גאָטס ווילן.

יהוה צווינגט ניט אַרויף זיינע ברכות אויף קיין שום באַשעפעניש. אַלע, וואָס באַקומען דעם רייכטום פון זיינע ברכות, מוזן פרייוויליק נאָכפאָלגן די פאַראָרדענונגען, וואָס יהוה האָט אַרויסגעגעבן פאַר דעם מענטשנס פירונג. אַלס ענטפער אויף דער פראַגע האָט ישוע ציטירט דאָס צווייטע געבאָט און געזאָגט: „און דאָס צווייטע איז גליך צו אים: דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי זיך אַליין. אָן די דאָזיקע צוויי געבאָט הענגען די גאַנצע תּורה און די נביאים.״ (מתתיה כב: לט, מ) קיין מענטש וויל זיך ניט טאָן קיין שאָדן. ווער עס האָט ליב זיין שכן אָדער זיין מיט־באַשעפעניש ווי זיך אַליין, וועט ניט האָבן קיין שום באַגער צו טאָן שאָדן זיין ברודער, און וועט זיך ניט אָנשטרענגען אים צו שעדיקן. ער וועט באַהאַנדלען זיין מיט־באַשעפעניש מיט גערעכטיקייט.

ישוע דערקלערט דעם דאָזיקן געזעץ אין לוקאס ו: לא אַזוי ווי פאָלגט: „און ווי איר ווילט, אַז די מענטשן זאָלן צו אייך טאָן, אַזוי טוט איר אויך צו זיי.״ אין אַן אַנדער אָרט דערקלערט דער האַר דאָס געזעץ, וואָס דאַרף פירן באַשעפענישן, וועלכע זיינען אים וווילגעפעלן, אויף אַזאַ אופן: און וואָס פאַרלאַנגט דען יהוה פון דיר, ווי צו טאָן גערעכטיקייט, און האָבן רחמנות, און אומצוגיין דעמוטיק פאַר דיין גאָט.״ (מיכה ו: ח) דער, וואָס האַלט די דאָזיקע צוויי געבאָט פון יהוה, וואָס זיינען דאָ ווידער איבערגעגעבן געוואָרן דורך דעם האַר ישוען, וועט זיין אויפן ריכטיקן דרך, וואָס וועט געווינען פאַר אים די גוטהייסונג פון דעם אַלערהעכסטן. דער מענטש, וועלכער וויל טאָן, וואָס ער דענקט איז ריכטיק, קאָן אין דעם ניט געפירט ווערן בלויז דורך

זיין געוויסן. אויב זיין געוויסן פאַרמשפּט אים, איז דאָס פאַר אים אַ באַווייז, אַז ער האָט פאַרקערט געהאַנדעלט. אָבער ער קאָן אויך טאָן מיט אַ ריינעם געוויסן עטוואָס, וואָס איז ניט ריכטיק. דאָס געוויסן פון דעם מענטשן איז ניט קיין זיכערער פירער, סיידן אַז דאָס געוויסן איז געהאַלטן אין גענויער איבער־איינשטימונג מיטן וואָרט פון גאָט.

זאָל קיין שום מענטש זיך ניט אָפּנאַרן אָדער ווערן אָפּגענאַרט דורך דעם טראַכטן, אַז אויב ער וועט טאָן דאָס, וואָס זיין געוויסן הייסט ריכטיק, וועט ער קאָנען דערגרייכן דאָס אייביקע לעבן. אַלע מענטשן זיינען פאַרדאַמט געוואָרן צוליב זינד, און דער פּסק־דין קעגן אָדמען און די פאַרדאַמונג פון אַלע אַנדערע איז פולשטענדיק גערעכט.

יהוה גאָט, אויסאַיבנדיק ליבע און גנאָד, האָט צוגעגרייט דעם וועג פאַר דער מענטשהייט צו באַפרייען זיך פון דער אומפּייאַיקייט, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן פון זינד, און בלויז די, וואָס וועלן זיך פאַרנעמען אויף דעם דאָזיקן וועג, קאָנען באַפרייט ווערן פון דער דאָזיקער אומפּייאַיקייט. כּדי דער מענטש זאָל קאָנען באַקומען גאָטס ברכות, מוז ער טאָן זיין טייל, ווי גאָט האָט עס געבאָטן: „גלייך ווי דורך איין עברה איז דער פּסק־דין פון פאַרדאַמונג געקומען איבער אַלע מענטשן; אַזוי איז אויך דורך איין גערעכטיקייט די פרייע מתּנה געקומען איבער אַלע מענטשן צו רעכטפאַרטיקונג פון לעבן. וואָרן גלייך ווי דורך די אומגעהאָרכזאַמקייט פון איין מענטשן זיינען אַ סך געוואָרן זינדער, אַזוי וועלן אויך דורך דעם געהאָרכן פון דעם איינעם אַ סך גערעכט געמאַכט ווערן.”
— רוימער ה: יח, יט.

עס איז געווען אָדמס ניט־געהאָרכן, וואָס האָט געפירט צו זיין פאַרמשפּט ווערן צום טויט. דער פּסק־דין איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן קעגן אָדמען, און דעריבער איז ער געווען דער, וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. די ווירקונג אָדער דער רעזולטאַט פון אַזאַ פּסק־דין פון פאַרדאַמונג פאַלט אויף אַלע מענטשן צוליב דער סיבה, וואָס אַלע זיינען די אָפּשטאַמער

פון דעם מענטשן אָדמען, און צוליב דעם, וואָס דער פּסק־דין איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן קעגן אָדמען. איידער עס זיינען גע־באָרן געוואָרן וועלכע ניט איז פון אָדמס קינדער, איז ער געווען אונטער דעם פּסק־דין פון טויט און פון אָפּשטאַרבן, און פאָלג־לעך האָט ער ניט געקאָנט איבערגעבן זיין אָפּשטאַם פולקאָמען לעבן און דאָס רעכט צו לעבן. דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס איטלעכער ווערט „געבוירן אין זינד און אַנטפּאַנגען אין אומגע־רעכטיקייט”. אַלע אומפולקאָמענע באַשעפענישן זיינען פאַר־דאַמט צוליב דער דאָזיקער אומפולקאָמענקייט, ווייל גאָט קאָן ניט גוטהייסן אומפולקאָמענקייט. אַזוי ווי אַלע מענטשן זיינען געבאָרן וואָרן אין זינד, מוזן זיי לסוף אַלע שטאַרבן, סיידן אַז עס איז געמאַכט געוואָרן פאַר זיי אַ געוויסע צוגרייטונג צו האָבן לעבן. גאָט האָט אָט דאָס צוגעגרייט דורך זיין באַליבטן זון, וואָס האָט געליטן דעם טויט, כּדי מענטשן זאָלן־האָבן אַ געלעגנהייט צו לעבן. דאָס איז גאָטס באַשטימטער וועג, און עס איז ניטאָ קיין אַנדער. דורך אָדמס אומגעהאָרכזאַמקייט זיינען אַ סך געוואָרן זינדער, און דורך דעם געהאָרכן פון ישוע המשיחן ביז אין טויט אַריין זיינען אַ סך, דאָס מיינט אַזויפיל, וויפיל גלייבן אין אים און היטן אָפּ גאָטס געבאָט, געוואָרן גערעכטע; און בלויז אַזעלכע דאַרפן האָפן ווען ניט איז צו באַקומען דעם רייכטום פון יהוהס הענט.

זאָלן אַלע האָבן דאָס אין זינען, אַז גאָטס ברכות זיינען ניט פאַר יענע, וואָס פאַרפעלן אָדער זאָגן זיך אָפּ צו גלייבן אין דעם האַר ישוע המשיחן און צו געהאָרכן גאָט און משיחן. גלויבן און געהאָרכזאַמקייט זיינען פאָרבאַדינגונגען צו באַקומען די ברכות פון גאָט, וואָס מאַכן רייך די באַשעפענישן. אַלע זיינען געבאָרן געוואָרן אונטער פאַרדאַמונג, און עס איז פאַראַן בלויז איין וועג, ווי אַרויסצוקומען פון אונטער דער דאָזיקער פאַר־דאַמונג. וועגן דעם שטייט געשריבן: „דער, וואָס גלויבט אין דעם זון, האָט דאָס אייביקע לעבן; און דער, וואָס גלויבט ניט אין דעם זון, וועט ניט זען לעבן; נייערט גאָטס צאָרן בלייבט אויף אים.” (יוחנן ג: לו) גאָטס צאָרן דאָ מיינט די פאַרדאַמונג,

וואָס בלייבט אויף אַלעמען, וואָס זיינען זינדער, און וואָס ווערן אָפּגעפֿרעמדט פֿון גאָט צוליב די זינד. דער איינציקער מעגלעכער וועג פֿאַר יעדן איינעם אַרויסצוקומען פֿון אונטער דעם צאָרן אָדער דער פֿאַרדאַמונג, איז דורך גלייבן אין דעם בלוט פֿון ישוע המשיחן און דורך געהאָרכזאַמקייט; און די אויבנדערמאָנטע פּשוטע ווערטער מיינען, אַז יענע, וואָס פֿאַרפֿעלן אָדער זאָגן זיך אָפּ צו גלייבן, ווען זיי האָבן אַ געלעגנהייט, וועלן ניט זען לעבן; נאָר אַזעלכע בלייבן אונטער דעם צאָרן און דער פֿאַרדאַמונג פֿון גאָט. דאָס איז אַן ענדגילטיקער באַווייז, אַז דער אויסקויף־קרבן איז ניט באַשטימט צו דינען אויטאָמאַטיש לטובת אַלע באַשעפֿענישן; נייערט ער איז באַשטימט לטובת די, וואָס איבן אויס גלויבן אין גאָט און ישוע המשיחן און וואָס געהאָרכן גאָטס וואָרט. דאָס איז אין גאַנצן ניט אין ווידערשפּרוך מיט דער פֿאָלגנדיקער דערקלערונג געמאַכט אין טימותיוס א ב: ה, ו: „דער מענטש ישוע המשיח, וואָס האָט זיך אַליין געגעבן אַלס אַ כּפּרה פֿאַר אַלע.” דער אויסלייז־קרבן דאָ באַציט זיך אויף אַלע, וואָס גלייבן, און ניט אויף אַלע מענטשן אָן אונטערשייד פֿון גלויבן.

זאָל קיינער זיך ניט נאַרן אָדער זיך לאָזן איינרעדן פֿון אַנדערע, אַז ער קאָן זיך ניט ווייסנדיק מאַכן וועגן גאָטס באַשטימטן וועג פֿון דערלייזונג און אין דער זעלביקער צייט באַקומען גאָטס ברכות. נאָכפֿאָלגן די לערעס פֿון אומפּולקאָמענע מענטשן און זיך פֿאַרלאָזן אויף דעם, פֿירט זיכער צום חורבן. צו זאָגן, אַז מען קען טאָן, וואָס מען וויל נאָר אָדער וואָס מען האַלט פֿאַר גערעכט, און אַז מען וועט אַזוי געראַטעוועט ווערן, איז ערגער ווי נאַרישקייט, און פֿירט זיכער צום אונטערגאַנג. דער דאָזיקער פּונקט ווערט זייער שטאַרק אונטערגעשטראָכן אין דער הייליקער שריפֿט: „פֿאַרלאָז זיך אויף גאָט מיט דיין גאַנצן האַרצן, און אויף דיין פֿאַרשטאַנדיקייט זאָלסטו זיך ניט אָנלענען. דערקען אים אין אַלע דיינע וועגן, און ער וועט גלייך מאַכן דיינע שטעגן.” (משלי ג: ה, ו) דאָס באַווייזט, אַז אַ מענטש קאָן זיך ניט אָנלענען אויף זיין איינגן זעלבסטזיכטיקן

טראַכטן אָדער פאַרשטאַנדיקייט, נייערט ער מוז ווערן געפירט דורך גאָטס וואָרט, און אויב ער דערקענט אין אַלע זיינע וועגן יהוה און ישוע המשיחן, איז ער זיכער צו ווערן געפירט אויפן ריכטיקן וועג. צו דערקענען גאָט אין זיינע וועגן מיינט, מיט התמדה צו זוכן אין דער הייליקער שריפט, כדי אויסצוגעפינען גאָטס וועגן, דאַן אים צו געהאָרכן און צו געבן גאָט דעם כבוד און די אָנערקענונג פאַר אַלצדינג, וואָס מען באַזיצט.

קיינער קען ניט מיט רעכט זאָגן, אַז ער גלויבט אין דעם האַר ישוע המשיחן, ווען ער פאַרפעלט זיך צו באַקענען מיט דעם ווילן פון גאָט. ער מוז וויסן גאָטס ווילן בנוגע אים, כדי צו טאָן גאָטס ווילן. קיינער קען ניט האָפן אויף גאָט און טאָן זיין ווילן, סיידן ער איז באַקאַנט מיט גאָטס ווילן, און צוליב דער דאָזיקער סיבה האָט דער האַר געשענקט דעם מענטשן, וואָס זוכט דעם אמת, די ביבל און איר דערקלערונג אַלס אַ פולשטענדיקן וועגווייזער פאַרן מענטשן צו דער גערעכטיקייט. כדי צו דערגרייכן דערקענטניש וועגן דער כונה און דעם ווילן פון יהוה, מוז מען שטודירן גאָטס וואָרט. צוליב דער דאָזיקער סיבה זאָגט דער מענטש פון גאָט: „דיין וואָרט איז אַ לאָמפּ פאַר מיינע פיס און אַ ליכט פאַר מיין שטעג.” (תהלים קיט: קה) דער האַר מאַכט קלאָר דעם שטעג פון די, וואָס זיינען אייפערדיק צו טאָן זיין ווילן, כדי זיי זאָלן קענען גיין אין זיין ליכט אויף דעם וועג, וואָס איז ווילגעפעלן דעם האַר.

עס שטייט געשריבן אין תהלים כד: א: „יהוהס איז די ערד און איר פולקייט; די וועלט און די וווינער אין איר.” דאָס מיינט, אַז אַלע רייכטימער זיינען יהוהס. ער האָט באַשאַפן די ערד אַלס וווינאָרט פאַר דעם געהאָרכזאַמען מענטשן. „איך האָב געמאַכט די ערד, און באַשאַפן דעם מענטשן אויף איר; איך, יאָ, מיינע הענט, האָבן אויסגעצויגן די הימלען, און זייער גאַנצן חיל האָב איך באַפוילן, ... וואָרן אַזוי האָט געזאָגט יהוה, דער באַשאַפער פון די הימלען, ער, גאָט, וועלכער האָט געפורעמט די ערד און זי געמאַכט, ער וואָס האָט זי אויפגעשטעלט; ניט פאַר אַ וויסטעניש האָט ער זי באַשאַפן; נאָר צום

**וווינען האָט ער זי געפורעמט: איך בין יהוה; און עס איז ניטאָ** קיין אַנדערער.״ (ישעיה כה: יב, יח) גאָט האָט ניט באַשאַפן **די ערד אומזיסט. די ערד וועט אייביק באַשטיין, און עס איז** יהוהס ווילן, אַז געהאָרכזאַמע מענטשן זאָלן לעבן אויף איר.

— קהלת א: ד.

בלויז די, וואָס קענען גאָט און ישוע המשיחן אַלס רעטער פון דער מענטשהייט, און וואָס געהאָרכן, דאַרפן דערוואַרטן די גרויסע רייכטימער, וואָס גאָט האָט צוגעגרייט פאַר דער מענטשהייט. אַלע אומגעהאָרכזאַמע וועלן אַוועקגיין אין דער אייביקער פאַרניכטונג. די, וואָס זיינען איצט אויף דער ערד און זיינען באַקאַנט אַלס מענטשן פון גוטן ווילן צו גאָט — סימבאָליזירט דורך יונדבן — זיינען גרייט צו ווערן אויף אייביק פריי פון אָרעמקייט און אַריינצוטרעטן אין אייביקן רייכטום. דערפאַר איז עס פון העכסטער וויכטיקייט פאַר אַלע ערנסטע מענטשן צו דערגרייכן אַ פאַרשטענדעניש וועגן גאָטס פאָרויסבאַשטימטן וועג, אויף וואָס ער האָט אָנגעוויזן אין דער הייליקער שריפט. פאַרוואָס איז איצט פאַראַן אַזויפיל אָרעמקייט אויף דער ערד? די דאָזיקע מענטשן דאַרפן אויפגעקלערט ווערן און דאַן לערנען, אין וואָס עס באַשטייט גאָטס אמתער און זיכערער מיטל אָפּ־צושאַפן די גאַנצע אָרעמקייט און אויף איר אָרט אָנצופילן די ערד מיט איבערפלוס, אייביקן פרידן און גליק.

# די סיבה פון אָרעמקייט און טויט

יהוה איז אַלמעכטיק און אין גאַנצן אומזעלבסטזיכטיק. טאָ פאַרוואָס האָט ער דערלויבט אַזויפיל אָרעמקייט און לײדן צווישן מענטשן? פאַרוואָס איז פאַראַן אַזאַ גרויסע צאָל קראַנקייטן, קומער און רשעות צווישן דעם מענטשלעכן מין? פאַרוואָס שטאַרבן מענטשן? איז יהוה גאָט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאַנצער אָרעמקייט, פאַר די אַלע לײדן און פאַרן טויט? ער איז בשום אופן ניט פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר. ווען איר וועט קריגן די ביבלישע און דריבער די אמתע ענטפערס צו די נאָרוואָס דערמאָנטע פראַגן, וועט איר קאָנען אָפּשאַצן די ליבהאַרציקייט פון יהוה גאָט און ישוע המשיחן.

גיריקייט האָט געפירט צום באַגיין דאָס גרעסטע און דאָס נידערטרעכטיקסטע פאַרברעכן פון אַלע צייטן. דער רעזולטאַט איז געווען די פאַרלוימדונג פון יהוהס גרויסן נאָמען, און אָרעמקייט און טויט אויף דעם מענטשלעכן מין. אַזויפיל יאָרן זיינען אַוועק זינט דאָס דאָזיקע פאַרברעכן איז באַגאַנגען געוואָרן, און דער גרעסטער פאַרברעכער האָט אַזוי פאַרדעקט אַלע זיינע קרומע שפורן, אַז ביז היינטיקן טאָג איז עס שווער פאַר מענטשן צו פאַרשטיין און אָפּצושאַצן די אומגעהויערקייט פון יענעם פאַרברעכן. בלויז יענע מענטשן, וואָס זיינען פון גוטן ווילן גו גאָט, און וואָס באַגערן צו וויסן און צו טאָן וואָס איז ריכטיק, וועלן דאָס פולשטענדיק פאַרשטיין.

צו זיין גיריק, מיינט אַן ניט־איינגעהאַלטענער באַגער צו באַזיצן דאָס, וואָס געהערט צו אַן אַנדערן. גיריקייט מיינט אַן אומגערעכטער פאַרלאַנג נאָך געווינס און אַן אַנטשלאָסנקייט צו פאַרכאַפּן די באַגערטע זאַך דורך רויב אָדער דורך אַנדערע אומגערעכטע און פאַרברעכערישע מיטלען. דאָס איז דער אַרויס־

ווּקס פון אויסערגעוויינלעכער זעלבסטזיכטיקייט. דאָס באַשעפעניש, וואָס באַגערט אויף אַן אומגערעכטן אופן צו באַזיצן דאָס, וואָס געהערט צו אַן אַנדערן, אָדער וואָס, כּדי צו באַפרידיקן זיין אומבאַהערשטן פאַרלאַנג, באַנוצט זיך מיט באַטרוג, רויב אָדער מיט אַנדערע פאַרברעכערישע מעטאָדן, ווייזט דערמיט אַרויס אַן אָבזיכטלעך רשעותדיק האַרץ, פעסט אַנטשלאָסן צו באַגיין אומגערעכטיקייט קעגן אַנדערע.

די פאַקטן, וואָס ווערן באַריכט אין דער הייליקער שריפט וועגן דעם באַגיין פונם גרויסן פאַרברעכן, זיינען די דאָזיקע: אויסאיבנדיק זיין גרענעצלאָזע מאַכט, פולקאָמענע חכמה און ענדלאָזע ליבע, האָט גאָט באַשאַפן די הימלען. זיי באַשטיין פון דעם לאָגאָס [וואָרטפירער], כּרובים, שׂרפים, מלאָכים, מאַכטן און ממשלות, און זיי אַלע דערציילן זיין הערלעכקייט: „די הימלען דערציילן די הערלעכקייט פון גאָט; און דער הימלוועלב זאָגט אָן די ווערק פון זיינע הענט. איין טאָג דערציילט עס דעם אַנדערן, און אַ נאַכט צו אַ נאַכט גיט צו וויסן.” (תהלים יט: א, ב) גאָט האָט באַשאַפן אויך די ערד. (בראשית א: א), און דאַן איז געקומען זיין רעכטע צייט צו באַשאַפן דעם מענטשן צו אַרבן די ערד. כּדי דער דאָזיקער מענטש זאָל האָבן אַ ווינטשנסווערטיקן אָרט, ווו צו וווינען, האָט גאָט אין אַ טייל פון דער ערד באַשאַפן אַן אמתן פּאַראַדיז, וואָס ער האָט אָנגערופן גן־עדן. פון די ערד־עלעמענטן האָט גאָט באַשאַפן אַ פולקאָם באַשעפעניש, וואָס ער האָט געהייסן אָדם אָדער מענטש, אַ לעבעדיק, באַוועגנדיק באַשעפעניש, באַשאָנקן מיט אינטעליגענץ. ער האָט באַזעטצט דעם מענטשן אין דעם פולקאָמענעם עדן אַלס זיין היים, און ער האָט באַלערנט דעם מענטשן בנוגע זיין געזעץ און וועגן דער שטראָף, וואָס וועט קומען, ווען דער מענטש וועט פאַרברעכן קעגן דעם געזעץ. (בראשית ב: ז, טו־יז) ער האָט באַשאַפן און געגעבן דעם מענטשן אַ געהילפין, אַ פולקאָמענע פרוי, און ער האָט באַקליידט די דאָזיקע פולקאָמענע פּאָר מיט דער פייאיקייט און מאַכט צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט. ווען דער מענטש וואָלט געווען געטריי און גע־

האַרכזאַם צו גאָטס געזעץ, וואָלט די ערד געווען זיין היים אויף אייביק און ער וואָלט געגאָסן עשירות בשפע.

אין דער שפּראַך פון דעם תּהלים־זינגער איז דער מענטש „באַשאַפן געוואָרן מוראדיק און װוּנדערבאַר". גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן, און עס זאָגט דער תּהלים־זינגער: „וווּנדערבאַר זיינען דיינע ווערק." (תּהלים קלט: יד) דער פולקאָמענער מענטש איז געווען די קרוינונג אָדער דאָס העכסטע ווערק פון גאָטס ערדישן באַשאַף. אין יהוהס אומזעבאַרן אָדער הימלשן רייך איז געווען אַ גייסטיק באַשעפעניש מיטן נאָמען לוציפער [העברעאיש הילל, ד. ה. ליכטיקער, מאָרגנשטערן], און גאָט האָט געמאַכט לוציפערן פאַרן אומזעבאַרן האַר איבער דעם מענטשן. וועגן לוציפערן שטייט געשריבן אין גאָטס וואָרט: „דו ביסט געווען אַ געזאַלבטער כּרוב, אַ ברייטשירמענדיקער; און איך האָב דיך דערצו איינגעזעצט; דו ביסט געווען אויף גאָטס הייליקן באַרג, דו ביסט אַרומגעגאַנגען צווישן פייערשטיינער." — יחזקאל כח: יד.

די באַצייכנונג „כּרוב" מיינט אַ גאָטס־געזאַלבטער, וואָס האָט אויפזיכט איבער אַ געוויסן טייל פון זיין אָרגאַניזאַציע. די באַשרייבונג פון לוציפערן, „דער געזאַלבטער כּרוב, אַ ברייטשירעמענדיקער", ווייזט אָן קלאָר אויף דער הויכער שטעלע, וואָס ער האָט פאַרנומען. גאָט האָט אים באַשטימט און אַריינגעפירט צו פאַרנעמען דעם דאָזיקן הויכן אַמט אויף גאָטס „באַרג" (אוניווערסאַלע אָרגאַניזאַציע). אַז לוציפער האָט געהאַט אויפזיכט איבערן גן־עדן, דעם פולקאָמענעם מענטשן און איבער דער היים פון דעם פולקאָמענעם מענטשן, ווערט באַוויזן אין די פאָלגנדיקע ווערטער פון דער הייליקער שריפט: „דו ביסט געווען אין עדן, גאָטס גאָרטן; יעדער איידלשטיין איז געווען דיין צודעק, רובין, טאָפּאַז און דימענט, גאָלדשטיין, אָניקל און יאַשפּיז, סאַפיר, גאַרפונקל, און שמאַראַגד, און גאָלד, דיינע געפּייקלטע און געלעכלטע אַרבעט זיינען געווען אָנגעברייט איז דיר אין טאָג פון דיין באַשאַפן ווערן." (יחזקאל כח: יג) ער איז געווען אַ פּראַכטפול באַשעפעניש און זיין אויסזען איז



לוציפער רופט ארויס די שטרייטפראגע בנוגע דעם מענטשן
זייט 169

געוועזן הערלעך: „פולקאָמען ביסטו געוועזן אין דיינע וועגן פון דעם טאָג, ווען דו ביסט באַשאַפן געוואָרן, ביז אומרעכט איז געפונען געוואָרן אין דיר.״ (יחזקאל כח: טו) דאָס באַווייזט, אַז לוציפער איז געוועזן פולקאָם און איז אַזוי געוועזן, ביז ער איז געוואָרן געזעצלאָז, דאָס הייסט, אַ מורד קעגן גאָט. — זע רעכטפאַרטיקונג, באַנד 2, זייט 91; ענגלישע אויסגאַבע.

ווען לוציפער איז געוואָרן פאַרדאָרבן, געזעצלאָז און רשעות־דיק, האָט גאָט געביטן זיין נאָמען, און פון יענער צייט אָן ווערט ער באַצייכנט אין דער הייליקער שריפט אונטער פיר נעמען, נעמלעך; שלאַנג, וואָס מיינט באַטריגער; שטן, וואָס מיינט קעגנער; דראַכן, וואָס מיינט פאַרשלינגער; און טייוול, מיינענדיק פאַרלוימדער. בעת ער איז געוועזן פולקאָם, איז לוציפער געוועזן דער „גאָט״ אָדער דער מעכטיקער הערשער איבער דער וועלט, און דער דאָזיקער אַמט איז ניט צוגענומען געוואָרן פון אים תּכּף ווי ער איז געוואָרן אַ רשע. יאָרהונדערטער נאָכאַנאַנד איז ער געוועזן דער „גאָט״ אָדער דער אומזעבאַרער הערשער איבער דער וועלט, וואָס ער האָט געמאַכט רשעותדיק. — יוחנן יב: לא; יד: ל.

## זיין פאַרברעכן

לוציפער, האָבנדיק צוטריט צו די הויפן פון הימל, האָט געזען דעם כּבוד און די הערלעכקייט פון יהוה, און ער האָט באַאָבאַכט, ווי אַזוי דער גאַנצער באַשאַף דינט גאָט. לוציפער האָט געוווסט, אַז ער איז אויבערהאַר איבער דעם מענטשן אַזוי גוט ווי דער הויפּט איבער דעם חיל פון מלאָכים, און ער האָט אָנגעפאַנגען צו גלוסטן נאָך דער פאַרגעטערונג, דעם לויב און דעם כּבוד, וואָס באַלאַנגען צו יהוה, און צו וועמען אַלע גערעכטע באַשעפענישן ברענגען דאָס אַלץ. לוציפערס פאַרלאַנג איז געוועזן ניט איינגעהאַלטן, איז געוואָרן איבערמעסיק, און דעריבער איז ער געוואָרן גיריק. ער האָט אויפגעהערט ליב צו האָבן גאָט. ער איז געוואָרן אַ רשע און אַ געזעצלאָזער. דאָס ווערט באַוויזן דורך די דאָזיקע ווערטער פון דער הייליקער

שריפט, וואָס זיינען פאַרצייכנט געוואָרן, נאָכדעם ווי לוציפער איז באַגאַנגען זיין גרויס פאַרבּרעכן: „ווי ביסטו פון הימל געפאַלן [דערנידעריקט און פאַרדאָרבּן], דו ליכטיקער זון פון דעם מאָרגן! ווי ביסטו אָפּגעהאַקט געוואָרן צו דער ערד, דו, וועלכער האָט אָפּגעשוואַכט די פעלקער! וואָרן דו האָסט גע־זאָגט אין דיין האַרצן: אין הימל וועל איך אַרויפגיין, איבּער די שטערן פון גאָט וועל איך דערהויבּן מיין טראָן, און איך וועל זיך זעצן אויפן באַרג פון פאַרזאַמלונג, אין העכסטן צפון. איך וועל אַרויפגיין איבּער די הייכן פון וואָלקנס, איך וועל זיין ווי דער אַלהעכסטער. דאָך ווערסטו גענידערט ווערן אין קבר, אין דעם טיפסטן גרוב.״ (ישעיה יד: יב־טו) גיריקייט האָט געפירט צו דעם דאָזיקן גרויסן פאַרבּרעכן, און דאָס ווערט באַוויזן דורך די ווערטער, וואָס באַציען זיך צום שטן צום סוף פון זיין טעטיקייט: „אָ דו, וואָס וווינסט ביי גרויסע וואַסערן, דו רייכע אין אוצרות, דיין סוף איז געקומען און די מאָס פון דיין רויב.״ — ירמיה נא: יג.

גאָט האָט געפאָדערט פון דעם פאָלקאָמענעם מענטשן אָדמען פולע געהאָרכזאַמקייט. באַמערקט, אַז גאָט האָט ניט פאַרלאַנגט קיין זייער גרויסע זאַך פון דעם מענטשן, צום ביישפּיל אויפ־הייבּן אַ באַרג; נייערט ער האָט געפאָדערט פון דעם מענטשן, אַז ער זאָל זיך אָפּהאַלטן פון עסן אַ געוויסע פרוכט, וואָס איז געוואַקסן אין גן־עדן. ער האָט געלאָזט וויסן דעם מענטשן, אַז דאָס ניט האָרכן וועט פירן צו זיין טויט. „וואָרן אין דעם טאָג, ווען דו וועסט עסן דערפון, וועסטו זיכער שטאַרבּן [שטאַרבּנדיק שטאַרבּן].״ (בּראשית ב: יז) עס וואָלט ניט געווען אַזוי שווער פאַר אָדמען צו נעמען אין אַכט גאָטס תּורה און צו געהאָרכן. דאָס שלעכטס איז ניט געווען אין דער פרוכט, נאָר זיין פאַר־בּרעכן איז באַשטאַנען אין ניט געהאָרכן גאָטס געזעץ.

אַלס דער אויבּערהאַר פון דעם מענטשן, האָט לוציפער גע־ווּסט דעם מענטשנס פליכט צו גאָט, און עס איז געווען לוצי־פערס פליכט אָפּצוהיטן די אינטערעסן פון דעם מענטשן. זיין פאַרבּרעכן, ווי אַלע אַנדערע עבדות, האָט זיך אָנגעהויבּן ביי

אים אין זיינע געדאַנקען, ווען אים האָט דאָס געגאַרט, וואָס האָט אין דער אמתן געהערט צו יהוה. כּדי דורכצופירן זיין גיריקן פּאַרלאַנג, האָט ער אָנגעווענדט פעלשונג און באַטרוג; דעריבער ווערט ער אָנגערופן „די שלאַנג", מיינענדיק דער באַ־טריגער. (אַנטפּלעקונג כ : א־ג) „און די שלאַנג איז געווען ליסטיקער פון אַלע חיות." (בּראשית ג : א) דאָס מיינט, אַז שׂטן איז געווען ליסטיק, כיטרע, שלעכט און באַטריגעריש. ער האָט בּיי זיך געקלערט, אַז אויב גאָט האָט ניט באַשטראָפט דעם מענטשן מיט טויט פאַר דעם איבּערטרעטן זיין געזעץ, וועט דאָס אַרויס־שטעלן גאָט אַלס אַ ליגנער, און דאָס וועט צעשטערן דעם צוטרוי פון די באַשעפענישן צום באַשאַפער; און אַז אויב גאָט וואָלט יאָ געטייט אָדמען פאַר זיין עובר־זיין גאָטס געזעץ, וואָלט דאָס באַוויזן, אַז גאָט קאָן ניט באַשאַפן אַ פולקאָמענעם מענטשן אויף דער ערד, וואָס וואָלט פאַרבּליבּן אמתדיק און געטריי צו אים. אויך אַזוי וואָלט פאַרניכטעט געוואָרן דער צוטרוי פון די באַשעפענישן אין דעם באַשאַפער, און דער רעזולטאַט וואָלט געווען, אַז דער טייוול וואָלט געקראָגן די באַוואונדערונג און די שבחים, וואָס געהערן מיט רעכט צו יהוה.

בּיים אויספירן זיין רשעותדיקן פאָרטל האָט דער שׂטן, די שלאַנג, געגענענטערט צו חוהן: „האָט גאָט טאַקע געזאָגט, איר זאָלט ניט עסן פון קיין בּוים אין גאָרטן?" און צוליב דעם עסט איר ניט די גוטע פרוכט? (בּראשית ג : א) האָט חוה אים געענטפערט: „מיר מעגן עסן פון דער פרוכט...נאָר פון דער פרוכט פון דעם בּוים, וואָס איז אין מיטן גאָרטן, האָט גאָט געזאָגט, איר זאָלט דערפון ניט עסן, און איר זאָלט זיך אָן דעם ניט אָנרירן, אַז ניט וועט איר שטאַרבּן." (בּראשית ג : ב, ג) עס איז אָן שום צווייפל, אַז דער שׂטן האָט געלאַכט פון חוהס פּשוטן גלויבּן." „און די שלאַנג האָט געזאָגט צו דער פרוי: דו וועסט זיכער ניט שטאַרבּן; וואָרן גאָט ווייס, אַז אין דעם טאָג, ווען איר עסט דערפון, וועלן זיך עפענען אייערע אויגן; און איר וועט זיין ווי געטער און וויסן גוטס און שלעכטס." (בּראשית ג : ד, ה) די באַהויפּטונג פון דעם שׂטן איז געווען

אַן אָבזיכטלעכער און קאַלטבלוטיקער ליגן, און אונטער דעם איינפלוס פון דעם דאָזיקן ליגן האָט חוה פאַרבראָכן קעגן גאָטס געזעץ. דער שׂטן האָט פאַרפירט די פרוי און האָט דורך איר דערגרייכט, וואָס ער האָט באַצוועקט, נעמלעך זי אָפּצוּווענדן פון יהוה. האָט זיך דעמאָלט אָדם באַוויזן, און חוה האָט אים דערציילט, וואָס דאָ האָט זיך פאַרלאָפן, און אויך אָדם „האָט געגעסן" פון דער פאַרבאָטענער פרוכט. דאָס באַווייזט, אַז אָדם האָט ניט ליב געהאַט גאָט, ווייל ער האָט אים אָבזיכטלעך ניט געהאָרכט. (טימותיוס א ב: יד) און חוה האָט ער אויך ניט ליב געהאַט, וואָרן וואָלט ער זי אמתדיק ליב געהאַט, וואָלט ער געזוכט גאָטס פּנים און געבעטן פאַרגעבונג, זעענדיק אַז זי איז געוואָרן פאַרפירט. אָדם האָט געוווּסט, אַז חוה וואָלט געוועזן אָפּגעשיידט פון אים, ווען ער וואָלט געבליבן געטריי צו גאָט, און ער האָט אייגנוויליק פאַרלאַנגט זי צו באַהאַלטן צוליב זיינע אייגענע פאַרגעניגנס.

אָדם און חוה זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון גן־עדן, און געערעכט אַזוי. (בראשית ג: יט־כד) דער דאָזיקער רשעותדיקער ליגן און באַטריגערישער אַקט פון דעם שׂטן האָט געבראַכט טויט אויף דער מענטשהייט. דערפאַר טאַקע האָט ישוע געזאָגט וועגן דעם שׂטן, דעם טייוול, אַז „ער איז געווען אַ מערדער און אַ ליגנער פון אָנהייב אָן". (יוחנן ח: כד) פון דאַן אָן ביז איצט איז יעדער מענטש, וואָס באַנוצט זיך מיט ליגנס צו דערגרייכן זיינע אומגערעכטע צוועקן, אַן אינסטרומענט פון דעם טייוול, וועלכער איז דער פאָטער פון ליגנס.

אין גן־עדן איז די נאַרונג געווען פולקאָמען, און זי וואָלט אויפגעהאַלטן דאָס מענטשלעכע לעבן אויף שטענדיק פאַר די געהאָרכזאַמע. דרויסן פונם גן־עדן האָט די שפּייז, וואָס איז געקומען פון דער ערד, אַנטהאַלטן סם. אָדם און חוה זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון גן־עדן, און דער טויט איז לאַנגזאַם געקומען אויף זיי, ביז וואַנען זיי זיינען געשטאָרבן. אין משך פון די לאַנגזאַם־פאַרגיינדיקע יאָרן פון זייער עקזיסטירן, זיינען

זייערע קינדער געבאָרן געוואָרן. ווייל די עלטערן זיינען געווען זינדיק, האָבן זיי ניט געקאָנט ברענגען אויף דער וועלט פולקאָמענע קינדער, און דעריבער ווערט יעדער מענטש, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין דער וועלט אויף אַ נאַטירלעכן אופן, געבאָרן אַ זינדיקער, און ער מוז שטאַרבן אין דער געהעריקער צייט. (רוימער ה: יב; תהלים נא: ה) אַלע קראַנקייטן און קומער, אַלע אָרעמקייט, ליידן און פאַרברעכן, וואָס זיינען באַפאַלן דעם מענטשלעכן מין פון דעם טאָג פון גן־עדן ביז איצט, מוזן ווערן פאַררעכנט אויף דעם חשבון פון דעם שׂטן, דעם טייוול. אַלע מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך עקשנותדיק און אַבזיכטלעך מיט האַנדלונגען, וואָס ברענגען אויף אַנדערע ליידן, קראַנקייטן, אָרעמקייט אָדער אונטערדריקונג, זיינען דעם טייוולס בלי־זין.

## דער שׂטן מוז שטאַרבן

ווען גאָט האָט פאַרמשפּט אָדמען צום טויט, האָט ער אויך אַרויסגעגעבן אַ פּסק־דין פון טויט קעגן דעם שׂטן. (בראשית ג: טו; ישעיה יד: יד־כ; יחזקאל כח: יח, יט) טאָ פאַרוואָס האָט גאָט דערלויבט דעם טייוול צו לעבן דורך די אַלע יאָרהונדערטער און צו ברענגען אַזויפיל ליידן אויף דעם מענטשלעכן מין? דער קורצער ענטפער איז, אַז דער שׂטן האָט באַרימעריש דערקלערט, אַז ער איז פעאיק אַלע מענטשן אָפּצוווענדן פון גאָט און אים צו שעלטן; און גאָט האָט געגעבן דעם שׂטן אַ געלעגנהייט צו באַווייזן זיין באַרימערישן אַרויסרוף, און האָט אין דער זעלביקער צייט געגעבן דעם מענטשן די געלעגנהייט צו באַווייזן זיין שטאַנדהאַפטיקייט צו גאָט.

דער שׂטן האָט זיך באַרימט פאַר יהוה, אַז אַלע מענטשן, ווען זיי ווערן געשטעלט פאַר אַ שטאַרקן פּרוּוו, וועלן לעסטערן גאָט. וואָלט גאָט תּכף דערהרגעט דעם שׂטן, ניט געבנדיק אים די געלעגנהייט צו באַווייזן זיין באַרימערישן אַרויסרוף, וואָלט אויף שטענדיק געבליבן צווייפל אין די געדאַנקען פון אַ צאָל באַשעפענישן, צי דער שׂטן האָט יאָ אָדער ניט דערקלערט

דעם אמת. אַ נביאישע דראַמע איז פאַרצייכנט געוואָרן אין דער הייליקער שריפט אַלס באַווייז פון די דאָזיקע פונקטן, און דאָס איז בנוגע דעם גוטן מענטשן איוב און דעם טייוול. איוב, דער הויפּט־שוישפּילער, איז געווען אַ גערעכטער מענטש. דער שׂטן האָט דערקלערט, אַז ער קאָן פאַראורזאַכן איובן צו שעלטן גאָט. (איוב ב: ג־ה) גאָט האָט אָנגענומען די אַרויספאָדערונג פון דעם שׂטן. דער דאָזיקער פּרווו האָט באַדאַרפט באַווייזן, צי דער מענטש וועט אונטער דער שטרענגסטער אויספּרוּווּנג בלייבן געטריי צו גאָט. פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער אויס־פּרווו האָט אַריינגעפירט די פראַגע וועגן דער אויבערמאַכט פון גאָט. דער דאָזיקער אויספּרווו האָט געזאָלט געבן אַלע אינ־טעליגענטע באַשעפענישן אַ געלעגנהייט אויסצוקלייבן צווישן גאָט און דעם טייוול; דעריבער איז עס געווען יהוהס פּסק־דין, צו לאָזן דעם שׂטן לעבן אויף אַ געוויסער צייט, בעת דער אויס־פּרווו וועט אָנהאַלטן, און אַז צום סוף פון דער דאָזיקער צייט וועט גאָט פאַרניכטן דעם שׂטן. פּרעה פון מצרים איז געווען אַן אָפיציעלער פאַרטרעטער פון דעם טייוול אויף דער ערד, און ער איז באַנוצט געוואָרן צו שפּילן זיין ראָלע און אַזוי פאַרויס־צוזאָגן גאָטס כּונה און פאַרוואָס ער האָט דערלויבט דעם שׂטן צו לעבן אַ געוויסע צייט; ווי עס שטייט געשריבן: „צוליב דעם צוועק האָב איך דיר דערלויבט צו בלייבן, כּדי דיר צו באַווייזן מיין כּח; און כּדי זיי זאָלן באַקאַנטמאַכן מיין נאָמען איבער דער גאַנצער ערד.” — שמות ט: טז.

דער אויספּרווו האָט זיך אָנגעהויבן מיט אָדמס ערשטע קינדער; ער וועט שטענדיק נאָך פאָרטגעזעצט און וועט פאַרענ־דיקט ווערן אין דער שלאַכט פון הר־מגדון. אין דער צווישנצייט ברענגט גאָט צו דעם מענטשנס אויפמערקזאַמקייט דעם אמת, כּדי אים צו געבן די געלעגנהייט אויסצוקלייבן, וועמען ער וויל דינען, גאָט אָדער דעם טייוול. קין, אָדמס און חוהס ערשטער זון, האָט אויסגעקליבן נאָכצוגיין דעם טייוול, און ער האָט פאַרלוירן. הבל האָט אויסגעקליבן דעם בעסערן טייל: ער האָט געדינט יהוה גאָט, און ער האָט באַקומען גאָטס גוטהייסונג.

דער שטן האָט פאַראורזאַכט קינען צו דערמאָרדן הבלען. —
עברים יא: ד־ט.

אַלע פאַרנונפטיקע מענטשן, וואָס הערן דעם אמת, דאַרפן שנעל איינזען, אַז דער שטן, דער טייוול, איז גאָטס גרויסער קעגנער און דעם מענטשנס גרעסטער שונא. אַלע מענטשן פון גוטן ווילן צו גאָט וועלן גיין אויפן וועג, אויף וועלכן הבל האָט זיך פאַרנומען, און זיי וועלן לעבן. די אַנדערע וועלן נאָכגיין דעם וועג, אויף וועלכן קין האָט זיך פאַרנומען, און זיי וועלן שטאַרבן און זיין טויט אויף אייביק. אין די פאַרגאַנגענע צייט זיינען כמעט אַלע מענטשן געשטאָרבן אין אומוויסנקייט אָדער אָן וויסן דעם אמת; אָבער ווען די באַשטימטע צייט וועט קומען, וועלן די, וואָס זיינען געשטאָרבן אין אומוויסנקייט, אויפגעוועקט ווערן פון טויט און זיי וועט געגעבן ווערן אַ מעגלעכקייט צו וויסן דעם אמת, און אויב זיי וועלן דאַן דינען גאָט, וועלן זיי בלייבן לעבן, און קיינמאָל ניט שטאַרבן. איצט איז אָנגעקומען דער טאָג, ווען די דאָזיקע מענטשן אויף דער ערד, וואָס הערן דעם אמת, מוזן זיך אַנטשיידן, וועמען זיי ווילן דינען. די מענטשן פון גוטן ווילן צו גאָט וועלן זיך אויסקלייבן, אים צו דינען און וועלן לעבן.

גאָטס וואָרט, די הייליקע שריפט, איז אויסדריקלעך געשריבן געוואָרן אַלס אַ וועגווייזער און הילף פאַר אַזעלכע מענטשן, וואָס ווילן טאָן וואָס איז ריכטיק. (טימותיוס ב ג: טז, יז; תהלים קיט: קה) דער שטן, דער באַטריגער, האָט אַלעמאָל פאַרבלענדט מענטשן צו זען דעם אמת און האָט געהאַלטן דעם מענטשן אין אומוויסנקייט מכח יהוהס גנעדיקער צוגרייטונג פאַר דער מענטשהייט. (קאָרינטער ב ד: ג, ד) בלויז דער אמת קאָן אים פירן אויף דעם ריכטיקן וועג און אים דערמעגלעכן, דורך ישוע המשיחן זיך צו באַפרייען פון דעם איינפלוס און כח פון דעם שטן. אַלע מענטשן, אַלע חברות אָדער אָרגאַניזאַציעס פון מענטשן, וואָס פרובירן צו האַלטן אַנדערע אין אומוויסנקייט מכח גאָטס וואָרט, זיינען אַגענטן אָדער אינסטרו־

מענטן פוּן דעם שׂטן, דעם טייוול, צי זיי זיינען באַוווּסטזיניק וועגן דעם פאַקט צי ניט. די, וואָס זאָגן זיך אָפּ פוּן באַלערנוּנג, ווען זי ווערט זיי אָנגעבאָטן, וועלן זיכער קוּמען צוּ אָרעמקייט און חרפּה און וועלן אַלץ פאַרלירן. „אָרעמקייט און שאַנד וועט קוּמען אויף דעם, וואָס מיידט אויס מוּסר; אָבער דער וואָס אַכט אויף שטראָף, וועט קריגן כּבוד.” (משלי יג: יח) דער, וואָס איז גלייכגילטיק צוּם אמת פוּן גאָטס וואָרט, קאָן קיינמאָל ניט דערווערבן דעם רייכטוּם פוּנם האַר. — משלי כ: יג; כג: גא.

מיר לעבן איצט אין דעם טאָג, ווען גאָט האָט אַרויפגעלייגט אויף די, וואָס האָבן איינגעשטימט צוּ טאָן זיין ווילן, די פליכט צוּ דערציילן אַנדערע וועגן גאָטס צוּגרייטוּנג פאַרן מענטשן און צוּ וואָרענען די מענטשן קעגן דעם טייוול און זיין אָרגאַניזאַציע. אַזאַ וואָרענוּנג מוּז געגעבן ווערן סיי די רשעים און סיי די גוּטוויליקע. (יחזקאל ג: יח־כא) די איצטיקע צייט איז דער טאָג, ווען יהוה לאָזט זיינע עדות זאָגן פאַר אַנדערע מכּח זיין נאָמען און זיין מלוּכה; און ווען די דאָזיקע אַרבעט פוּן עדות־זאָגן וועט פאַרענדיקט זיין, דאַן וועט יהוה באַווייזן זיין אויבערמאַכט דוּרך פאַרניכטן דעם שׂטן און אַלע זיינע נאָכפאָלגער. (ישעיה מג: י־יב; מתתיה כד: יד־כא) די מענטשן פוּן גוּטן ווילן, וואָס ווערן אָנגערוּפן „יונדבס”, דאַרפן זיך איצט אַליין באַקענען מיטן אמת, און דאָס קאָן געטאָן ווערן בלויז דוּרך שטוּדירן די הייליקע שריפט און די געדרוּקטע ליטעראַטוּר, וואָס העלפט צוּ פאַרשטיין די נבוּאות, וואָס האַלט איצט אין מקוּים ווערן. די, וואָס ווילן זיין באַהילפיק זייערע מיט־מענטשן אין פאַרשטיין דעם אמת, דאַרפן זיין מענטשן, וואָס „האַסן גייציקייט”. (שמות יח: כא) אויב איר קוּמט אין באַריר מיט מענטשן אָדער מיט אָרגאַניזאַציעס פוּן מענטשן, וואָס שטרעבן בלויז נאָך דערגרייכוּנגען, מעג זיך אַזאַ דערגרייכוּנג זיין די צאָל פוּן מענטשן אין זייערע אָרגאַניזאַציעס, אָדער אייגנטוּם, געלט, מאַכט אָדער איינפלוּס, מייד זיי אויס, וואָרן זיי קענען ניט זיין די דינער פוּן גאָט. איר וועט עס בעסער פאַרשטיין ,ווען איר וועט באַאָבאַכטן, ווי אַזוי דער שׂטן האָט

אויפגעבויט אויף דער ערד זיין מעכטיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אין אַלע צייטן געווען קעגנעריש צו גאָט.

## דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע

דעם שׂטנס ציל אין אַלע צייטן איז בייצוקומען יהוה גאָט אין דעם גרויסן אויספּרוו וועגן דער אויבערהערשאַפט. גאָט האָט דערלויבט דעם שׂטן צו דערגרייכן זיין פולע מאָס רשעות, און ער האָט אים אין דעם ניט געשטערט; אָבער אין דער באַשטימטער צייט וועט גאָט באַווייזן דעם גאַנצן באַשאַף, אַז דער שׂטן איז אַ ליגנער און די סאַמע פאַרקערפּערונג פון רשעות, און אַז יהוה איז אמתדיק און אין גאַנצן גערעכט. דער שׂטן האָט אָנגעהויבן אויפצובויען זיין ערדישע אָרגאַניזאַציע אין שנער, ווען דער טייוול האָט איינגערעדט די מענטשן צו זאָגן: „לאָמיר זיך בויען אַ שטאָט און אַ טורעם, וועמעס שפּיץ זאָל קאָנען דערגרייכן דעם הימל; און לאָמיר זיך מאַכן אַ נאָמען, כדי מיר זאָלן ניט צעשפּרייט ווערן איבער דעם געזיכט פון דער גאַנצער ערד.‟ — בראשית יא: ד.

נמרוד איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלס איינער, וואָס איז גרעסער פון גאָט, און דאָס האָט פאַרפירט די מענטשן אים נאָכצופאָלגן. (בראשית י: ח־י) דאָס איז געווען דעם טייוולס פּלאַן אָנצוהייבן אַ רעליגיע, וואָס זאָל איינרעדן באַשעפענישן אָפּצוגעבן כבוד און ערע אַ מענטשן, כדי ער זאָל קענען דערמיט אָפּקערן מענטשן פון יהוה. פון דאַן אָן האָט דער טייוול באַנוצט דריי הויפּט־עלעמענטן אין זיין אָרגאַניזאַציע אָנצופירן זיין רשעותדיקע אַרבעט. די דאָזיקע עלעמענטן זיינען: רעליגיע, וואָס מיינט אַ פאָרם פון היפּאָקריטישן גאָטדינסט; קאָמערץ, וואָס מיינט דאָס זעלבסטזיכטיקע האַנדלען צו דערווערבן מאַטעריעלע געווינסן; און פּאָליטיק, וואָס מיינט דאָס אויסאיבן פון די הערשערמאַכט פון עטלעכע איבערן פאָלק. דאָס אַלטע בבל הויפּטזאַכלעך האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם טייוולס רעליגיע; דאָס אַלטע מצרים — קאָמערץ; און דאָס אַלטע אַשור

— פּאָליטישע מאכט.— זע דאָס בוך נבואה, קאַפּיטל 6, זייט 124 (ענגלישע אויסגאַבע).

זינט דער צייט פון אַלטן בבל ביז דער אָרגאַניזירונג פון פאָלק ישׂראל, האָט איטלעך פאָלק אויף דער ערד אויסגעאיבט דעם טייוולס רעליגיע. גאָט האָט אַרויסגעפירט די אָפּשטאַמער פון ישׂראל פון לאַנד מצרים, האָט פאַרשניטן מיט זיי אַ בונד, זיי געגעבן די תּורה און זיי געלערנט דאָס אמתע דינען דעם אַלמעכטיקן גאָט. (זע שמות כ: א־י) דאָס דאָזיקע פאָלק איז געווען דאָס איינציקע פאָלק, מיט וועמען גאָט האָט אַזוי גע־האַנדלט. (עמוס ג: ב) מיט דער צייט האָט דער טייוול איבער־געכיטרעוועט די ישׂראלים. זיי האָבן זיך אָפּגעווענדט אַלס פאָלק פון גאָט און האָבן זיך איבערגעגעבן צו דינען בעלן אָדער דער טייוול־רעליגיע, און צוליב דער סיבה איז דאָס דאָזיקע פאָלק פאַרניכט געוואָרן. (יחזקאל כא: כד־כז) די ישׂראלים זיינען געווען אַ פאָרבילד־פאָלק, און דאָס, וואָס האָט מיט זיי געטראָפן און מיט יענע, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט זיי, איז געווען אַ נבואה וועגן דעם, וואָס וועט געשען צום סוף פון דער וועלט, ווו מיר געפינען זיך איצט. דאָס פאָלק ישׂראל האָט הויפּטזאַכ־לעך סימבאָליזירט מיט זיך די נאַציעס, וואָס שטעלן מיט זיך צונויף „די קריסטנשאַפט", וועמעס נאַציעס באַהויפּטן, אַז זיי זיינען קריסטן. פון צווישן דעם פאָלק ישׂראל זיינען אַרויס עטלעכע מענטשן, וואָס זיינען פאַרבליבן יהוה געטריי און אמתדיק און האָבן אָנגעהאַלטן זייער שטאַנדהאַפטיקייט בנוגע גאָט. זיי האָבן דערהאַלטן זיין גוטהייסונג. פונקט אַזוי זיינען אַרויס פון דער „קריסטנשאַפט" און פון צווישן די, וואָס האַלטן זיך פאַר קריסטן, עטלעכע, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן זייער לוי־טערקייט צו גאָט און זיינען געבליבן אים געטריי. די פירער אָדער גייסטלעכע פון ישׂראל און די גרויסע פון זייערע טשע־רעדעס זיינען געוואָרן אייגנזיניק, איינגעבילדעט און גרויזאַם, און זיי האָבן געזוכט די גוטהייסונג פון מענטשן איידער די צושטימונג פון גאָט, און אַזויאַרום זיינען זיי אָפּגעפאַלן צום טייוול. די פירער פון דער „קריסטנשאַפט", דאָס הייסט, די

גייסטלעכע און די ערשטע פון זייערע טשערעדעס, האָבן אויפגעבויט אַ מעכטיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס זיי רופן אָן „די קירך", און זיי זיינען געוואָרן איינגזיניק, איינגעבילדעט, זעלבסטזיכטיק, גרויזאַם און מענטשן פול מיט פאַראַכטונג, וואָס זוכן געווינסן און די גוטהייסונג פון מענטשן איידער דאָס ווילגעפעלן פון גאָט. גאָטס ווערטער דורך זיין נביא באַציען זיך אויף ביידע, סיי צו „ישׂראל נאָך דעם פלייש נאָך", און סיי צו דעם מאָדערנעם ישׂראל, וואָס ווערט גערופן „קריסטנשאַפט", ווי עס שטייט געשריבן: „פון זייער קלענסטן ביז זייער גרעסטן איז איטלעכער פול מיט גייציקייט נאָך געווין; און פון דעם נביא ביז צום כהן האַנדלט יעדער מיט פאַלשקייט." — ירמיה ו: יג.

אין דער הייליקער שריפט ווערט גערעדט וועגן פריידיקער און גייסטלעכע ווי וועגן „נביאים". די דאָזיקע מענטשן האָבן אויפגעבויט אַ גרויסע און מעכטיקע אָרגאַניזאַציע אין נאָמען פונם האַר ישוע המשיחן, און זיי באַהויפּטן, אַז זיי פריידיקן גאָטס וואָרט, בעת פאַקטיש זיי פריידיקן בלויז די לערעס פון מענטשן און האַלטן מענטשן אין אומוויסנקייט וועגן דעם אינהאַלט פון דער ביבל. וועגן אַזעלכע זאָגט גאָט: „די נביאים זאָגן ליגן־נביאות אין מיין נאָמען; איך האָב זיי ניט געשיקט, און ניט איך האָב זיי באַפוילן, און ניט איך האָב צו זיי גערעדט: זיי זאָגן אייך זעונג פון ליגן, און וואָרזאָגעכץ פון נישטיקייט, און באַטרוג פון זייער האַרצן." (ירמיה יד: יד) זיי אַלע זיינען די דינער פון דעם טייוול, און ניט די דינער פון גאָט. „ווייסט איר ניט, אַז צו וועמען איר גיט אייך פאַר קנעכט צו געהאָרכן, אַזוי זייט איר די קנעכט פון די, וועמען איר געהאָרכט; ענטוועדער פון זינד צום טויט, אָדער פון געהאָרכזאַמקייט צו גערעכטיקייט?" — רוימער ו: טז.

די דאָזיקע זאַכן ווערן געזאָגט, ניט כדי אָפּצולאַכן פון מענטשן, נאָר ווייל גאָט האָט באַפוילן, אַז דער אמת זאָל געזאָגט ווערן, כדי די מענטשן פון גוטן ווילן צו אים, וואָס זיינען איצט פאַראַן אויף דער ערד, זאָלן וויסן דעם אמת און גיין אין דעם ריכטיקן וועג. נאָכצופאָלגן די לערעס פון זעלבסזיכטיקע

מענטשן, פירט צו זיכרן טויט. נאָכצופאָלגן די לערע פון גאָט און פון ישוע המשיחן, מיינט דאָס אייביקע לעבן. (יוחנן יז : ג) יעדער איינער דאַרף אויסקלייבן פאַר זיך אַליין, וועמען ער וויל נאָכפאָלגן און דינען.

## יהוהס אָרגאַניזאַציע

יהוהס אוניווערסאַלע אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט פון אָנהייב אָן. מיט דעם געטרייען אַברהמען האָט גאָט אָנגעהויבן די אַנטוויקלונג פון זיין הויפּט־אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכער ער וועט זיך באַנוצן צו פאַרניכטן דעם שׂטן און זיין אָרגאַניזאַציע, און דורך וועלכע ער וועט אויסטיילן ברכות צו דער געטרייער מענטשהייט. צו אַברהמען האָט גאָט געזאָגט: „אין דיין זאָמען וועלן אַלע [געהאָרכזאַמע פון די] משפּחות פון דער ערד גע־בענטשט ווערן.” (בראשית יב : ג; כב : יח) „אַברהם האָט גאָט געגלויבט, און עס איז אים צוגערעכנט געוואָרן אַלס גערעכ־טיקייט. דערפאַר זאָלט איר וויסן, אַז די, וואָס זיינען פון גלויבן, די זעלביקע זיינען די קינדער פון אַברהמען. און די הייליקע שריפט, פאָרויסזעענדיק, אַז גאָט וועט רעכטפאַרטיקן די גויים דורך גלויבן, האָט געפּריידיקט די בשׂורה־טובה צו אַברהמען, זאָגנדיק: אין דיר וועלן אַלע פעלקער געבענטשט ווערן.” — גאַלאַטער ג : ו־ח.

אַברהם און שׂרהס איינציקער זון איז געווען יצחק. און אויף דעם האַרס באַפעל האָט אַברהם געבראַכט יצחקן פאַר אַ קרבן. (בראשית כב : ב־יח) דאָס דאָזיקע ברענגען יצחקן פאַר אַ קרבן איז אַ נביאיש בילד. אַברהם האָט דאָרטן מיט זיך פאָר־געשטעלט יהוה, דעם פאָטער אָדער דעם לעבנגעבער; יצחק האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט יעשוען, דעם זון, וועלכער איז געבראַכט געוואָרן אַלס קרבן פאַר מענטשן; און דורך דעם קעגנ־בילדלעכן יצחקן, ישוע המשיחן, וועט גאָט, דער פאָטער, אויס־טיילן ברכות צו אַלע געהאָרכזאַמע אויף דער ערד. — רוימער ט : ז; גאַלאַטער ד : כח.

ישוע המשיח איז דער דערלייזער און רעטער פון דער וועלט, און ער איז דער הויפּט פון זיין אָרגאַניזאַציע, פון די גלידער פון זיין קערפּערשאַפט, וואָס איז די אמתע קהלה. אָרגאַני־זאַציעס, פאָרמירט דורך מענטשן און וואָס הייסן „קירכעס", זיינען ניט די קהלה פון גאָט, נאָר אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס זיינען אויסגענוצט געוואָרן דורך דעם שׂטן צו באַטריגן מענטשן און זיי אָפּצוקערן פון דעם אמתן גאָט. יהוה גאָט האָט אויפגעוועקט ישוע המשיחן פון טויט, „און ער האָט אוועקגעלייגט אַלצדינג אונטער זיינע פיס, און ער האָט אים געשטעלט אַלס דעם הויפּט איבער אַלצדינג פון דער קהלה, וואָס איז זיין קערפּער, די פול־קייט פון אים, וואָס פילט אָן אַלץ אין אַלץ." (עפעזער א: יט־כג) „און ער איז דער הויפּט פון דעם קערפּער, וואָס איז די קהלה, און ער איז דער אָנהייב, דער בכור פון די טויטע, כּדי ער זאָל אין אַלע זאַכן דער ערשטער זיין." (קאָלאָסער א: יח) זינט דעם טאָג פון שבועות האָט גאָט דורך ישוע המשיחן גע־האַלטן אין אויסקלייבן די אמתע קהלה, דאָס הייסט, די מיט־גלידער פון דער קערפּערשאַפט פון משיחן, דער סך הכל פון דער צאָל איז 144 000; און די, וואָס זיינען אויסגעקליבן גע־וואָרן, מוזן זיין די עדות פאַר דעם נאָמען פון יהוה גאָט.

## די צייט־גרענעץ

אין יאָר 606 פ. ק. האָט גאָט פאַרלאָזן דאָס פאָלק ישׂראל, און פון דער רגע אָן איז דער שׂטן געוואָרן דער אומזעבאַרער הערשער אָדער „גאָט" איבער אַלע פעלקער פון דער ערד. גאָט האָט באַשטימט אַ צייטגרענעץ, ביז וואַנעט דער שׂטן וועט זיין דערלויבט, אָן שטערונג אויסצואיבן זיין רשעותדיקע הערשאַפט. דער דאָזיקער צייטאָפּשניט איז געווען 2 520 יאָר און האָט זיך געענדיקט אין יאָר 1914. אין דער דאָזיקער לעצטער דאַטע האָט זיך געענדיקט דעם שׂטנס וועלט, ווי ישוע האָט פאָרויס־געזאָגט, און די באַווייזן, וואָס, ווי ישוע האָט דערקלערט, וועלן אָנצייכענען דעם דאָזיקן סוף, וועלן זיין די וועלט־מלחמה און

דאָס, וואָס האָט תּפֿוּ נאָכגעפאָלגט. (מתּתיה כד: ג־טו) אין
יאָר 1914 איז די פאָלגנדיקע נבואה פון גאָט דערפילט געוואָרן:
„האָב איך דאָך אויפגעשטעלט מיין מלך אויף מיין הייליקן באַרג
ציון.” (תּהלים ב: ו) „דער צעפּטער פון דיין מאַכט וועט יהוה
אויסשטרעקן פון ציון: געוועלטיק אין מיטן פון דיינע שׂונאים.”
(תּהלים קי: ב) אין יאָר 1914 האָט אויך די פאָלגנדיקע נבואה
אָנגעהויבן מקוים ווערן: „מיר דאַנקן דיר, אָ האַר, גאָט, אַל־
מעכטיקער, וואָס דו ביסט, און ביסט געווען, און וועסט זיין,
ווייל דו האָסט דיין גרויסע מאַכט גענומען און האָסט אָנגע־
פאַנגען דיין הערשאַפט! און די גוים האָבן געצערנט, און
דיין צאָרן איז געקומען, און די צייט פון די טויטע, אַז זיי
זאָלן געמשפּט ווערן, און אַז דו זאָלסט דעם שׂכר געבן צו דיינע
קנעכט די נביאים, און די הייליקע, און די, וואָס פאָרכטן דיין
נאָמען, די קליינע ווי אויך די גרויסע, און צו פאַרדאַרבן די,
וואָס פאַרדאַרבן די ערד.” — אַנטפּלעקונג יא: יז, יח.

## צייכנס אין הימל

ווייל גאָטס געהעריקע צייט איז געקומען באַקאַנטצומאַכן
געוויסע אמתן, איז די, וואָס זיינען יהוה געטריי זינט 1918,
ווען „גאָטס טעמפּל איז געעפנט געוואָרן”, דערלויבט געוואָרן
צו זען און צו פאַרשטיין דעם באַדייט פון די „צוויי גרויסע
וווּנדער אָדער צייכנס אין הימל”, באַשריבן אין אַנטפּלעקונג
יב: א־ה. די דאָזיקע נבואה באַשרייבט אַ ווייב, „באַקליידט
מיט דער זון”, און „גייענדיק צו קינד” און געבוירנדיק אַ ייִנגל,
וואָס וועט דער הערשער פון אַלע פעלקער פון דער ערד. די
פרוי, וואָס ווערט דאָרט דערמאָנט, איז אַ סימבאָל פון גאָטס
אוניווערסאַלער אָרגאַניזאַציע. (ישעיה נד: א־יב) דאָס „ייִנגל”
איז ישוע המשיח, גאָטס מלך, וואָס איז דער גערעכטער וועלט־
הערשער. דאָס איז דער ערשטער „גרויסער וווּנדער” אָדער
„צייכן”.

דער צווייטער צייכן ווערט געשילדערט אַלס „אַ גרויסער
פייערדיקער דראַכן, וואָס שטייט פאַר דער פרוי, גרייט איינצו־

שלינגען דאָס יינגל". דער דאָזיקער גרויסער דראַכן שילדערט סימבאָליש דעם שׂטן און זיין רשעותדיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז איצט אַנטשלאָסן צו פאַרניכטן גאָטס מלוכה אונטער משיחן. גלייך ווען ישוע המשיח איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו הערשן, האָט אין הימל אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן דעם שׂטן און זיינע כּחות אויף איין זייט, און משיחן און זיין מלאָכישן חיל אויף דער אַנדערער זייט: „און עס איז געווען אַ מלחמה אין הימל: מיכאל און זיינע מלאָכים האָבן געקעמפט קעגן דעם דראַכן. און דער דראַכן האָט געקעמפט און זיינע מלאָכים; און זיי האָבן ניט געזיגט, אויך איז קיין אָרט אין הימל פאַר זיי מער ניט געפונען געוואָרן. און דער גרויסער דראַכן, די אַלטע שלאַנג, וואָס הייסט טייוול, און שׂטן, וואָס פאַרפירט די גאַנצע וועלט, איז אַרויסגעשלײדערט געוואָרן אויף דער ערד, און זיינע מלאָכים זיינען מיט אים צוזאַמען אַרונטערגעשלײדערט געוואָרן." — אַנטפּלעקונג יב: ז־ט.

זינט דעם יאָר 1914 האָבן אומגליקן און צרות זיך געהאַלטן אין איין וואַקסן אויף דער ערד, פּונקט ווי ישוע האָט פאָרויסגעזאָגט (מתתיה כד: ז, ח) אָרעמקייט, ליידן, פאַרברעכן און טויט אויף דער ערד האַלטן אין איין פאַרמערן זיך אויף אַ שטאַרקן אופן. די גייסטלעכע אין די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס הייסן „קירכעס", האַלטן אין איין דערציילן מענטשן, אַז אַלע היינט־צו־טאָגיקע אומגליקן, וואָס זיינען באַפאַלן די מענטשהייט, האָט גאָט געבראַכט איבער זיי, ווייל זיי אונטערשטיצן ניט געטריי די קירך. אַזאַ באַהויפּטונג מצד די גייסטלעכע קאָן אָפּקערן אַ סך ערלעכע מענטשן פון גאָט און ברענגען זיי דערצו, אַז זיי זאָלן אים שעלטן. דאָס איז פּונקט דאָס, וואָס דער טייוול וויל דערגרייכן; פאָלגלעך, שפּילן זיי אַריין אין די הענט פונם טייוול. גאָט איז בשום אופן ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די ליידן פון דער מענטשהייט און פאַר וועלכע ניט איז אומגליקן, וואָס באַפאַלן די מענטשן. וואָס דען איז די סיבה פון אַזויפיל אָרעמקייט, ליידן, אומגליק, וויי און צרות אויף די פעלקער? דער ענטפער ווערט געגעבן אין די דאָזיקע ווער־

טער: „ווײ צו די באַוווינער פון דער ערד און פון דעם ים! ווײל דער טײוול איז צו אײַך אַראָפּגעקומען, האָבנדיק גרויסן צאָרן, ווײל ער ווײס, אַז ער האָט בלויז־ווייניק צייט.” — אַנטפּלעקונג יב: יב.

דאָס ליגט אויסדריקלעך אַרויף די סיבה פון די אַלע לײדן און צרות אויף דעם שטן. דער טאָג פון דער ענדגילטיקן אַנטשײדונג פון דעם גרויסן ויכוח צווישן גאָט און דעם טײוול איז נאָענט. אינגיכן וועט די שלאַכט פון הר־מגדון, די גרויסע שלאַכט פון דעם אַלמעכטיקן גאָט, אויסגעקעמפט ווערן. דער שטן ווײס, אַז זײן סוף איז נאָענט, און דעריבער איז ער אַנטשלאָסן דורכצופירן זײן באַטריגערישע באַהויפּטונג, אַז ער קאָן אָפּקערן אַלע מענטשן פון גאָט און אַזוי ברענגען אויף זײ פאַרניכטונג. ער לאָזט דורך זײנע ערדישע אַגענטן אָדער פאַרטרעטער אײנרעדן די מענטשן צו גלײבן, אַז גאָט איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע זײערע לײדן, בעת דער טײוול אַלײן איז די סיבה דערפון.

די, וואָס זײנען איצט די עדות פון יהוהס קעניגרײך, ווערן באַפוילן אַרויסצוגײן און צו זאָגן די מענטשן דעם אמת. דאָס זײנען די קינדער פון גאָטס „פרוי”, דאָס הייסט, זײן אָרגאַניזאַציע; און זײענדיק די לעצטע עדות גלײך פאַר דער גרויסער שלאַכט, ווערן זײ גערופן „דער איבערבלײב פון איר זאָמען”, און דאָס זײנען די עדות, וועמען דער טײוול, דער אַלטער דראַכן, און זײנע משרתים פּרובירן איצט צו פאַרניכטן: „און דער דראַכן האָט געצערנט אויף דער פרוי, און איז אַוועק מלחמה צו האַלטן מיט דעם איבערבלײב פון איר זאָמען, וואָס האַלטן די געבאָטן פון גאָט און האָבן דאָס צײגניש פון ישוע המשיחן.” — אַנטפּלעקונג יב: יז.

דער האַר האָט באַפוילן, אַז זײן אמת מוז דערצײלט ווערן די מענטשן, כּדי די פון גוטן ווילן זאָלן קאָנען הערן און פאַרנעמען זיך אויפן דרך פון אָפּגעהיטקײט. (מתתיה כד: יד) אויב זײנע עדות פאַרפעלן אָדער זאָגן זיך אָפּ צו דערצײלן דעם אמת, וועלן זײ לײדן פאַרניכטונג צוליב זײער אומגעהאָרכ־

זאַמקייט. (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע ג: כב, כג) יהוהס עדות האָבן
אים ליב און זיין אמת, און זיי זיינען גליקלעך צו געהאָרכן
זיינע געבאָט, און צוליב דער דאָזיקער סיבה זעצן זיי פאָרט
אָנצוזאָגן גאָטס אמת אין פּנים פון דער גרעסטער קעגנער־
שאַפט. ידער איינער, וואָס האָט איצט ליב דעם אמת, וועט
דערציילן אַנדערע דערפון. נאַטירלעך, דער אמת אַנטבלויזט
ליגנס, דורך וועלכע דער שׂטן האָט אין משך פון יאָרהונדערטער
פאַרפירט די מענטשן, און צוליב דער סיבה מוז דער אמת
„פאַרלעצן די רעליגיעזע עמפּינדלעכקייט" פון יענע, וואָס האָבן
געהאַט אַ סך פּראָפיט פון דער אָרגאַניזירטער רעליגיע. מען
קאָן געפינען זיכערקייט בלויז אין גאָטס אָרגאַניזאַציע, און
דעריבער איז עס זייער נויטיק, אַז איר זאָלט דערלערנען, וואָס
זיינען דאָס די ליגנס, דורך וועלכע מענטשן זיינען פאַרפירט
געוואָרן, כּדי איר זאָלט קאָנען אויסמיידן יענע, וואָס לערנען
ליגנס, און אַז איר זאָלט זיך דערוויסן, וואָס איז דער אמת,
כּדי איר זאָלט קאָנען זיך פאַרנעמען אויף דעם ריכטיקן וועג.

קאפיטל 5

# ליגנס

אליגן איז א פאַלשער אויסזאָג, געגעבן צו איינעם, וואָס איז בארעכטיקט צו הערן און צו וויסן דעם אמת, און וועלכע פאַלשע דערקלערונג צילט עמיצן אָנצוטאָן שאָדן. א פאַלשע באהויפּטונג, ארויסגעזאָגט, כדי עמיצן צו באַטריגן און אים אָנצוטאָן שאָדן, איז אַן אַבזיכטלעכער און רשעותדיקער ליגן.

גאָט האָט באַשטימט לוציפערן אַלס העם מענטשנס אויבערהאר. געטריישאַפט צו גאָט און פליכט צום מענטשן האָט געפאָדערט פון לוציפערן, אַז ער זאָל זאָגן דעם אמת. חוה איז געווען בארעכטיקט צו וויסן דעם אמת. לוציפער האָט באַהויפּט צו חוהן, אַז דאָס עסן פון דער פארבאָטענער פרוכט וועט ניט פירן צו איר טויט; נייערט דאָס עסן דערפון וועט איר געבן גרויסע חכמה. דורך יענער פאַלשער דערקלערונג איז חוה פארפירט געוואָרן, און די ליגנערישע באַהויפּטונג האָט געפירט צו חוהס טויט און האָט געבראַכט לײַדן און טויט אויף דער גאַנצער מענטשהייט. דעריבער איז לוציפערס באַהויפּטונג צו חוהן געווען אַן אַבזיכטלעכער, בייזער און רשעותדיקער ליגן. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון ליגנס.

לוציפער, איצט באַוווּסט אַלס שטן, דער שלאַנג, איז דער דערפינדערישסטער פון אַלע ליגנער. פון דער זעלביקער רגע אָן, זינט ער איז געוואָרן דער שטן, איז ער געווען א ליגנער. זיין ערשטער ליגן האָט געפירט צו מאָרד. ישוע האָט געזאָגט וועגן דעם שטן, דער טייוול: „ער איז געווען א מערדער פון אָנהייב אָן, און ער איז ניט באַשטאַנען אין דעם אמת, ווייל אין אים איז ניטאָ קיין אמת. ווען ער זאָגט א ליגן, אַזוי רעדט ער פון זיך אַליין, וואָרן ער איז א ליגנער און דער פאָטער דערפון.״ (יוחנן ח: מד) „פאָטער״ מיינט דער אָנהייבער אָדער דער

לעבנגעבער. אַלע ליגנס אַנטשטייען פֿון דעם שׂטן, דעם טייוול, און יענע מענטשן, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט דערציילן ליגנס, זיינען די קינדער פֿון דעם טייוול. צוליב דער סיבה האָט ישוע געזאָגט די הויפּט־מענטשן אָדער די כּלי־קודש פֿון די יידן: „איר זייט פֿון אייער פֿאָטער דעם טייוול, און די גלוסטן פֿון אייער פֿאָטער ווילט איר טאָן.״ דער, וואָס איז פֿון גאָט, באַאַכט גאָטס וואָרט און געהאָרכט. דעריבער זיינען די, וואָס חזרן־איבער דעם שׂטנס ליגנס, די קינדער פֿון דעם טייוול. — יוחנן ח: מד, מז.

די ווערטער פֿון ישוע מאַכן אַ קלאָרן אונטערשייד צווישן דעם אמת און ליגנס. ענטפֿערנדיק אַ פֿראַגע, וואָס מען האָט געשטעלט ישוען, האָט ער געזאָגט: „דערפֿאַר בין איך געבאָרן געוואָרן און דערפֿאַר בין איך געקומען אין דער וועלט, כּדי איך זאָל זיין אַן עדות פֿון דעם אמת. איטלעכער, וואָס איז פֿון דעם אמת, הערט מיין קול.״ (יוחנן יח: לז) „גאָט...קען ניט זאָגן קיין ליגן.״ (טיטוס א: ב; עברים ו: יח) ער איז דער אמתדיקער און דער גערעכטער, און זיין וואָרט איז אמת. (יוחנן יז: יז) פֿון דעם פֿאָלגט אַזוינאָך, אַז אַלע לערעס און טעאָריעס פֿון מענטשן, וואָס זיינען דאָס פֿאַרקערטע פֿון גאָטס וואָרט, זיינען פֿאַלשע לערעס; און אויב אַזעלכע לערעס און טעאָריעס צילן צו טאָן שאָדן, זיינען אַזעלכע לערעס אָדער טעאָריעס ליגנס. לאָזט אונדז איצט באַטראַכטן לערעס און טעאָריעס, וועגן וועלכע איר האָט אַ סך געהערט, און פֿאַר אייער אייגענער טובה וועגן דאַרפֿט איר באַשליסן, צי יענע לערעס און טעאָריעס זיינען אמת אָדער פֿאַלש. אויב איר געפֿינט אויס, אַז טעאָריעס, ווען זיי ווערן געמאָסטן מיט גאָטס וואָרט, זיינען פּונקט דאָס פֿאַרקערטע פֿון גאָטס וואָרט, דאַן איז עס זיכער, אַז די דאָזיקע לערעס זיינען ליגנס און אַז זיי קומען פֿון דעם טייוול, דעם אָנהייבער אָדער פֿאָטער פֿון ליגנס. אויב איר געפֿינט אויס, אַז אַ לערע אָדער אַ טעאָריע איז אַ ליגן, זאָלט איר זי תּפֿף פֿאַרלאָזן, ניט געקוקט, ווער עס פּריידיקט עס, אָדער ווי לאַנג איר האָט געגלייבט, אַז די דאָזיקע לערע

איז אמת. אייער אייגענער ווילזיין און אייער פליכט צו גאָט פאָדערן, אַז איר זאָלט פאַרלאָזן ליגנס, ניט געקוקט, ווער עס לערנט זיי, צוליב דער סיבה, וואָס דער סוף פון דעם דערפינדער און פאַרטיידיקער פון ליגנס איז אייביקער טויט. — אַנטפּלעקונג כא: ח, כז.

גאָט האַסט דעם, וואָס זאָגט ליגן. (משלי ו: טז־יט) „אַ פאַלשער עדות זאָל ניט אַוועק אומבאַשטראָפט, און דער, וואָס זאָגט ליגן, וועט פאַרלאָרן גיין." (משלי יט: ט) דער טייוול האָט געזאָגט ליגן דער פּולקאָמענער פרוי חוהן, און אַזוי האָט ער זי פאַרפירט. עס איז פאָלגלעך זיכער, אַז דער טייוול זאָגט ליגן דורך זיינע אַגענטן, און אַזוי פאַרפירט ער אַ סך אומפּולקאָמענע באַשעפענישן. עס איז פאַראַן בלויז איין וועג, ווי אַזוי צו געפינען זיכערקייט, און דאָס איז, צו לערנען דעם אמת פון גאָטס וואָרט, אים נאָכצופאָלגן און צו האַלטן זיך ווייט פון די לערעס פון מענטשן, וואָס זיינען קעגן דעם וואָרט פון גאָט. אויב איר געפינט אויס, אַז אין משך פון אַ געוויסער צייט האָט איר זיך געפונען אין אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס הייסט „די קירך" אָדער „סינאַגאָגע", און אַז אַזאַ אָרגאַניזאַציע לערנט זאַכן, וואָס זיינען ניט אין איינקלאַנג מיט גאָטס וואָרט פון אמת, וועט איר דאַן מוזן אַנטשיידן, צי איר ווילט פאַרבלייבן איינשטימיק מיט דער אַזוי־גערופענער „קירך" אָדער „סינאַגאָגע" און אירע לערעס, אָדער צי איר ווילט זי פאַרלאָזן און זיך שטיצן אויף גאָטס וואָרט. די באַטראַכטונג פון די פאָלגנדיקע פּונקטן, וועט זיין אַן אויספּרוּוו פון אייך. בעט דעם גאָט פון אַלער חכמה און אַלעם טרייסט צו לאָזן אייך דערזען דעם אמת.

## דער טויט

איר האָט אָפט געהערט געוויסע מענטשלעכע לערער זאָגן: „עס איז ניטאָ קיין טויט; ווען אַ מענטש ווערט אַוועקגענומען פון דעם, וואָס מען רופט אַן טויט, איז ער באמת ניט טויט, נאָר ער לעבט ווייטער; זיין קערפּער שטאַרבט, אָבער זיין זעל האַלט אָן צו לעבן אייביק." אין קורצן, דאָס איז די לערע פון

בּמעט אַלע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס פון דער „קריסטנשאַפט”. איז די דאָזיקע טעאָריע אָדער לערע אמת, אָדער איז זי אַ ליגן? די הייליקע שריפט ענטפערט אויסדריקלעך, אַז אַזאַ לערע איז דעם שׂטנס ליגן. גאָט האָט געזאָגט דעם מענטשן: „אין דעם טאָג, ווען דו וועסט זינדיקן, וועסטו זיכער שטאַרבּן.” (בּראשית ב: יז) דער ליגנער, דער שׂטן, האָט געזאָגט: „איר וועט זיכער ניט שטאַרבּן.” (בּראשית ג: ד) ישוע זאָגט, אַז דער שׂטן איז אַ ליגנער. (יוחנן ח: מד) וועמען גלייבּט איר? עס שטייט געשריבּן: „דער שׂכר פאַר זינד איז דער טויט.” (רוימער ו: כג) אויבּ עס איז ניטאָ קיין טויט, דאַן מוזן דאָך די בּאַשעפענישן זיין אומשטערבּלעך, וואָס מיינט, אַז זיי קענען ניט שטאַרבּן. איין ליגן נויטיקט זיך אין דער בּאַקרעפטיקונג דורך אַן אַנדערן ליגן; דעריבּער בּאַהויפּט אַן אַנדערע לערע, וואָס ווערט געלערנט פון די רעליגיע־אָרגאַניזאַציעס, אַז די נשמה פון דעם מענטשן איז אומשטערבּלעך און לעבּט אייבּיק. דאָס איז אַן אַנדערער ליגן.

גאָט זאָגט, אַז יעדער מענטש איז אַ זעל. קיין שום מענטש האָט אָדער בּאַזיצט אַ זעל. „גאָט דער האַר האָט געפורעמט דעם מענטשן פון דעם שטויבּ פון דער ערד, און האָט אַריינ־געאָטעמט אין זיינע נאָזלעכער דעם אָטעם פון לעבּן: און דער מענטש איז געוואָרן אַ לעבּעדיקער נפש.” (בּראשית ב: ז) דער דאָזיקער פּסוק בּאַווייזט, אַז דער גוף צוזאַמען מיט דעם אָטעם פון לעבּן שטעלן מיט זיך פאָר דעם „נפש” אָדער די „זעל”, דאָס איז דאָס אָטמענדיקע, לעבּעדיקע, זיך בּאַוועגנדיקע בּאַ־שעפעניש. ווען דער אָטעם פון לעבּן ווערט אָפּגעטיילט פון דעם גוף, שטאַרבּט דאָס בּאַשעפעניש, און, פאָלגלעך, איז די זעל טויט. צוליבּ דער סיבּה שטייט געשריבּן: „די זעל, וואָס זינ־דיקט, זאָל שטאַרבּן.” (יחזקאל יח: ד; יעקב ה: כ; אַנטפּלעקונג טז: ג) אַלע מענטשן זיינען נפשות אָדער זעלן, און צוליבּ די געירשנטע זינד, שטאַרבּן אַזעלכע זעלן. „וואָסער מענטש קאָן לעבּן און ניט זען דעם טויט? וועט ער מאַכן זיין זעל אַנטרי־נען פון דער געוואַלט פונם קבר?” (תהלים פּט: מח) שטעלט

זיך אָפּ און באַקלערט זיך! מלאָכים זיינען ניט אומשטערבלעך, ווייל אַלע בייזע מלאָכים וועט גאָט פאַרניכטן. (תהלים קמה: כ) דער טייוול איז ניט אומשטערבלעך, ווייל גאָט האָט דערקלערט, אַז ער וועט פאַרניכטט ווערן פון ישוע המשיחן. (עברים ב: יד) ווער דען איז אומשטערבלעך? די הייליקע שריפט זאָגט: גאָט „אַליין איז אומשטערבלעך". (טימותיוס א ו: טז) גאָט האָט מחיה־מתים געווען ישוען און האָט אים באַשאָנקן מיט אומ־שטערבלעכקייט, און קיינמאָל מער קאָן ישוע שטאַרבן; דערי־בער איז ישוע המשיח איצט דער געטלעכער, אומשטערבלעכער. (אַנטפּלעקונג א: יח) גאָט וועט באַשענקען מיט אומשטערבלעכ־קייט אויך די 144 000 שותּפים פון ישוען אין דער מלוכה און חוץ זיי קיין אַנדערע ניט. (אַנטפּלעקונג ב: י; רוימער ב: ז; קאָרינטער א טו: נג) פון די דאָזיקע פּסוקים זעט איר, אַז די לערע פון געירשנטער אומשטערבלעכקייט פון אַלע נשמות איז אַן אַנדער ליגן פון דעם טייוול, וואָס ווערט געלערנט, כּדי צו פאַרפירן די מענטשן, און וואָס ברענגט זיי אייביקן שאָדן.

## לייטערונגס־פייער

די פירער אָדער די הויפּטלייט פון די גרויסע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס פון דער ערד לערנען — און דורך דעם פאַרפירן זיי מיליאָנען מענטשן — צו גלייבן, אַז ווען אַ מענטש שטאַרבט, גייט ער תּכּף אַוועק אין הימל, אויב ער איז גוט; אַז ניט, סיי אין לייטערונגס־פייער סיי צו אייביקער מאַטערניש; און אַז די אַלע אַזעלכע זיינען אין פולן באַוווסטזיין און וויסן גענוי, וואָס עס ווערט געטאָן מיט זיי. אויב איר געפינט אויס, אַז דער טויטער מענטש איז ניט באַוווסטזיניק און וויים אַבסאָלוט גאָרניט, וועט איר דאַן וויסן, אַז די גאַנצע לערע מכּח דעם לייטערונגס־פייער איז ווידער אַ ליגן פון דעם שׂטן, אויסגע־טראַכט און פאַרשפּרייט צו פאַרפירן און צו שעדיקן מענטשן.

לייטערונגס־פייער און אייביקע מאַטערניש, געוויינלעך אָנגע־רופן „גיהנום־פייער" עקזיסטירן ניט. טויטע זיינען אין ערגעץ ניט באַוווסטזיניק. „וואָרן די לעבעדיקע וויסן, אַז זיי וועלן

שטאַרבן; אָבער די טויטע ווייסן פון גאָרניט, און זיי האָבן ניט מער קיין שׂכר; ווייל דער זכר פון זיי איז פאַרגעסן. אַלץ וואָס דיין האַנט פאַרמאָגט צו טאָן מיט דיין כּח, טו, וואָרן עס איז ניטאָ קיין טאָן, אָדער אויסרעכענונג, אָדער קענטשאַפט, אָדער חכמה, אין דער אונטערערד, וווּ דו גייסט אַוועק.״ (קהלת ט: ה, י) „די טויטע לויבן ניט גאָט, און קיינער ניט, וואָס גייט אַראָפּ אין דעם שטילן קבר.״ (תהלים קטו: יז) אין ליכט פון די דאָזיקע פּסוקים איז עס זיכער, אַז די געשטאָרבענע ליידן אין ערגעץ ניט. אַלס אַן ערלעכער מענטש, איז אייך זייער שווער געווען צו ליבן אַ גאָט, וואָס וואָלט געמאַטערט אַ לעבעדיק באַשעפעניש אין פייער אָדער אויף אַ וועלכן ניט איז אַנדערן אופן. איר וואָלט אַפילו ניט פּייניקן אַן אומפאַרשטענדיקע חיה. די לערע פון אייביקער פּייניקונג מאַכט אויסזען גאָט ווי אַ שׂונא איידער אַ גאָט פון ליבע, און דאָס איז, וואָס דער טייוול וויל. די לערע וועגן דעם לייטערונגס־פייער איז נאָך אַ ליגן פון דעם שׂטנס פילע ליגנס, אויסגעטראַכט און פאַרשפּרייט צו באַטריגן מענטשן און זיי צו פאַרפירן, גאָט צו האַסן, אים ניט צו געהאָרכן און אים פאָרצוּוואַרפן.

די, וואָס לערנען די פאַלשע טעאָריע וועגן לייטערונגס־פייער, ציטירן בלויז איין פּסוק אין זייער פאַרזוך צו געפינען אַ שטיצע, און דער דאָזיקער פּסוק אַפילו שטיצט לחלוטין ניט זייער לערע. דער דאָזיקער פּסוק איז וועגן דעם גנב, וואָס איז צוזאַמען מיט ישוען אויפגעהאַנגען געוואָרן, און אַ באַריכט וועגן דעם געפינט זיך אין לוקאַס כג: לט־מג. איינער פון די גנבים, איידער ער איז געשטאָרבן, האָט געזאָגט צו ישוען: „האַר, געדענק מיך, ווען דו וועסט קומען אין דיין מלוכה! און ישוע האָט צו אים געזאָגט: באמת זאָג איך דיר היינט, וועסטו זיין מיט מיר אין גן־עדן?״ (לוקאַס כג: מב, מג; זע ראָטהעראַם־איבערזעצונג). דער גנב האָט אויסדריקלעך געגלויבט, אַז ישוע איז גאָטס באַשטימטער קעניג פון דער וועלט, און אַז אין דער צוקונפט וועט ישוע המשיח קומען אין זיין קעניגרייך, און דער גנב האָט געוואָלט ווערן געדענקט פון דעם האַר אין יענער

צייט. ישועס ענטפער איז געווען: „וועסטו זיין מיט מיר [דאָס הייסט, אויף מיין זייט; גלייבן אין מיר און מיך געהאָרכן] אין גן־עדן?‟ אויב דער גנב, ווען ער וועט אויפשטיין תחית־המתים, וועט זיך שטעלן אויף דער זייט פון דעם האַר ישוע המשיחן און וועט געהאָרכן, וועט ער דעמאָלט ווידער באַנייט ווערן און וועט באַקומען דעם רייכטום פון לעבן, און זיין היים וועט זיין אין גן־עדן, דאָס מיינט צו זאָגן די ווונדערבאַרע ערד, וואָס וועט זיין אַ פּאַראַדיזישער גאָרטן ווי גן־עדן. ישוע איז ניט געקומען אין זיין מלוכה אין דעם טאָג, ווען ער איז געשטאָרבן. אין משך פון דריי טעג איז ער געווען טויט און אין קבר, און צום סוף פון דער דאָזיקער צייט האָט גאָט אים דערוועקט פון טויט. פערציק טעג נאָכדעם איז ישוע אַרויף אין הימל, און ערשט אומגעפער ניינצען הונדערט יאָר שפּעטער איז ישוע געקומען אין זיין קעניגרייך, איז אַרויפגעזעצט געוואָרן אויף זיין טראָן און האָט אָנגעהויבן צו הערשן. — תהלים ב: ו; קי: א, ב; אַנטפּלעקונג יא: יח.

דער גנב וועט קיינמאָל ניט זיין אין הימל, ווייל דער צוזאָג צו אים איז, אַז אויב ער וועט זיין אויף דער זייט פון ישוע המשיחן, וועט ער זיין אין גן־עדן. ס'איז זיכער, אַז דער גנב איז ניט אַרויף אין הימל און ניט אַריין אין גן־עדן אין דעם זעלביקן טאָג, ווען ער איז געשטאָרבן. אויב ער איז יאָ אַריין, דאַן איז ער דאָרט אָנגעקומען פאַר ישוען; און מיר ווייסן, אַז אַזאַ אויספיר איז אין גאַנצן ניט פאַרנונפטיק. דער גנב איז געשטאָרבן און איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין קבר און ער איז אַלץ נאָך אינם קבר, וואַרטנדיק אויף דער שעה פון תחית־המתים לויט דעם האַרס צוזאָג. (יוחנן ה: כח, כט) די ווערטער פון ישוע צו דעם גנב זיינען געווען די דאָזיקע: „היינט זאָג איך דיר [דאָס הייסט, איך זאָג עס איצט, ביי היינטיקן טאָג]: וועסטו זיין מיט מיר אין גן־עדן?‟ איר זעט, דער דאָזיקער פסוק איז בשום אופן ניט קיין באַקרעפטיקונג פאַר דער לערע פון לייטערונגס־פייער.

די לערע וועגן לייטערונגס־פייער איז א ליגן, ווייל זי איז פאלש, און ווייל דאס פריידיקן פון דער דאזיקער טעאריע האט געבראכט פיל שאדן צו מיליאנען מענטשן. גלחים אין די קירכן־ארגאניזאציעס האבן איינגערעדט מיליאנען צו גלייבן, אז זייערע פריינט, וואס זיינען געשטארבן, זיינען באוווסטזיניק און אז זיי ליידן אין לייטערונגס־פייער, און אז די תפילות פון מענטשן, וואס הייסן פריסטער, קענען זיי באפרייען פון זייערע ליידן. די מענטשן ווערן דורכדעם איינגערעדט, אפצוגעבן זייער געלט די פריסטער צו זאגן תפילות פאר יענע, וואס זיינען בלומרשט אין לייטערונגס־פייער. א סך ערלעכע מענטשן זיינען צוגערעדט געווארן צו געבן גרויסע סומעס געלט פאר אזעלכע תפילות. ווירקלעך, אזא אופן פון ארויסצוקריגן געלט, הייסט צו קריגן עס אונטער פאלשע פרעטענסיעס און צו דעם שאדן פון די, וואס צאלן. דער גרעסטער שאדן אבער איז: איינצו־רעדן די לעבעדיקע מענטשן צו גלייבן, אז זייערע טויטע פריינט ליידן אין לייטערונגס־פייער פון יהוהס האנט. דאס איז א פאר־לוימדונג פון גאטס נאמען און צילט אפצוקערן מיליאנען ערלעכע מענטשן פון גאט; און אט דאס איז עס, וואס דער טייוול באמיט זיך צו דערגרייכן.

איז פאראן א וועלכע ניט איז האפענונג פאר יענע, וואס זיינען געשטארבן אין אומוויסנקייט? יא; און יענע האפענונג איז אין תחית־המתים. עס שטייט געשריבן: „עס וועט קומען תחית־המתים פון די גערעכטע און די אומגערעכטע.” (אפא־סטאלן־געשיכטע כד: טו) „ווארן ער האט באשטימט א טאג, אין וועלכן ער וועט משפטן די וועלט מיט גערעכטיקייט, דורך דעם מאן, וועמען ער האט אויסדערוויילט; דערפון האט ער געגעבן פארזיכערונג צו אלע מענטשן אין דעם, וואס ער האט אים פון די טויטע אויפגעוועקט.” (אפאסטאלן־געשיכטע יז: לא) תחית־המתים מיינט ברענגען עמיצן צוריק צום לעבן. אויב עמעצער וואלט געווען לעבעדיק אין לייטערונגס־פייער אדער אין גיהנום, קאן ער דאך ניט באלעבט ווערן. תחית־המתים איז א זיכערע און א באשטימטע זאך, ווייל אזוי האט

גאָט באַשטימט, און די דאָזיקע זיכערקייט אַליין באַווייזט, אַז די טעאָריע פון לייטערונגס־פייער איז ווידער דעם שׂטנס אַ ליגן.

זיינען די, וואָס זיינען גוט, תּכּף אַרויף אין הימל בעת זייער טויט? ניין; ווייל טויטע ווערן ניט אויפגעוועקט, ביז וואַנען עס קומט ניט אָן ישוע המשיח און זיין מלוכה. (טימותיוס ב ד: א) דער געטרייער שליח דערקלערט, אַז ער וועט אויפשטיין תּחית־המתים ביים צווייטן קומען פון דעם האר. (טימותיוס ב ד: ח) אַזעלכע געטרייע נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן זיינען די, וואָס האָבן אַ חלק אין דער הויפּטזאַכלעכער אויפלעבונג פון טויט אָדער אין דעם „ערשטן תּחית־המתים", און וואָס ווערן מיטגלידער פון דעם קעניגהויז פון יהוה אין הימל, און די דאָזיקע צאָל איז באַגרענעצט ביז 144 000. די האָפענונג פון אַלע אַנדערע מענטשן איז אין תּחית־המתים און אין דער מעגלעכקייט פון אייביקן לעבן אויף דער ערד.

## דרייאיינקייט

נאָך אַ ליגן, וואָס דער שׂטן האָט אויסגעטראַכט און פאַר־שפּרייט מיטן צוועק צו פאַרלוימדן גאָטס נאָמען און אָפּצוקערן מענטשן פון גאָט, איז די מעשׂה פון דער „דרייאיינקייט". די דאָזיקע טעאָריע ווערט געלערנט פון די רעליגיאָניסטן פון דער „קריסטנשאַפט" און איז אין איר עצם אָט דאָס: „עס זיינען פאַראַן דריי געטער אין איינעם: גאָט דער פאָטער, גאָט דער זון, און גאָט דער הייליקער גייסט; איטלעכער גלייך אין מאַכט, עצם און אייביקייט." קיין שום מענטש קאָן ניט דער־קלערן די דאָזיקע טעאָריע, ווייל זי איז פאַלש. די דאָזיקע פאַלשע טעאָריע איז געווען חשוב אין די רעליגיעס פון אַלטן בבל און מצרים און אויך צווישן אַנדערע מיטאָלאָגיעס, וואָס זיי אַלע זיינען די רעליגיעס פון טייוול.

אויב איר וועט בעטן אַ לערער פון דער דרייאיינקייט־טעאָ־ריע, אַז ער זאָל זי דערקלערן, ווערט ער אַלעמאָל ענטפערן: „דאָס איז אַ סוד, וואָס מען קען ניט באַגרייפן." די דאָזיקע טעאָריע איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דעם „אָרגאַניזירטן



יהוהס אויפקלערונג־ און אויספיר־כחות  זייטן 99, 100



די גרויסע מחנה (אַנטפּלעקונג ז: ט־יג) זייטן 320, 323



נעמענדיק שטעלונג     זייטן 339, 340

קריסטנטום דורך א גריכישן גלח אין דעם פערטן יארהונדערט. כדי צו העלפן די לייכטגלייביקע מענטשן, אז די זאך זאל זיך טיפער איינקריצן אין זייער גדאנק, האט מען זיך באנוצט מיט א צייכענונג, א דרייעק, א קרייז, א דריי־בלאט, אדער א דריי־שפיציקע זאך, וואס מען האט געברויכט אלס א זאכלעכן משל. מענטשן, וואס האבן געוואלט גילטן פאר חכמים אין די אויגן פון אנדערע, זיינען זייער גרינג געווארן קרבנות פון דעם שטנס ליסטיקייט, און זיי זיינען צוגערעדט געווארן אפצוקערן זיך פון דעם אמת פון גאטס ווארט און אויפצושטעלן בילדער, כדי זיי צו באנוצן בעת זייער גאטסדינסט און דערמיט צוצורעדן אנדערע צו גלייבן, אז עס איז ניטא איין אלמעכטיקער גאט, נאר דריי. וועגן אזעלכע נארישע מענטשן זאגט די הייליקע שריפט: „זיי...זיינען געווארן נישטיק אין זייערע גדאנקען, און זייער נאריש הארץ איז פארפינצטערט געווארן: האלטנדיק זיך פאר קלוג, זיינען זיי נאריש געווארן, און זיי האבן פארביטן די הערלעכקייט פון דעם אומפארדארבלעכן גאט אין א בילד גלייך צו דער געשטאלט פון דעם פארדארבלעכן מענטשן.” (רוימער א: כא־כג) די פעלשונג און דער באטרוג פון דעם שטנס משרתים טרעטן ארויס אין שייכות מיט דער אזוי־גערופענער „דרייאיינציקייט”, ווען מען זעט איין, אז די טעאריע פרווט צונישט צו מאכן גאטס צוגרייטונג פאר דער דערלייזונג פון מענטשן דורך דעם קרבן פון ישוע המשיחן.

די הייליקע שריפט באווייזט ענדגילטיק, אז עס איז פאראן נאר איין און איינציקער אלמעכטיקער גאט, וועלכער איז דער לעבנגעבער פון באשעפענישן, און אז ישוע המשיח איז דער זון פון גאט, דער אנהייב פון באשאף און דער אקטיווער אגענט פון יהוה אין דעם באשאף פון אלע אנדערע זאכן. געבנדיק דאס דאזיקע געזעץ דעם מענטשן, האט יהוה געזאגט: „איך בין יהוה, דיין גאט,...דו זאלסט ניט האבן קיין אנדערע געטער פאר מיר. דו זאלסט זיך ניט מאכן א געשניצט בילד, אדער וועלכע ניט איז געשטאלט פון וואס איז אין הימל אויבן, אדער וואס אויף דער ערד אונטן, אדער וואס אין וואסער אונ־

טער דער ערד.״ (שמות כ: ב־ד) „איך בין יהוה, דאָס איז מיין נאָמען״, און „עס איז ניט פאַראַן קיין גאָט אַ חוץ מיר״. (ישעיה מב: ח; מה: ה) „עס איז דאָ איין גאָט, און דער פאָטער פון אַלץ.״ (עפעסער ד: ו) ער איז דער אייביקער קעניג, אָן אַן אָנהייב, און אָן אַ סוף. „יהוה איז דער אמתער גאָט, ער איז דער לעבעדיקער גאָט, און דער אייביקער קעניג; פון זיין כּעס וועט ציטערן די ערד, און די נאַציעס וועלן ניט קאָנען אויסהאַלטן זיין צאָרן.״ — ירמיה י: י; דברים לג: כז.

ישוע המשיח, דער זון פון יהוה גאָט, דער אָנהייב פון באַשאַף, איז פון אָנהייב אָן גערופן געוואָרן „דער לאָגאָס״ (וואָרטפירער), און ער זאָגט: „יהוה האָט מיך באַשאַפן אין דעם אָנהייב פון זיין וועג.״ (משלי ח: כב) דער לאָגאָס, דער זון, איז געוועזן דער אָנהייב פון באַשאַף, און אים האָט גאָט באַשטימט פאַר דעם יורש פון אַלצדינג. — עפעסער ג: ט; עברים א: א, ב.

דאָס עדות־זאָגן פון ישוע המשיחן באַשטעטיקט אינגאַנצן דאָס פריערגעזאָגטע. ישוע האָט געזאָגט: „איך בין געקומען אין מיין פאָטערס נאָמען.״ (יוחנן ה: כד) „וואָרן איך בין אַראָפּגעקומען פון הימל, ניט צו טאָן מיין ווילן, נייערט דעם ווילן פון אים, וועלכער האָט מיך געשיקט.״ (יוחנן ו: לח) „מיין פאָטער איז גרעסער פון מיר.״ (יוחנן יד: כח) „דער הויפּט פון משיחן איז גאָט.״ (קאָרינטער א יא: ג) „איך זוך ניט מיין אייגענעם ווילן, נייערט דעם ווילן פון מיין פאָטער, וועלכער האָט מיך געשיקט.״ (יוחנן ה: ל) „וואָרן איך האָב ניט גערעדט וועגן זיך אַליין; נייערט דער פאָטער, וועלכער האָט מיך געשיקט, ער האָט מיר באַפוילן, וואָס איך זאָל זאָגן און וואָס איך זאָל רעדן.״ (יוחנן יב: מט) ווען ישוע האָט פאַר־ענדיקט זיין אַרבעט, האָט ער תּפילה־געטאָן צו זיין פאָטער, יהוה גאָט, און ער האָט געזאָגט: „פאָטער,...פאַרהערלעך דיין זון, אַז דיין זון זאָל דיך פאַרהערלעכן.״ ביי יענער געלעגנ־הייט האָט ער געזאָגט די תּפילה, וואָס איז פאַרצייכנט אין יוחנן, אין דעם זיבעצנטן קאַפּיטל, פון וואָס די גאַנצע תּפילה איז

געוועגדט צו יהוה, זיין פאָטער. אויב דער פאָטער און דער זון וואָלטן געווען איינס און דאָס זעלביקע אין עצם און אין אייבי־קייט, טאָ פאַרוואָס זאָל עמיצער טאָן תפילה צו זיך אַליין?

ביי אַ געלעגנהייט האָט ישוע געזאָגט: „איך און מיין פאָטער זיינען איינס.” (יוחנן י: ל) ער האָט ניט געמיינט, אַז זיי זיינען איין פערזאָן און איין עצם, נייערט אַז זיי זיינען אין איינהייט, טוענדיק אַלץ אַלעמאָל צוזאַמען אין פולער האַרמאָניע. אין זיין תפילה צו זיין פאָטער מאַכט ישוע קלאָר דעם באַדייט פון דעם וואָרט „איינס”, זאָגנדיק: „איך טו ניט תפילה פאַר די דאָזיקע אַליין, נייערט אויך פאַר די, וואָס וועלן אין מיר גלייבן דורך זייער וואָרט; אַז אַלע זאָלן איינס זיין, אַזוי ווי דו, פאָטער, ביסט אין מיר, און איך אין דיר, אַז זיי זאָלן אויך זיין איינס אין אונדז, כדי די וועלט זאָל גלייבן, אַז דו האָסט מיך געשיקט.” (יוחנן יז: כ, כא) ישוע, דער זון, איז געשיקט געוואָרן פון הימל אויף דער ערד, כדי ער זאָל מקריב־זיין זיין לעבן אַלס אַן אויסלייז־פרייז פאַר דער מענטשהייט. „דער גנב קומט בלויז צו גנבענען און צו שעכטן און אומצוברענגען. איך בין געקומען, כדי זיי זאָלן האָבן לעבן, און כדי זיי זאָלן עס האָבן אין איבערפלוס. איך בין דער גוטער פאַסטוך, און איך קען מיין שאָף, און די מייניקע קענען מיך. אַזוי ווי דער פאָטער קען מיך, פונקט אַזוי קען איך דעם פאָטער: און איך לייג אַנידער מיין לעבן פאַר די שאָף.” (יוחנן י: י, יד, טו) אויב דער פאָטער און דער זון וואָלטן געווען איינס און דאָס זעלביקע אין עצם, דאַן וואָלט עס געווען אוממעגלעך פאַר דעם זון אַוועקצוגעבן זיין לעבן אַלס אַן אויסלייז־פרייז פאַרן מענטשן. דער צוועק פון דער פאַלשער טעאָריע פון דער דרייאייניקייט איז צו צעשטערן דעם גלויבן אין דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיחן אַלס דעם אויסלייז־פרייז פאַר דער מענטשהייט.

דאָס וואָרט „הייליקער גייסט” מיינט ניט אַ פערזאָן, אַ באַשעפעניש אָדער אַ וועזן; נאָר עס מיינט די מאַכט פון יהוה גאָט, וועמעס מאַכט איז אומזעבאַר פאַר דעם מענטשלעכן אויג.

דער הייליקער גייסט, מיינט דעריבער יהוהס אומזעבארע מאַכט, וואָס איז אין גאַנצן געווידמעט צו גערעכטיקייט און הייליקייט.

די טעאָריע פון דער „דרייאייניקייט" געפינט קיין שום באַשטעטיקונג אין דער ביבל, נאָר פאַרקערט, די ביבל באַווייזט אָן שום צווייפל, אַז דאָס איז דעם טייוולס אַ טעאָריע, וואָס איז אויף אַ באַטריגערישן אופן מענטשן אויפגעדרענגט געוואָרן, כדי צו פאַרניכטן זייער גלויבן אין יהוה גאָט און אין זיינע גנעדיקע אָנגרייטונגען פאַר דער אויסלייזונג אוןווידערגעבורט פון דעם מענטשלעכן מין. דערפאַר באַווייזט עס זיך באַשטימט, אַז די טעאָריע פון דער אַזוי־גערופענער „הייליקער דרייאייני־קייט" איז ווידער איינער פון דעם שׂטנס פילע ליגנס.

## דער פעלז

פאַרדאַרבונג, פאַרדרייונג און ליגן און פעלשונג פון דעם אמת, זיינען דעם שׂטנס ליסטיקע מעטאָדן, וואָס ער באַנוצט צו פאַרפירן מענטשן צו גלייבן אַ ליגן און דערמיט זיי אָפּצו־קערן פון יהוה. אַ טרעפנדיקער ביישפיל פון אַזאַ ליגן־זאָגן, קאָן מען געפינען אין דער אויסטייטשונג, וואָס ווערט געגעבן צו די ווערטער פון ישוע מכּח דער קירך און „דעם דאָזיקן פעלז", אויף וואָס די קירך איז געבויט.

איינע פון די טיטלען, וואָס יהוה גיט זיך אַליין, איז „דער פעלז", ווייל ער איז דער אייביקער פונדאַמענט פון זיין אוני־ווערסאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס קען קיינמאָל ניט אויפגעטרייסלט ווערן. עס שטייט געשריבן: „איך וועל באַקאַנטמאַכן דעם נאָמען פון יהוה . . . גאָט. ער איז דער פעלז, זיין ווערק איז פולקאָם." (דברים לב: ג, ד) ער איז „דער פעלז פון רעטונג". (דברים לב: טז) „עס איז ניטאָ קיין הייליקער ווי יהוה, ווייל עס איז ניטאָ קיין אַנדערער אַ חוץ דיר, און עס איז אויך ניטאָ קיין שום פעלז ווי אונדזער גאָט." (שמואל א ב: ב) „יהוה איז מיין פעלז . . . און דער שופר פון מיין רעטונג." (תּהלים יח, ב) „נאָר אויף גאָט האָרט מיין זעל: פון אים קומט מיין

הילף. בלויז ער איז מיין פעלז און מיין רעטונג; ער איז מיין הויכע פעסטונג: איך וועל זיך ניט ארויסגליטשן שטארק." — תהלים סב: א, ב.

דער ראש אדער דער הויפט־ווינקלשטיין אדער יסוד פון יהוהס הויפט־ארגאניזאציע איז ישוע המשיח, וועלכער איז אויך באצייכנט אין דער הייליקער שריפט אלס א פעלז אדער א טייערער איידלשטיין. די דאזיקע נביאישע דערקלערונג שטייט אין דער נבואה פון דניאל ב: לד־מה: „א שטיין האט זיך אפגעריסן" פון דעם בארג (יהוהס אוניווערסאלע ארגאניזאציע), און דער דאזיקער שטיין, אפגעריסן פון יהוה, ווערט „א גרויסער בארג" אדער א פעלזנמאסע, וואס פילט אן די גאנצע ערד. דער דאזיקער שטיין אדער דער דאזיקער בארג איז די מלוכה פון גאט אונטער משיחן. גאטס ארגאניזאציע הייסט ציון, און אין דער דאזיקער ארגאניזאציע איז ישוע המשיח דער הויפטשטיין. „דערפאר האט גאט דער האר אזוי געזאגט: זע, איך גרונט־פעסט אין ציון א שטיין, א געפרוווטן שטיין, א טייערן ווינקל־שטיין, א זיכערן גרונטפעסט: דער, וואס גלייבט, וועט קיין מורא ניט האבן." — ישעיה כח: טז.

אין ישעיה לב: ב ווערט ישוע המשיח, דער קעניג, אנגערופן „א גרויסער פעלז". די, וואס זיינען פון דעם קעניגרייך אונטער משיחן, ווערן אנגערופן „פעלז־באוווינער". (ישעיה מב: יא) ישוע המשיח, דער קעניג, איז „דער שטיין, וואס די בויער האבן פאראכט, אבער וואס איז געווארן דער הויפט־ווינקל" פון גאטס גרויסער ארגאניזאציע. (תהלים קיח: כב, כג) דער דאזיקער פסוק ווי אויך אנדערע פסוקים באווייזן, אז ישוע המשיח, וועלכער איז גאטס געזאלבטער קעניג, איז דער ראש, דער הויפט־ווינקלשטיין און דער פונדאמענט פון גאטס הויפט־ארגאניזאציע. אין קארינטער א י: ד ווערט ישוע המשיח אנגערופן דער „גייסטיקער פעלז", פון וואס משה איז געווען א פארבילד.

אלע נביאים האבן פאראויסגעזאגט דאס קומען פון ישוע המשיחן, וואס ווערט רעגירן די וועלט מיט גערעכטיקייט, און

די דאָזיקע נבואות זיינען אָנגעשריבן געוואָרן, איידער ישוע איז געקומען אויף דער ערד. דאָס וואָרט „משיח" מיינט גאָטס געזאַלבטער קעניג, דער ראש פון זיין הויפּט־אָרגאַניזאַציע. די תּלמידים פון ישוע, זיינען געווען באַקאַנט מיט די נבואות און האָבן געוואַרט אויף „דעם משיחן". ישוע האָט זיי געשטעלט צו אַ פּרווו, כּדי צו באַשטימען, צי זיינע תּלמידים האָבן יאָ אָדער ניט געגלייבט, אַז ער איז דער משיח; און דאָס האָט ער געטאָן דורך שטעלן זיי די דאָזיקע פראַגע: „ווער זאָגט איר, בין איך?" פּעטרוס האָט געענטפערט פאַר די תּלמידים: „דו ביסט דער משיח, דער זון פון דעם לעבעדיקן גאָט." (מתּתיה טז: טז) ישוע האָט דאַן געזאָגט פּעטרוסן, אַז זיין ענטפער איז ריכטיק, און אַז יהוה גאָט האָט אַנטפּלעקט דעם דאָזיקן אמת צו פּעטרוסן: „געבענטשט ביסטו, שמעון בר יונה, וואָרן פלייש און בלוט האָבן דיר דאָס ניט אַנטפּלעקט, נייערט מיין פאָטער, וועלכער איז אין הימל. און איך זאָג אויך דיר, אַז דו ביסט פּעטרוס [(גריכיש): פּעטראָס, דאָס הייסט, אַ שטיק פעלז]; און אויף ד ע ם  ד אָ ז י ק ן  פ ע ל ז [(גריכיש): פּעטראַ; גרויסער פעלז] וועל איך אויפבויען מיין קהלה; און די טויערן פון אונטערערד וועלן זי ניט איבערוועלטיקן." — מתּתיה טז: טז־יח.

באַמערקט, אַז דער האַר זאָגט ניט: „אויף דיר, פּעטרוס." אין קלאַסישן גריכיש איז דער נאָמען „פּעטרוס" געווען פּעטראָס; און ישוע האָט געזאָגט, „אויף דעם דאָזיקן פעלז [פּעטראַ, דאָס הייסט אַ פעלזמאַסע אָדער אַ באַרג פון שטיין, אַ גרויסער שטיין, אַ יסוד־שטיין] וועל איך בויען מיין קהלה." „דער דאָזי־קער פעלז" האָט זיך ניט באַצויגן אויף פּעטרוסן, נאָר איז געווען אויסשליסלעך אָנגעווענדט אויף ישוע המשיחן, גאָטס געזאַלבטן, וועמען יהוה האָט אָוועקגעלייגט אַלס אַ זיכערן און אייביקן גרונטשטיין פון זיין הויפּט־אָרגאַניזאַציע. כּדי ווייטער צו באַווייזן, אַז ישוע האָט דאָ איינגעדרוקט אין די געדאַנקען פון זיינע תּלמידים, אַז ער איז דער משיח, באַמערקט זיינע ווערטער אין פּסוק כ: „דאַן האָט ער אָנגעזאָגט זיינע תּלמידים,

אַז זיי זאָלן קיין מענטשן ניט זאָגן, אַז ער איז ישוע המשיח.״ (מתתיה טז : כ) דער באַווייז איז אַן ענדגילטיקער, אַז די קהלה האָט ניט באַדאַרפט אויפגעבויט ווערן אויף פּעטרוסן, נייערט אויף ישוע המשיחן, דעם גרונטשטיין.

באַמערקט איצט דעם באַשטעטנדיקן באַווייז, ווען ישוע האָט געזאָגט „מיין קהלה״, האָט ער זיך באַצויגן צו דער „קהלה פון גאָט״ (טימותיוס א ג : טו), און ניט צו וועלכער ניט איז אָר־גאַניזאַציע אויף דער ערד צווישן מענטשן. דאָס וואָרט „קהלה״ (אָדער קירך) מיינט מענטשן אויסגעקליבן פון צווישן די פעלקער פאַר דעם נאָמען פון יהוה גאָט, וועלכע זיינען אויסדערוויילט געוואָרן פאַר מיטגלידער פון זיין קעניגהויז אין הימל. (אַנט־פּלעקונג כ : ד) די קהלה איז ניט געבויט אויף פּעטרוסן, נייערט אויף ישוע המשיחן. משיחס צוועלף שלוחים ווערן פאַררעכנט פאַר די צוועלף יסוד־שטיינער; אָבער משיח אַליין איז דער הויפּט־גרונטשטיין און דער ווינקלשטיין. (אַנטפּלעקונג כא : יד) עס שטייט געשריבן, אַז גאָט „האָט אים [ישוע המשיחן] געגעבן דער קהלה, וואָס איז זיין לייב, אַלס דעם הויפּט איבער אַלצדינג.״ (עפעסער א : כב, כג) „אָבער איצט, אין ישוע המשחן, איר, וואָס זייט פריער געוועזן וויט, זייט נאָענט געוואָרן דורך דעם בלוט פון משיחן. וואָרן דורך אים האָבן מיר ביידע אונדזערן צוגאַנג צום פאָטער אין איין גייסט. איצט דעריבער זייט איר מער ניט קיין פרעמדע און קיין גרים, נייערט מיט־בירגער מיט די הייליקע, און פון דעם הויזגעזינד פון גאָט; און איר זייט אויפגעבויט אויף דעם גרונטשטיין פון די שלוחים און נביאים, פון וואָס ישוע המשיח אַליין איז דער ווינקלשטיין, אין וועמען די גאַנצע געביידע, גוט צוזאַמענגעהעפט, וואַקסט צו אַ הייליקן טעמפּל אין האר, אין וועמען איר זייט אויך צוזאַמענגעבויט צו אַ וווינונג פון גאָט דורך דעם גייסט.״ (עפעסער ב : יג, יח־כב) „און ער איז דער הויפּט פון דעם לייב, דער קהלה : וועלכער איז דער אָנהייב, דער בכור פון די טויטע, אַז אין אַלע זאַכן זאָל ער דער ערשטער זיין.״ — קאָלאָסער א : יח.

ווען ישוע האָט געבּרויכט די ווערטער „אויף דעם דאָזיקן פעלז", האָט פּעטרוס גוט פאַרשטאַנען, אַז ישוע מיינט, אַז ער וועט בּויען די קהלה אויף משיחן, און אויף קיין אַנדערן ניט; און דאָס ווערט בּאַוויזן דורך די פאָלגנדיקע ווערטער, געשריבּן פון פּעטרוסן אַליין: „איר האָט פאַרזוכט, אַז דער האַר איז גנעדיק, צו וועמען, קומענדיק ווי צו אַ לעבּעדיקן שטיין — וואָס איז פאַרוואָר פון מענטשן פאַרוואָרפן, אָבער פון גאָט אויסדערוויילט און טייער — ווערט אויך איר ווי לעבּעדיקע שטיינער אויפגעבּויט פאַר אַ גייסטיק הויז, אַ הייליקע כּהונה, אַז איר זאָלט בּרענגען גייסטיקע קרבּנות, אָנגענעם פאַר גאָט דורך ישוע המשיחן. וואָרן עס שטייט געשריבּן אין דער הייליקער שריפט: ,זע, איך לייג אין ציון אַ ווינקלשטיין, אויסדערוויילט, טייער, און דער וואָס גלייבּט אין אים, וועט ניט פאַרשעמט ווערן!' צו אייך דערפאַר, וואָס גלייבּן, איז ער טייער; אָבּער צו די, וואָס גלייבּן ניט, ,איז דער זעלבּיקער שטיין, וואָס די בּויער האָבּן פאַרוואָרפן, געוואָרן אַ ווינקלשטיין, און ער איז אַ שטיין פון אָנשטויס און אַ פעלז פון שטרויכלונג' צו די, וועלכע שטרויכלען אָן דעם וואָרט, זייענדיק אומגעהאָרכזאַם; דערצו זיינען זיי אויך בּאַשטימט. אָבּער איר זייט אַן אויסדערוויילטער דור, אַ קעניגלעכע כּהונה, אַ הייליק פאָלק, אַ זונדערבּאַר פאָלק; כּדי איר זאָלט דעם לויבּ דערציילן פון אים, וועלכער האָט אייך פון דער פינצטערניש גערופן צו זיין ווונדערלעך ליכט." — פּעטרוס א ב: ג־ט.

וויסנדיק, אַז די בּיבּל איז דער אמת, ווייל זי איז גאָטס וואָרט, קען דען זיין וועלכער ניט איז צווייפל וועגן דעם מיין פון ישועס ווערטער מכּח דעם דאָזיקן פעלז? דער בּאַווייז איז אַן ענדגילטיקער, אַז מיט די ווערטער „דער דאָזיקער פעלז" מיינט ישוע המשיח זיך אַליין, וועלכער איז גאָטס הויפּט־אויספירבּאַאַמטער, און וועמען גאָט האָט איבּערגעגעבּן די גאַנצע מאַכט פון הימל און פון דער ערד.

# דער ליגן

נון, באמערקט אן א פאראורטייל די פארדארבנקייט און די צעקרימעניש, דאס פארדרייען און פעלשן פון ישועס ווערטער, דורך וואס דער ליסטיקסטער און אומגעהויערסטער ליגן איז איינגעקריצט געווארן אין די מוחות פון א סך מענטשן. דער שׂטן, דער טייוול, האט כיטרע און שטופנווייז אריינגעשפריצט אזעלכע פארקערטקייטן אין די געדאנקן פון מענטשן און מיטן צוועק אפצוקערן מענטשן פון גאט. נאך דעם טויט פון די שלוחים האט אנגעהויבן עקזיסטירן א רעליגיע־ארגאניזאציע, און זי איז ביסלעכווייז אויסגעוואקסן אין א גרויסער מאכט און צו גרויסן איינפלוס צווישן מענטשן. די דאזיקע רעליגיע־ארגאניזאציע האט געהייסן „קריסטלעך”. טעאָריעס, וואס זיינען פארשפרייט געווארן דורך געצנדינער אדער פראקטיצירט פון דער טייוול־רעליגיע, זיינען אריינגעבראכט געווארן אין דער דאזיקער „קריסטלעכער ארגאניזאציע”. אמביציעזע מענטשן אין די קהלות פון די גלויביקע קריסטן זיינען געווארן גדלותדיק, גרויזאם און שפאטיש, און זיי האבן געהערשט איבער די קהלות אין אן אופן, וואס איז געווען צוגעפאסט צו זייערע אייגענע קאפריזן. זיי האבן באשאפן א צעטיילונג צווישן די מיטגלידער פון דער קהלה, באצייכנדיק די הערשנדיקע אלס „גייסטלעכע”, און די באהערשטע אדער די פשוטע מענטשן אלס „וועלטלעכע” אדער „ניט־גייסטלעכע”.

די גייסטלעכע האבן דאן פארמירט אן ארגאניזאציע, וואס זיי האבן זינט דעמאלט גערופן „די קירך”, פון וועלכער די פשוטע מענטשן זיינען ניט קיין מיטגלידער. דער הערשנדיקער טייל אדער „דער קלערוס” איז צונויפגעשטעלט פון פארהעלטנישמעסיק ווייניקע מענטשן, בעת די פשוטע מענטשן, וואס הייסן די ניט־גייסטלעכע, פינאנסירן און שטיצן די הערשנדיקע ארגאניזאציע, און אזעלכע פשוטע מענטשן ווערן גערעכנט אין די מיליאנען. פאר די הערשער איז עס געווען א פארצוג צו האבן איין מענטשן אלס דעם הויפט אדער דעם „פאטער” פון דער ארגאניזאציע. דער טייוול האט אריינגעגעבן אין די גע־

דאַנקען פֿון מענטשן דעם דאָזיקן אויספֿיר, און, נויטיקנדיק זיך אין דער אויטאָריטעט פֿון דער הייליקער שריפֿט, כּדי אויגנ־שיינלעך צו באַקרעפֿטיקן דעם דאָזיקן אויספֿיר, האָט מען די דאָזיקע פֿאַלשע אינטערפּרעטאַציע צוגעטשעפּעט צו די ווערטער פֿון ישוען, פֿאַרצייכנט אין מתּתיה טז: טז־יח: אַז דער שליח פּעטרוס, און ניט ישוע המשיח, איז דער פֿעלז, וואָס ווערט דערמאָנט אין דעם טעקסט, און אַז ישוע המשיח האָט אויף פּעטרוסן און זיינע „יורשים אין אמט" געבויט די קירך אָדער קהלה; אַז ישוע המשיח האָט באַשטימט פּעטרוסן אַלס דעם פּרעזידענט אָדער דעם הויפּט פֿון דער „קריסטלעכער רעפּובליק"; און אַז זינט דעם טויט פֿון פּעטרוסן, האָט אַ געזעמל מענטשן פֿון צייט צו צייט אויסגעקליבן זיין יורש, וועלכער איז דער פּאַטער און דער הויפּט פֿון דער קירך. דער הערשנדיקער טייל פֿון דער אַזוי־גערופֿענער „קירך" הייסט „די הערארכיע" אָדער קירכן־הערשאַפֿט, און דעם הויפּט פֿון דער אָרגאַניזאַציע האָט מען באַערט מיט אַזאַ טיטל: „זיין הייליקייט, דער פּויפּסט, בישאָף פֿון רוים און שטעלפֿאַרטרעטער פֿון ישוע המשיחן, יורש פֿון דעם הייליקן פּעטרוס, פּירשט פֿון די שלוחים, העכסטער פּאָנטיפֿעקס פֿון דער אוניווערסאַלער קירך, פּאַטריאַרך פֿון מערב, פּרימאַט פֿון איטאַליע, ערצבישאָף און מעטראָפּאָליט פֿון דער רוימישער פּראָווינץ, הערשער פֿון דער וואַטיקאַן־שטאַט."

נון, באַמערקט דעם פֿיין־אויסגעטראַכטן און פֿאַרפֿירערישן אַרגומענט, געשאַפֿן פֿון באַרימטע שרייבער פֿון דער רעליגיע־אָרגאַניזאַציע, אַלס באַקרעפֿטיקונג פֿון דעם פֿאַלשן אויספֿיר און אויסטייטש פֿון די ווערטער פֿון דעם האַר. דאָס פֿאָלגנדיקע ווערט ציטירט פֿון די קאָמענטאַרן אין „העידאָקס קאַטוילישער ביבל", גוטגעהייסן פֿון דזשאָן, ערצבישאָף פֿון ניו־יאָרק, „לויט דער דועי און ראַימיש ווערזיעס":

„און איך זאָג דיר, און דערצייל דיר, פֿאַרוואָס איך האָב פֿריער דערקלערט, (יוחנן א: מב) אַז דו זאָלסט גערופֿן ווערן פּעטרוס, ווייל דו שטעלסט מיט זיך פֿאָר דעם פֿעלז, אויף וועלכן, אַלס אַ יסוד, איך וועל בויען מיין קירך, און דאָס אַזוי פֿעסט,

כדי ניט צו לאָזן די טויערן (דאָס הייסט, די מאַכטן) פון גיהנום איבערוועלטיקן איר פונדאַמענט; וואָרן אויב זיי קערן איבער איר גרונטשטיין, (דאָס הייסט דיך און דיינע יורשים), וועלן זיי אויך איבערקערן די קירך, וואָס רוט אויף דעם. קריסטוס זאָגט דאָ דעריבער פּעטרוסן צו, אַז ער און זיינע יורשים זאָלן זיין ביז צום סוף, אַזוי לאַנג, ווי די קירך וועט דויערן, אירע העכסטע פּאַסטוכער און פירשטן."

איצט באַמערקט די ניט־אויסגעהאַלטנקייט, וואָס דערשיינט אין די באַמערקונגען פון דער זעלבער ביבל־איבערזעצונג: „עס איז אמת, דער הייליקער אויגוסטין דערקלערט אין איין אָדער צוויי ערטער די דאָזיקע ווערטער, און אויף דעם דאָזיקן פעלז, (דאָס הייסט, אויף מיר אַליין) אָדער אויף דעם דאָזיקן פעלז, וואָס פּעטרוס האָט זיך מודה־געווען."

עס איז אינטערעסאַנט דאָ צו באַמערקן, אַז אויגוסטין, אויבן ציטירט, איז געשטאָרבן אין יאָר 430 און זיינע קאָמענטאַרן זיינען זעלבסטפאַרשטענדלעך געשריבן געוואָרן בעת זיין לעבן, און דער שפּעטערדיקער קאָמענטאַטאָר האָט אויסגעטייטשט דעם פּסוק, אַז דאָס באַציט זיך אויף פּעטרוסן, און ניט אויף משיחן. אויך אַ שפּעטערדיקער אויסטייטש פון דעם זעלביקן טעקסט זאָגט: „אונדזער רעטער, דורך די ווערטער ,דו ביסט פּעטרוס', דייט אָן קלאָר אויף דעם נייעם נאָמען, וואָס ער האָט געגעבן שמעונען, ווען ער האָט אים אַריינגענומען אין דער צאָל פון זיינע נאָכפאָלגער (יוחנן א: מב); און איצט אַנטפּלעקט ער די סיבה פונם בייטן דעם נאָמען, וואָס איז געווען אַן אָנצוי־הערעניש וועגן דעם כבוד, מיט וועלכן ער האָט אים באַערט, דורך באַשטימען אים פאַרן פּרעזידענט פון דער קריסטלעכער רעפּובליק; פּונקט ווי גאָט האָט, אין דער אַלטער תורה, געביטן אַברמס נאָמען אויף אברהם, ווען ער האָט אים אויסגעקליבן צו זיין דער פאָטער פון אַ מעכטיק פאָלק... ישוע, אונדזער האר, האָט געגרינדעט בלויז איין קירך, וואָס איז אים געפעלן צו בויען אויף פּעטרוסן. דעריבער, יענע קירך, וואָס אָנערקענט

ניט פעטרוסן אלס איר גרונטשטיין, איז ניט די קירך פון קריסטוסן, און דעריבער קאָן זי זיך ניט האַלטן, וואָרן דאָס איז ניט דאָס ווערק פון גאָט. דאָס איז קלאָר." — דאָס גלויבן פון אונדזערע פּאָטערס, פון קאַרדינאַל גיבאָנס; געשריבן אין יאָר 1876.

דער גאַנצער געבוי, וואָס מען האָט אויפגעטורעמט אויף ישועס ווערטער מכּח „דער דאָזיקער פעלז" דורך דער רוימיש־קאַטוילישער היעראַרכיע, איז אין דירעקטן ווידערשפּרוך פון יעדן פּסוק אין דער ביבל, וואָס באַציט זיך אויף דעם פּונקט. די דאָזיקע צעקרימונג און צעדרייונג פון דער הייליקער שריפט שטאַמט פון דעם שׂטן, דער שלאַנג און דעם פאַרפירער, און איז פאָרגעבראַכט און ווייט פאַרשפּרייט געוואָרן דורך מענטשן; און זינט דער שׂטן איז דער פאָטער פון ליגנס, זיינען דעריבער די מענטשן, וואָס זעצן פאָרט אַזוי צו פאַרדרייען די הייליקע שריפט, נאָך דער ביבל נאָך, די דינער פונם שׂטן, צי זיי ווייסן דאָס, צי ניט. (רוימער ו: טז) די באַהויפּטונג פון דער היעראַרכיע איז אַ ליגן, ווייל זי ווערט פאָרגעבראַכט צו יענע, וואָס זיינען באַרעכטיקט צו הערן דעם אמת, און דאָס ווערט געטאָן מיטן דייטלעכן צוועק צו פאַראורזאַכן גלייביקע מענטשן צו דינען מענטשן, און ניט דעם האַר, און אַזוינאָך אָפּצוקערן מענטשן פון גאָט. דאָס האָט געבראַכט שאָדן צו מיליאָנען מענטשן, און איבער אַלץ, דאָס איז אַ גרויסע פאַרלוימדונג פון יהוהס נאָמען.

פון דעם דאָזיקן כיטרען ליגן האָט דער שׂטן אַנטוויקלט און אויפגעבויט „די היעראַרכיע פון דער קאַטוילישער קירך". פון דעם דאָזיקן שׂטנס־ליגן קומט דער טיטל „פּויפּסט", וואָס מיינט „פּאָטער". דאָס איז אַ טיטל, וואָס ווערט געגעבן אַ מענטשן, וואָס איז דער הויפּט פון דער רעליגיעז־פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, דער רוימיש־קאַטוילישער גלחים־רעגירונג. די באַהויפּטונג ווערט געמאַכט, אַז פּעטרוס איז געוועזן דער ערשטער פּויפּסט און אַז ער האָט געהאַט יורשים זינט דאַן. עס איז זיכער, אַז פּעטרוס איז קיינמאָל ניט אָנגערופן געוואָרן פּויפּסט

אדער פאטער. פארקערט, ישוע האט געזאגט צו זיינע תלמידים און צום פאלק: „רופט קיין מענטשן ניט אייער פאטער אויף דער ערד; ווארן איינער איז אייער פאטער, וועלכער איז אין הימל. איר זאלט זיך אויך ניט רופן פירער; ווארן איינער איז אייער פירער, דער משיח.” (מתתיה כג: א־י) פעטרוס האט געהארכט דעם הארסווארט, און עס איז זיכער, אז ער האט ניט געהייסן „פאטער”. אין קעגנזאץ צו דעם אויסדריקלעכן באפעל פון דעם האר ישוע, ווערט איטלעכער פון די גלחים פון דער רוימיש־קאטוילישער היעראַרכיע אנגערופן „פאטער” לויטן באפעל פון דער היעראַרכיע, און דער פויפסט ווערט גערופן „דער הייליקער פאטער”. עס איז קלאר צו זען, אז דער דורכגעטריבענער און ביטערער ליגן פונם שטן באצוועקט אפצוקערן פון גאט א סך מענטשן און צו פאראורזאכן, אז זיי זאלן אונטערטעניק און איבערגעגעבן זיין דעם מענטשן, און דאס איז באשטימט פאר דעם עצם צוועק דורכצופירן דעם שטנס באַרימעריי.

כדי צו שאפן אן אויגנשיינלעכע בארעכטיקונג פאר דער עקזיסטענץ פון דעם אמט פון פויפסט, האבן די פארטיידיקער פון דער טעאָריע העזהדיק באהויפט, אז די פויפסטן זיינען די יורשים אין אמט פון פעטרוסן. עס איז ניטא קיין איין ווארט אין דער הייליקער שריפט, וואס באווייזט, אז פעטרוס האט ווען ניט איז געהאט א יורש; נאכמער יעדער פסוק ווידערשפרעכט אויף א דירעקטן אופן אזא טענה. די הייליקע שריפט דערציילט וועגן די „צוועלף שלוחים פון דעם לאם” (אנטפלעקונג כא: יד), און קיין ווארט ניט וועגן יורשים, פון וועלכן ניט איז פון די שלוחים. „גאט אליין האט אריינגעזעצט די גלידער אין דעם קערפער [אין דער קהלה], ווי עס געפעלט אים;” און קיין שום מענטש אדער קערפערשאפט פון מענטשן קאנען אין דעם מאכן וועלכע ניט איז ענדערונגען. (קארינטער א יב: יח) דורך וואס פאראן אויטאריטעט קען א קערפערשאפט פון מענטשן באשטימען א יורש פון דעם שליח פון דעם האר ישוע המשיחן? זינט דער האר האט ניט באשטימט, אז עס זאלן זיין יורשים פאר די שלוחים, איז די טענה, אז מענטשן

ווערן יורשים דורך דער אָפּשטימונג פון אַנדערע מענטשן, און אַז דער פּויפּסט איז דער יורש פון דעם שליח פּעטרוס, פול־שטענדיק פאַלש.

## שליסלען

ביי דער זעלבער געלעגנהייט האָט ישוע געזאָגט פּעטרוסן: „איך וועל דיר געבן די שליסלען פון דעם מלכות השמים.״ (מתתיה טז: יט) די דאָזיקע באַהויפּטונג פון ישוע המשיחן איז אויך געוואָרן צעדרייט און צעקרימט און האָט געקראָגן אַן אויסטייטשונג פון דער רוימיש־קאַטוילישער קירך, וואָס איז אינגאַנצן ווידערשפּרעכנדיק צו דעם וואָרט פון גאָט.

אין דער הייליקער שריפט ווערט דאָס וואָרט שליסלען גע־ברויכט סימבאָליש, כּדי צו באַצייכענען די זכיה פון אויפשליסן פאַרבאָרגענע אמתן און פון דערוווערבן די דערקענטניש דערפון. ביי אַן אַנדער געלעגנהייט האָט ישוע געברויכט דאָס בוכשטעבלעכע וואָרט שליסל, כּדי צו באַווייזן זיין מיין. די פּרושים און די געלערנטע האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די כּלי קודש פון די ישׂראלים. אויף זיי איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ פליכט, און דעריבער האָט עס באַדאַרפט זיין זייער זכיה, צו דערקלערן גאָטס תּורה צו די מענטשן. זיי זיינען געווען אומגעטריי צו גאָט, זיינען אַליין אַריינגעפאַלן אין אומוויסנקייט מכּח דער מלוכה, און זיי האָבן צוגענומען פון די מענטשן די מעגלעכקייט צו פאַרשטיין גאָטס ווילן. צוליב דער דאָזיקער סיבה האָט ישוע זיי געזאָגט, ווי דער באַריכט אין לוקאס יא: נב לייענט זיך: „איר האָט צוגענומען דעם שליסל פון דערקענטניש. איר גייט אַליין ניט אַריין אין דעם קעניגרייך, און איר האָט אָפּגעהאַלטן אַנדערע אַריינצוטרעטן.״ דעם חסד, וואָס די דאָזיקע אומגע־טרייע יידן האָבן געקאָנט האָבן, האָט ישוע איבערגעגעבן פּעט־רוסן, געבנדיק אים די „שליסלען פון דעם מלכות השמים״; און דאָס האָט קלאָר געמיינט, אַז אין דער באַשטימטער צייט וועט פּעטרוסן געגעבן ווערן די דערקענטניש פון דעם הימלישן קעניגרייך.

די מלוכה פון הימל איז געווען א סוד, פארבארגן פון דער דערקענטניש פון מענטשן אין משך פון פילע יארהונדערטער. דער באוויז דערפון געפינט זיך אין דער ביבל, אין קאלאסער א: כו, כז, וואס זאגט: „דער סוד פון דעם מלכות השמים, וואס איז געווען פארבארגן דורך די צייטן און דורות, איז איצט אנטפלעקט געווארן צו זיינע הייליקע.״ דאס „מלכות השמים״ מיינט דאס קעניגהויז פון הימל, און באשטייט פון ישוע המשיחן און די 144 000 מיטגלידער פון זיין קערפער־שאפט. פאר מער ווי פיר טויזנט יאר איז דער דאזיקער גרויסער אמת געווען א פארבארגענער סוד, און די תלמידים פון ישוע האבן ניט אנגעהויבן דאס צו פארשטיין ביז נאך זיין ארויפגיין אין הימל און ביז דעם קומען פון דעם הייליקן גייסט שבעות צייט. (אפאסטאלן־געשיכטע ב: יד־יח) ווען ישוע איז געווען מיט זיינע תלמידים אויף דער ערד, האט ער צו זיי גערעדט אין משלים אדער פארבארגענע ווערטער. די פאלגנדיקע ווער־טער דערשיינען אין מתתיה, קאפיטל דרייצן: „ער האט צו זיי ניט גערעדט אן א משל, כדי די נבואה זאל ווערן דערפילט, זאגנדיק: איך וועל ארויסרעדן זאכן, וואס זיינען געהאלטן געווארן בסוד זינט דער גרינדונג פון דער וועלט.״ דאס איז געווען גאטס כונה, אז דער דאזיקער סוד זאל אמאל אנטפלעקט ווערן, און דעריבער האט ישוע געזאגט פעטרוסן, אז ער איז אויסדערוויילט געווארן אלס איינער, וואס וועט האבן די זכיה צו זיין דער ערשטער צו דערוויזן זיך דעם סוד מכח דער אנט־וויקלונג פון דער הימלשער מלוכה. ישוע האט געגעבן פעטרוסן די דאזיקע „שליסלען״, וואס מיינט די פריווילעגיע אויפצושליסן די דאזיקע אמתן פאר זיך אליין און פאר זיינע ברידער אין משיחן.

באמערקט, אז דאסווארט שליסלען ווערט געברויכט אין מערצאל, וואס מיינט מער ווי איין שליסל. די פאקטן, וואס דערשיינען שפעטער אין דער ביבל, באווייזן, אז עס זיינען געווען צוויי שליסלען, נעמלעך: (1) דער ערשטער שליסל, וועלכער באווייזט גאטס כונה ארויסצונעמען פון צווישן די

יידן אַ צאָל צו ווערן מיטגלידער פון דער קהלה אָדער דעם מלכות השמים; און (2) דער שליסל, וואָס אַנטפּלעקט גאָטס כּונה אַרויסצונעמען פון די גויים אָדער ניט־יידן אַ טייל פון די, וואָס וועלן צונויפשטעלן דעם קלאַס פון דעם „הימלשן קעניגרייך".

ווען די דאָזיקע „שליסלען" אָדער פּריווילעגיעס זיינען געגעבן געוואָרן פּעטרוסן, און ער האָט זיך מיט זיי באַנוצט, האָט דעמאָלט ניט געקאָנט זיין קיין שום יורש נאָך אים. עס איז ניטאָ קיין שום ביבּלישער באַוויז, אַז פּעטרוס האָט ווען ניט איז געהאַט אַ יורש. די זכיה איז געגעבן געוואָרן אויסשליסלעך צו אים. ער האָט דורכגעפירט די פּריווילעגיע און די פליכט אויפצושליסן די דאָזיקע סודות; און דאָס האָט ער געטאָן דורך גאָטס חסד. און איצט באַמערקט פון דער הייליקער שריפט, ווי אַזוי ער האָט עס געטאָן.

פּעטרוס און די אַנדערע תּלמידים האָבן געקלערט, אַז ישוע המשיח וועט אויפשטעלן די מלוכה מיט די יידן, בעת ער איז געוועזן אויף דער ערד; און דאָס ווערט באַוויזן דורך זייערע ווערטער, וואָס זיי האָבן גערעדט צו אים אין דעם זעלביקן טאָג פון זיין אַרויפגיין אין הימל. זיי האָבן געזאָגט, ווי עס שטייט געשריבן אין אַפּאָסטאָלן־געשיכטע א : ו : „האר, וועסטו אין דער איצטיקער צייט ווידער אויפשטעלן די מלוכה ישראל?" ישועס ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע איז געווען, אַז די תּלמידים זאָלן וואַרטן אין ירושלים, ביז וואַנען זיי וועלן באַקומען דעם הייליקן גייסט, און דאַן וועלן זיי וויסן וועגן דער מלוכה. צען טעג שפּעטער איז געווען שבועות, און דאַן, אין ירושלים, האָט פּעטרוס באַקומען דעם ערשטן פון די דאָזיקע שליסלען. דאָרטן איז פאַר אים אַנטפּלעקט געוואָרן, צום ערשטן מאָל, אין וואָס עס באַשטייט דער סוד פון דעם הימלשן קעניגרייך. דער צווייטער קאַפּיטל פון דער אַפּאָסטאָלן־געשיכטע דערציילט, ווי פּעטרוס איז אויפגעשטאַנען און האָט גערעדט צו זיינע ברידער און זיי דערקלערט דעם מיין פון דעם טויט און פון דעם אויפשטיין תּחית־המתים פון ישוע המשיחן ,און דעם

מיין פון דעם אָנהייב פון דער מלוכה. פּעטרוס האָט דעמאָלט אונטער דער באַגייסטערונג פון דעם רוח הקודש פון גאָט געזאָגט די מענטשן, אַז ישוע המשיח איז דער גוטגעהייסענער פון גאָט און דער גרויסער משיח אָדער קעניג, אויף וועמען זיי האָבן געוואַרט; אַז די יידן האָבן אים געבראַכט צום טויט און אַז גאָט האָט אים מחיה־מתים געווען, אים געזאַלבט און אים געזעצט פאַרן קעניג. דעמאָלט האָט פּעטרוס צוגעגעבן די דאָזיקע ווערטער: „דעריבער זאָל דאָס גאַנצע הויז ישׂראל וויסן אויף זיכער, אַז גאָט האָט אויפגעשטעלט ישוען פאַרן האַר און משיחן, דעם געזאַלבטן קעניג." דעמאָלט און דאָרט האָט פּעטרוס זיך באַנוצט מיטן ערשטן שליסל, וואָס ישוע המשיח האָט אים איבערגעגעבן אויפצושליסן פאַר די יידן דעם סוד פון דעם מלכות השמים. ער האָט זיי געזאָגט, אַז גאָט וועט ווידער שיקן ישוע המשיחן, וועמען די הימלען מוזן האַלטן ביז צו דער צייט פון אויפשטעלן די מלוכה און ביז צו דער באַנייונג פון אַלצדינג אין שייכות מיט דער מלוכה, און וועגן וואָס אַלע הייליקע נביאים האָבן געשריבן. — אַפּאָסטאָלן־געשיכטע ג: יט־כא.

אין משך פון דריי און האַלב יאָר נאָכדעם האָבן די שלוחים געפּריידיקט די בשורה פון גאָטס קעניגרייך אויסשליסלעך צו די יידן. דאַן האָט דער האַר איבערגעגעבן פּעטרוסן דעם אַנדערן שליסל, מיט וועלכן ער האָט אויפגעשלאָסן דעם סוד פון דער מלוכה צו די ניט־יידן אָדער גויים. פּעטרוס איז דאַן געווען אין יפו. דער האַר האָט אים דאָרט אַנטפּלעקט אין אַ זעונג, אַז די בשורה מוז געבראַכט ווערן צו די גויים. אין דער זעלביקער צייט האָט קאָרנעליוס, אַ גוי, געטאָן תפילה צו גאָט. דער באַריכט אין דער אַפּאָסטאָלן־געשיכטע י: ד, ה איז, אַז דער האַר האָט דורך זיין מלאך געזאָגט קאָרנעליוסן: „דיינע תפילות און נדבות זיינען אויפגעגאַנגען אַלס אַן אָנדענק פאַר גאָט, און איצט שיק מענטשן קיין יפו און רוף פּעטרוסן." דאַן איז פּעטרוס אוועק צו קאָרנעליוסן, און קאָרנעליוס האָט אים דערציילט וועגן דער זעונג, וואָס ער האָט געהאַט דורך

דעם מלאך פון האר. באמערקט איצט אין אפאסטאלן־געשיכטע י: לד, לה די ווערטער פון דעם שליח: „דאן האט פעטרוס געעפנט זיין מויל, און געזאגט: איך זע באמת, אז גאט איז ניט קיין נושא פנים; נייערט אין איטלעכן פאלק דער, וואס פארכט זיך פאר אים און טוט גערעכטיקייט, איז ביי אים אנ־גענומען."

שפעטער האט פעטרוס אין א באראטונג מיט אנדערע תלמידים, זיי געזאגט, אז גאט האט באזוכט די גוים און זיי גע־בראכט די בשורה־טובה מיט דער כונה ארויסצונעמען א פאלק פאר זיין נאמען, און אז זיי, צוזאמען מיט די אויסגעקליבענע פון צווישן די יידן, וועלן צונויפשטעלן גאטס מלוכה אונטער משיחן. (אפאסטאלן־געשיכטע טז: ז־יח) אזוינאך איז דער סוד פון דעם קעניגרייך בנוגע די גוים קלאר געמאכט געווארן דורך דעם צווייטן שליסל, וואס פעטרוס האט באקומען פון ישוע המשיחן.

עס קען קיין שום רייד ניט זיין וועגן א יורש נאך פעטרוסן, ווייל ער האט פולשטענדיק באנוצט און דערפילט דעם צוועק פון די שליסלען, אויפצושליסן און באקאנטצומאכן גאטס כונה ארויסצונעמען דעם קלאס פארן הימלשן קעניגרייך, סיי צווישן די יידן און סיי צווישן די גוים. מיט דער כונה צו צעטומלען א סך און אפצוקערן די מענטשן פון יהוה, און זיי צו פארפירן צו ווענדן זייער איבערגעבנקייט צו א וועלכע ניט איז באשעפעניש, האט דער שטן דורך פעלשונג און באַ־טרוג איינגערעדט א סך גוטע מענטשן צו גלייבן, אז פעטרוס האט געהאט יורשים, און אז דעם יורש אין אמט איז געגעבן געווארן די העכסטע אויטאריטעט אין דער קירך. דאס איז פשוטע גאטס־לעסטערונג און איז אן אנדער באווייז, וואסער מיטלען דער שטן געברויכט צו נוצן דאס „ארגאניזירטע קריסטנ־טום" צו פארפירן און אפצונארן די מענטשן.

געשטיצט אויף דער פאלשער לערע, אז די קירך איז געבויט אויף פעטרוסן, האט די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע ווייטער צעדרייט און פאלש אנגעווענדט ישועס פאלגנדיקע ווערטער:

„און איך וועל דיר געבן די שליסלען פון דער מלוכה פון הימל.‟ די קאמענטארן פון א ווילבאקאנטן אויטאריטעט פון דער הערארכיע ליינט זיך אזוי: „ווען ער זאגט פעטרוסן, ,איך וועל דיר געבן די שליסלען' א. א. וו., מיינט ער אויגנשיינלעך: איך וועל געבן די העכסטע אויטאריטעט איבער מיין קירך, וואס איז די פעסטונג פון גלויבן, מיין ערדישער ירושלים. דו און דיינע יורשים וועלן זיין מיין זעבארע פארשטייער ביזן סוף פון די צייטן.‟ — דאס גלויבן פון אונדזערע פאטערס, 78־סטע רעווידירטע און פארגרעסערטע אויפלאגע, 1904.

באמערקט, אז קיין איינציק ווארט ווערט ניט געזאגט אין דער הייליקער שריפט וועגן „יורשים פון דעם שליח פעטרוס‟.

פון דעם אומגעהויערן ליגן, אז משיח בויט זיין קירך אויף פעטרוסן און זיינע יורשים, איז אויך אויסגעוואקסן די פאלשקייט, אז דער פויפסט איז אומפעלבאר, און אז ווען דער פויפסט טייטשט אויס די הייליקע שריפט, רעדט ער מיט אויטאריטעט און קאן ניט גרייזן. (דאס גלויבן פון אונדזערע פאטערס, זייטן 119, 120) די דאזיקע באהויפטונג איז אויסדריקלעך אפגעלייקנט געווארן דורך די ווערטער פון פעטרוסן אליין, ווי אויך פון אנדערע פסוקים. — פעטרוס ב א: כ.

## טויערן פון גיהנום

ישוע האט געזאגט צו פעטרוסן: „אויף דעם דאזיקן פעלז [משיחן, גאטס געזאלבן קעניג] וועל איך אויפבויען מיין קהלה [די 144 000 לעבעדיקע שטיינער דערפון]; און די טויערן פון שאול וועלן ניט איבערוועלטיקן קעגן דעם.‟ וואס ווערט געמיינט מיט די „טויערן פון שאול?‟ דאס ווארט „שאול‟ מיינט אונטערערד, דער צושטאנד פון טויט, דער קבר אדער די גרוב, בעת די טויערן באציען זיך אויף דעם וועג אריינצוקומען אין טויט און אין קבר. די טויטשטראף איז ארויפגעלייגט געווארן אויף אדמען צוליב זיין זינד, און דורך ירושה איז די גאנצע מענטשהייט געבארן געווארן אין זינד; און אזוינאך

זיינען די „טויערן פון שאול" געשטאַנען אָפן פאַר יעדן מענטשן און קיין מענטש האָט ניט געקאָנט זיי אויסמײַדן.

גאָט האָט געמאַכט ישוען פאַר דעם אויסלייזער און דעם רעטער פון דער מענטשהייט פון טויט און פון קבר. ישוע האָט אַוועקגעגעבן זיין לעבן, כּדי די, וואָס גלייבן אין אים און געהאָרכן אים, זאָלן ניט אומקומען, נייערט לעבן. אין תהלים טז שטייט געשריבן, אַז ישוע איז געשטאָרבן, און איז אַוועק אין שאול; אָבער ער איז דאָרטן ניט געבליבן. (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע ב: כב־לב) ישוע המשיח איז דער הויפּט און דער יסוד פון דער קהלה; און דער שאול האָט אים דעריבער ניט איבערגעוועלטיקט, ווייל גאָט האָט אים מחיה־מתים געווען. (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע י: מ) אין אַנטפּלעקונג א: יח שטייט פאַרצייכנט אַז ישוע האָט דאַן געזאָגט: „איך בין דער לעבע־דיקער, און איך בין געווען טויט, און, זע, איך לעב פון אייבי־קייט צו אייביקייט, און האָב די שליסלען פון שאול און פון טויט." ישוע המשיח האָט דערוואָרבן דעם פולשטענדיקן זיג איבערן טויט און שאול. „האָבנדיק די שליסלען", ווי ער האָט דערקלערט, מיינט, אַז צו אים, ישוע המשיחן, איז איבערגעגעבן געוואָרן די מאַכט צו דערלייזן די מענטשהייט פון טויט און פון קבר. וועגן זיינע געטרייע מיטגלידער פונם קעניגהוויז, די 144 000, האָט ישוע געזאָגט אין אַנטפּלעקונג כ: ו: „גע־בענטשט און הייליק זיינען זיי; וואָרן איבער אַזעלכע וועט דער צווייטער טויט ניט האָבן קיין שליטה." דאָס איז אַן ענדגיל־טיקער באַווייז, אַז דער שאול וועט קיינמאָל ניט געוועלטיקן איבער משיחן און די מיטגלידער פון זיין קערפּערשאַפט, וואָס איז די קהלה. די דאָזיקע וועלן ביי זייער תּחית־המתים ווערן אומשטערבלעך; וואָס מיינט, אַז זיי וועלן קיינמאָל מער ניט זיין אין געפאַר פון טויט. — קאָרינטער א טז: נב־נד.

נאָך מער, עס שטייט געשריבן בנוגע ישוען און די, וואָס וועלן זיין אָנטיילנעמער אין דעם ערשטן תּחית־המתים און אין דער מלוכה, אַז ער וועט אומברענגען דעם שׂונא, נעמלעך דעם טויט און דעם קבר, און ער וועט איבערענטפערן אומ־

שטערבלעכקייט צו די מיטגלידער פון זיין קערפערשאפט. אין קאריטער א טו: כה, כו, נד, שטייט געשריבן: „ווארן ער מוז הערשן, ביז ער וועט לייגן אלע זיינע שונאים אונטער זיינע פיס. דער לעצטער שונא, וואס וועט אומקומען, איז דער טויט ... און ווען דאס דאזיקע פארדארבענע ... וועט אנטאן אומשטערבלעכקייט, דאן וועט דערפילט ווערן דאס ווארט, וואס איז געשריבן: ,דער טויט איז פארשלונגען געווארן אין זיג'."

די ווערטער וועגן „די טויערן פון שאול" זיינען אויך צע־קרימט געווארן דורך דעם פלפול פון מענטשן, כדי עס זאל שיינען, ווי זיי ווארטן געמיינט, אז די רוימיש־קאטוילישע קירך־ארגאניזאציע איז אומבאזיגבאר און קיין זאך קאן זי ניט איבערוועלטיקן. (דאס גלויבן פון אונדזערע פאטערס, זייט 121) האבנדיק דעם דאזיקן פאלשן אויספיר אין געדאנק, האבן זיך די פירנדיקע מענער פון די גרויסע רעליגיע־ארגאניזאציעס א לאז געטאן פארויס, מיט אנטשלאסנקייט צו קאנטראלירן די וועלט, דערקלערנדיק, אז דער שאול וועט קיינמאל ניט געוועלטיקן איבער דער קאטוילישער קירך. מיט אנדערע ווער־טער, די פירער פון דער דאזיקער ארגאניזאציע באהויפטן, אז זיי האבן א בונד אדער א קאנטראקט מיטן טויט און דעם שאול, און אז ניט דער טויט און ניט דער שאול קאן האבן וועלכע ניט איז מאכט איבער זייער ארגאניזאציע. פונקט פאר־קערט, די הייליקע שריפט לערנט קלאר און אויסדריקלעך, אז גאט וועט פולשטענדיק אומברענגען די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע.

דאס צעקרימען און איבערדרייען די ווערטער פון ישוען, וואס זיינען פארצייכנט אין מתתיה טז: טז־יח, האט געפירט צו די ליסטיקסטע ליגנס, וואס דער שטן האט אויסגעטראכט. די דאזיקע ליגנס זיינען דערציילט געווארן צו אזויפיל דורות און אין משך פון אזא לאנגער צייט, אז מיליאנען ערלעכע מענטשן זיינען אין זייער אומוויסנקייט וועגן דעם צוגערעדט געווארן צו גלייבן אזעלכע ליגנס. צוליב דער דאזיקער סיבה איז די גלחים־הערשאפט געוועזן זייער אייפערדיק צו האלטן

די מענטשן אין אומוויסנקייט פון דער ביבל און איר אמתע דערקלערונג. מענטשן, וואָס האָבן אַ בלינד פּאַראורטייל, וועלן ווייטער גלייבן און זיך אָנהאַלטן אָן די דאָזיקע ליגנס צו זייער אייגענעם גרויסן שאָדן און אומגליק. אָבער די, וואָס זיינען פון גוטן ווילן און זוכן ערנסט דעם אמת, וועלן זיך מיט פרייד אָנכאַפּן אָן ישוע המשיחן און פולשטענדיק זיך איבערגעבן און נאָכפאָלגן דעם אמת. קיינער ווערט ניט געצווונגען אָנצונעמען דעם אמת. אים ווערט געגעבן די פּריווילעגיע צו דערקענען דעם אמת, און די דאָזיקע פּריווילעגיע איז אַ גנעדיקע מתּנה פון דעם האַר.

## אַ הויפּן ליגנס

גאָטס וואָרט באַווייזט באַשטימט, אַז די פאָלגנדיקע לערעס שטעלן מיט זיך פאָר אַ הויפּן ליגנס: עס איז ניטאָ קיין טויט; יעדער מענטש האָט אַן אומשטערבלעכע זעל; אַ סך ליידן באַוווּסטזיניק אין לייטערונגס־פייער און זיי קאָן געהאָלפן ווערן און זייער טערמין קאָן פאַרקירצט ווערן דורך תּפילות פון מענטשן, און אַז עס איז פּאַסיק צו צאָלן געלט, אַז אַזעלכע תּפילות זאָלן געזאָגט ווערן; אַז דער שליח פּעטרוס איז דער יסוד, אויף וועמען גאָטס קירך איז געבויט; אַז דער שליח פּעטרוס האָט געהאַט יורשים; אַז פּעטרוס איז געווען דער ערשטער פּויפּסט, און אַז זיינע יורשים זיינען דערוויילט געוואָרן פון צייט צו צייט זינט פּעטרוסעס טויט, און אַז פּעטרוס און זיינע אַזוי־גערופענע „יורשים" אַלס דער פּויפּסט האָבן די מאַכט צו פאַרגעבן זינד. די הייליקע שריפט באַווייזט אָן שום צווייפל, אַז אַלע די דאָזיקע ליגנס שטאַמען פון דעם שׂטן. וואָס פאַראַן אָרגאַניזאַציע אויף דער ערד לערנט די דאָזיקע ליגנס און פאַרפירט דורכדעם מענטשן? דער ענטפער איז: „די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע", מיט איר הויפּט־קוואַרטיר אין דער וואַטיקאַן־שטאַט, רוים. מיליאָנען פון דער „קאַטוילישער באַפעלקערונג" זיינען אויפריכטיקע מענטשן פון גוטן ווילן און זיינען בשום אופן ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די דאָזיקע

פאַלשע לערעס. פּונקט פאַרקערט, זיי זיינען פאַרפירט און צוגע־רעדט געוואָרן צו שטיצן די אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פעט גע־וואָרן פון דעם שטייער, וואָס איז אַרויסגעצויגן געוואָרן פון די פּשוטע מענטשן אָדער דער קאַטויליִשער באַפעלקערונג.

עס איז ווויל באַוווּסט, אַז די רוימיש־קאַטויליִשע הערארכיע איז אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס זוכט צו באַאיינפלוסן און צו קאָנטראָלירן די רעגירונגען אויף דער ערד. אירע אַמ־באַסאַדאָרן כּמעט ביי אַלע פעלקער און דער הויפּט פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע נעמען שטענדיק אָן אָנטייל אין די פּאָליטישע ענינים פון דער וועלט. אַז זי איז ניט פון גאָטס אָרגאַניזאַציע, און אַז זי פאָלגט ניט נאָך ישוע המשיחן, ווערט דערוויזן דורך די ווערטער פון דעם האַר ישוע, וועלכער האָט געזאָגט: „מיין קעניגרייך איז ניט פון דער דאָזיקער וועלט.״ (יוחנן יח: לו) דער שׂטן, דער טייוול, איז „דער גאָט פון דער דאָזיקער וועלט״, און דאָס איז די וועלט, וואָס ישוע המשיח וועט פאַרניכטן, און די דאָזיקע פאַרניכטונג וועט אַריינגעמען דעם שׂטן, דעם פירשט פון פינצטערניש, און יעדן טייל פון זיין אָרגאַניזאַציע אויף דער ערד. דאָס איז פאַר זיך אַליין אַ באַווייז, אַז ישוע המשיח האָט לחלוטין ניט געהאַט צו טאָן מיטן אָנהייבן און מיטן בויען די רוימיש־קאַטויליִשע קירך־אָרגאַניזאַציע.

די מענטשן, וואָס רעגירן די רוימיש־קאַטויליִשע אָרגאַניזאַציע זיינען גרויזאַמע, שטאָלצע, וועלטלעך־קלוגע, שפּאָטנדיקע מענ־טשן, און זיי זוכן צו באַהאַלטן די אינערלעכע מעשׂים פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע פון די פּשוטע מענטשן. יהוה האָט געוווּסט פאָרויס, אַז דאָס וועט זיין זייער וועג, און ער האָט גורם געווען זיין נביא צו שרייבן וועגן זיי: „ווײ צו יענע, וואָס זוכן צו באַהאַלטן טיף זייער באַראָט פון דעם האַר, און וועמעס מעשׂים זיינען אין פינצטערניש, און זיי זאָגן: ווער זעט אונדז? און ווער ווייס אונדז? די פאַרקערטקייט אייערע! צי איז דער טעפּער ווי ליים גערעכנט, אַז דאָס ווערק זאָל זאָגן אויף זיין מייסטער: ער האָט מיך ניט געמאַכט! און דער באַ־

שאַף זאָל זאָגן אויף זיין באַשאַפער: ער פאַרשטייט ניט?״ —
ישעיה כט: טו, טז.

די געשיכטע פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע דעקט אַ צייט־אָפשניט פון מער ווי פופצן יאָרהונדערטער, אַנטפּלעקנדיק, אַז די געוועלטיקער האָבן פאַרהוילן די ביבל פון די פּשוטע מענטשן. גאָטס מענטשן, וואָס זוכן צו וויסן און צו טאָן זיין ווילן, ווערן סימבאָליש געשילדערט אַלס באַוווינער פון ירושלים, וואָרן אויף יענער שטאָט האָט גאָט אַרויפגעלייגט זיין נאָמען. די מענטשן, וואָס רעגירן איבער דער קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע, פאַרשפּאָטן אַנדערע, וואָס פּרוּוון צו לערנען דעם אמת, און זיי באַהויפּטן פאַלש, אַז דער פּויפּסט איז דער איינציקער, וואָס איז באַפולמעכטיקט די הייליקע שריפט אויסצוטייטשן. זיי באַהויפּטן, אַז זיי האָבן אַ בונד מיטן טויט און דעם שאול, און אַז די טויערן פון שאול וועלן ניט האָבן קיין שליטה איבער זייער אָרגאַניזאַציע; אָבער גאָט זאָגט זיי דייטלעך דורך זיין נביא אַז זייער בונד אָדער אויסגלייך מיטן שאול וועט זיך ניט האַלטן, און אַז זייער אָרגאַניזאַציע וועט צעטראָטן ווערן. (ישעיה כח: יד־יח) אין דער מלחמה פון הר־מגדון וועט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע אינגאַנצן פאַרשווינדן. די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע האָט פאַרוויסט דעם אמתן מיין פון גאָטס וואָרט און האָט צוגעגעבן אירע אייגענע ווערטער דערצו, און וועגן אַזעלכע האָט ישוע געזאָגט: „איך זאָג עדות צו איטלעכן, וואָס הערט די נבואה פון דעם דאָזיקן בוך: אויב וועלכער ניט איז מענטש וועט דערצו צוגעבן, וועט גאָט צוגעבן צו אים די פּלאָגן, וואָס זיינען פאַרשריבן אין דעם דאָזיקן בוך; און אויב וועלכער ניט איז מענטש וועט אַראָפּנעמען פון די ווערטער פון דעם בוך פון דער דאָזיקער נבואה, וועט גאָט אַראָפּנעמען זיין טייל פון דעם בוך פון לעבן, און פון דער הייליקער שטאָט, און פון די זאַכן, וואָס זיינען אין דעם דאָזיקן בוך פאַרשריבן.״ — אַנטפּלעקונג כב: יח, יט.

די רוימיש־קאַטוילישע פּריסטער־הערשאַפט האָט פאַרשיכורט די פעלקער און זיי פאַרטעמפּט מיט די פאַלשע טעאָריעס פון

דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. דער האַר באַצייכנט אַלע טיילן
פֿון דעם טייוולס אָרגאַניזאַציע, איינשליסנדיק די העראַרכיע,
מיט דעם נאָמען „בבל". צו אַלע מענטשן, וואָס זיינען פֿון
גוטן ווילן צו גאָט און זיין מלוכה, זאָגט דער האַר: „קומט
אַרויס פֿון איר, מיין פֿאָלק, כּדי איר זאָלט ניט אָנטייל נעמען
אין אירע זינד, און כּדי איר זאָלט ניט באַקומען פֿון אירע
פּלאָגן." — אַנטפּלעקונג יח: א־ד.

קאפיטל 6

# געפאַנגענע

יהוה גאָט האָט ניט קיין תּפיסות און ער פאַרהאַפּט קיינעם ניט. צייטנווייז ווערן יהוהס עדות פאַרהאַפּט דורך דעם טייוול און זיינע משרתים, און דאַן ווערן די דאָזיקע געטרייע אָנגערופן „יהוהס געפאַנגענע”; מיינענדיק, אַז זיי זיינען זיין פאָלק. תּפיסות זיינען ערטער פון פינצטערניש און פייניקונג. טויט קאָן באמת ניט אָנגערופן ווערן אַ תּפיסה, ווייל קיינער ניט, ווען ער איז טויט, איז באַוואוסטזיניק און קען דעריבער ניט ווערן געפייניקט. תּפיסות זיינען דעם טייוולס אינסטיטוציעס. יהוה זאָגט דורך זיין נביא: „זע מיין קנעכט, וועמען איך לען אונטער, מיין אויסדערוויילטער, וועמען מיין זעל באַגערט . . . איך, יהוה, האָב דיך גערופן אין גערעכטיקייט, און איך וועל האַלטן דיין האַנט, און וועל דיך היטן, און איך וועל דיך געבן פאַר אַ בונד מיטן פאָלק, פאַר אַ ליכט פאַר די אומות; צו עפענען די בלינדע אויגן, אַרויסצופירן די געפאַנגענע פון געפענקעניש, און פון דער תּפיסה די, וואָס זיצן אין דער פינצטערניש.” — ישעיה מב: א־ז.

דער שׂטן האָט פאַרוואַנדלט די רעליגיעזע הייזער אין תּפיסות, ערטער פון פינצטערניש און צביעות, און ווו אַ סך אויפריכטיקע מענטשן האָבן געליטן גרויס פייניקונג. יהוה האָט באַפוילן זיין אויסדערוויילטן קנעכט אַרויסצופירן זיינע געפאַנגענע פון דעם שׂטנס תּפיסות.

אַ געפאַנגענער איז איינער, וואָס ווערט געהאַלטן אין איינשרענקונג פון אַן אַנדערן און איז געבונדן און באַרויבט פון זיין פולער פרייהייט. אַ באַשעפעניש אין אַזאַ צושטאַנד מוז זיין לעבעדיק, ווייל וועגן אַ טויטן קאָן מען ניט זאָגן, אַז ער איז אַ געפאַנגענער. אויב אַ מענטש איז בלינד צום אמת און אויב די דאָזיקע בלינדקייט איז פאַראורזאַכט געוואָרן פון אַן אַנדערן,

דאן איז די דאזיקע פערזאן געבונדן אין פענטעם און אומוויסנ־
קייט. אויב עמיצער איז אין פינצטערניש, און ער ווייס ניט
אויף וואסער וועג צו גיין, איז ער געצוימט אין אויסאיבן זיין
באוועגונג־פרייהייט און איז דעריבער א געפאנגענער. דער
שטן איז דער פירשט פון פינצטערניש, און דער שטן, צוזאמען
מיט זיינע פילע משרתים, וואס ער באנוצט ביי זיין רשעות־
דיקער ארבעט, האלט דעם מענטשלעכן מין אין צוים און דערי־
בער איז פינצטערניש. — קארינטער ב ד: ד־ו; עפעזער ו:
יב; קאלאסער א: יג; יוחנן א ה: יט.

די פריער־געבראכטע נבואה, געזאגט פון ישעיהן, דערשיינט
צו האבן איר אויסערגעוויינלעכע דערפילונג בעתן קומען פון
דעם האר ישוע אין הערלעכקייט און מאכט צום טעמפל צו
משפטן. דעריבער ווערט דא דערקלערט — אפילו די דאזיקע
דערקלערונג, אויב גענומען פאר זיך אליין, קאן אויסזען, אז
זי איז דאגמאטיש — , אז די געפאנגענע, וואס ווערן דערמאנט
אין דער נבואה, שליסן איין: 1.) יענע, וואס ווערן מיטגלידער
פון דעם קעניגהויז פון דעם האר, הויפטזאכלעך די, וואס
ווערן נביאיש פארגעשטעלט דורך מרדכי און נעמי, און אויך
די, וואס ווערן בילדלעך געשילדערט דורך אסתר און רות, וואס
אלע פארמירן זיי „דעם איבערבלייב"; און 2.) די יונדבס
אדער די „אנדערע שאף"־קלאס. די דאזיקע באהויפטונג ווערט
דא געמאכט, ניט כדי דאס זאל אויסזען דאגמאטיש, נאר כדי
דער, וואס שטודירט, זאל האבן אין זינען די דאזיקע קלאסן,
בעת ער אונטערזוכט די פארשיידענע פסוקים בנוגע די גע־
פאנגענע.

די, וואס זיינען אין א בונד מיט גאט, זיינען צוגעבונדן צו
אים; אבער ווען דער שונא איז געקומען קעגן זיי מיט געוואלט,
האבן זיי, זיך שרעקנדיק פארן שונא, פארפעלט צו טאן זייער
פליכט, און זיינען אריינגעפאלן אין דעם שטנס נעץ, און פאלג־
לעך האט גאט דערלויבט, אז זיי זאלן גענומען ווערן געפאנגענע.
אבער ווען זיי הייבן אן צו באגרייפן זייער געצוימטן צושטאנד
און פארוואס זיי זיינען געבונדן און אין תפיסה, און ווענדן

זיך דאָן מיט זײער גאַנצן האַרצן צו יהוה און זוכן רעטונג דורך אים, הערט יהוה זײער געװײן און ער איז זײ מציל. אין אײנקלאַנג דערמיט האָט דער נביא געשריבן: „איך בין אָרעם און צעװײטיקט; זאָל דײן הילף, אָ גאָט, מיך אױפהײבן ... די געדריקטע װעלן דאָס זען, און זיך פרײען; איר װאָס זוכט גאָט, אײער האַרץ זאָל אױפלעבן! װאָרן יהוה הערט די אָרעמע, און ער פאַראַכט ניט זײנע געפאַנגענע.״ (תהלים סט: ל־לד) עס איז קלאָר, אַז די געפאַנגענע, װאָס װערן דאָ דערמאָנט, זײנען גאָטס בונדפאָלק, און הױפטזאַכלעך דער איבערבלײב, װאָס איז געװען פאַרהאַפט פונם שׂונא צוליב זײער נאַכלעסיקײט, און װאָס זײנען דאָן פון דעם האַר באַפרײט און אײנגעזאַמלט געװאָרן צו אים, װען ער איז געקומען צו זײן טעמפּל. דאָס זײנען גאָטס אײגענע קינדער, װאָס װערן דאָ דערמאָנט, אַז זײ װערן געהאַלטן פאַרהאַפט, געבונדן, און זײנען אַזױנאָך געפאַנגענע.

דורך דער צײט פון דער װעלט־מלחמה זײנען די געטרײ איבערגעגעבענע פון גאָטס הײליקע אױף דער ערד געװען אין סכּנה פון טױט דורך דער האַנט פון דעם שׂונא. „צוליב די אױסדערװײלטע״ איז די צײט פון צרות פאַרקירצט געװאָרן, װעלכע צײט האָט זיך אָנגעהױבן אין יאָר 1914 און איז 1918 פאַרענדיקט געװאָרן דורך אָפּשטעלן די װעלט־מלחמה, כּדי די אױסדערװײלטע זאָלן קענען דינען יהוה דורך זאָגן עדות אין זײן נאָמען. (מתתיה כד: כא, כב) די געטרײע צדיקים פון גאָט אױף ערד האָבן דורך דער צײט פון דער װעלט־מלחמה געזיפצט און געטאָן תּפילה, אַז זײערע פײנטעס זאָלן אַראָפּגענומען װערן, און אױף זײ באַציט זיך דער פאָלגנדיקער פּסוק: „גאָט האָט פון הימל אַראָפּגעקוקט אױף דער ערד, צו הערן דאָס קרעכצן פון דעם געפאַנגענעם, פרײ צו מאַכן די צום טױט באַשטימטע [ראַנדבאַמערקונג: די קינדער פון טױט].״ — תּהלים קב: כ.

פאַרװאָס האָבן די דאָזיקע געקרעכצט, אַז זײערע פײנטעס זאָלן צעריסן װערן און זײ זאָלן װערן באַפרײט פון געפענקע־

ניש? זיי זיינען געווען באַרופן און אָפגעטיילט פון דער וועלט אַלס אַ „פאָלק פאַר דעם נאָמען פון יהוה", און סיי די פאַקטן און סיי די ווערטער פון דער נבואה שטימען איין, אַז זייער באַגער איז געווען צו ווערן באַפרייט, כּדי זיי זאָלן קענען דינען יהוה, ווי עס ווערט דערקלערט אין דער נבואה: „כּדי מען זאָל דערקלערן יהוהס נאָמען אין ציון, און זיין לויב אין ירושלים." — תּהלים קב: כב.

די נבואה באַשטימט דאָן די צייט, ווען דער האַר וועט זיך צוהערן צו זייערע תּפילות: „ווען דער האַר וועט אויפבויען ציון, וועט ער דערשיינען אין זיין הערלעכקייט. ער וועט זיך קערן צו דער תּפילה פון דעם עלנדן, און ניט פאַראַכטן זייער תּפילה." (תּהלים קב: יז, יח) די תּפילה פון אַזעלכע איז ניט פאַראַכט געוואָרן; נייערט בעת זיי האָבן אַזוי תּפילה געטאָן, האָט גאָט זיי געהערט: „וואָרן יהוה הערט צו די באַדערפטיקע, און פאַראַכט ניט זיינע געפאַנגענע." (תּהלים סט: לד) די דאָזיקע געפאַנגענע טוען ווייטער תּפילה מיט צוטרוי: „וואָרן גאָט וועט ראַטעווען ציון, און וועט בויען די שטעט פון יהודה; און זיי וועלן זיך דאָרטן באַזעצן, און זיי ירשענען. און דער זאָמען פון זיינע קנעכט וועט זיי אַרבן, און די, וואָס האָבן ליב זיין נאָמען, וועלן וווינען אין איר." — תּהלים סט: לו, לז.

## רעטער

יהוה גאָט האָט באַשטימט ישוע המשיחן פאַרן פירער, באַפעלער און רעטער פון זיין פאָלק. (ישעיה נה: ד) די געטרייע געזאַלבטע נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן, וואָס זיינען איצט אויף דער ערד, איז באַפוילן צו זאָגן עדות פאַר יהוהס נאָמען און דאָס צו טאָן אונטער דער פירערשאַפט פון ישוע המשיחן. זיי זיינען אַ טייל פון יהוהס קנעכט, און יהוהס קנעכט איז באַאויפטראָגט געוואָרן אַרויסצופירן די געפאַנגענע פון זייערע תּפיסות, ווי עס איז דערקלערט אין ישעיה מב: ו, ז. די אַרבעט פון באַפרייען די געפאַנגענע ווערט געטאָן בעת אַ ויכּוח אָדער קאַמף, ווען דער טייוול באַנוצט זיין גאַנצע מאַכט אָפּצוקערן

די מענטשן פון גאָט, זיי צו האַלטן אין אונטערוואַרפנקייט און לסוף צו פאַראורזאַכן זייער פאַרניכטונג. דער אמת ווערט איצט דערקלערט דורך גאָטס באַפעל, כדי די גוטוויליקע צווישן די געפאַנגענע זאָלן קענען זען דאָס ליכט און האָבן אַ געלעגנהייט צו אַנטלויפן פון דעם שטנס תּפיסות.

## דער אויפטראָג

די באַאויפטראָגונג פון דעם קנעכט איז איצט באַקאַנט געוואָרן, נעמלעך: „איך וועל דיך פאַרהיטן, און איך וועל דיך געבן פאַר אַ בונד [אַ גאַראַנטיע פאַר דער רעטונג] פון דעם פאָלק, אויפצוריכטן די ערד, אויסצוטיילן די פאַרלאָזענע נחלות.” (ישעיה מט: ח) דאָס באַציט זיך צוערשט אויפן גייסטיקן ישׂראל, און דערביי איז ישוע המשיח אַ גאַראַנטיע צו דעם איבערבלייב פון זיינע געטרייע אויף דער ערד, און שפּעטער, נעמלעך איצט, אַ גאַראַנטיע „צום פאָלק”, וואָס גייט אַרויף מיט דעם איבערבלייב צו גאָטס אָרגאַניזאַציע, דאָס מיינט צו זאָגן, די מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די „אַנדערע שאָף”, דערמאָנט פון ישוען; און צו די דאָזיקע איז דער אויסדערוויילטער קנעכט אַ גאַראַנטיע. (זע זכריה ח: כ־כג; יוחנן י: טז) די צייט איז געקומען, אַז מען זאָל מאַכן באַקאַנט גאָטס נאָמען אויף דער ערד און אַז זיינע געטרייע זאָלן זאָגן עדות פאַר זיין נאָמען. דעריבער זאָגט דער אויפטראָג: „אויפצוריכטן די ערד” אָדער „אויפצוהייבן דאָס לאַנד”. דער ערדישער צושטאַנד פון דעם איבערבלייב איז צעטראָטן געוואָרן פון די גויים אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה. (אַנטפּלעקונג יא: ב) אָבער נאָכדעם דער איבערבלייב איז באַפרייט און אויפגעריכט געוואָרן, איז ער אויפגעשטאַנען און „לייכט” צום רום פון יהוהס נאָמען. — ישעיה ס: א; נא: יז; נב: ב.

אין ישעיה מט: ו שטייט געשריבן: „דו זאָלסט... אויפריכטן די שבטים פון יעקב [דעם געטרייען איבערבלייב].” אין אַן אַנדער טייל פון דער נבואה דערקלערט יהוה „אויף די שטעט פון יהודה: זיי זאָלן אויפגעבויט ווערן און אירע חורבות וועל

איך אויפריכטן ... אויף כּורשן [מיינענדיק משיחן]: ער איז מיין פּאַסטוך, און ער וועט דורכפירן אַל מיין באַגער." (ישעיה מד: כד־כח) באַציענדיק זיך אויף דער זעלביקער זאַך, זאָגט גאָט דורך זיין נביא: „אין יענעם טאָג וועל איך אויפשטעלן [דורך מיין קנעכט ישוע המשיחן] דאָס איינגעפאַלענע ביידל פון דודן, און פאַרמויערן די בּרוכן דערפון און זיינע חורבות וועל איך אויפשטעלן, און איך וועל עס אויפבויען ווי אין די אמאָליקע טעג." (עמוס ט: יא) וואָס אַנבאַלאַנגט די מענטשן פון גוטן ווילן, דאָס הייסט די „אַנדערע שאָף", מוז דער „יסוד פון דער ערד" געגרונטפעסטיקט ווערן פון יהוה, און דאָס ווערט איצט געטאָן, ווי עס איז דערקלערט אין ישעיה נא: טז.

דער אויסדערוויילטער קנעכט איז ניט נאָר באַאויפטראָגט „אויפצוריכטן די ערד", נייערט אויך אויסצוטיילן די פאַר־לאָזענע נחלות". (ישעיה מט: ח) די דאָזיקע נבואה באַציט זיך פריער צום גייסטיקן ישׂראל, וואָס זיינען באַרויבט געוואָרן אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה, ווי דאָס ווערט באַוויזן אין פסוק יט: „דיינע חורבות און דיינע וויסטענישן, און דיין לאַנד, דאָס צעשטערטע." אָט אַזעלכע ווערן דאַן „ביימער פון גערעכטיקייט, די פלאַנצונג פון יהוה, אים [זיין נאָמען] צו פאַרהערלעכן." דאַן זאָגט דער נביא: „און זיי וועלן אויפבויען די אַלטע חורבות, זיי וועלן אויפריכטן די וויסטעניש פון פאַר־צייטן, און זיי וועלן באַנייען די צעשטערטע שטעט." (ישעיה סא: ג, ד) די דאָזיקע צעשטערונג איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה. גאָטס פאָלק, די אויסדערוויילטע זיינען צוערשט „אויפגעבויט" געוואָרן; שפּעטער איז געקומען די אַרבעט פאַר די „אַנדערע שאָף" (אָדער דעם יונדב־קלאַס), צו וועמען דער האַר ישוע האָט געזאָגט: „קומט, איר געבענ־טשטע פון מיין פאָטער, ירשנט די מלוכה, וואָס איז צוגעגרייט פאַר אייך זינט דער גרינדונג פון דער וועלט." — מתתיה כה: לד.

נאָכמער, דער אָפיציעלער אויפטראָג, וואָס יהוה האָט געגעבן זיין קנעכט, דערקלערט: „דו זאָלסט זאָגן צו די געפאַנגענע: גייט אַרויס! צו זיי, וואָס זיינען אין פינצטערניש: באַווייזט

זיך! ביי די וועגן וועלן זיי זיך פיטערן, און אויף אלע הויכע ערטער וועט זיין זייער פיטערונג." — ישעיה מט: ט.

ווער זיינען די „געפאנגענע", וואס ווערן דא דערמאנט; לויט אנדערע איבערזעצונגען „די געבונדענע"? די געפאנגענע דא זיינען ראשית די ערשטע, וואס פארמירן דעם „געטרייען און קלוגן קנעכט"־קלאס (מתתיה כד: מה), און וואס זיינען נביאיש פארויסגעשילדערט דורך מרדכי און נעמי; און אויף די רות־און אסתר־קלאס, וואס איז ארויסגעפירט געווארן פון געפענקעניש און געמאכט געווארן א טייל פון דעם איבערבלייב; און דאן די מענטשן פון גוטן ווילן, דאס הייסט צו זאגן, די „אנדערע שאף", די יהונדבים. אלע די זיינען געווען געפאנגענע אין בבל, דאס מיינט צו זאגן, אין דעם שטנס ארגאניזאציע, און יעדער קלאס אין זיין ריי ווערט אדרעסירט פון דעם אויס־דערוויילטן קנעכט, וואס זאגט זיי: „גייט ארויס", ניט בלויז פון בוכשטעבלעכע תפיסות, נייערט פון דעם שטנס ארגאני־זאציע, וואס הייסט „בבל"; און דאס ווערט געטאן קורץ פאר דער צייט פון הר־מגדון. „אנטלויפט פון בבל, און פון לאנד כשדים גייט ארויס, און זייט ווי בעק פארויס פאר די שאף." (ירמיה נ: ח) „מיין פאלק, אנטלויפט פון איר, און ראטעוועט איטלעכער זיין זעל פון יהוהס גרימצארן." (ירמיה נא: מה) — זע אויך ירמיה נא: ו; אנטפלעקונג יח: ד; קארינטער ב ו: יז, יח.

די דאזיקע זיינען געווען אין פינצטערניש; דעריבער זאגט דער אויפטראג (ישעיה מט: ט) וועגן זיי: צו זאגן „צו זיי, וואס זיינען אין פינצטערניש: באווייזט זיך!" דאס מיינט ניט, אז זיי זיינען נאקעטע געפאנגענע, געפירט פון דעם שטנס באנדע, און אז זיי זאלן זיך באווייזן אלס אזעלכע, נאר אז זיי מוזן „זיך באווייזן" דורך אויפטרעטן עפנטלעך און דורך אן עפנ־טלעכע דערקלערונג, אז זיי זיינען ניט אין איינקלאנג מיט דעם שטנס ארגאניזאציע, אז זיי האבן פארלאזן דעם שטנס געפאנ־גענע־ארגאניזאציע, אז זיי זיינען אויף דער זייט פון יהוה, און אז זיי זיינען לעבעדיקע צייגנישן פאר יהוהס נאמען; און

אַזוינאַך מוזן זיי לאָזן זייער ליכט שיינען. (עפעזער ה: ח) ווענן אַלע, וואָס טוען דאָס און האַלטן אין איין דינען אים געטריי, זאָגט יהוה: „ביי די ווענן וועלן זיי זיך פיטערן, און אויף אַלע הויכע ערטער וועט זיין זייער פיטערונג". די „הויכע ערטער" דאָ מיינען די קעניגרייך־הייכן. זיי זיצן ניט מער אין דער פינצטערניש, און זיי זיינען מער ניט הונגעריק, נאָר זיי ווערן געפירט און געשפייזט דורך יהוה און זיין גוטן פאַסטוך. אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה זיינען זייערע פאַשעס פאַרטריקנט געוואָרן; אָבער איצט זאָגט דער האר גאָט: „איך וועל עפענען שטראָמען אויף די טרוקענע הייכן."— ישעיה מא: יח.

די פון גאָטס אָרגאַניזאַציע וועלן ווערן געפירט, געטרייסט און געבענטשט פון אים און פון זיין אויסדערווילטן קנעכט: „זיי וועלן ניט הונגערן און ניט דאָרשטן; און ניט פּלאָגן וועט זיי היץ און זון; וואָרן זייער דערבאַרימער וועט זיי פירן אפילו ביי די קוואַלן וואַסער וועט ער זיי פירן." (ישעיה מט: י) די דאָזיקע ווערטער פון דער נבואה דערשיינען אויך אין אַנט־פּלעקונג ז: טז און באַציען זיך דאָרט אויף די „גרויסע מחנה"; און דאָס באַווייזט אַז די „גרויסע מחנה"־קלאַס איז אריינגע־רעכנט אין דער נבואה פון ישעיהן; און דאָס באַציט זיך ניט בלויז אויף זיי נאָר אויף אַלע, וואָס זיינען אַמאָל געווען אין געפאַנגענשאַפט אין בבל און וואָס זיינען ארויסגעפירט און געמאַכט געוואָרן פאַר מיטגלידער פון גאָטס אָרגאַניזאַציע. דאָס ווערט באַוויזן פון די ווערטער פון דער נבואה: „זע, די וועלן קומען פון דער ווייט; און די וועלן קומען פון צפן און פון מערב, און די פון לאַנד סינים.

„זינגט, איר הימלען, און פריי זיך, דו ערד, און ברעכט אויס אין געזאַנג, איר בערג: וואָרן יהוה האָט געטרייסט זיין פאָלק; און האָט רחמנות אויף זיינע אָרעמע. און ציון האָט געזאָגט: יהוה האָט מיך פאַרלאָזן, און דער האר האָט אָן מיר פאַרגעסן. קען אַ פרוי פאַרגעסן איר ברוסטקינד, אַז זי זאָל זיך ניט דערבאַרימען אויף דעם קינד פון איר לייב?

אפילו זיי זאָלן פאַרגעסן, וועל איך אָבער דיך ניט פאַרגעסן. זע, איך האָב דיך אויסגעקריצט אויף מיינע ביידע האַנטפלעכן; דיינע מויערן זיינען שטענדיק פאַר מיר. איילִיק קומען דיינע קינדער; דיינע צעשטערער און דיינע פאַרוויסטער וועלן פון דיר אַרויסגיין. הייב אויף דיינע אויגן רונד אַרום און זע! זיי אַלע פאַרזאַמלען זיך צוזאַמען און קומען צו דיר. אַזוי ווי איך לעב, זאָגט יהוה, דו וועסט זיי אַלע אָנטאָן ווי אַ צירונג, און דו וועסט זיך מיט זיי גורטן ווי אַ כּלה. וואָרן דיינע חורבות און דיינע וויסטענישן און דיין צעשטערט לאַנד, וועלן איצט אפילו זיין צו ענג פון איינוווינער, און דיינע פאַרדאַרבער וועלן זיין ווייט אַוועק.

„זאָגן וועלן נאָך די קינדער, וואָס דו וועסט האָבן, נאָכדעם ווי דו האָסט פאַרלאָרן די אַנדערע, אין דיינע אויערן: דאָס אָרט איז צו ענג פאַר מיר; גיב מיר אַן אָרט פאַר מיינטוועגן, אַז איך זאָל קאָנען וווינען. און דו וועסט זאָגן אין דיין האַרצן, ווער האָט מיר די דאָזיקע געבוירן, זעענדיק אַז איך בין געווען אָן קינדער, און איינזאַם, פאַרטריבן און פאַרוואָגלט? און די דאָזיקע, ווער האָט אויפגעצויגן? זע, איך בין דאָך איבערגע־בליבן אַליין; אָט די, פון וואַנען זיינען זיי? אַזוי האָט געזאָגט דער האַר, יהוה: זע, איך וועל אויפהייבן מיין האַנט צו די נאַציעס, און צו די פעלקער וועל איך אויפשטעלן מיין פאָן, און זיי וועלן ברענגען דיינע זין אין זייערע אָרעמס, און דיינע טעכטער וועלן אויף די אַקסלען געטראָגן ווערן. און מלכים וועלן זיין דיינע אונטערשטיצער, און זייערע שׂררהסטעס דיינע אַמען; זיי וועלן זיך בוקן צו דיר מיט זייער פּנים צו דער ערד און לעקן דעם שטויב פון דיינע פיס; און דו וועסט וויסן, אַז איך בין יהוה: די, וואָס האָפן אויף מיר, וועלן ניט פאַרשעמט ווערן.“ — ישעיה מט: יב־כג.

יהוה באַווייזט זיין חסד צו יענע אין בבל, וואָס זוכן צו געפינען גאָטס צוגעגרייטן וועג צו אַנטלויפן. נון, זינט גאָט האָט אויפגעבויט ציון, און זינט יענע, וואָס זיינען אויף יהוהס זייט, אַנערקענען און שאַצן הויך דעם אמת, אַז יהוה און ישוע

המשיח זיינען זייערע לערער און פּאַסטוכער, איז דעם „דער־ווײַלטן זקנים"־קלאַס אָדער דעם כּלי־קודש־קלאַס מער ניט דער־לויבט צו האַנדלען אַלס פירער און לערער. „וואָרן דאָס לאַנד, וואָס איז אין מיטן פון טראָן, וועט זיי שפּייזן, און וועט זיי פירן צו לעבעדיקע קוואַלן וואַסער, און גאָט וועט אָפּווישן אַלע טרערן פון זייערע אויגן." (אַנטפּלעקונג ז: יז) „ישוע האָט געענטפערט און האָט צו איר געזאָגט: אויב דו וואָלסט געקענט די מתנה פון גאָט, און ווער איז דער, וואָס האָט דיר געזאָגט: גיב מיר צו טרינקען, וואָלסט דו אים געבעטן און ער וואָלט דיר געגעבן לעבעדיק וואַסער. אָבער ווער עס וועט טרינקען פון דעם וואַסער, וואָס איך וועל אים געבן, וועט אייביק ניט דורשטיק זיין; נייערט דאָס וואַסער, וואָס איך וועל אים געבן, וועט אין אים ווערן אַ קוואַל וואַסער, וואָס קוועלט צום אייביקן לעבן." — יוחנן ד: י, יד.

גאָט האָט ציון ניט פאַרגעסן! דער נביא זאָגט: „זאָגן וועלן נאָך די קינדער [דער רות־ און אסתר־מין], וואָס דו וועסט האָבן, נאָכדעם ווי דו האָסט פאַרלוירן די אַנדערע [דעם קלאַס פון „שלעכטן קנעכט"], אין דיינע אויערן: דאָס אָרט איז צו ענג פאַר מיר; גיב מיר אַן אָרט פון מיינטוועגן, אַז איך זאָל קאָנען וווינען." (ישעיה מט: כ) דאָס באַווייזט קלאָר, אַז עס וועלן זיין אַ גרויסע מענגע „קינדער", וואָס קומען אַרויס פון בבל. אַ סך מענטשן וועלן קומען צום האַר, און געבענטשט איז דער איבערבלייב, יהוהס עדות, צו זיין באַאויפטראָגט זיי צו ברענגען די בּשׂורה פון דער מלוכה, אַז זיי זאָלן ווערן גע־קרעפטיקט. ווי נאָר די געפאַנגענע ווערן באַפרייט, מוזן זיי צושטיין צו די אַנדערע אין פּראָקלאַמירן דעם נאָמען פון יהוה, באַקאַנט מאַכנדיק זיין קעניג און זיין קעניגרייך.

## „העכערע מאַכטן"

אַ מיספאַרשטענדעניש וועגן דעם, אין וואָס עס באַשטייען „די העכערע מאַכטן", האָט פאַראורזאַכט, אַז אַ סך מענטשן זיינען געהאַלטן געוואָרן פאַרהאַפט אָדער אין דער בבלישער

געפענקעניש. עס שטייט געשריבן: „זאָל יעדער נפש זיין אונ־טערטעניק די העכערע מאַכטן; וואָרן עס איז ניטאָ קיין שום מאַכט, אויסער פון גאָט, און די מאַכטן, וואָס זיינען פאַראַן, זיינען פאַראָרדנט פון גאָט. דעריבער, ווער עס ווידערשטייט די איבערגעשטעלטע מאַכט, דער ווידערשטייט די פאַראָרדענונג פון גאָט; און די, וואָס ווידערשטיין, וועלן אויף זיך ברענגען פאַרדאַמונג. וואָרן די הערשער זיינען ניט אַ שרעקן פאַר גוטע מעשים, נייערט פאַר די שלעכטע. ווילסטו אָבער זיך ניט פאָרכטן פאַר דער העכערער מאַכט? טו דאָס גוטע, און דו וועסט פון איר לויב האָבן.״ — רוימער יג: א־ג.

די דאָזיקע אינספּירירטע ווערטער באַציען זיך ניט אויף די רעגירונגען אָדער הערשער פון די נאַציעס אויף דער ערד. דער דאָזיקער פסוק איז געווענדט „צו אַלע באַרופענע הייליקע״ (רוימער א: ז) און צו קיין שום אַנדערע, און די העכערע מאַכטן״ איבער אַזעלכע מענטשן זיינען יהוה גאָט און ישוע המשיח, דאָס הייסט, גאָט און זיין קעניגהויז אין הימל. די מאַכטן, וואָס רעגירן די איצטיקע רשעותדיקע וועלט און וועלכע זיינען באַוווּסט אַלס „צייטווייליקע מאַכטן״, זיינען ניט פאַראָרדנט געוואָרן פון גאָט. ישוע האָט דייטלעך דער־קלערט: „מיין מלוכה איז ניט פון דער דאָזיקער וועלט.״ (יוחנן יח: לו) ער האָט אויך געזאָגט, אַז דער שטן, דער טייוול, איז דער פירשט אָדער דער הערשער פון דער דאָזיקער וועלט, און אַז ישוע המשיח האָט קיין שייכות ניט מיט אים. (יוחנן יב: לא; יד: ל; קאָרינטער ב ד: ג, ד) די, וואָס זיינען איבער־געגעבן צו גאָט, וועלן געהאָרכן די געזעצן פון דער דאָזיקער וועלט, אויב די דאָזיקע געזעצן זיינען ניט אין ווידערשפּרוך מיט גאָטס געזעץ.

ישוע האָט באַפוילן, אַז זיינע נאָכפאָלגער זאָלן געבן „דעם קיסר [די צייטלעכע אָדער וועלטלעכע רעגירונגען], וואָס געהערט דעם קיסר, און גאָט, וואָס געהערט גאָט.״ (לוקאַס כ: כה) ווען גאָט באַפעלט, אַז אַ זאַך זאָל געטאָן ווערן, קען קיין שום ערדיש געזעץ דאָס ניט אַריבערגיין, ווייל גאָט איז די

העכסטע מאכט און ישוע המשיח איז זיין אויספיר־באאמטער און יהוהס „שווערד”. (דברים לב: מא) יהוה וועט מיט זיין שווערד טייטן דעם שטן און זיין ארגאניזאציע. „ווארן ער טראגט ניט די שווערד אומזיסט; ווארן ער [ישוע המשיח] איז א דינער פון גאט, א נקמה־נעמער צו באשטראפן דעם, וואס טוט שלעכטס.” (רוימער יג: ד) איטלעך געזעץ פון די רעגירונגען פון דער דאאיקער וועלט, וואס איז א גערעכט געזעץ, זאל געהארכט ווערן; אבער אלע געזעצן, וואס זיינען קעגן גאטס געזעץ, זיינען פאלש און טארן ניט געהארכט ווערן פון די נאכפאלגער פון ישוע המשיחן.

דאס פאלגנדיקע איז א ביישפיל: דאס געזעץ פון לאנד זאגט, אז מען מוז האבן א פאטענט אדער א דערלויבניש צו פארן אן אויטאמאביל אויף א פארוועג. דאס איז ניט אין ווידערשפרוך מיט גאטס געזעץ. דאס איז א גערעכט געזעץ און דארף ווערן אויסגעפאלגט מיט גרייטקייט פון אלעמען. אויב אבער דער שטאט אדער די ציטווייליקע מאכט זאגט: „מען טאר ניט פריידיקן די בשורה פון הויז צו הויז, סיידן מען קריגט פריער א פאטענט פון דער פאליציי דאס צו טאן”, איז אזא געזעץ קעגן גאטס געזעץ און קען ניט ווערן אויסגעפאלגט. גאט באפעלט אויסדריקלעך, אז אלע, וואס האבן גענומען אויף זיך א נדר צו טאן זיין ווילן, זאלן פריידיקן די בשורה פון זיין מלוכה צו אנדערע, און ישוע המשיח האט דעם דאזיקן באפעל זיינע נאכפאלגער נאך אמאל אויסדריקלעך באטאנט. (ישעיה מב: י־יב; מתתיה כד: יד; י: ה־י) גאט און ישוע המשיח זיינען „די העכערע מאכטן”. און יענע, וואס פאלגן ניט דעם האר, וועלן אומקומען. (אפאסטאלן־געשיכטע ג: כב, כג) צוליב דער דאזיקער סיבה, בשעת די שלוחים זיינען ארעסטירט געווארן פאר פריידיקן די בשורה־טובה, האבן זיי געזאגט צו די באאמטע פון די ציטווייליקע רעגירונגען: „מיר דארפן אויספאלגן גאט מער איידער מענטשן.” (אפאסטאלן־געשיכטע ה: כט; ד: יג־יט) דורך דעם, וואס מען באקומט א דערלויב־ניש־שיין פאר אן אויטאמאביל, גיט מען אפ דעם קיסר (דער

צייטלעכער רעגירונג) א זאך, וואס איז דעם קיסרס; און דורך פריידיקן די בשורה פון גאטס מלוכה דורך גיין פון הויז צו הויז, גיט מען אפּ גאט דאס, וואס געהערט גאט; און קיין שום ערדישע מאכט קאן ניט גערעכטערהייט אייך שטערן דאס צו טאן.

ווייל מענטשן האבן פאלש פארשטאנען, אז די „העכערע מאכטן" זיינען די שטאט־באאמטע, זיינען זיי אפּגעהאלטן גע־ווארן דורך מורא פון מוטיק דערקלערן די בשורה פון דעם קעניגרייך. דער שטן, „דער גאט פון דער דאזיקער וועלט", האט אזוי פאראורזאכט, אז מענטשן זאלן זיך שרעקן פאר די צייטלעכע מאכטן און צוליב דער דאזיקער סיבה זיך אפּהאלטן פון געהארכן גאט. די, וואס ליבן גאט, וועלן זיך באפרייען פון אזא אפּהאלט און וועלן מיט פרייד געהארכן דעם האר. — רוימער יג: ה.

אין משך פון די לעצטע עטלעכע יאר איז די בשורה בנוגע גאט און זיין מלוכה אונטער משיחן ווייט און בריט באקאנט־געמאכט געווארן, און א סך מענטשן פון גוטן ווילן האבן געהערט די דאזיקע בשורה. דאך, ווייל א סך אזעלכע מענטשן האבן געגלייבט, אז די „העכערע מאכטן" זיינען די פּאליטישע רעגירער, האבן אזעלכע מענטשן פון גוטן ווילן מורא געהאט צו דערצערנען די דאזיקע באאמטע און האבן זיך דורך דעם צוריקגעהאלטן פון באקאנט מאכן דעם אמת צו אנדערע. זיי זעען, ווי א סך רשעותדיקע זאכן ווערן באגאנגען דורך די באאמטע פון די קירך־ארגאניזאציעס און פון דעם שטאט, און זיי זיפצן און וויינען צוליב אזעלכע אומווירדיקייטן. גאט באפעלט, אז זיין בשורה פון אמת מוז איצט געבראכט ווערן צו די דאזיקע מענטשן פון גוטן ווילן, כדי זיי זאלן קאנען דערלערנען און פארשטיין דעם אמת, אנטלויפן פון דער קנעכט־שאפט פון דעם שטנס ארגאניזאציע און נעמען שטעלונג אויף דער זייט פון גאט און זיין מלוכה. דאס איז די איינציקע האפענונג פאר די מענטשן. — מתתיה יב: יח־כא.

מענטשן האָבן אָרגאַניזירט פאַרשיידענע פעלקערשאַפטן צו נאַציעס, און ביידע, סיי די רעגירער און סיי די רעגירטע, אין זייער אומוויסן וועגן גאָטס וואָרט, זיינען געפאַלן קרבנות פון דעם שׂטנס באַטרוג און זיינען געהאַלטן געוואָרן אין דעם שׂטנס תּפיסות. ווי די הייליקע שריפט און זעבאַרע פאַקטן באַווייזן קלאָר, איז איצט געקומען די צייט, אַז די מענטשן זאָלן ווערן אויפגעקלערט פון דעם האַר, כּדי זיי זאָלן זיין אימ־שטאַנד צו זען, ווי גאָט האָט געעפנט די תּפיסה־טירן, און אַז אַלע, וואָס זיינען פון גוטן ווילן צו אים, זאָלן קאָנען אַנטלויפן פון אַזאַ פאַרהאַפטונג און פליען צו דעם איינציקן אָרט פון אַנטרינונג, דאָס הייסט, צו גאָטס אָרגאַניזאַציע. אייך ווערט איצט געגעבן ווערן אַן איינבליק אין אַ גיגאַנטישער אָרגאַני־זאַציע, וואָס דער שׂטן האָט במשך יאָרהונדערטער באַטריבן, טאַקע דערפאַר צו האַלטן די מענטשן אין פינצטערניש. לאַנג צוריק איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסע פראָפעטישע דראַמע דורך אַן אַלט פאָלק, ווי אַזוי די מענטשן פון גוטן ווילן פון דער איצטיקער צייט זיינען געבונדן און פאַרהאַפט, געבראַכט אין פינצטערניש, אָרעמקייט און פאַרצווייפלונג, און דאַן ווי אַזוי גאָט עפנט דעם וועג און ברענגט ליכט צו אַלע אַזעלכע מענטשן פון גוטן ווילן, כּדי זיי זאָלן קאָנען פריידיק גיין אויף דעם וועג, וואָס פירט צו גרענעצלאָזן רייכטום.

קאפיטל 7

# פלשתים

יהוה האט ארויסגעפירט אברהמען פון זיין געבורטלאנד און האט אים געבראכט אין א פרעמד לאנד, וואס ער האט צוגעזאגט אברהמען. (בראשית יב: א־ז) דאס איז געווען דאס לאנד כנען. דארטן איז יצחק געבארן געווארן צו אברהמען און שרהן, און שפעטער האבן אברהם, שרה, יצחק און זייערע קינדער געשפילט האלן אין דער גרויסער נביאישער דראמע, וואס דעקט א צייטאפשניט פון יארן, און דורך וועלכער עס איז געשילדערט געווארן די אנטוויקלונג פון גאטס מלוכה. יארן שפעטער זיינען אברהמס קינדער געווען אין מצרים, און יהוה, דורך דער האנט פון משהן און יהושוען, האט זיי ארויסגעפירט, און זיי האבן געוואנדערט צום לאנד כנען, וואס גאט האט צוגעזאגט אברהמען. אברהמס קינדער זיינען געווען גאטס אויסדערוויילט פאלק און זיי האבן מיט זיך סימבאליזירט די, וואס זיינען אין דער איצטיקער צייט אויף דער זייט פון יהוה און משיחן. ווען די ישראלים, די קינדער פון אברהמען, האבן דערגרייכט דאס צוגעזאגטע לאנד, האבן זיי געפונען די פלשתים דארט וווינען, וואס האבן געהאט אויפגעבויט זייערע פעסטונגען ביים ברעג פון דעם מיטללענדישן ים. די פלשתים האבן זייער שטארק באדריקט די יידן, און אין דער געהעריקער צייט האט גאט זיי אומגעבראכט. לאנג נאך דער פארניכטונג פון דער פלשתים־נאציע האט יהוה גורם געווען, אז זיין נאביא זאל אנשרייבן די פאלגנדיקע נבואה: „ווי צו די איינוווינער פון דעם ים־ברעג, דער נאציע פון כרתים! דאס ווארט פון יהוה איז קעגן אייך, א כנען, דו לאנד פון די פלשתים! און איך וועל דיך אומברענגען, אז דארט זאלן ניט בלייבן קיין שום איינוווינער.” — צפניה ב: ה.

יהוה האט געוווסט דעם סוף פון אנהייב אן, ווי עס שטייט

געשריבן: „גאָט זיינען באַוווּסט אַלע זיינע מעשׂים, פֿון דעם אָנהייב פֿון דער וועלט.” (אַפּאָסטאָלן־געשיכטע טו: יח) ווייסנדיק, אַז דער שׂטן וועט אויפֿבויען אַ מעכטיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט פֿאַרלוימדן יהוהס נאָמען און באַגיין גוואַלטטאַטן קעגן די, וואָס זיינען געטריי איבערגעגעבן גאָט, האָט דער האַר דאָס פֿאָרויסגעזאָגט אין אַ סימבאָלישער שפּראַך, וואָס האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטאַנען ווערן פֿון מענטשן ביז גאָטס געהעריקע צייט צו מאַכן דאָס קלאָר. די דאָזיקע צייט איז איצט אָנגעקומען. קיין וואָרט ווערט דאָ ניט געשריבן מיטן ציל צו באַליידיקן אָדער אָפּצושפּעטן פֿון מענטשן צוליב זייער רעליגיע אָדער צוליב וועלכע ניט איז אַנדערע סיבות. דער איינציקער ציל איז צו ציען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון מענטשן צו דעם אמת פֿון גאָטס וואָרט, כּדי די, וואָס באַגערן צו ווערן אויפֿגעקלערט, זאָלן האָבן די דאָזיקע ברכה. עס זיינען פֿאַראַן אויף דער ערד מיליאָנען ענרסטע מענטשן, וואָס ווערן באַצייכנט אַלס „די קאַטוילישע באַפֿעלקערונג” און וואָס זיינען באַרעכטיקט צו זייערע מיינונגען. יענע מענטשן זיינען לחלוטין ניט פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די פֿאַלשע טעאָריעס וואָס ווערן פֿאַרשפּרייט דורך דער קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע, באַוווּסט אַלס „די הערארכיע”. עס זיינען פֿאַראַן מיליאָנען ערנסטע מענטשן, וואָס האָבן אַנדערע רעליגיעזע מיינונגען; אָבער וואָס זיינען ניט פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער אַנטשיידונג אָדער פֿאַרן לערנען פֿון אַזעלכע מיינונגען. אַלע ערנסטע מענטשן באַגערן דעם אמת, וואָס וועט זיי מאַכן פֿריי און וועט זיי פֿירן אויפֿן ריכטיקן וועג. דער אמת קאָן געפֿונען ווערן אין גאָטס וואָרט, און ניט אין קיין אַנדער פּלאַץ, וואָס איז קעגן גאָטס וואָרט. ישוע המשיח, דער גרויסער נביא, צעבּרעכט די תּפֿיסה־גראַטעס, עפֿנט די בלינדע אויגן, און פֿירט אַריין די מענטשן פֿון גוטן ווילן אין דעם הערלעכן ליכט.

עס איז קלאָר, אַז יהוה האָט פֿאַראורזאַכט די פֿריער־אָנגעוויזענע נבואה פֿון צפֿניהן, כּדי פֿאָרויסצוזאָגן וועגן אַ גרויסער און צעשטערנדיקער אַרבעט, וואָס דאַרף געטאָן ווערן דורך

זיין האַנט צום סוף פון דעם שטנס וועלט, ווען גאָטס קעניג
האָט זיך געזעצט אויף דער כסא המלוכה און איז געקומען
אין טעמפּל צו משפּטן. ווען די דאָזיקע ווונדערבאַרע טואונג
וועט ווערן דורכגעפירט, וועט זיי זיין אַ רעכטפאַרטיקונג פון
יהוס נאָמען. די באַשעפעניש, קענן ווען דאָס דאָזיקע דער־
שטווינענדיקע ווערק וועט געטאָן ווערן, זיינען גאָטס שונאים,
וואָס זיינען די, וואָס האָבן אַזוי געשענדט דעם נאָמען פון
דעם אַלהעכסטן. זיי זיינען שונאים, וואָס האָבן באַוווסטזיניק
געטאָן שלעכטס, כדי צו באַפרידיקן אַן עגאָיסטישן באַגער,
און זיי ווערן דעריבער באַצייכנט אין גאָטס וואָרט אַלס
„רשעים": „די רשעים וועלן אומקומען, און די שונאים פון
דעם האר וועלן זיין ווי דאָס פעטס פון די לעמער; זיי וועלן
פאַרגיין, ווי רויך וועלן זיי פאַרשווינדן." (תהלים לז: כ) דאָס
זיינען די שונאים, וואָס האָבן גרויזאַם פאַרפאָלגט גאָטס גע־
זאַלבט פאָלק, ווייל די דאָזיקע געזאַלבטע דערציילן דעם אמת
וועגן גאָט און זיין מלוכה. עס שיינט, אַז איצט איז די געהעריקע
צייט פאַר די, וואָס האָבן ליב און דינען יהוה, צו באַקומען
פון זיין גנעדיקער האַנט אַ קלאָרע דערקענטניש בנוגע דער
פאַרניכטונג פון די שונאים, וואָס פאַרפאָלגן זיי איצט. די דאָ־
זיקע זאַך איז איצט פון אַן אייגציקאַרטיקן אינטערעס צו דעם
איבערבלייב, און די דערקענטניש דערפון וועט אים ברענגען
טרייסט און פאַרמערן זיין האָפענונג. (רוימער טו: ד) „גאָט
וועט מיך לאָזן זען מיין באַגער איבער מיינע שונאים", איז
אַ זיכערער צוזאָג צו דעם געזאַלבטן איבערבלייב. (תהלים
נט: יא) „מיינע אויגן וועלן זען מיין באַגער איבער מיינע
שונאים; און מיינע אויערן וועלן הערן מיין באַגער איבער די
רשעים, וואָס שטעלן זיך קעגן מיר. דער גערעכטער וועט בליען
ווי דער פאַלמענבוים, ער וועט וואַקסן ווי אַ צעדער אין
לבנון." — תהלים צב: יב, יג.

דער באַגער פון גאָטס געטרייע מענטשן איז, צו זען יהוהס
שונאים פולשטענדיק פאַרניכט אין דער רעכטפאַרטיקונג פון
זיין נאָמען. די פאָלגנדיקע ווערטער, וואָס זיינען פאַרצייכנט

אין דער הייליקער שריפֿט, באַציען זיך נביאיש אויף דער איצטיקער צייט: „פֿון אַלע צרות האָט ער מיך מציל געווען, און מיין אויג האָט געזען זיין באַגער איבער מיינע פֿיינט.” (תּהלים נד: ט) ווידער זאָגט גאָטס נביא: „אָבער גאָט וועט צעשמעטערן דעם קאָפּ פֿון זיינע שׂונאים, און דעם האָריקן שאַרבן פֿון דעם, וואָס גייט אין זיינע זינד.” (תּהלים סח: כב) די ווערטער „דער האָריקער שאַרבן” שיינען דאָ צו שילדערן דעם מין שׂונאים, וואָס האָבן היפּאָקריטיש באַהויפּט צו טאָן גאָטס ווילן, וואָס זיינען אָבער אין אַלע צייטן געווען די פֿאַר־טרעטער פֿון דעם טייוול. די דאָזיקע פֿיינט וועלן לעקן דעם שטויב.” — תּהלים עב: ט.

## וועלכע שׂונאים?

די פּלשתּים, האַנדלענדיק אין צוזאַמענהאַנג מיט די ישׂראלים, האָבן פֿאָרויסגעוויזן גרעסערע זאַכן, וואָס דאַרפֿן געשען ביים סוף פֿון שׂטנס וועלט, און דאָס ווערט ענדגילטיק באַוויזן דורך די אינספּירירטע ווערטער: „אַלע די דאָזיקע זאַכן האָבן זיך צו זיי געטראָפֿן אַלס פֿאָרבילדער, און זיי זיינען פֿאַר אַ דער־מאָנונג צו אונדז געשריבן, איבער וועמען דער סוף פֿון דער וועלט איז געקומען.” (קאָרינטער א י: יא) די פּלשתּים זיינען דעריבער געווען אַ נביאיש פֿאָלק, פֿאָרויסזאָגנדיק באַזונדערע שׂונאים פֿון גאָט, וואָס וועלן זיין טעטיק נאָך דעם קומען פֿון דעם האַר צום טעמפּל, און אַז זיי וועלן הויפּטזאַכלעך זיין פֿאַרנומען מיט פֿאַרפֿאָלגן די, וואָס דינען יהוה. דוד איז געווען געזאַלבט און איז געוואָרן דער קעניג פֿון גאַנץ ישׂראל; און אַבנר, וואָס האָט פֿאַרטראָטן די צפֿונדיקע שבטים און וואָס האָט אָפּנבאַר דורכגעפֿירט דעם האַרס אָנווייזונגען צו ברענגען אַלע ישׂראלים אונטער דודן, האָט אונטער דער ליטונג פֿון דעם האַר אַזוי ווי פֿאָלגט געשפּראָכן:

„און אַבנער האָט געהאַט אַ גערייד מיט די עלטסטע פֿון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן: איר האָט נאָך פֿריער באַגערט דודן פֿאַר אַ מלך איבער אייך; טוט עס איצט; וואָרן יהוה האָט געזאָגט

אויף דודן, אזוי צו זאָגן: דורך דער האַנט פון דוד, מיין קנעכט, וועל איך ראַטעווען מיין פאָלק ישׂראל פון דער האַנט פון די פּלשתּים, און פון דער האַנט פון אַלע זייערע שׂונאים.״ (שמואל ב ג: יז, יח) די דאָזיקע נבואה באַווייזט קלאָר, אַז די פּלשתּים האָבן נביאיש פאָרויסגעוויזן געוויסע שׂונאים, קעגן וועמען גאָט וועט אַנטשיידן און קרעפטיק האַנדלען ביים סוף פון דער וועלט. דוד, דער קעניג, איז געווען אַ נביאיש פאָרבילד פון ישוע המשיחן, יהוהס באַליבטן זון, וועלכער איז איצט אויף זיין טראָן און אין גאָטס טעמפּל צו משפּטן. טאָ ווער זיינען די היינטיקע פּלשתּים, די באַזונדערע שׂונאים פון גאָט און פון זיין געזאַלבטן?

דער ענטפער אין קורצן איז, אַז די פּלשתּים שילדערן מיט זיך אָדער זאָגן פאָרויס די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע. דאָס, פאַרשטייט זיך, שליסט איין אַלע, וואָס גיבן הילף און שטיצן באַוווּסטזיניק די קירכן־רעגירונג אין דער זינדיקער אַרבעט פון דער דאָזיקער רשעותדיקער אָרגאַניזאַציע. ביי דער איצטיקער צייט איז נויטיק דאָ אריינצורעכענען כּמעט דעם גאַנצן אָפיציעלן טייל פון די רעליגיע־אָרגאַניזאַציעס פון דער אַזוי־גערופענער „קריסטנשאַפט״. עס זיינען פאַראַן דריי באַזונדערע און פאַרשיידענע עלעמענטן אין דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, נעמלעך, דער רעליגיעזער, דער קאָמערציעלער און דער פּאָליטישער, און די דאָזיקע דריי עלעמענטן זיינען געשילדערט געוואָרן דורך די דריי פעלקער פון מואָב, עמון און הר שׂעיר. (דברי הימים ב כ: א, כב, כג) די פּלשתּים הויפּטזאַכלעך טרעטן אַרויס אַלס דער רעליגיעזער עלעמענט פון דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, און דאָס איז די פירנדיקע מאַכטגרופּע אין פאַרפאָלגן גאָטס פאָלק, ווייל דער דאָזיקער רעליגיעזער עלעמענט באַהויפּטעט, אַז ער דינט גאָט, און טוט עס ניט, זיינען זיי היפּאָקריטן און אָפּשיילעך אין יהוהס אויגן.

די נביאישע דראַמע, אין וועלכער שמשון האָט געשפּילט די וויכטיקסטע ראָל, באַטאָנט ווי נויטוועדיק און וויכטיק עס איז, אַז גאָטס געזאַלבטע זאָלן זיין פולשטענדיק געטריי

צו גאָט, אַפילו ביזן טויט אַריין. דער הויפּטפּונקט, וואָס דאַרף דאָ באַטראַכט ווערן, איז בנוגע די פּלשתּים און דער פאַרפאָל־גונג פון די גאָט־געזאַלבטע דורך די היינטיקע פּלשתּים, און אויך מכּוח גאָטס האַנדלונג, וואָס דאַרף געטאָן און פאַרענדיקט ווערן בנוגע די זעלביקע. די פאָלגנדיקע פאַקטן דאַרפן דעריבער אויפמערקזאַם באַטראַכט ווערן פון אַלע, וואָס ליבן גאָט, כּדי זיי זאָלן זיין מוטיק און פאַרגרעסערן זייער האָפענונג.

די פּלשתּים זיינען געווען די קינדער פון חם, דורך מצרים. (בראשית י: ו, יג, יד; עמוס ט: ז) זיי זיינען געווען דינער פון דעם טייוול, זייערע געצן זיינען געווען דער פיש־גאָט דגון און בעל־זבוב. (שופטים טז: כג; שמואל א לא: ח־י; מלכים ב א: ב, ג) גאָט האָט פאַרדאַמט די פּלשתּים אין זיין וואָרט אַלס „וואָרזאָגער", וואָס מיינט, אַז זיי זיינען געווען טייוול־דינער און זיי האָבן באַטריבן די טייוול־רעליגיע. (ישעיה ב: ו) די פּלשתּים זיינען געקומען פון מצרים, וואָס איז אַ מוסטער פון דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן אַריינגעוואַנדערט און איינגענומען אַ טייל פון פאַלעסטינע, ביים ברעג פון ים הגדול, דעם לאַנד־באַצירק, וואָס גאָט האָט באַשטימט פאַר דעם שבט יהודה. די פּלשתּים זיינען אַלעמאָל געווען די פיינט און ביי־זוויליקע באַדריקער פון גאָטס אויסדערוויילט פאָלק. זיי האָבן דעריבער בילדלעך פאַרגעשטעלט אַ מין מענטשן, וואָס מאַכן אָן אָנשטעל, אַז זיי זיינען אַרויסגעטראָטן, אָדער אַז זיי האָבן פאַרלאָזן דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, און וואָס מאַכן אָן אָנשטעל, אַז זיי דינען גאָט, אָבער פאַקטיש דינען דעם טייוול.

די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע איז די אָפיציעלע קירכן־רעגירונג, וואָס קאָנטראָלירט און באַהערשט די רעליגיע פון דער אַזוי־גערופענער „קריסטנשאַפט". דאָס, וואָס האָט אין אַ צייט פריער געהייסן „פּראָטעסטאַנטיזם", איז איצט טויט, און די אַזוי־גערופענע „פּראָטעסטאַנטן" זיינען באַהערשט און קאָנטראָלירט פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע. פּראָ־טעסטאַנטיזם עקזיסטירט בלויז אין נאָמען, אָבער ניט אין ווירקלעכקייט. די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע ווערט דעפי־

נירט אין איר אייגענער ליטעראַטור ווי פאָלגט: „די קאַטוילישע העראַרכיע, אָדער די רעגירנדיקע קערפּערשאַפט פון דער קאַ־טוילישער קירך, באַשטייט פון זיין הייליקייט, דעם העכסטן פּריסטער [דעם פּויפּסט], באַגלייט פון דער הייליקער קאָלעגיע פון קאַרדינאַלן און פון עטלעכע אַנדערע הייליקע קאָלעגיעס אָדער שטענדיקע גייסטלעכע קאָמיטעטן, פון וועלכע די הויפּט־מיטגלידער זיינען די קאַרדינאַלן; פון די פּאַטריאַרכן, ערצבי־שאָפן און בישאָפן; פון די אַפּאָסטאָלישע נונציאָס און דעלע־גאַטן, וויקאַרן און פּרעפעקטן, און פון געוויסע קלויסטער־אויפזעער און אַנדערע פּרעלאַטן." (זע דאָס אָפיציעלע קאַטוי־לישע פאַרצייכעניש־בוך פון 1935.)

די רוימיש־קאַטוילישע העראַרכיע קאָנטראָלירט דורך אָפשיי־לעכע מיטלען די געדאַנקען און האַנדלונגען פון מיליאָנען מענטשן פון גוטן ווילן, וועלכע זיינען אומוויסנדיק מכּוח דעם אמת. דורך דעם, וואָס זיי האַלטן די מענטשן אין אומוויסנקייט, האָט די רוימיש־קאַטוילישע פּריסטער־העראַרכיע זיי אָפּגענאַרט. איצט איז געקומען די צייט פאַר די דאָזיקע מענטשן פון גוטן ווילן זיך צו באַפרייען פון דעם פאַלשן איינפלוס פון דער גייסטלעכקייט, און דאָס איז אָן שום צווייפל די סיבה, פאַרוואָס יהוה וועט איצט לאָזן וויסן אַלעמען, וואָס האָבן ליב גאָט, דעם אמת בנוגע זיין באַשלוס אין שייכות מיט דער רוימיש־קאַטוילישער העראַרכיע.

יהוהס בונה, וואָס ער האָט אויסגעפירט פון אָנהייב אָן, איז אויפצושטעלן אַ רעגירונג אָדער מלוכה אונטער ישוע המשיחן, וואָס זאָל רעגירן די וועלט אין גערעכטיקייט. ביז וואַנען יענע מלוכה וועט אויפגעשטעלט ווערן און וועט פולשטענדיקווירקן אויף דער ערד, איז דער שׂטן דער אומזעבאַרער הערשער אָדער „גאָט" פון די נאַציעס אויף דער ערד. צוליב דער דאָזי־קער סיבה האָט ישוע געזאָגט: „מיין קעניגרייך איז ניט פון דער דאָאיקער וועלט." — יוחנן יח: לו.

ישוע האָט געשאַפן אַ תקנה, אַז אַלע זיינע אמתע נאָכפאָלגער מוזן זיך אָפּטיילן פון דער וועלט. ווייל ישוע דערווײלט און

נעמט ארויס פון דער וועלט די, וואס ווערן זיינע אמתע נאכפאלגער און זיינען אים איבערגעגעבן, זיינען אזעלכע, וואס זיינען אזוינאך ארויסגענומען געווארן, די קרבנות פון פארפאלגונג דורך דעם שטן און דורך זיין זעבארן זאמען אויף דער ערד. (יוחנן טו: יח־כ) די אמתע נאכפאלגער פון ישוע המשיחן זיינען בילדלעך פארטראטן דורך דעם שבט יהודה, ווארן יהודה שטעלט מיט זיך פאר די, וואס דינען און לויבן יהוה גאט. מצרים, שילדערט אין דער ביבל, דעם שטנס ארגאניזאציע אדער די רשעותדיקע וועלט, וועלכע די אמתע נאכפאלגער פון ישוע המשיחן מוזן פארלאזן, און דאס טוען זיי.

אנדערע באהויפטן, אז זיי האבן פארלאזן די דאאיקע וועלט, און אז זיי זיינען נאכפאלגער פון ישוע המשיחן; אבער די אומבאשטרייטבארע פאקטן באווייזן, אז פילע פון זיי זיינען נאך אלץ א טייל פון דעם שטנס וועלט. די רוימיש־קאטוילישע ארגאניזאציע באהויפט, אז זי האט פארלאזן די דאאיקע וועלט און מאכט אזא אנשטעל פאר די מענטשן און באהויפט, אז זי פארטרעט גאט און משיחן; אבער די אומבאשטרייטבארע פאקטן באווייזן, אז אזעלכע באהויפטונגען זיינען פאלש און אז די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע איז א באשטאנדטייל פון דעם שטנס וועלט. דער פאקטישער הויפט פון דער רוימיש־קאטוילישער הערארכיע איז דער פויפסט, און די באהויפטונג איז, אז דער ערשטער פויפסט איז געווען דער שליח פעטרוס, און אז אלע אנדערע אזוי־גערופענע „פויפסטן" זיינען די יורשים פון פעטרוסן, וועלכע באהויפטונגען זיינען אבסאלוט אן א ברעקל אמת און ווערן דירעקט ווידערשפראכן דורך די הייליקע שריפט און דורך אלע היסטארישע פאקטן. דער שליח פעטרוס איז געווען אן אמתער און געטרייער נאכפאלגער פון ישוע המשיחן, און ער האט זיך געהאלטן גאנץ און פולשטענדיק אפגעזונדערט פון דער וועלט; בעת יעדער פויפסט פון דער רוימיש־קאטוילישער קירכן־רעגירונג האט געפאדערט וועלטלעכע מאכט, האט אויסגעאיבט אזא מאכט, ווען נאר מעגלעך, און האט אנטייל גענומען אין די פינאנציעלע און פאליטישע

ענינים פון דער דאָאיקער וועלט. דער שליח פּעטרוס האָט ניט געהאַט קיין שום יורשים, און דעריבער איז עס געווען אוממעגלעך פאַר וועלכן ניט איז מענטשן צו פאַרנעמען ווען ניט איז זיין פּלאַץ. ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין פּויפּסט.

דער קורצער באַריכט פון פאַקטן וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע איז דאָס: דער שׂטן, נאָכפאָלגנדיק זיין פאָרויסבאַשטימטן מעטאָד פון פעלשונג און באַטרוג, כּדי אָפּצונאַרן מענטשן פון גאָט און משיחן, האָט זיך פאַרנומען אויפצובויען אַ רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע, האָט איר אַ נאָמען געגעבן „קריסטנשאַפט”, און נוצט זי מיטן צוועק אָפּצונאַרן מענטשן און צו פאַרלוימדן יהוה. נאָך דעם טויט פון די צוועלף שלוחים פון ישוע המשיחן, האָט דער שׂטן בגנבה און פּאַמעלעך אויפגעבויט אַן אָרגאַניזאַציע אָדער רעליגיע־סיסטעם, וואָס איז זינט דאַן באַוווּסט געווען אַלס „קריסטלעך”. יעדע קירך אָדער אָרטיקע אָפּטיילונג פון דער אָרגאַניזאַציע, האָט פון אָנהייב און שפּעטער־צו געהאַט איר בּישאָף; אָבער אין דער צייט, ווען דער ערשטער פּויפּסט איז געווען דערוויילט און אַריינגעפירט אין אַמט אַלס פּויפּסט דורך דער הערארכיע, זיינען געווען אומגעפער 1 800 בישאָפן, וואָס האָבן געדינט אין פאַרשיידענע טיילן פון דער קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע. דער בּישאָף פון דער אָרגאַניזאַציע אין רוים איז דעמאָלט דער־וויילט געוואָרן אַלס דער ערשטער פּויפּסט. זאָגט אַ גוט־באַקאַנ־טער אויטאָריטעט: „פּויפּסט איז איצט אַ גייסטלעכער טיטל, וואָס ווערט איצט געבּרויכט אויסשליסלעך צו באַצייכענען דעם הויפּט פון דער רוימיש־קאַטוילישער קירך. אין דעם פערטן און פינפטן יאָרהונדערט איז דער טיטל געבּרויכט געוואָרן אין מערב פאַר יעדן בישאָף; אָבער פּאַמעלעך איז ער געבּרויכט געוואָרן בלויז פאַר דעם בישאָף פון רוים און איז אַזוי־אַרום געוואָרן זיין אָפיציעלער טיטל.” — בריטאַנישע ענציקלאָפּעדיע, באַנד 22, זייט 81.

אויב עס וואָלטן נויטיק געווען נאָך אַנדערע באַווייזן צו פאַרניינען די באַהויפּטונג, אַז דער פּויפּסט איז געווען אַ יורש

פון דעם שליח פעטרוס, וואָלטן די אויבן־געבראַכטע היסטאָ־
רישע פאַקטן געוועז גענוג פאַר דעם צוועק. העכער פון 300
יאָר נאָכן טויט פון דעם שליח פעטרוס איז ניט געווען קיין
פויפּסט; אָבער עס זיינען געווען אַ סך מענטשן אין דער קאַ־
טוילישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן געהייסן „בישאָפן”. מיט
וואָס פאַראַן אויטאָריטעט קען וועלכע ניט איז קערפּערשאַפט
פון מענטשן באַשטימען, אַז דער בישאָף פון רוים זאָל זיין
דער יורש אין אמט פון דעם שליח פעטרוסן? ווער קאָן מיט
אויטאָריטעט באַשטימען, וועלכער פון די 1 800, וואָס האָבן
זיך אַליין טיטולירט „בישאָפן”, איז געווען דער יורש נאָך
פעטרוסן, אויב עס וואָלט אַפילו געווען מעגלעך, אַז פעטרוס
זאָל יאָ האָבן אַ יורש? כל־זמן דער שליח פעטרוס איז קיינ־
מאָל ניט געווען קיין פויפּסט און האָט קיינמאָל ניט געהאַט
קיין יורש, איז קלאָר, אַז די באַהויפּטונג פון דעם פויפּסטטום
איז אינגאַנצן פאַלש. אַזאַ באַהויפּטונג איז אַן אַבסורד און
אָן דעם מינדסטן באַווייז, זי צו אונטערשטיצן. זינט יענער
צייט, ווען די רוימיש־קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע האָט אונטער־
גענומען דעם פויפּסטגעשעפט, און האָט אָנגעהויבן צו האָבן
פויפּסטן, ווערט פון צייט צו צייט אָפן אַ פּאָסטן, און אַזאַ
וואַקאַנס פאַר דעם דאָזיקן אמט ווערט אויסגעפירט דורך דער
אָפּשטימונג פון דער קאָלעגיע קאַרדינאַלן, און מיט זייערע
שטימען דערוויילן זיי אין אמט איינעם פון זייער אייגענער
צאָל. מענטשן, אָן שום אויטאָריטעט פון גאָט אָדער ישוע
המשיחן, האָבן פאָרמירט און ביז היינט באַטרייבן די רוימיש־
קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע. דער פאָטער פון דער דאָזיקער סיס־
טעם איז דער שׂטן, דער טייוול. זי איז די פרוכט פון דעם
טייוולס דערפאָלגרייכן פּאָרטל מענטשן צו באַטריגן און גאָט
צו לעסטערן, און דורך דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז עס
דעם טייוול געלונגען צו פאַרבלענדן די אויגן פון מיליאָנען
ערלעכע מענטשן, וואָס זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו דער רוי־
מיש־קאַטוילישער רעליגיע, און וועלכע מען האָט צוגערעדט
צו גלייבן, אַז די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז אַ דינערין פון

קריסטוסן, בעת די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע דינט און אונטער־שטיצט פּאַקטיש דעם טייוול. גוטע מענטשן, וואָס האָבן געשטיצט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, האָבן אומוויסנדיקערהייט געדינט און געשטיצט דעם טייוולס קנעכט. די הערארכיע איז דאָס מייסטער־ווערק פון דעם טייוולס אָרגאַניזאַציע־פּאָרטלען, צו פאַרלוימדן דעם נאָמען פון יהוה גאָט און פון ישוע המשיחן און אָפּצו־קערן מענטשן פון יהוה.

### היסטאָריש

עס איז דאָ פּאַסיק צו דערמאָנען בקיצור די געשיכטע פון דער רוימיש־קאַטוילישער סיסטעם. פון אַ געשיכטסווערק, וואָס איז געשריבן געוואָרן פון אַ מאַן מיטן נאָמען לאָרד, און וואָס איז באַטיטלט „די אַלטע רוימישע וועלט", ווערן ציטירט די פּאָלגנדיקע שטעלן: „אין דעם ערשטן יאָרהונדערט האָט מען ניט קיין סך קלוגע אָדער אַדעליקע איינגעלאַדן ... אין דעם צווייטן יאָרהונדערט ... איז עס געווען אַ שאַנד צו זיין אַ קריסט אין די אויגן פון דער פּאָרנעמער וועלט אָדער מאַכט. ... די קירך ... איז געווען אַ קליינע קערפּערשאַפט פון ריינע און אומבאַפלעקטע מענטשן וואָס האָבן גאָרניט געטראַכט צו באַהערשן די געזעלשאַפט. אָבער זיי האָבן געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער רעגירונג און זיי זיינען געווען באַטראַכט אַלס וויכטיק גענוג צו ווערן פאַרפאָלגט." אין משך פון דעם צווייטן יאָרהונדערט „זיינען בישאָפן געוואָרן איינ־פלוסרייך ניט אין דער געזעלשאַפט, נאָר צווישן די קריסטן". דאַן „האָט זיך אָנגעהויבן די גייסטלעכע צענטראַליזאַציע; ... די קירך האָט געלייגט דעם יסוד פאַר איר צוקונפטיקע פּאָליטיק און מאַכט."

עס איז זיכער, אַז גאָט דער האַר האָט ניט אָנגעצייכנט אַזאַ פירונג. ס'איז פונקט אַזוי זיכער, אַז דאָס איז געווען דער טייוול, וואָס האָט געזייט און קולטיווירט די זאָמען פון איינגליבע צו דערגרייכן זיין רשותדיקן צוועק. דער אויבן־דערמאָנטער היסטאָריקער זעצט פאָרט: „דער דריטער יאָרהונדערט האָט

געזען די קירך מער מעכטיק אַלס אַן אינסטיטוציע. . . . מען האָט
מסדר געווען טעאָריעס [אין דאָגמעס און צעטומלענישן] . . .
גרויסע בישאָפן האָבן רעגירט איבער דער וואַקסנדיקער קירך.
. . . די קירך איז שנעל געשטיגן צו אַ שטעלונג, וואָס האָט צוגע־
צויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער מענטשהייט [פון דער
וועלט, פאַרשטייט זיך]. ניט פריער פון פערטן יאָרהונדערט —
ווען די קייזערלעכע פאַרפאָלגונג האָט אויפגעהערט, ווען קאָנ־
סטאַנטין [דער קייזער פון געצנדינערישן רוים] האָט זיך גע־
שמדט; ווען די קירך איז געווען פאַראייניקט מיטן שטאַט, ווען
דאָס אַלטע גלויבן איז געוואָרן פאַרדאָרבן, ווען אַבערגלויבן און
גישטיקע פילאָסאָפיע [אָנגערעגט פונם טייוול] האָט זיך פאַר־
שפּרייט אין די רייען פון די געטרייע; . . . ווען סינאָדן זייַנען
אונטערגעפאַלן אונטערן פּאָליטישן איינפלוס; . . . ווען פּאָליטיק
און דאָגמאַטישקייט זייַנען געגאַנגען האַנט אין האַנט, . . .
זייַנען מענטשן פון ראַנג אַרייַנגעטראָטן אין דער קירך.
ווען קריסטנטום איז געוואָרן די רעליגיע פונם הויף און פון
די אַריסטאָקראַטישע קלאַסן, איז עס איסגענוצט געוואָרן צו
שטיצן דאָס שלעכטס גופא, קענן וואָס עס האָט אין אָנהייב פּראָ־
טעסטירט. די קירך איז ניט נאָר געוואָרן אָנגעפילט מיט די
גרייזן פון דער געצנדינערישער פילאָסאָפיע, נאָר זי האָט אָנ־
גענומען אַ סך פון די צערעמאָניעס פון אָריענטאַלישן גאָט־
דינסט [דעם טייוולדינסט], . . . די גייסטלעכע, אַמביציעז און
וועלטלעך, האָבן זיך געיאָגט נאָך מיטלען און אויסצייכענונגען
. . . זיי זייַנען געוואָרן פויל, חוצפּהדיק און אומאָפּהענגיק.
דאָס פאָלק איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער לייטונג פון
דער קירך. דער בישאָף איז געוואָרן אַ הויכע פּערזענלעכקייט,
וואָס האָט איינגעזעצט און באַהערשט די גייסטלעכע. . . . די
מיסיע פון דער [אמתער] קירך איז פאַרלוירן געגאַנגען פון
אויג אין דעם דערנידערנדיקן בונד מיטן שטאַט.” (זע אויך
שטודיעס אין דער הייליקער שריפט, באַנד 2, זייט 284 און
ווייטער; ענגלישע אויסגאַבע.)

אין דעם דאָזיקן צושטאַנד פון אַ דעגענערירטער אָרגאַני־

זאַציע פֿון דער אַזוי גערופֿענער „קריסטלעכער" קירך איז די רוימיש־קאַטוילישע סיסטעם געבוירן געוואָרן. זי האָט אָנגעהויבן דורך דערווייַלן פֿון צווישן פּילצאָליקע בישאָפֿן איינעם, נעמלעך דעם בישאָף פֿון רוים, אַלס דעם ערשטן פּויפּסט. פֿון דעמאָלט ביז איצט, האָט די רוימיש־קאַטוילישע סיסטעם, אַנדערש גערופֿן „די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע", געהערשט איבער מיליאָנען מענטשן מיט דער הילף פֿון אַבערגלויבן, שרעק און פֿאַלשע לערעס. די פּאַרצייטיקע פּלשתּים האָבן אויסגעוואַנדערט פֿון מצרים און זיי זיינען געקומען אין לאַנד פּאַלעסטינע. דאָס פּאַרצייטיקע מצרים ווערט אָפּטמאָל דערמאָנט אין דער הייליקער שריפֿט, פֿאַרשטעלנדיק מיט זיך דעם שׂטנס וועלט אָדער אָרגאַניזאַציע. די קריסטלעכע קירך האָט זיך אָנגעהויבן מיט מענטשן, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פֿון דער דאָאיקער וועלט און וואָס האָבן זיך אָנטשיידן אָפּגעטיילט פֿון איר, דאָס הייסט פֿון דעם היינטיקן מצרים. (אָנטפּלעקונג יא: ח) דורך ליסטיקייט און באַטרוג האָט דער שׂטן אַריינגעבראַכט צווישן די דאָזיקע קריסטן אַמביציעזע מענטשן, וואָס האָבן פֿאַרכאַפּט די הערשאַפֿט איבער דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. דאַן איז די אָרגאַניזאַציע געוואָרן קאָרופּטירט און איז פֿאַרבליבן פֿאַרדאָרבט, און פֿון יענער צייט ביז איצט איז דורכגעפֿאַלן יעדער פּאַרזוך זי צו רעפֿאָרמירן. ערלעכע מענטשן און אומערלעכע האָבן זיך געפֿונען זייט ביי זייט אין דער קירכסיסטעם; אָבער אונטער יהוהס השגחה איז איצט געקומען די צייט פֿאַר ערלעכע מענטשן פֿון גוטן ווילן, צו הערן און צו וויסן דעם אמת און זיך צו באַנוצן מיט דער געלעגנהייט אָפּצוטיילן זיך פֿון דער רשעותדיקער אָרגאַניזאַציע, וואָס פֿאַרלוימדט יהוהס נאָמען, און זיך פֿולשטענדיק צו פֿאַראייניקן מיט דער אָרגאַניזאַציע אונטער משיחן.

## דאָס לאַנד יהודה

ווען יהוה האָט אַרויסגעפֿירט זיין אויסדערוויילט פֿאָלק, די בני־ישׂראל, פֿון מצרים און זיי אַריינגעפֿירט אין לאַנד פּאַ־

לעסטינע דורך דער האנט פון יהושוען, האט ער געלאזט דאס לאנד צעטיילן צווישן די שבטים; און דעם שבט יהודה איז צוגעטיילט געווארן דער גאנצער שטח פון דרום, פון דעם טויטן ים ביז צום מיטללענדישן ים. (יהושוע טו: א־מז) זיי האבן שוין דארט געפונען די פלשתים, וועלכע זיינען אויך געקומען פון מצרים. דאס צעטיילן דאס לאנד פאלעסטינע צווישן די שבטים איז געווען סימבאליש. דער שבט יהודה שטעלט מיט זיך פאר די, וואס דינען און לויבן יהוה גאט און ישוע המשיחן. דער האר ישוע המשיח איז פון דעם דאזיקן שבט, און איינער פון זיינע טיטלען איז „דער לייב פון דעם שבט יהודה". (אנטפלעקונג ה: ה) א לאנגע צייט שפעטער האט איינער פון די פויפסטן אין רוים חוצפהדיק אנגענומען דעם דאזיקן טיטל און זינט דאן איז ער, אן שום רעכט, באוווסט אלס „דער לייב פון דעם שבט יהודה". די פלשתים, הגם זיי זיינען געווען אין דעם לאנד יהודה, האבן ניט געדינט און ניט געלויבט יהוה גאט. אין זייער שטעלונג וואלטן זיי באדארפט דאס טאן; אבער זייער דרך איז געווען פונקט א פארקערטער. פונקט אזוי האט די רוימיש־קאטוילישע סיסטעם חוצפהדיק פארנומען צווישן מענטשן דעם פלאץ פון די, וואס זיינען איבערגעגעבן יהוה און זיין קעניג; אבער די דאזיקע סיסטעם דינט ניט יהוה און ניט זיין קעניג. זי איז אולטרא־אייגננוציק, פארזוכט צו קאנטראלירן די ענינים פון דער רשעותדיקער וועלט, פארמירט א טייל פון דער דאיקער רשעות־דיקער וועלט, און זי איז אן שום צווייפל דער קנעכט פון דעם טייוול: „ווייסט איר ניט, אז צו וועמען איר גיט זיך איבער פאר קנעכט צו געהארכן, זייט איר די קנעכט פון די, וועמען איר געהארכט; ענטוועדער פון זינד צום טויט, אדער פון געהארכזאמקייט צו גערעכטיקייט?" — רוימער ו: טז.

ווייל די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע האט פאזירט פאר די פעלקער פון דער וועלט אלס די פארטרעטער און דינער פון גאט, בעת אין דער אמתן זיינען זיי די קנעכט פונם טייוול, דעריבער זיינען זיי די גרעסטע היפאקריטן. די פלשתים זיינען

רעגירט געוואָרן דורך פינף מלכים אָדער אַדעליקע, און זיי זיינען צוזאַמען געהאַלטן געוואָרן דורך אַ קאָנפעדעראַציע אָדער דורך אַן אָפּמאַך צווישן זיך. די מאָדערנע פּלשתּים, נעמלעך די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע, זיינען אַ רעגירונג אָדער אַ הערשאַפט, פאָרמירט און צוזאַמענגעהאַלטן דורך אַ קאָנפעדעראַציע פון „פּאַטריאַרכן, מעטראָפּאָליטן, ערצבישאָפן, בישאָפן און פּריסטער.״ (שיפלי) די מיטגלידער פון דער גלחים־רעגירונג ווערן באַטראַכט פון זיך אַליין און פון אַנדערע אַלס אַדל, ענלעך צו די אַדעליקע אָדער הערשער פון די פּלשתּים.

דאָס לאַנד, וואָס יהוה האָט צוגעזאָגט (דורך זיין שבועה, וואָס חתמעט דעם דאָזיקן צוזאָג) צו געבן זיין אויסדערוויילט פאָלק, איז זיין מלוכה אונטער זיין באַליבטן זון, ישוע המשיחן. (בראשית יג: טו; יז: ח; לוקאס כב: כט, ל) די פּלשתּים זיינען געווען אין לאַנד, איידער גאָטס אויסדערוויילט פאָלק איז אַהין אָנגעקומען. פּונקט אַזוי האָבן די מאָדערנע פּלשתּים, די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע, פאַרנומען דאָס אָרט אָדער דעם צו־שטאַנד, אויף וואָס זיי האָבן תּביעות אַלס אַ געטלעכע באַ־שטימונג פאַר זייער אָרגאַניזאַציע, און דאָס האָבן זיי געטאָן, איידער גאָטס געטרייע זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון שׂטנס וועלט און געזאַלבט געוואָרן פון דעם האַר. יהוה האָט דער־קלערט, אַז ער האָט געלאָזט די פּלשתּים אין לאַנד פּאַלעסטינע, כּדי צו פּרוּוון זיין אויסדערוויילט פאָלק. „און דאָס זיינען די פעלקער, וואָס גאָט האָט געלאָזט, כּדי צו פּרוּוון מיט זיי ישׂראל, די אַלע, וואָס האָבן ניט געוווּסט פון אַלע מלחמות אין כּנען ...: די פינף פירשטן פון די פּלשתּים, און דער גאַנצער כּנעני און דער צידוני און דער חוי, וואָס האָט באַוווינט דעם באַרג לבנון, פונם באַרג בעל־חרמון ביז מען קומט קיין חמת. און זיי זיינען געבליבן, כּדי צו פּרוּוון מיט זיי ישׂראל, צו וויסן, אויב זיי וועלן צוהערן די געבאָט פון יהוה, וואָס ער האָט געבאָטן זייערע עלטערן דורך משהן.״ — שופטים ג: א, ג, ד.

פּונקט אַזוי האָט יהוה דערלויבט די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע־אָרגאַניזאַציע צו פאַרנעמען דאָס אָרט, ווו זיי באַ־

הויפטן, אַז זיי פאַרטרעטן גאָט, ביז וואַנען ער האָט דערוויילט און געזאַלבט זיין פאָלק, כּדי ער זאָל קאָנען באַווייזן, אַז זיין פאָלק האָט ליב גאָט, און זיי באַווייזן דאָס דורך זייער אומ־זעלבסטזיכטיקער געהאָרכזאַמקייט צו זיינע געבאָט, אַפילו אונטער גרויסע שוועריקייטן. די דאָזיקע געטרייע האַלטן אָן זייער שטאַנדהאַפטיקייט צו יהוה, און זיי מוזן דאָס טאָן אין אַנגעזיכט פון רשעותדיקער קעגנערשאַפט.

אַלס אַ ווייטערדיקן באַווייז, אַז די רוימיש־קאַטוילישע פּריסטער־הערשאַפט האָט אַנגענומען דעם פּלאַץ, וואָס געהערט מיט רעכט צו די אמתע יהודים אָדער צו די, וואָס ליבן און דינען גאָט באמת, באַמערקט, אַז די תּביעה זייערע איז, אַז דער בישאָף פון רוים, וואָס הייסט אַנדערש „דער פּויפּסט", איז דער שטעלפאַרטרעטער פון משיחן. די באַהויפּטונג פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע איז, אַז די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע איז אַ געטלעכע אינסטיטוציע, און אַז זי איז אַ קאָפּיע פון דער הימלישער אָרגאַניזאַציע פון יהוה גאָט: „ביים קאָנציל פון טרענט איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַ חרם אויף אַלע, וואָס לייקענען, אַז די הערארכיע פון דער קאַטוילישער קירך איז געשאַפן געוואָרן דורך געטלעכער באַשטימונג." — בריטאַנישע ענציקלאָפּעדיע, באַנד 13, זייט 453.

די רוימיש־קאַטוילישע קירכן־רעגירונג (די היינטצייטיקע פּלשתּים) באַהויפּט, אַז דער פּויפּסט איז אומפעלבאַר. אַזאַ אומפעלבאַרקייט הגם איז ניט באַהויפּט געוואָרן אָפן ביזן יאָר 1870. אַזוינאָך קאָן מען זען, אַז דער טייוול האָט אויף אַ גנבישן און ליסטיקן אופן געפירט די מענטשן דורך פעלשונג און באַטרוג אַזוי ווייט, אַז מען האָט געקאָנט זיי איינרעדן צו גלייבן, אַז אַ מענטש איז אומפעלבאַר אין זיינע פאָרשריפטן מכּח דעם דרך פון לעבן, וואָס מען זאָל נאָכפאָלגן. די דאָזיקע באַהויפּטונג ווערט געמאַכט אין אַנגעזיכט פון דעם אינספּירירטן וואָרט פון יהוה גאָט, וואָס זאָגט, אַז אַלע מענטשן ווערן געבוירן אין זינד און אַנטפאַנגען אין אומגערעכטיקייט; וואָס

שליסט איין דעם פויפסט. (רוימער ה: יב; תהלים נא: ז) זעט עס ניט אויס מאָדנע, אַז עס איז נויטיק געווען פאַר דער קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע אַ צייט־אָפּשניט פון 1800 יאָר צו קומען צו דעם אויספיר בנוגע דער אומפעלבאַרקייט פון איר הויפּט? אַ פּראָקלאַמאַציע פון דעם וואַטיקאַנער קאָנציל דערקלערט: „מיר לערנען און דעפינירן אַלס געטלעך־אַנטפּלעקטע דאָגמע, אַז דער רוימישער פּאָנטיף, ווען ער רעדט פון זיין קאַטעדרע — ד. ה., ווען ער דערקלערט אין זיין ראָל אַלס פּאַסטאָר און לערער פון אַלע קריסטן, און מיטן כּח פון זיין העכסטער אַפּאָסטאָלישער אויטאָריטעט, אַז אַ געוויסע לערע בנוגע גלויבן און מאָראַל איז בינדנדיק פאַר דער גאַנצער אוניווערסאַלער קירך, — דאַן באַזיצט ער, מיט דעם געטלעכן ביישטאַנד, וואָס איז אים צוגעזאָגט געוואָרן אין דער פּערזאָן פון דעם געבענטשטן הייליקן פּעטרוסן, די זעלביקע אומפעלבאַרקייט, מיט וואָס דער הייליקער דערלייזער האָט געהאַלטן פאַר גוט צו באַשענקען זיין קירך, צו דעפינירן אירע לערעס אין שייכות צום גלויבן און דער מאָראַל; און פאָלגלעך אַז די דאָזיקע דעפיניציעס פון דעם רוימישן פּאָנטיף זיינען אומענדערלעך אין זייער עצם, און אַלס פועל יוצא פון דער צושטימונג פון דער קירך.” — בריטאַנישע ענציקלאָפּעדיע, באַנד 14, זייט 511.

מען קאָן קיין איין איינציק וואָרט ניט געפינען אין דער הייליקער שריפט, וואָס זאָל באַפולמעכטיקן אַזאַ מין אויספיר דורך וועלכן ניט איז מענטשן אָדער דורך וועלכער ניט איז קערפּערשאַפט פון מענטשן. אַזוינאָך קאָן מען זען, אַז אַ קליינע קערפּערשאַפט פון זעלבסט־דערהויבענע הערשער האָבן אויפגעשטעלט זייערע אייגענע טעאָריעס, אין ווידערשפּרוך און אין פאַראַכטונג פון דעם אינספּירירטן וואָרט פון יהוה גאָט. דורך דעם דאָזיקן מיטל רעדן זיי איין מיליאָנען מענטשן צו גלייבן אין די טעאָריעס פון דער רוימיש־קאַטוילישער קירך, און זיי נעמען צו פון זיי די ביבל, אַזוי אַז זיי קענען זיך ניט דערוויסן דעם אמת.

## דעם טייוולס פּאָרטרעטער

אַז די פּאַרצייטיקע פּלשתּים זיינען געווען די פּאָרשטייער פון דעם טייוול, וועגן דעם איז ניטאָ קיין מינדסטער ספק בּיי קיינעם ניט, וואָס גלייבּט, אַז די בּיבּל איז גאָטס וואָרט. די פּלשתּים האָבּן זיך אָפּגעגעבּן מיט דעם טייוולס רעליגיע. זייער נאַציאָנאַלער גאָט אָדער געץ איז געווען דגון, דער פישגאָט. ווען די פּלשתּים האָבּן פאַרכאַפּט דעם אָרון פון יהוהס בּונד און אים אַוועקגעפירט אין זייער אייגן אָרט, האָט יהוה אויסגעדריקט זיין צאָרן קעגן די פּלשתּים, ווי עס שטייט געשריבּן: „און די פּלשתּים האָבּן גענומען דעם אָרון פון גאָט, און האָבּן אים געבּראַכט פון עבן־עזר קיין אַשדוד. און די פּלשתּים האָבּן גענומען דעם אָרון פון גאָט, און האָבּן אים געבּראַכט אין הויז פון דגון, און אים אַוועקגעשטעלט לעבּן דגון. און דעם אַנדערן טאָג, ווען די אַשדודער זיינען פרי אויפגעשטאַנען, זע, דגון ליגט אַנידערגעפאַלן מיטן פּנים אויף דער ערד פאַר דעם אָרון פון גאָט. און זיי האָבּן גענומען דגונען און זיי האָבּן אים צוריקגעשטעלט אויף זיין אָרט. און ווען זיי האָבּן זיך געפעדערט אויף מאָרגן אין דער פרי, זע, דגון ליגט אַנידערגעפאַלן מיט זיין פּנים אויף דער ערד פאַרן אָרון פון גאָט; און דער קאָפּ פון דגון און זיינע בּיידע האַנטפלאַכן ליגן אָפּגעהאַקט אויף דער שוועל, נאָר דער פישלייב פון דגון איז אים געבּליבּן. דערפאַר טרעטן ניט די פּריסטער פון דגון, און קיינער ניט, וואָס קומט אין דגונס הויז, אויף דער שוועל פון דגון אין אַשדוד בּיז אויף הייַנטיקן טאָג. און די האַנט פון גאָט איז געווען שווער אויף די אַשדודער; און ער האָט זיי פאַרוויסט און האָט זיי געפּלאָגט מיט געשווירן, אַשדוד און אירע געמאַרקן. און ווען די אַשדודער האָבּן דערזען, אַז עס האַלט אַזוי, האָבּן זיי געזאָגט: דער אָרון פון דעם גאָט פון ישׂראל טאָר ניט בּלייבּן בּיי אונדז, וואָרן זיין האַנט איז האַרט אויף אונדז און אויף דגון, אונדזער גאָט. זיי האָבּן דעריבּער געשיקט און איינגעזאַמלט צו זיך אַלע פירשטן פון די פּלשתּים, און זיי האָבּן געזאָגט: וואָס זאָלן מיר טאָן מיטן אָרון פון דעם

גאָט פון ישראל? און יענע האָבן געענטפערט: זאָל דער אָרון פון דעם גאָט פון ישראל אריבערגעטראָגן ווערן קיין גת. און זיי האָבן אהין אריבערגעטראָגן דעם אָרון פון דעם גאָט פון ישראל. און עס איז געווען, אַז נאָכדעם ווי זיי האָבן אים אוועקגעטראָגן, איז די האַנט פון גאָט געקומען אויף דער שטאָט, און עס איז געוואָרן זייער אַ גרויסער טומל; און ער האָט געשלאָגן די מענטשן פון דער שטאָט, פון קליין ביז גרויס, און עס האָבן אויסגעבראָכן ביי זיי געשווירן.״ (שמואל א ה: א־ט) די פלשתים האָבן געבראַכט קרבנות צו זייער טייוולגאָט דגון אין דער צייט, ווען שמשון האָט אַרונטערגעריסן אויף זיי די געביידע, אומברענגענדיק טויזנטער.

יהוה האָט געלאָזט פאַרשרייבן און פאַרצייכענען די דאָזיקע פאַקטן אין דער הייליקער שריפט, כדי פאַרצודייטן אויף די היינט־צו־טאָגיקע שׂונאים פון זיין פאָלק. (קאָרינטער א י: יא; עברים י: א) די פלשתים זיינען געווען טויטלעכע שׂונאים פון יהוהס אויסדערוויילט פאָלק, די ישראלים, און דערפאַר זיינען די פלשתים אַ נביאיש בילד פון די טויטלעכע שׂונאים פון יהוהס עדות, וואָס זיינען איצט אויף דער ערד. בראש פון אַזעלכע שׂונאים, וואָס באַהויפּטן היפּאָקריטיש, אַז זיי פאַרטרעטן גאָט, שטייט די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע. די פלשתים האָבן אָנגעטאָן אויפן קאָפּ פון זייער פישגאָט אַ מיטרע, וואָס האָט אָנגעדייט, אַז זיין הויפּט אָדער העכסטער איז געווען דער טייוול, וועמען ער האָט פאַרטראָטן צווישן די פלשתים. ווען דער פּויפּסט, דער הויפּט פון דער רוימיש־קאַטוילישער קירכן־רעגירונג, זיצט אויפן הויכן מזבח פון רוים אויסצוהערן חניפות, טראָגט ער אַ מיטרע, די זעלביקע, וואָס איז געטראָגן געוואָרן פון דעם פישגאָט דגון. אַזוינאָך באַווייזט דער פּויפּסט דורך דעם דאָזיקן סימבאָל, וועלכן גאָט ער פאַרטרעט פאַקטיש. דער פאָלגנדיקער היסטאָרישער פאַקט ווערט ציטירט, כדי צו באַקרעפטיקן דאָס פאָרויסגייענדיקע:

„אַזוי ווי דער פּויפּסט טראָגט דעם שליסל פון יאַנוס, אַזוי טראָגט ער אויך די מיטרע פון דגון. די אויסגראָבונגען פון

ניגוה האָבן דאָס באַשטעטיקט איבער אַלע מעגלעכקייט פון וועלכן ניט איז צווייפל. די פויפסטלעכע מיטרע איז אינגאַנצן אַנדערש פון די מיטרע פון אהרנען און די יידישע כהנים־גדולים. יענע מיטרע איז געוועזן אַ טורבאַן. די צוויי־האָרנדיקע מיטרע, וואָס דער פויפסט טראָגט, ווען ער זיצט אויפן הויכן מזבח פון רוים און באַקומט די פאַרערונג פון די קאַרדינאַלן, איז די זעלביקע מיטרע, וואָס איז געטראָגן געוואָרן פון דגון, דעם פישגאָט פון די פלשתים און בבלים. . . . די ווייטגעעפנטע קינבאַקן פון דעם פיש, וואָס האָבן געטורעמט אויפן קאָפּ פון דעם מאַן אין נינוה, זיינען אָן שום טעות דער דופּליקאַט פון די הערנער אויף דער פויפסטמיטרע אין רוים." — היסלאָפּס די צוויי בבלס, זייט 215.

עס קאָן קיין שום צווייפל ניט זיין, אַז דגון, דער זעבאַרער גאָט פון די פאַרצייטיקע פלשתים, האָט מיט זיך סימבאָליזירט די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע, פון וועלכער דער פויפסט איז דער הויפּט. די ציינגנישן פון דער הייליקער שריפט און פון די היסטאָרישע פאַקטן זיינען פולשטענדיק איינשטימיק איבער דעם פונקט. די מיטרע, ענלעך צו דער, וואָס איז גע־טראָגן געוואָרן פון דעם פישגאָט דגון און פון דעם פויפּסט, ווערן אויך געטראָגן פון אַנדערע בישאָפן פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע. דאָס באַקרעפטיקט נאָך מער דעם אויספיר, אַז די פלשתים האָבן בילדלעך פאָרגעשטעלט די רוי־מיש־קאַטוילישע הערארכיע. דער האר אַנטפּלעקט איצט דייט־לעך די דאָזיקע פאַקטן צו די, וואָס ליבן אים, כדי זיי זאָלן האָבן אַ קלאָרן איינבליק אין דער רוימיש־קאַטוילישער הער־אַרכיע, און וויסן מיט זיכערקייט, וואָס פאַרא גורל עס דער־וואַרט די שונאים, וואָס פאַרלוימדן איצט יהוהס נאָמען און פאַרפאָלגן זיין געזאַלבט פאָלק.

### הערשאַפט

די פלשתים האָבן געהערשט איבער די ישראלים, ווייל זיי זיינען געוואָרן אומגעטריי צו זייער בונד. (שופטים יג: א;

יד: א, ד) עס זיינען געווען עטלעכע אויסנאַמען צווישן די ישׂראלים, אַזעלכע ווי גדעון, שמשון און אַנדערע, וועלכע זיינען געווען געטריי און אמתדיק צו יהוה גאָט. צוליב דער סיבה, וואָס כּמעט אַלע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר קריסטן, זיינען אין די לעצטע 1 800 יאָר געווען אומגעטריי צו גאָט, האָט די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע געהערשט איבער דער „קריסטנשאַפט” אין ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו רעליגיע, פּאָליטיק און קאָמערץ. די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע האָט תּביעות אויף דעם רעכט און אויף דער מאַכט צו קאָנטראָלירן און צו באַהערשן די וועלט, און זי איבט אויס די דאָזיקע הערשאַפט איבער כּמעט דער גאַנצער „קריסטנשאַפט”. די געטרייע צווישן די ישׂראלים, ווי גדעון, שמשון, שמואל און דוד, האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די געזאַלבטע און די געטרייע נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן, וואָס זיינען איצט אויף דער ערד, און וועלכע ווילן זיך ניט בוקן פאַר די באַפעלן און געזעצן פון די היינטצייטיקע פלשתּים.

אין משך פון יאָרהונדערטער האָט די רוימיש־קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע געהאַט תּביעות אויפן געטלעכן רעכט צו הערשן איבער די פעלקער פון דער ערד, און שטיצנדיק זיך אויף אַזאַ פאַלשע תּביעה האָט די דאָזיקע רשעותדיקע אָרגאַניזאַציע פּרובירט צו קאָנטראָלירן די פּאָליטישע ענינים פון אַלע נאַציעס אויף דער ערד. איר אַרויפשטייג צו צייטלעכער מאַכט האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם זעקסטן יאָרהונדערט, און זי האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן און וואָס מער אויסאיבן די דאָזיקע מאַכט אין משך פון אַ טויזנט יאָר. די רוימיש־קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע באַהויפּט פאַלש, אַז די טויזנט יאָר פון איר „דערפאָלגרייכער” הערשאַפט, זיינען די טויזנט יאָר, וואָס ווערן דערמאָנט אין אַנטפּלעקונג, אין צוואַנציקסטן קאַפּיטל, ווען משיח און זיינע הייליקע וועלן הערשן, און אַז דער צייטאָפּשניט פון יאָר 1 800 אַראָפּ ביז צו דער איצטיקער צייט איז די „קליינע צייט”, וואָס ווערט דערמאָנט אין דעם זעלביקן קאַפּיטל פון אַנטפּלע־קונג. נו זיכער, זייער באַהויפּטונג איז פאַלש. אָבער די „קליינע

צייט" וועט זיך ענדיקן מיט דער פארניכטונג פון דעם טייוול און זיינע משרתים. דער סוף און דער אונטערגאנג פון דער רוימיש־קאטוילישער הערארכיע איז זייער נאענט.

אין משך פון פילע יארהונדערטער, האנדלנדיק דורך איר הויפט, דעם פויפסט, האט די הערארכיע געהאט תביעות אויף דעם רעכט צו קרוינען און אראפצוזעצן מלכים און אין אלגעמיין צו דיקטירן די פאליטיק פון די רעגירונגען אויף דער ערד. צו זאגן אנדערש, די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע זוכט צו זיין דער אבסאלוטער דיקטאטאר, ניט אכטנדיק אינגאנצן אויפן רעכט פון פאלק. ביי היינטיקן טאג, אין יעדן פאלק, ווו עס עקזיסטירט און הערשט א דיקטאטאר, שטייט די הערארכיע הינטער דעם דיקטאטאר און דיקטירט פאקטיש די פאליטיק פון אזא רעגירונג.

## פארפאלגונג

די פלשתים זיינען געווען באדריקער און פארפאלגער פון די ישראלים, וואס זיינען געווען גאטס אויסדערוויילט פאלק. אין די טעג פון שמשון, עלין און שמואלן, האבן די פלשתים געפרווט צו באקומען דאס גאנצע רייכטום פון „מילך און האניק" פון לאנד פאלעסטינע. פונקט אזוי האט די רוימיש־קאטוילישע ארגאניזאציע אין משך פון יארהונדערטער געפרווט צו באקומען אלע רייכטימער און זיסקייטן פון דער ערד. עס איז א באמערקבארער פאקט, אז זיי האבן אויסגעקליבן די שענסטע ערטער אויף דער ערד, דארט אויפצושטעלן זייערע געביידעס און פלעצער פאר זייערע אמט־טעטיקייטן. די פלשתים האבן געפייניקט די ישראלים אין משך פון א סך יארן. זיי האבן פארהאפט שמשונען און אים אויסגעשטאכן די אויגן. זיי האבן געהאלטן שטענדיק אין קעמפן קעגן די ישראלים, און זיי האבן פרובירט צו פארניכטן דודן, בעת ער איז געווען געזאלבט אלס קעניג פון ישראל. פונקט אזוי האט די רוימיש־קאטוילישע ארגאניזאציע שטענדיק אונטערדריקט און פארפאלגט די נאכפאלגער פון ישוע המשיחן, און איצט האט זי

זיך אַ נעם געטאָן צו פאַרפאָלגן יהוהס עדות מיט אַלע אירע כּחות. די זייטן פון דער געשיכטע, דעקנדיק אַ צייטאָפּשניט פון אומגעפער 1 500 יאָר, פאַרצייכענען אַ סך פון די רשעות־דיקסטע מעשׂים, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן פון דער רוי־מיש־קאַטוילישער היעראַרכיע, און וועמעס זינד און פאַרברע־כנס געפינען ניט קיין גלייכן אין קיין שום אַנדערע אָרגאַני־זאַציע, וואָס איז ווען ניט איז געווען אויף דער ערד. דאָ ווערט אָנגעוויזן בלויז אויף עטלעכע פון די שרעקלעכע פאַר־ברעכנס, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן פון דער היעראַרכיע און אירע משרתים, און דער צוועק פאַרצוברענגען אפילו אַזעל־בע, איז נאָר כּדי צו באַווייזן, אַז די היעראַרכיע איז דאָס קעגנ־בילד, דער דופּליקאַט פון די פּלשתּים, און כּדי אַרויסצוווייזן דאָס שייכות, וואָס די היעראַרכיע האָט צו יהוהס עדות.

די פּלשתּים פלעגן זיך באַרייכערן דורך אַרויפפאַליגן אָפּצאָל און אַנדערע לאַסטן אויף די ישׂראלים. אין משך פון פילע יאָר־הונדערטער האָט די רוימיש־קאַטוילישע גלחים־רעגירונג זיך באַרייכערט דורך אַרויפלייגן שווערע לאַסטן אויפן פאָלק פון אַלע נאַציעס פון דער „קריסטנשאַפט". אין משך פון אַ סך יאָרן האָט די דאָזיקע היפּאָקריטישע אָרגאַניזאַציע זיך פאַרנומען מיט קאָלעקטירן געלטאָפּצאָל פון די אָפּגענאַרטע פון דער קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע. פּרויען־אַגענטן, מיט גע־נאָלטע, פאַרמאַסקירטע קעפּ, אָנגעטאָנענע ווי שוואַרצע רויב־פויגלען, באַזוכן תּמיד אַ סך פאַבריקן און געשעפטן אין דעם טאָג, ווען מען קריגט געהאַלט, און קאָלעקטירן פון די שרעקע־דיקע און אַבערגלויבישע געלט, וואָס די אַרבעטער דאַרפן אַזוי נויטיק האָבן אויסצוהאַלטן זיך אַליין און זייערע פאַמי־ליעס. דורך באַנוצן זיך מיט פעלשונג און באַטרוג ווערן אַזוי־נאָך מיליאָנען דאָלערס אַרויסגעצויגן פון די קעשענעס פון די מענטשן, און ספּעציעל פון יענע, וואָס זיינען באַדערפטיקע, און דאָס דאָזיקע געלט ווערט געברויכט, כּדי צו באַרייכערן די היעראַרכיע און צו באַפרידיקן די חיהשע באַגערן פון די דאָזיקע גאַטלאָזע און אייגננוציקע מענטשן.

געלטאפצאל ווערט געזאמלט פון די לעבעדיקע, וועמעס פריינט זיינען געשטארבן, און דאס ווערט געטאן אונטערן אויסרייד, אז געוויסע גלחים פון דער קאטוילישער ארגאניזאציע דארפן תפילה טאן פאר די טויטע און אויך אזאן אופן זיי טאן גוטס. אזוי ווערן די איבערגעשראקענע און אבערגלויביקע גרויזאם באשווינדלט. די הייליקע שריפט לערנט אן שום אויסנאם, אז די געשטארבענע לעבן ניט מער, נייערט זיי זיינען טויט, אומבאוווסטזיניק און „ווייסן ניט קיין שום זאך"; אז קיינער פון די טויטע איז ניט אין לייטערונגס־פייער און ניט אין גיהנום; און די באהויפטונג, אז מענטשן קאנען טאן תפילה צו גונסטן פון די טויטע און טאן זיי דערמיט גוטס, איז איינגאנצן פאלש און באטריגעריש, און דאס איז א גרויסע לאסט און אונטעריאכונק פון פארטרויענספולע מענטשן. אין משך פון א סך יארן איז געלטאפצאל געזאמלט געווארן פון די מענטשן פון אלע פעלקער פון דער „קריסטנשאפט" און אפגעשיקט געווארן קיין וואטיקאן אין רוים אנצופילן די שאצקאמערן פון דער רוימיש־קאטוילישער הערארכיע, און דאס איז געשען צום גרויסן שאדן פון דעם געדריקטן פאלק. אין מעקסיקא אליין האט די הערארכיע אין משך פון פילע יארן ארויסגעצויגן פון די קעשענעס פון פשוטן פאלק דרייסיק מיליאנען דאלער יערלעך, וואס איז געשיקט געווארן צום שאצמייסטער פון דער הערארכיע אין רוים. אין מעקסיקא איז עס אויך געשען, אז אן אגענט פון דער קאטוילישער ארגאניזאציע האט געצוואונגען די ארטיקע איינגעבוירענע מענטשן אויפצובויען אין קליינע שטעטלעך פילע אזוי־גערופענע „קירך־געביידעם" און דארט זיינען דאן ארייגעזעצט געווארן גלחים פון דער הערארכיע, כדי זיי זאלן קענען קאלעקטירן פון די ארטיקע איינגעבוירענע ממש אלץ, וואס זיי האבן פארדינט. די פארצייטיקע פלשתים האבן געפרווט צו פארנעמען אלע רייכטימער פון די ישראלים; און פונקט אזוי פרווון די היינטצייטיקע פלשתים צו פארנעמען און צו קאנטראלירן אלע רייכטימער פון דער אזוי־גערופענער „קריסטלעכער וועלט".

## אינקוויזיציע

די נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן זיינען ביז אַ געוויסן גראַד געוועזן פאַרפאָלגט דורך דעם געצנדינערישן רוים. אָבער יענע פאַרפאָלגונג לאָזט זיך ניט פאַרגלייכן מיט דער רשועתדיקער פאַרפאָלגונג פון קריסטן דורך דער רוימיש־קאַטוילישער הער־אַרכיע אָדער דעם „פויפּסטלעכן רוים”. די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע האָט איינגעפירט און באַנוצט אַ סיסטעם פון אומ־מענטשלעכער פאַרפאָלגונג, וועמעס גלייכן עס איז קיינמאָל פריער ניט געוועזן באַוווּסט, און עס איז זינט דאַן ניט געוועזן קיין זאַך, מיט וואָס מען זאָל עס קענען פאַרגלייכן. די דאָגמעס, וואָס זיינען געשאַפן און געלערנט געוואָרן דורך זעלבסטזיכטיקע מענטשן, און וואָס זיינען אויסגעטראַכט געוואָרן פון דעם טייוול, זיינען געווען אינגאַנצן קעגן דעם אמת, וואָס איז גע־לערנט געוואָרן פון ישוע המשיחן און יהוהס נביאים; און דאָך זיינען די דאָזיקע פאַלשע לערעס אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן אויף די מענטשן. די רוימיש־קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע, באַ־הויפּטנדיק, אַז זי האָט דעם אויסשליסלעכן רעכט צו באַשטימען, וואָס די מענטשן זאָלן הערן און גלייבן, האָט געהאַלטן די ביבל באַהאַלטן פון דעם פּשוטן פאָלק און זיי האָבן זיי גע־צוווּנגען צו הערן און צו גלייבן די פאַלשע טעאָריעס פון מענטשן, וואָס זיינען געבויט אויף אָבערגלויבן און מורא. די דאָזיקע רשעותדיקע אָרגאַניזאַציע האָט פאַראורזאַכט, אַז מיליאָנען מענטשן האָבן דעם נאָמען פון קריסטוסן שטענדיק אין מויל, אָבער אין דער זעלביקער צייט גלייבן און פאָלגן נאָך די פאָרשריפטן פון מענטשן. דערפאַר האָט גאָט פאַר־צייכנט אין זיין וואָרט: „דער האַר האָט געזאָגט: ווייל דאָס דאָזיקע פאָלק גענענט צו מיר מיט זייער מויל, און זיי גיבן אָפּ כבוד מיט זייערע ליפּן; אָבער זיי האָבן אָפּגעקערט זייער האַרץ ווייט פון מיר, און זייער מורא פאַר מיר איז אַן איינגע־לערנט געבאָט פון מענטשן: דעריבער, זע, וועל איך ווייטער אָנגיין צו טאָן וווּנדער צווישן דעם דאָזיקן פאָלק, וווּנדערלעך וווּנדער.” — ישעיה כט: יג, יד.

אויב עמיצער האָט געוואָגט אויסצודריקן זיין מיינונג קעגן די דאָגמעס, וואָס זיינען געלערנט געוואָרן דורך די גלחים פון דער רוימיש־קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע, איז יענער תּכּף באַשולדיקט געוואָרן אין אַפּיקורסות. אין אָנהויב פון דעם עלפטן יאָרהונדערט זיינען אַ סך מענטשן, וואָס זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין גאָטלאָזיקייט, ווייל זיי האָבן געוואָגט צו האָבן אָדער אויסצודריקן אַ מיינונג קעגן דער רוימיש־קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע, געטייט געוואָרן דורך פאַרברענען אָדער דורך הענגען.

די אינקוויזיציע איז איינגעפירט געוואָרן מיטן צוועק אויס־צוגעפינען און צו באַשטראָפן איטלעכן מענטשן, וואָס איז געווען שולדיק אין וועלכע ניט איז איבערטרעטונג קעגן דער רוימיש־קאַטוילישער רעכט־גלויביקייט. אין דער צייט פון דעם דרייצנטן יאָרהונדערט איז די אינקוויזיציע געווען אין פולן שוווּנג. די פויפּסטן האָבן באַשטימט קאָמיסאַרן, וואָס פלעגן רייזן פון אָרט צו אָרט, נאָכצושפּיאָנירן מענטשן. קומענדיק אין אַ געגנט פלעגן די דאָזיקע קאָמיסאַרן אויפפאָדערן די איינ־וווינער זיך מודה צו זיין, אַז זיי זיינען אַפּיקורסים און צו באַצייכענען יענע, אויף וועמען זיי האָבן פאַרדאַכט, אַז זיי זיינען אַפּיקורסים, און אַ סך זיינען אַרעסטירט און באַשטראָפט געוואָרן בלויז אויפן גרונט פון אַזאַ מסרן. די בישאָפן האָבן גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צוצושטעלן געפענ־קענישן און אַנדערע שטראָפמיטלען. גרויזאַמע פייניקונגען זיינען אָנגעווענדט געוואָרן אַרויסצוצווינגען ווידויים פון מענטשן, וואָס זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין כּפירה. אַלע סאָרטן טייוולאָ־נישע כּלי־זין פלעגן באַנוצט ווערן אין די דאָזיקע פייניקונגען. די פאָלגנדיקע זיינען געווען בלויז עטלעכע פון די באַנוצטע פייניקונג־מיטלען: דעם קרבּנס פיס פלעגן געברענט ווערן מיט גליענדיקע אייזנס; ער האָט געמוזט אָנטאָן אַן אייזערנעם שטיוול, וואָס מען האָט אינגאַנצן אָנגעגאָסן מיט גליענדיקן בליי; דער קערפּער פון דעם קרבּן פלעגט אַריינגעלייגט ווערן אין אַ מאַשין, וואָס האָט זיינע געלענקען אויגס פון אַן אַנדער גע־

ריסן; אנדערע זיינען געלייגט געוואָרן אונטער מאַשינען, וואָס האָבן די קרבנות לאַנגזאַם מיט מעסערס צעשניטן אויף שטי־קער. יעדער אַדוואָקאַט, וואָגנדיק צו דערשיינען אַלס פאַר־טיידיקער פון אַ מענטש, וואָס איז באַשולדיקט געוואָרן אין אפיקורסות, פלעגט אַליין ווערן באַשולדיקט אין דעם פאַר־ברעכן פון כפירה, און אַזוינאָך זיינען די קרבנות געווען אָן שום מיטלען זיך צו פאַרטיידיקן אָדער זיך צו העלפן. די אינקוויזיציע איז באַטריבן געוואָרן מיט טייוולישער רשעות און אומברחמנותדיק אין איטאַליע, שפּאַניע, די באַלקאַן־שטאַטן, אירלאַנד, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, מעקסיקאָ, קובאַ, און פאַקטיש אין אַלע לענדער, וואָס זיינען באַוווּסט אַלס „קריסטנשאַפט”.

צוויי קענצייכנס פון דער אינקוויזיציע טרעטן דייטלעך אַרויס, נעמלעך: פאַרפאָלגונג וועגן פרייער רעדע, און די אונטערדריקונג און פאַרניכטונג פון ביכער. דער אויסדריקלע־כער צוועק פון אַזעלכע פאַרפאָלגונגען און פון די פאַרניכטונג פון ביכער איז געווען און איז שטענדיק, צו האַלטן דאָס פאָלק אין אומוויסנקייט און צו באַהאַלטן פון זיי די פעלשונגען פון דער רוימיש־קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע. זאָגט דער היסטאָרי־קער: „אַלע ביכער האָבן געמוזט אַדורכגיין די הענט פון די בישאָפן”, כדי אויסצומעקן יעדע זאַך, וואָס קאָן נאָר אויסזען צו זיין קעגן די רוימיש־קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע אַזוינאָך וואָלט ניט דערלויבט קיין שום זאַך צו דערשיינען, וואָס וואָלט געקענט „פאַרלעצן זייער רעלי־גיעזע עמפינדלעכקייט”, און זיי האַלטן אַלץ נאָך אין פאַרזעצן דעם זעלביקן געשריי. איטלעך פאַרברעכן, וואָס איז נאָר פאַר־שריבן אין דעם קרימינעלן פאַרצייכעניש, איז באַגאַנגען געוואָרן פון די פירער פון דער אינקוויזיציע. דאָס פשוטע פאָלק איז שטענדיק געהאַלטן געוואָרן אין שרעק און אין ציטער. אַ סך פון זיי זיינען געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרמסרן זייערע שכנים און אַזוי צו פאַראורזאַכן זייער הינריכטונג, האָפנדיק דערמיט צו ראַטעווען זיך אַליין פון דעם צאָרן פון דער אינקוויזיציע

אויסגעאיבט פון דער קירכן־רעגירונג. ס'איז ניט געווען מעגלעך פארן פאלק צו דערוועגן וויסן בנוגע יהוה און זיינע גנעדיקע צוגרייטונגען פאר דעם מענטשלעכן מין, ווייל די היינטצייטיקע פלשתים, די קאטוילישע הערארכיע, האט זיי אפגעהאלטן פון דערגרייכן אזא וויסן. קיין שום ביכער, וואס האבן געהאט א שייכות מיט דער הייליקער שריפט, זיינען ניט דערלויבט גע־ווארן צו קומען אין די הענט פון פאלק. (זע די בריטאנישע ענציקלאפעדיע — „אינקוויזיציע".) די אומגעהויערע און הימל־שרייענדיקע פארברעכנס פון דער הערארכיע און אירע משרתים האבן געליטן א געוויסן צוריקשטויס ארום דעם יאר 1800, און נאכדעם האט די הערארכיע אנגענומען א מער פארפיי־נערטע מעטאדע אין באגיין פארברעכנס. ביז אויפן היינטיקן טאג האלט די דאזיקע רשעותדיקע ארגאניזאציע אין איין אונטערדריקן די פארעפנטלעכונג פון ביכער, וואס לערנען דעם אמת פון גאטס ווארט, און זיי לאזן א סך אזעלכע ביכער פארברענען, און דאס איז הויפטזאכלעך דער פאל בנוגע די ביכער, וואס ווערן ארויסגעגעבן פון דער וואכטורעם ביבל־און טראקטאט־געזעלשאפט. די פשוטע מענטשן, וועמען מען האט איינגערעדט צו אונטערשטיצן די קאטוילישע ארגאני־זאציע, ווערט פארבאטן דורך די גלחים צו לייענען אזעלכע ביכער, וואס דערקלערן דעם אמת פון גאטס ווארט. אלע אר־גאניזאציעס, וואס זיינען ווען ניט איז געווען אויף דער ערד, האבן ניט געטאן אזויפיל, ווי דאס האט געטאן די רוימיש־קאטוילישע ארגאניזאציע צו באדריקן די מענטשן און צו האלטן זיי אין אומוויסנקייט פון גאטס ווארט. די דאזיקע ארגאניזאציע איז אזוינאך דער ערגסטער זעבארער שונא פון גאט און פון זיין אויסדערוויילט פאלק. זי פלאגט איצט, פאר־פאלגט און פארהאפט די, וואס לערנען דעם אמת, און זיי טוען דאס להכעיס.

די פלשתים זיינען געווען „ווארזאגערס". (ישעיה ב: ו) דאס מיינט, אז זיי האבן אויסגעאיבט די טייוול־רעליגיע. פונקט אזוי איז די רוימיש־קאטוילישע סיסטעם צונויפגעשטעלט פון

וואָרזאָגערס. די פאָלגנדיקע נבואה באַציט זיך אויסשליסלעך אויף זיי: „זייער לאַנד [די פּאָזיציע, וואָס זיי פאַרנעמען צווישן מענטשן] איז פול מיט אָפּגעטער; זיי בוקן זיך צום ווערק פון זייערע אייגענע הענט, צו דעם, וואָס זייערע אייגענע פינגער האָבן געמאַכט [אַזויאַרום, אַלס אַ מיטל צו באַקומען געלט, רעדן זיי צו די פּשוטע מענטשן צו קויפן זייערע געצנבילדער, כּדי צו נוצן די זעלביקע אין זייער רעליגיע־קולט]: און דער געמיינער מענטש בוקט זיך, און דער הויכער מענטש דערנידעריקט זיך.״ — ישעיה ב: ח, ט.

אין דער קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע בייגט זיך דער געמיינ־סטער מענטש פאַר די קאַטוילישע פּרעלאַטן, פּונקט ווי דער האַר האָט עס פאָרויסגעזאָגט. ביז צום היינטיקן טאָג איז די רוימיש־קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע גורם, אַז מען זאָל שפּילן אין די טעאַטערס קינאָ־בילדער, וואָס ווייזן ווי אַזוי רוימיש־קאַטוילישע גלחים פירן דורך זינלאָזע צערעמאָניעס, באַהויפּטנ־דיק דערביי צו בענטשן אויטאָמאָבילן און אַזוינאָך צו פאַר־היטן אומגליק־פאַלן פון די, וואָס פאָרן אין זיי, ניט קוקנדיק אויף דעם, ווי שלעכט די פאָרער אָדער די טרייבער מעגן זיין. דאָס גיט דער הערארכיע נאָך אַ מיטל, ווי אַזוי צו באַקומען אויף אַ באַטריגערישן אופן געלט. מיט דעם, וואָס זי נוצט אויס די לייכט־גלויביקייט פון דערשראָקענע און אַבערגלויבערישע מענטשן. דאָס פאָרגייענדיקע איז אַ באַריכט נאָר וועגן עטלעכע פון די רשעותדיקע מעשים און פאַרברעכנס פון דער הערארכיע, און דאָס איז די באַנדע, וואָס באַרימט זיך צו זיין דער געט־לעכער יורש פון דעם שליח פּעטרוסן. עס איז זיכער, אַז ווען די מענטשן וועלן זיך דערוויסן דעם אמת, וועלן זיי זיך אָפּ־זונדערן פולשטענדיק פון אַזעלכע היפּאָקריטן.

## פּאָליטיש

די פּלשתּים זיינען געווען אין אַ פּאָליטישער קאָנפעדעראַציע, וואָס האָט אָנגעפירט מלחמות פון דעראָבערונג מיטן אָפּן־דער־קלערטן צוועק צו געוועלטיקן און צו הערשן איבער די מענטשן.

פונקט אזוי איז די רוימיש־קאטוילישע ארגאניזאציע, די היינט־ציייטיקע פלשתים, באטריגעריש אפערירענדיק אונטער דעם נאמען פון קריסטוסן, א פארשווערונג פון זעלבסטזיכטיקע מענטשן, ארגאניזירט און אויסשליסלעך באטריבן פאר פאליטישע, פינאנציעלע און אייגננוציקע צוועקן. די פאליטישע משרתים פון דער רוימיש־קאטוילישער קירכן־רעגירונג אפערירן צווישן יעדן פאלק אויף דער ערד. די דאזיקע רשעותדיקע ארגאניזאציע באהערשט די פאליטישע אמטן פון אלע נאציעס פון דער „קריסטנשאפט". פריער איז דער הערארכיע געווען מער אדער ווייניקער שווער צו קריגן קאנטראל איבער די פאראייניקטע שטאטן; אבער אין דער איצטיקער צייט מאכט זי מער פארטשריט אויף דעם דאזיקן וועג. אנדערש געזאגט, די אמעריקאנער רעפובליק, וואס באדארף זיין א פרייע נאציע, איז איצט פאקטיש אונטער דער הערשאפט פון אן אויסלענדישער מאכט, און די דאזיקע אויסלענדישע מאכט באשטייט פון די היינטצייטיקע פלשתים, און זי האט איר הויפטאמט אין דער וואטיקאן־שטאט, רוים. באטראכט די עטלעכע היסטארישע פאקטן, וואס פאלגן איצט:

אין דעם זיבעצנטן יארהונדערט האט די רוימיש־קאטוילישע ארגאניזאציע געוווּנען א פעסטן אנהאלט אויף דעם אמעריקאנער קאנטינענט מיט דער גרינדונג פון דער פראווינץ מערילאנד דורך דער משפחה פון לארד באלטימאר. ביי היינטיקן טאג איז דאס די שטארקסטע פאליטישע ארגאניזאציע אין אמעריקע. איר אפיציעלער אדרעסבוך פון יאר 1935, א בוך, וואס האט מער פון טויזנט זייטן, איז אנגעפילט בלויז מיט די פארצייכענונגען פון באאמטע פון דער הערארכיע און אירע משרתים. די גיריקע אמביציע פון דער דאזיקער ארגאניזאציע איז תמיד געווען צו קריגן פולשטענדיקן קאנטראל איבער די פאראייניקטע שטאטן. דעם 26טן סעפטעמבער 1900 האט זיך פארמירט א פעדעראציע פון אלע קאטוילישע געזעלשאפטן אין אמעריקע, נעמלעך „מיטן אפן־דערקלערטן צוועק צו באאיינפלוסן די געזעצגעבערישע קערפערשאפטן און צו פארזי־

כערן זיך מיט דעם, וואָס די קאַטאָליקן באַהויפּטן זייִנען זייערע רעכט״ אין אַמעריקע.

„בייַ דער יערלעכער פאַרזאַמלונג פון דער נאַציאָנאַלער אוניאָן פון קאַטוילישע יונגע מענער אין ברוקלין, דעם 26טן סעפּטעמבער, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע צו פאַר־מירן אַ מעכטיקע פעדעראַציע פון אַלע געזעלשאַפטן פון דער רוימיש־קאַטוילישער קירך אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַר פּאָליטישע צוועקן. לעצטן פרייִטיג האָט דער בישאָף מעקפאָל פון טרענטאָן, ניו־דזשוירזי, געזאָגט דעם „פּאַרצייטיקן אָרדער פון היבערניענס״ [אירלענדער], אַז די רוימישע קאַטאָליקן זייִנען נאַראָנים דערמיט, וואָס זיי אָרגאַניזירן זיך ניט אין איין סאָלידער מאַסע און לאָזן ניט פילן זייער כּח אין דער פּאָליטיק פון דעם דאָזיקן לאַנד; עס זייִנען פאַראַן 2 000 000 רוימיש־קאַטוילישע וויילער, און אויב זיי וואָלטן געווען פאַר־אייניקט פאַר פּאָליטישער אַקציע, וואָלטן זיי געקאָנט פאַר־וואַנדלען דאָס לאַנד אין אַ רוימיש־קאַטוילישע נאַציע.

„די דאָזיקע פעדעראַציע איז איצט פאָרמירט געוואָרן פון די פאָלגנדיקע געזעלשאַפטן: די קאָלומבוס־ריטער; די סט. דזשאָן־ריטער; דער קאַטוילישער אונטערשטיצונג־לעגיאָן, דער פּאַרצייטיקער אָרדער פון היבערניענס, די אירלענדיש־קאַטוי־לישע אונטערשטיצונג־פאַראייניקונג, די אירלענדיש־אַמעריקאַ־נישע געזעלשאַפטן, די דייטש־אַמעריקאַנישע געזעלשאַפטן, די קאַטוילישע ריטער פון אַמעריקע, די קאַטוילישע טאָטאַלע אַב־סטינענץ־פאַראייניקונג; ... אַ חוץ די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זייִנען פאַראַן אַ סך אַנדערע פון קלענערער באַדייטונג.

„די פעדעראַציע איז פאָרמירט געוואָרן מיט דעם אָפן־דער־קלערטן צוועק צו באַאייַנפלוסן די געזעצגעבערישע קערפּער־שאַפטן און צו פאַרזיכערן זיך מיט דעם, וואָס די קאַטאָליקן באַהויפּטן זייִנען זייערע רעכט אין אַמעריקע.

„דער צוזאַמענפאָר, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּאַרק־טעאַטער, ברוקלין, איז געווען די גרעסטע פאַרזאַמלונג אין דער געשיכטע פון דער נאַציאָנאַלער אוניאָן פון [קאַטוילישע

יונגע מענער, און דאָרט האָבן פירנדיקע פריסטער און ניט־גייסטלעכע פון אַלע טיילן פון לאַנד רעדעס געהאַלטן. ... דער צוזאַמענפאָר האָט איינשטימיק גוטגעהייסן דעם פּלאַן פון אַ פעדעראַציע און האָט באַשטימט קאָמיטעטן דאָס צו פאַרווירקלעכן. אַזוי וועלן צענטויזנטער מענטשן פון דעם קאַטוילישן גלויבן געבראַכט ווערן אונטער איין נאַציאָנאַלן הויפּט, און די דאָזיקע מעכטיקע קערפּערשאַפט פון מענער וועט האָבן אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער נאַציאָנאַלער געזעצגעבונג." — דער ברוקלינער איגל.

„האָבנדיק אין באַזיץ די שטעט, שטרעבן איצט די רוימישע קאַטוילִיקן צו דערגרייכן קאָנטראָל אין נאַציאָנאַלע ענינים. ‚מיר מוזן מאַכן אַמעריקע קאַטויליש', האָט געזאָגט ערצבישאָף אירלאַנד ביים הונדערטסטן יאָרפעסט פון דער גרינדונג פון דער רוימיש־קאַטוילישער היעראַרכיע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין באַלטימאָר, דעם 10טן נאָוועמבער 1889. ‚מיר מוזן מאַכן אַמעריקע קאַטויליש. אַזוי ווי מיר האָבן ליב אונדזער קירך, איז עס גענוג צו דערמאָנען, אַז אונדזער אַרבעט און אונדזער געשריי זאָל זיין: גאָט וויל עס אַזוי! און אונדזערע הערצער זאָלן זיך אַ הייב טאָן דערצו מיט דעם ענטוזיאַזם פון קרייצפאָרער.' ... ‚פאַרוואָס זאָלן מיר מורא האָבן אָדער צעגערן?', האָט ער פאָרטגעזעצט מיט גליענדיקן אייפער און מיט שטאָלצער באַרימעריי, ‚מיר זיינען צען מיליאָנען — אַ מעכטיקע אַרמיי, אויב די כּחות זאָלן ווערן גוט אָנגעפירט און אויב זייער פאַרבאָרגענע קראַפט זאָל אַרויסגעבראַכט ווערן פאַר מעשׂים. די קאַטאָליקן אין אַמעריקע זיינען לאָיאַל צו זייער קירך און איבערגעגעבן צו אירע פירער. זייערע באַמיאונגען און זייערע טריאומפן אין דעם ערשטן יאָרהונדערט פון זייער געשיכטע באַווייזן, וואָס זיי זיינען פעיִק צו דערגרייכן אין דעם קומענדיקן יאָרהונדערט, ווען זיי זיינען באַוווסטזיניק ווען זייער מאַכט און ווען זיי זיינען פולשטענדיק געבראַכט אונטער דער היעראַרכישער אָרגאַניזאַציע.' " — דער באַקערטער קאַטאָליק, ניו־יאָרק.

זאָגט דער נאַציאָנאַלער קאַטוילישער אַדרעסבוך: „עס איז גאָטס פּלאַן, אַז דער הייליקער פּאָטער פון רוים זאָל זיין דער צייטלעכער און גייסטיקער הויפּט פון זיין קעניגרייך אויף דער ערד.״ פּונקט ווי ביי די פּאַרצייטיקע פּלשתּים איז דאָס אַ גע־וואַגטע תּביעה פון דער הערארכיע וועגן דעם פּלאַץ אָדער אָרט פון „יהודה״, וואָס געהערט מיט רעכט די, וואָס דינען באַאמתדיק יהוה גאָט און ישוע המשיחן. דער פּרעזידענט פון די פּאַראייניקטע שטאַטן האָט אין יאָר 1916 דערהויבן איינעם אַ טיומאָלטי, אַ רוימיש־קאַטוילישן קאָלומבוס־ריטער, צו זיין זיין פּריוואַטער סעקרעטאַר, בנוגע וואָס עס זאָגט דער נאַציאָ־נאַלער קאַטוילישער אַדרעסבוך: „גלייך נאָך דעם פּרעזידענט ... איבט טיומאָלטי אויס ... די גרעסטע פּאָליטישע מאַכט פון וועלכן ניט איז מענטשן אין אַמעריקע.״ אונטער דער אַדמיניסטראַציע פון פּרעזידענט ווילסאָן און טיומאָלטי זיינען יהוהס עדות פאַרמשפּט געוואָרן צו 80 יאָר תּפיסה פאַר באַ־קאַנט מאַכן דעם אמת, און די משרתים פון דער הערארכיע האָבן געפירט צו דעם דאָזיקן רעזולטאַט.

פרענקלין ד. רוזוועלט איז דערווילט געוואָרן פאַר פּרעזידענט אין יאָר 1932. זיין קאַמפּאַניע־פאַרוואַלטער, דער הויפּט־באַאַמטער פון זיין קאַבינעט, איז אַ רוימישער קאַטאָליק, וואָס איז מער פאַראינטערעסירט אין דער הערארכיע איידער אין דעם פאָלק פון אַמעריקע. אין רוזוועלטס פּאָליטישער אָרגאַני־זאַציע זיינען פאַראַן מער קאַטאָליקן איידער מענטשן פון אַנדערע רעליגיעס. אין אַפּריל 1933 האָט דער פּויפּסט פּראָ־קלאַמירט דעם אַזוי־גערופענעם „הייליקן יאָר״, וואָס האָט געקראָגן די גוטהייסונג פון דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און פון זיין נאָענסטן באַאַמטן־קרייז. די רוימיש־קאַ־טוילישע אָרגאַניזאַציע האָט פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר אָנגע־פירט אַ קאַמפּאַניע פון בייזוויליקע פאַרלוימדונגען און רכילות קעגן יהוהס עדות, און האָט פאַרזוכט זיי צו פאַרטרייבן פון דער ראַדיאָ און אַזוינאָך אָפּצוהאַלטן די מענטשן פון הערן דעם אמת. אַ פּעטיציע, אונטערצייכנט פון צוויי און אַ האַלב

מיליאָן אַמעריקאַנער בירגער איז איבערגעגעבן געוואָרן דער רעגירונג, פאָדערנדיק, אַז די רעגירונג זאָל אָננעמען מיטלען אָפּצוהאַלטן די דאָזיקע ניט־דערלויבטע שטערונג פון דעם פאָלקס רעכט צו הערן דעם אמת. אָבער די רוזוועלט־אַדמיני־סטראַציע האָט זיך אַנטזאָגט עפּעס צו טאָן. די פאַרפאָלגונגען פון יהוהס עדות מצד דער הערארכיע האַלט אין וואַקסן, און אַ סך אומשעדלעכע מענער און פרויען ווערן אַריינגעזעצט אין תּפיסה, ווייל זיי זאָגן עדות וועגן גאָטס וואָרט.

דעם 8טן מערץ 1934 האָט די ניו־יאָרקער סאַן פאַרעפנט־לעכט אַ ספּעציעלע נאַכריכט פון רוים, אַז אַן ענדגילטיקע פאַרשטענדעניש איז דערגרייכט געוואָרן צווישן פּרעזידענט רוזוועלט און דעם וואַטיקאַן וועגן דעם, אַז עס זאָלן אָנגעקניפּט ווערן דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און דעם „הייליקן זיץ", אַזוי שנעל, ווי די עפנטלעכע מיינונג אין אַמעריקע וועט געבראַכט ווערן דערצו. אין אַנדערע ווערטער, דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט איינגעשטימט צו שטיצן די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע, אַ פּרעמדע מאַכט, און דאָס צו טאָן עפנטלעך, אַזוי שנעל ווי דאָס פאָלק וועט קענען פאַרבלענדט ווערן גענוג איינצווויליקן אין דעם. די הערארכיע האָט דאַן דורכגעפירט איר קאַמפּאַניע צו פירן דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק צו אָט דעם דאָזיקן פונקט. דעם 17טן מערץ 1935 איז פאָרגעקומען אַ מאָביליזאַציע פון אַלע קאַטוילישע געזעלשאַפטן אין אַמעריקע, פאַרטרעטנדיק יעדן שטאַט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועמעס אויסדריק־לעכער צוועק איז געווען צו באַאַרבעטן די אַמעריקאַנער איינצו־וויליקן אין דער איינפירונג פון פּאָליטישע, דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען צווישן דעם וואַטיקאַן און די פאַראייניקטע שטאַטן, דאָס הייסט, אויפצונעמען פּאָליטישע אַמבאַסאַדאָרן פון דעם וואַטיקאַן ביי די אַמעריקאַנער פּאָליטישע צוזאַמענקומעניש אין וואַשינגטאָן. די פּרעמדע מאַכט, די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע־אָרגאַניזאַציע, האַלט שוין אויך אין וואַשינגטאָן אַן „אַפּאָסטאָלישן דעלעגאַט". דער אָפיציעלער קאַטוילישער אַדרעס־

בוך פאַרן יאָר 1935 זאָגט: „דער אַפּאָסטאָלישער דעלעגאַט אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַמלעטאָ דזשיאָוואַני טשיקאָ־ניאַני, געבוירן אין איטאַליע דעם 24טן פעברואַר 1883, ... באַשטימט פאַרן אַפּאָסטאָלישן דעלעגאַט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און טיטולאַרער ערצבישאָף פון לאַאָדיציעאַ דעם 17טן מערץ 1933"; דאָס מיינט צו זאָגן, נאָכדעם ווי מר. רוזוועלט איז געוואָרן פּרעזידענט.

די רוימיש־קאַטוילישע העראַרכיע איז גורם, אַז יהוהס עדות ווערן איצט גרויזאַם פאַרפאָלגט אין אַלע טיילן פון דער „קריי־סטנשאַפט" און הויפּטזאַכלעך אין עסטרייך, דייטשלאַנד, עסטאָ־ניע, קוועבעק און ניו־דזשוירזי. אין די אויבן־דערמאָנטע פרעמדע לענדער ווערן די ביכער פון דער וואַכטורעם־געזעל־שאַפט, פאַרכאַפּט און פאַרניכט, ווייל זיי דערקלערן די ביבל, און אַ סך פון יהוהס עדות, די אמתע נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן, ווערן באַשולדיקט אין „אויפשטאַנד־קאָנספּיראַציע" און ווערן אַריינגעוואָרפן אין תּפיסה, ווייל זיי האָבן געהאַט אין זייער באַזיץ אָדער ווייל זיי האָבן אויסגעטיילט אַזעלכע ביכער, און די דאָזיקע אַלע פאַרפאָלגונגען פון די געטרייע עדות פון יהוה ווערן באַגאַנגען פון די זעלבע מענטשן, וואָס באַהויפּטן, אַז זיי זיינען די „יורשים פון דעם שליח פּעטרוס" און די אָפיציעלע פאַרטרעטער פון גאָט און משיחן אויף דער ערד. דערשטוינענדיקע צביעות! די מאָדערנע פּלשתּים פירן אָן די דאָזיקע פאַרפאָלגונגען קעגן יהוהס עדות „מיט נקמה" און „מיט אַ בייזוויליק האַרץ" און „האַס", פּונקט אַזוי ווי די פאַרצייטיקע פּלשתּים האָבן געטאָן קעגן גאָטס אויסדערוויילט פאָלק אין פּאַלעסטינע. — יחזקאל כה: טו.

„אַן אָפּמאַך מיטן שאול"

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די רוימיש־קאַטוילישע העראַר־כיע, די מאָדערנע פּלשתּים, האָט איינגערעדט מיליאָנען מענטשן צו גלייבן, אַז די דאָזיקע אינסטיטוציע פאַרטרעט גאָט און משיחן אויף דער ערד, האַנדלט דאָך די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע

פונקט קענען גאטס ווארט. יהוהס נביאים האבן געווארנט די פעלקער אויף דער ערד וועגן דעם טאג פון הר־מגדון און דער געוואלטיקער צעשטערונג, וואס דער האר וועט ברענגען איבער די רשעים אין יענער צייט. די הערארכיע, מיט פרומע פנימער און הייליקע ווערטער, דערקלערט באמבאסטיש, אז די דאזיקע נבואות וועגן הר־מגדון זיינען ניט אמת, און ספעציעל, וואס מען זאגט וועגן דער קאטוילישער ארגאניזאציע. זאגט צום ביישפיל דער קאטוילישער פרימענס זשורנאל פון מאי 1935, וואס דערשיינט אין סידני, אויסטראליע, וועגן די דאזיקע נביאים און יהוהס עדות: „דער רעפרען פון זייער בשורה איז, אז אלע פאליטישע און גייסטלעכע ארגאניזאציעס זיינען אונטער דעם שטנס הערשאפט, די קאטאליקן זיינען מער אונטער דעם טייוולאנישן קנאפל איידער די פראטעסטאנטן; אז גאט האלט ביים אומברענגען די חברה, הן די קאטאליקן, הן די פראטעסטאנטן. כדי זיך צו ראטעווען פון ענדגילטיקער פארניכטונג מוז מען ווערן יהוהס עדות. . . . איך וואלט גאר ניט באשולדיקט די מענטשן, אויב זיי ציען פאר ענדגילטיקע פארניכטונג. דאך, עס איז ניטא קיין נויטיקייט אויסצוקלייבן איינע פון די צוויי; פאקטיש איז ענדגילטיקע פארניכטונג אן אוממעגלעכקייט.״

די נבואות פון ישעיה, ירמיה, יחזקאל און עמוס וועגן די פלשתים זיינען געווארן געשריבן א סך שפעטער, נאכדעם ווי די פארצייטיקע פלשתים זיינען אלס א פאלק געווען פארניכט; און דאס איז אן ענדגילטיקער באוויז, אז די דאזיקע נבואות באציען זיך אויף די מענטשן, וואס זיינען דורך די פארצייטיקע פלשתים סימבאליזירט אדער בילדלעך געשילדערט געווארן. די איבערוועלטיקנדיקע באווייזן באשטעטיקן, אז די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע פאסט פינקטלעך אריין אינם בילד, וואס איז געשאפן געווארן פון די פארצייטיקע פלשתים; אנדערש געזאגט, די הערארכיע שטעלט מיט זיך פאר די מאדערנע פלשתים. מאכנדיק דעם אנשטעל, אז זיי האבן פארלאזן דעם שטנס וועלט און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דעם האר, און אז זיי האבן זיך מקדיש־געווען פאר גאט און ישוע המשיחן,

נעמען זיי אָבער פּאַקטיש חוצפּהדיק אָן די שטעלונג אָדער דאָס אָרט פון ישוע המשיחס נאָכפאָלגער, וואָס סימבאָליש וווינען אין דעם „לאַנד יהודה".

מלה, ווי דאָס ווארט געברויכט אונטער דעם געזעץ פון גאָט, איז אַ סימבאָל פון פולער הייליקייט און איבערגעגעבנקייט צו יהוה. די הייליקע שריפט האָט אָפט פאַרדאַמט די פּלשתּים מיט ווערטער פון פאַראַכטונג אַלס „די אומבאַשניטענע". (זע שופטים יד: ג; טו: יח; שמואל א יד: ו; יז: כו; שמואל ב א: כ) דאָס איז אַ באַוויַיז, אַז די פּלשתּים האָבן מיט זיך פאָר־געשטעלט אַ קלאַס מענטשן אָדער אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פאַרמשפּט צו שאַנדע. נאָכמער, די פּלשתּים האָבן מיט זיך געשילדערט אַ מין, וואָס איז פאָרויסגעצייכנט געוואָרן פאַר חרפּה, דערמיט וואָס גאָט האָט געשלאָגן די פּלשתּים מיט אַ מכּה פון בלאָטערן, וואָס הייסט אין דער מאָדערנער שפּראַך מערידן, דאָס מיינט צו זאָגן, געשווירן אין דעם רעקטום. „און עס איז געווען, נאָכדעם ווי זיי האָבן אים [דעם אָרון] אַריבער־געטראָגן, איז די האַנט פון גאָט געווען קעגן דער שטאָט מיט זייער אַ גרויסער צעשטערונג; און ער האָט געשלאָגן די מענטשן פון דער שטאָט פון קליין ביז גרויס, און עס האָבן אויסגע־בראָכן ביי זיי בלאָטערן אין זייערע פאַרבאָרגענע ערטער. [(סעפּטואַגינטאַ און וואַלגאַטאַ) און די מענטשן פון גת (האָבן זיך צוזאַמען באַראַטן און) האָבן געמאַכט פאַר זיך געזעסן (פון פעל).]" — שמואל א ה: ט.

די אומבאַשניטענע פּלשתּים האָבן געוואָלט האַלטן די יש־ראלים אין קנעכטשאַפט, כּדי זיך צו באַרייכערן. די מאָדערנע אומבאַשניטענע פּלשתּים, די רוימיש־קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע, וויל פאַרניכטן גאָטס פאָלק און האַלטן אַלע אַנדערע מענטשן אין אונטערטעניקייט, כּדי צו שניידן געלט־געווינסן.

די תּביעה, אַז דער פּויפּסט איז דער יורש פון דעם שליח פּעטרוסן, איז אַזוי פאַלש ווי דער טייוול אַליין. ישוע המשיח זאָגט: „מיין מלוכה איז ניט פון דער דאָזיקער וועלט." די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע באַהויפּט: „עס איז אונדזער

רעכט די דאזיקע וועלט צו רעגירן און צו קאנטראלירן." ישוע האט געזאגט, אז דער שטן איז דער הערשער אדער דער אומזעבארער פירשט פון דער דאזיקער וועלט, און דאס באווייזט, אז די רוימיש־קאטוילישע קירכן־רעגירונג איז דער אגענט פון דעם שטן. (יוחנן יב : לא; קארינטער ב ד : ד) די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע איז ניט בלויז א פריינט פון דעם שטנס וועלט, נייערט אפילו א באשטאנדטייל דערפון, און צוליב אט דער סיבה אליין, קאן די דאזיקע רשעותדיקע ארגאניזאציע ניט פארטרעטן גאט, נאר איז פאקטיש גאטס שונא. די פאלגנדיקע ווערטער פון דעם שליח יעקב באציען זיך דייטלעך אויף דער דאזיקער רשעותדיקער ארגאניזאציע : „איר נואפים און נואפות, ווייסט איר ניט, אז די פריינטשאפט צו דער וועלט, איז פיינטשאפט קעגן גאט? דערפאר איטלעכער, וואס וויל זיין א פריינט פון דער וועלט, איז א שונא פון גאט." (יעקב ד : ד) נואפן, ווי דאסווארט ווערט געברויכט אין דעם דאזיקן פסוק, מיינט פארבאטענע באציאונגען צווישן דער קירך און דעם שטאט דורך מענטשן פון אן ארגאניזאציע, וואס באהויפטן, אז זיי פארטרעטן גאט און וועלכע באהעפטן זיך אין דער זעלביקער צייט מיט דער פארברעכערישער, פאליטישער וועלט און ווערן א טייל דערפון. אז די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע שטעלט מיט זיך צונויף די מאדערנע פלשתים, און איז דער הויפט־שונא פון גאט און זיין מלוכה, וועגן דעם איז ניטא דער קלענסטער צווייפל, און גאטס הבטחה איז, אז דורך דער האנט פון דעם קעגנבילדלעכן דודן, ישוע המשיחן, וועט ער ראטעווען זיין פאלק פון די הענט פון די דאזיקע שונאים. (שמואל ב ג : יח) טא וואס איז דער שיקזאל אדער דער פולשטענדיקער סוף פון די היינטצייטיקע פלשתים? די דאזיקע פראגע איז איצט פון דער גרעסטער וויכטיקייט פאר אלע, וואס ליבן יהוה.

יהוה האט דערלויבט די פלשתים צו פארבלייבן אין לאנד פון יהודה, כדי צו שטעלן די ישראלים פאר א פרווו. די פלשתים זיינען דעריבער באנוצט געווארן פון יהוה צו זיין א בילד וועגן א גרעסערן פרווו, וואס וועט קומען אויף זיין אויסדער־

ווײַלט פֿאָלק; און דער דאָזיקער פּרוּוו איז פֿאַרבונדן מיט דער רעכטספֿאַרטיקונג פֿון זײַן נאָמען. פּונקט אַזוי האָט גאָט געלאָזט דעם שׂטן פֿאַרבלײַבן אויף דער ערד, נאָכדעם ווי ער איז פֿאַר־משפּט געוואָרן צום טויט, אַז מען זאָל זאָגן עדות פֿאַר יהוהס נאָמען אויף דער ערד, און אַז ער זאָל אין דער געהעריקער צײַט באַווײַזן זײַן העכסטע מאַכט און אַזוי רעכטפֿאַרטיקן זײַן נאָמען. (שמות ט: טז) צוליב דער זעלביקער סיבה האָט יהוה געלאָזט די מאָדערנע פּלשתּים, די אַזוי־גערופֿענע „קריסטלעכע" רוימיש־קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע צו פֿאַרנעמען דאָס אָרט, וואָס געהערט מיט רעכט די, וואָס זײַנען אים איבער־געגעבן, און ער האָט דערלויבט אַן אומהייליקע אָרגאַניזאַציע צו פֿאַרפֿאָלגן זײַן פֿאָלק, כּדי זײַנע געזאַלבטע און איבערגע־געבענע זאָלן קאָנען באַווײַזן זייער שטאַנדהאַפֿטיקייט בנוגע אים, און אין דער זעלביקער צײַט זאָלן קאָנען זאָגן עדות פֿאַר די מענטשן מכּח גאָטס נאָמען.

אין די דאָזיקע לעצטע טעג פֿון סכּנה, האָט יהוה געמאַכט אַלע נויטיקע באַוואָרענישן צו טרייסטן זײַן פֿאָלק און צו קרעפֿטיקן זייער האָפֿענונג, און פֿון צײַט צו צײַט וויקלט ער פֿאַר זיי פֿאַנאַנדער זײַנע נבֿואות צוליב דעם דאָזיקן צוועק. יהוה און ישוע המשיח זײַנען איצט די לערער פֿון די, וואָס האָבן זיך איבערגעגעבן צו אים און זײַן מלוכה, און די דאָ־זיקע איבערגעגעבענע דאַרפֿן ניט קיין שום מענטשן, וואָס זאָל זיי לערנען. (ישעיה ל: כ) זײַנע געטרײַע עדות האָט יהוה געגעבן זײַן הבטחה: „און עס וועט געשען: איידער זיי רופֿן, וועל איך ענטפֿערן; און בעת זיי רעדן נאָך, וועל איך הערן." (ישעיה סה: כד) געטרײַ צו זײַן צוזאָג, באַווײַזט איצט יהוה זײַן פֿאָלק דעם באַדײַט פֿון דער נבֿואה וועגן די פּלשתּים. אין דער איצטיקער וועלטנויט, בעת דער שׂונא פֿאַרפֿאָלגט גרויזאַם יהוהס פֿאָלק אויף דער ערד, איז עס אַ גרויס טרייסט, אַז יהוה לאָזט זיי וויסן, פֿאַרוואָס ער דערלויבט אַזעלכע פֿאַרפֿאָלגונגען, און וואָס עס וועט זײַן דער ענדגילטיקער סוף. אַזוי ווי גאָטס געטרײַע מענטשן שטודירן און באַטראַכטן די דאָזיקע נבֿואות

וועגן די פּלשתּים, סיי די פאַרצייטיקע און סיי די היינטיקע, דערהאַלטן זיי גרויסע טרייסט, און תּיפֿף ווערט עס די פּריוועלעגיע און פליכט פון איטלעכן, וואָס דערהאַלט אַזאַ טרייסט, צו בּרענגען די בּשׂורה פון טרייסט צו אַנדערע, וואָס האָבּן דעם בּאַגער צו ווערן געטרייסט. (קאָרינטער בּ א: ג־ה) עס זיינען מסתּמא פאַראַן מיליאָנען מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס זיינען איצט אונטער דעם בּאַהערשנדיקן איינפלוס פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע, אַזוי גוט ווי אַנדערע, ווער עס אויגן מוזן געעפנט ווערן, און אַז די דאָזיקע וועלן ווערן אַ טייל פון דער „גרויסער מחנה” אָדער פון די „יהונדבים”. — אַנטפּלעקונג ז: ט־יז.

יהוה האָט עס קלאָר געמאַכט, אַז ער וועט אויסגעפינען אַלע זיינע שׂונאים און וועט אַרויפלייגן אויף זיי אַ גערעכטע שטראָף פאַר דער גאַנצער רשעות, וואָס איז פון זיי בּאַגאַנגען געוואָרן: „דיין האַנט וועט אויסגעפינען אַלע דיינע שׂונאים, דערגרייכן וועט דיין רעכטע האַנט דיינע האַסער. דו וועסט זיי מאַכן ווי אַ פייעראויוון אין דער צייט פון דיין צאָרן: יהוה וועט זיי אומבּרענגען אין זיין כּעס, און פייער וועט זיי פאַרצערן. זייער פרוכט וועסטו פאַרטיליקן פון דער ערד, און זייער זאָמען פון צווישן די מענטשן־קינדער. וואָרן זיי האָבּן געהאַט בּדעה שלעכטס קעגן דיר; זיי האָבּן געטראַכט בּייזע געדאַנקען: זיי זיינען ניט אימשטאַנד זיי אויסצופירן.” — תּהלים כא: ח־יא.

די בּאַווייזן, וואָס זיינען דאָ פאָרגעבּראַכט, בּאַשטעטיקן ענדגילטיק, אַז די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע איז דער הויפּט־שׂונא פון גאָט און זיין געזאַלבּט פאָלק, און אַז די פאַרצייטיקע פּלשתּים און זייער האַלטונג צו די ישׂראלים האָבּן אילוסטרירט די דאָזיקע זאַך. אין דער נבואה וועגן דער פאַרשווערונג אָפּצושניידן זיין פאָלק פון צו זיין אַ נאַציע, ווערן די פּלשתּים גאַנץ בּאַזונדערס דערמאָנט פון דעם האַר, אַז זיי זיינען אין דער דאָזיקער פאַרשווערונג. (תּהלים פג: ז) עס שטייט געשריבּן אין ישעיה כח: כא: „אַזוי ווי אויפן בּאַרג פרצים וועט גאָט אויפשטיין, אַזוי ווי אין טאָל פון גבעון וועט

ער צערענען, צו ווערקן זיין ווערק — מאָדנע איז זיין ווערק, און צו טאָן זיין טואונג — אויסטערליש איז זיין טואונג." דער צוזאַמענהאַנג באַווייזט קלאָר, אַז די דאָזיקע נבואה ווערט דערפילט, נאָכדעם ווי ישוע המשיח איז דערהויבן געוואָרן אויף זיין טראָן און איז געקומען אין יהוהס טעמפל צום משפט.

די רוימיש־קאַטוילישע גלחים־רעגירונג און אַלע אַנדערע רעליגיאָניסטן, וואָס שטעלן זיך איצט אייגנוויליק אויף דער זייט פון דער דאָזיקער רשעותדיקער אָרגאַניזאַציע און קעגן גאָטס געזאַלבטע, זיינען די, וואָס באַהויפטן, אַז זיי האָבן פאַרשניטן אַ בונד מיטן טויט און שאול, כדי די „טויערן פון שאול" זאָלן ניט קענען איבערוועלטיקן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע רעליגיעז־פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע באַהויפּט, אַז עס איז ניטאָ קיין טויט, נייערט אַז אַלע מענטשן גייען ביים שטאַרבן אָדער אין לייטערונגס־פייער אָדער אין גיהנום. ווייטער, באַהויפּט די רוימיש־קאַטוילישע סיסטעם צו זיין אַ געטלעכע אינסטיטוציע, און אַז די קאַטאָליקן זיינען ניט איינגעשלאָסן אין דער פאַרדאַמונג, וואָס איז אויסגעשפּראָכן געוואָרן פון יהוה קעגן די רשעים. די דאָזיקע תּביעות זיינען זעלבסט־פאַרשטענדלעך פאַלש. ישוע האָט באַנוצט די דאָזיקע ווערטער: „די טויערן פון שאול וועלן זיי ניט איבערוועלטיקן." (מתּתיה טז: יח) די רוימיש־קאַטוילישע פּריסטער־הערשאַפט האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן די דאָזיקע ווערטער און האָט זיי פאַלש אָנגעווענדט אין איר באַמיאונג צו באַווייזן, אַז די קאַטוילישע אינסטיטוציע וועט זיך אייביק האַלטן. די אויבן־ציטירטע ווערטער פון ישוע זיינען ניט אונטערוואָרפן צו אַזאַ אויסטייטשונג, און עס איז אויגנשיינלעך, אַז די קאַטוילישע באַהויפּטונג וועגן דעם באַדייט פון אַזעלכע ווערטער איז אינגאַנצן פאַלש און געפינט ניט קיין שום יסוד פון אמת. ווי עס איז דערקלערט געוואָרן אינם פינפטן קאַפּיטל, באַדייטן די אויבן־ציטירטע ווערטער פון ישוען, אַז ישוע המשיח אַליין, און ניט דער שליח פּעטרוס, איז דער איינציקער, וואָס ווערט געהייסן דער פעלז, און אַז די קהלה פון גאָט, פון וועלכער משיח איז

דער הויפּט, איז די קירך, וואָס ווערט דערמאָנט, און ניט די קאַטוילישע קירך.

בעת מען דערציילט די מענטשן וועגן יהוהס כּונה צו פאַר־ניכטן דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, סיי די זעבאַרע און סיי די אומזעבאַרע, זאָגט די רוימיש־קאַטוילישע קירכן־רעגירונג: „די דאָזיקע פּסוקים באַציען זיך ניט אויף אונדז, ווייל מיר האָבן פאַרשניטן אַ בּונד מיטן טויט און מיטן גיהנום און זיינען דעריבער מיט זיי אין אַן אָפּמאַך. דער גיהנום קען אונדז ניט איבערוועלטיקן." נו, אין אַנגעזיכט פון די פאַקטן, וואָס קענען ניט באַשטריטן ווערן, קענען מיר זען, פאַרוואָס יהוה האָט גורם געווען זיין נביא צו שרייבן צו די היינטצייטיקע פלשתּים, דער רוימיש־קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געפירט און באַהערשט פון מענטשן פול מיט שפּאָט, די פאָלגנדיקע ווערטער פון דער נבואה: „דערפאַר הערט דאָס וואָרט פון יהוה, איר אָפּשפּעטער, איר באַהערשער פון פאָלק, וואָס איז אין ירושלים [אין דער „קריסטנשאַפט"]: ווייל איר האָט געזאָגט: מיר האָבן געשלאָסן אַ בּונד מיטן טויט און מיטן שאול האָבן מיר אַן אָפּמאַך: ווען די פלייציקע רוט וועט דורכגיין, וועט זי אויף אונדז ניט קומען, וואָרן מיר האָבן ליגן געמאַכט פאַר אונדזער שוץ, און אונטער פאַלשקייט האָבן מיר זיך באַהאַלטן." (ישעיה כח: יד, טו) אַזוינאַך דערקלערט דער האַר, אַז די היינטצייטיקע פלשתּישע אָרגאַניזאַציע איז דער אָפּשטאַם פון דעם שׂטן. דער פּסוק טו פון דער פריער־געבראַכטער נבואה זאָגט פּינקטלעך, אויף וואָס די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע מאַכט תּביעות. דאָס שוצאָרט אָדער דאָס אַנטרינונגס־אָרט פון דעם גאַנצן רוימיש־קאַטוילישן פאָרטל איז, ווי גאָט דער־קלערט, אַ גרויסער הויפן ליגנס. עס איז די כּונה פון יהוה גאָט צו פאַרניכטן דאָס שוצאָרט פון ליגנס; און אויב אַזוי, ווען?

יהוה ענטפערט אויף דער דאָזיקער פראַגע דורך זיין נביא גלייך אין דעם נעקסטן פּסוק, נעמלעך: „דעריבער האָט דער האַר, יהוה, אַזוי געזאָגט: זע, איך גרונטפעסטיק אין ציון

אַ שטיין, אַן אויסגעפּרוּווטן שטיין, אַ טייערן ווינקלשטיין, אַ זיכערן גרונטפעסט: דער וואָס גלייבט, וועט זיך ניט איילן אין אַנגסטן." (ישעיה כח: טז) די ווערטער פון דעם דאָזיקן פּסוק זיינען געווענדט צו די געזאַלבטע, וואָס געטרויען פול־שטענדיק יהוה און דינען אים. זיי ווערט געזאָגט, אַז אויב זיי זיינען איבערגעגעבן צו גאָט, דאַרפן זיי זיך ניט איילן אַנגסטלעך, אַז זיי זאָלן ניט זיין אומנויטיק אויפגערעגט און גענויגט צו לויפן פאָרויס פון דעם האַר; נייערט אַז זיי זאָלן וואַרטן אויף דעם האַר, וואָרן אין דער רעכטער צייט וועט ער האַנדלען, נאָכדעם ווי ער האָט געלייגט אין ציון זיין שטיין, דעם טייערן ווינקלשטיין, דעם פעסטן יסוד, דאָס מיינט צו זאָגן: נאָך דער טראָן־באַשטייגונג פון ישוע המשיחן, דעם קעניג, וועט ער אַנטשיידן און אויף אַן אומצווייפלהאַפטיקן אופן האַנדלען קעגן די ליגנער. עס איז געווען אין יאָר 1918, ווען יהוה האָט געלייגט אין זיין קעניגלעכער אָרגאַניזאַציע דעם הויפּט־ווינקלשטיין און דעם יסוד־שטיין, ישוע המשיחן. דעמאָלט האָט ער אויפגעבויט ציון, אויפשטעלנדיק דעם טייערן שטיין, ישוע המשיחן, זיין געקרוינטן קעניג, אין דער שפּיץ, בראש פון זיין אָרגאַניזאַציע. דאָס איז דער זעלביקער גרויסער, מעכטיקער און קאָסטבאַרער שטיין, דער קעניג, וואָס ווערט אַ שטרויכלונג־שטיין פאַר די אַלע היפּאָקריטישע פרומטוער, די רעליגיאָניסטן. (ישעיה ח: יד, טו) דער הויפּט צווישן די דאָזיקע היפּאָקריטן, וואָס מאַכן אַן אָנשטעל, אַז זיי דינען גאָט; אָבער וואָס דינען פאַקטיש דעם טייוול, איז די רוימיש־קאַטוילישע העראַרכיע. דאָס ליגן פון דעם דאָזיקן ווינקלשטיין באַשטימט די צייט, ווען דער האַר וועט אָנהייבן צו פירן חשבון מיט דער דאָזיקער פאַרברעכערישער אינסטיטוציע.

יהוה האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז די היפּאָקריטישע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס וועלן צוריקווייזן משיחן אַלס קעניג, און אַז אַזאַ צוריקווייזונג וועט זיך באַזונדערס באַווייזן אין דער צייט, ווען דער שטיין וועט געלייגט ווערן אין דעם אויפבוי פון ציון. „דער שטיין, וואָס די בוימייסטער האָבן פאַראַכט, איז געוואָרן

דער הויפטשטיין פון ווינקל.״ (תהלים קיח : כב, כג) ישוע האט ציטירט דאס דאזיקע קאפיטל און האט עס אנגעווענדט אויף די רעליגיעזע היפאקריטן. (מתתיה כא : מב) די דאזיקע נבואה דערפילט זיך אין דעם טאג פון יהוה, „דעם טאג, וואס יהוה האט געמאכט״, און וואס האט זיך אנגעהויבן אין יאר 1914 מיט דעם ארויפזעצן פון זיין קעניג אויף זיין טראן, און מיטן שיקן אים צום טעמפל צו משפטן. דער אומבאשטרייטבארער באווייז איז, אז די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע האט צוריק־געוויזן משיחן, דעם קעניג פון דער וועלט. הגם זי באהויפט צו פארטרעטן גאט און משיחן אויף דער ערד, האט די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע ניט נאר זיך אפגעזאגט אנצונעמען ישוע המשיחן פארן קעניג, ווען ער איז געקומען צום טעמפל צו האלטן משפט, נייערט זי זעצט פאר צו באשטיין אויף דעם, אז עס איז דאס געטלעכע רעכט פון דער רוימיש־קאטוילישער הערארכיע צו באהערשן די נאציעס פון דער ערד. יהוה שיקט ארויס זיינע עדות צו מאכן באקאנט צו די פעלקער ,אז ער איז גאט, אז משיח איז קעניג, און אז זיין מלוכה איז דא; און די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע שטעלט זיך מיט געוואלט קעגן דער בשורה און די בשורה־ברענגער, און רעדט איין די פאליטישע הערשער פון דער וועלט זיך צו פאראייניקן מיט זיי אין דער פארפאלגונג פון יהוהס שלוחים. זיי טרעטן אריין אין א פארשווערונג צו פארניכטן אלע, וואס זיינען פאר יהוה און זיין קעניג, און אזוינאך אפצוהאלטן די געזאלבטע פון גאט צו ווערן א טייל פון זיין קעניגרייך. (תהלים ב : ב, ג) „זיי האבן זיך בעראטן צוזאמען מיט איין געדאנק : זיי האבן געשלאסן א בונד קעגן דיר״, זאגט דער נביא, און דאן אין דער זעלביקער נבואה רופט דער האר דייטלעך אן די פלשתים און די, וואס זיינען פארבונדן מיט זיי, אלס זייענדיק אין א פארשווערונג זיך קעגנצושטעלן דעם קעניגרייך אונטער ישוע המשיחן. (תהלים פג : ב ־ ז) די רוימיש־קאטוילישע קירכן־רעגירונג לייקנט אינגאנצן, אז משיח וועט הערשן איבער דער וועלט, נאר זי באשטייט אויף דעם, אז די רוימיש־קאטוי־

לישע הערארכיע וועט הערשן; און דאָס איז ווידער אַ גרויסער ליגן.

אין דער נבואה פון ישעיה באַשטימט יהוה פּינקטלעך די צייט פאַר דער דערפילונג פון זיין משפט. דער האר איז אין יאָר 1918 געקומען אין טעמפּל צו משפטן, און דער משפט האָט זיך אָנגעהויבן מיטן הויז פון גאָט, און זינט דאַן קומט ער אויך איבער אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. (מלאָכי ג: א־ג; מתתיה כד: לא־מ) אויף דער באַרימעריי פון די היינטצייטיקע פּלשתים, וואָס איז אויפגעצייכנט אין ישעיה כח: טו: „מיר האָבן געמאַכט דעם ליגן פאַר אונדזער שוץ, און אונטער פאַלש־קייט האָבן מיר זיך באַהאַלטן", ענטפערט יהוה אין די דאָזיקע ווערטער: „איך וועל מאַכן דאָס רעכט פאַר אַ מעסטשנור, און גערעכטיקייט פאַר אַ בוינגעוויכט; און דער האָגל וועט אַוועקקערן דעם שוץ פון ליגן, און די וואַסערן וועלן פאַרפלייצן דאָס באַהעלטעניש־אָרט." (ישעיה כח: יז) ביים משפט פון גאָטס הויז ווערן די גוטגעהייסענע געזאַלבט, זיי דערהאַלטן דעם נאָמען פון יהוה, און ווערן אַרויסגעשיקט אַלס זיינע עדות באַקאַנט צו מאַכן דעם טאָג פון דער „נקמה פון אונדזער גאָט". (פּעטרוס א ד: יז; ישעיה מג: ט־יב; סא: א, ב) איצט איז גאָטס צייט צו לאָזן דערקלערן דעם אמת וועגן אים אַליין און זיין מלוכה, און זיין בשׂורה פון אמת איז ווי אַ גוואַלטיקער האָגל־שטורעם, וואָס רייסט אַראָפּ דעם צודעק און קערט אַוועק דעם שוץ אָדער דאָס באַהעלטעניש־אָרט פון ליגנס, און שטעלט פולשטענדיק בלויז דעם באַהעלטעניש דערפון פאַרן בליק פון ערלעכע מענטשן. — אַנטפּלעקונג טז: כא; שמות ט: כב־כו.

אין משך פון די לעצטע יאָרן האָבן יהוהס עדות מיט דעם האַרס חסד, געטאָן אָט די דאָזיקע אַרבעט אונטער דער השגחה און אונטער דעם געבאָט פון דעם האַר. אויב די דאָזיקע עדות וואָלטן דערקלערט די דאָזיקע זאַכן, בלויז כדי צו שאָדן אַנדערע, וואָלטן זיי געהאַנדלט אין קעגנזאַץ צו גאָטס ווילן; אָבער זיי מאַכן באַקאַנט די דאָזיקע געטלעכע אמתן, ווייל עס איז געקומען די צייט, ווו גאָט גיט די מענטשן אַ

געלעגנהייט זיך צו דערוויסן, אַז
ער איז דער איינציקער אמתער
גאָט, אַז משיח איז דער קעניג,
און אַז זיין קעניגרייך איז
די איינציקע האָפענונג פון דער
מענטשהייט; אַז עס איז דער־
פאַר אומזיסט צו גלייבן אין
אומפולקאָמענע מענטשן און
אָרגאַניזאַציעס. עס איז געקו־
מען די צייט, ווו גאָט וועט לאָזן
די מענטשן וויסן, אַז די רױ־
מיש־קאַטוילישע העראַרכיע איז
באַהאַלטן הינטער אַ גרויסן
באַרג ליגנס. כדי צו זיין געטריי
צו יהוה, מוזן זיינע עדות איצט
באַקאַנט מאַכן דעם אמת,



וואָס אַנטפּלויזט די רשעותדיקע רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע, די היינטצייטיקע פּלשתים. אַזוי ווי די דאָזיקע אמתן ווערן באַקאַנט געמאַכט, און אַזוי ווי די דאָזיקע רשעים ווערן אַנט־בלויזט, ווערן זיי זייער בייז, און דער טייוול און זיין הויפּט־מאַרשאַל גוג פאַרזאַמלען די קאַטוילישע הערארכיע און אירע משרתים פון דער גאַנצער וועלט און שיקן זיי אַרויס צו אַ געזעצלאָזער פאַרפאָלגונג־קאַמפּאַניע קעגן גאָט און זיינע גע־זאַלבטע. — יחזקאל לח: א־יד.

די נבואה פון יהוה ווענדט זיך דאַן צו די היינטצייטיקע פּלשתים, דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע און אירע אָנהענ־גער: „און אייער בונד מיטן טויט וועט אָפּגעמעקט ווערן, און אייער אָפּמאַך מיטן שאול וועט ניט האָבן קיין באַשטאַנד; ווען די איבערפלייצנדיקע בייטש וועט דורכגיין, וועט איר פון איר צעטראָטן ווערן." (ישעיה כח: יח) די דאָזיקע אויסדריקלעכע דערקלערונג יהוהס מיינט, אַז די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע האָט געשלאָסן אַ בונד מיטן טויט און דעם שאול, וואָס וועט ניט האָבן קיין באַשטאַנד, נאָר וועט פאַלן, און אַז ער וועט ברענ־גען אויף דער דאָזיקער אינסטיטוציע אַ גרויסע שטראָף, וואָס וועט זיי אַנטפּלויזן און זיי פאַרניכטן, און אַז די דאָזיקע אינ־סטיטוציע וועט אינגאַנצן אויסגעראָטן ווערן. זינט דער צייט, וואָס די בשורה פון גאָטס נקמה ווערט פאַרשפּרייט קעגן דער היפּאָקריטישער אָרגאַניזאַציע, איז די דאָזיקע בשורה אַ גרויסע פּלאָג פאַר זיי. פאַר וואָס איז עס, וואָס די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע איז אין איטלעך לאַנד אַ ביטערער קעגנער פון יהוהס בשורה פון זיין קעניגרייך? דער ענטפער איז, אַז די דאָזיקע טייוולאָנישע אינסטיטוציע ווערט געפּלאָגט פון דער בשורה פון גאָטס וואָרט, וואָס ווערט באַקאַנט געמאַכט דורך זיינע עדות און וואָס אַנטפּלויזט איר סאַמע באַהעלטעניש־אָרט, וואָס איז דער גרויסער באַרג ליגנס: „ווי אָפט זי גייט דורך, וועט זי אייך אַוועקקערן; דען יעדן פרימאָרגן וועט זי דורכגיין, ביי טאָג און ביי נאַכט: און עס וועט זיין אַ הוילע שרעק צו פאַרנעמען די נאַכריכט. וואָרן דאָס געלעגער איז צו קורץ,

זיך אויסצושטרעקן; און דער צודעק צו שמאָל זיך אײנצוװיקלען.״ (ישעיה כח: יט, כ) דאָס געלעגער, װאָס די העראַרכיע האָט געמאַכט פֿאַר זיך, און דער צודעק פֿון ליגנס, װאָס דעקט צו אירע אָפּשײלעכע מעשׂים, זײנען אינגאַנצן ניט פּאַסיק פֿאַר דעם דאָזיקן צװעק, זאָגט דער האַר. די שװעמען פֿון ליגנס פֿון דער דאָזיקער רשעותדיקער אָרגאַניזאַציע װעט פֿולשטענדיק אַװעקגעקערט װערן. ביז איצט האָט זיך קײן שום אָפּאָזיציע צו דער רױמיש־קאַטױלישער אָרגאַניזאַציע ניט געקענט האַלטן. איצט איז עס גאָטס געהעריקע צײט צו האַנדלען, און קײן שום טײל פֿון דער רױמיש־קאַטױלישער אָרגאַניזאַציע — די הײנטצײטיקע פּלשתּים — װעט ניט קענען װידערשטײן.

## „יהוה װעט אױפֿשטײן״

די טעטיקײט פֿון יהוהס עדות באַשטײט בלױז אין באַקאַנט מאַכן די בשׂורה פֿון גאָט. די אײנגנטלעכע אַרבעט מוז און װעט געטאָן װערן פֿון יהוה אױף זײן אײגענעם גוטן אופֿן. קײן שום מענטשלעכע אָרגאַניזאַציע קען ניט צעשטערן די רױמיש־קאַטױלישע קירכן־רעגירונג. גאָט װעט זי אינגאַנצן צעשטערן; און בנוגע דעם זאָגט ער: „יהוה װעט אױפֿשטײן אַזױ װי בײם באַרג פּרצים, אַזױ װי אין טאָל גבעון װעט ער צערענען, צו טאָן זײן װערק, זײן פֿרעמד װערק; און צו טאָן זײ טואונג, זײן אױסטערלישע טואונג!״ — ישעיה כח: כא.

װי אַזױ קענען מיר באַשטימען, אַז די דאָזיקע נבֿואה באַציט זיך אױף די הײנטצײטיקע פּלשתּים, דער רױמיש־קאַטױלישער העראַרכיע? די באַװײזן באַשטעטיקן ענדגילטיק, אַז די פּלשתּים זײנען געװען אַ נבֿיאיש בילד פֿון די רױמיש־קאַטױלישע אָרגאַניזאַציע. דאָס, װאָס האָט פּאַסירט בײם באַרג פּרצים און בײ גבעון, לױט דער נבֿואה אַלײן זאָגט פֿאָרױס פּינקטלעך דאָס, װאָס װעט געשען, און דאָס לאָזט דער האַר זײן פֿאָלק װיסן אין פֿאָרױס, כּדי עס זאָלן זיך קענען טרײסטן און פֿאַרמערן זײן האָפֿענונג. האָט אין זינען, אַז דאָס איז דעם האַרס טואונג, און װאָס ער הײבט אָן, דערגרײכט ער. די הײנט־צו־טאָ־

גיקע פאַרפאַלגונג פון יהוהס עדות דורך די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע וואַלט מיט דער צייט געפירט צו דער פולשטענ־דיקער פאַרניכטונג פון יהוהס עדות און זייער טעטיקייט, סיידן אַז גאָט אַליין וועט זיך אַריינמישן; און ער גיט זיין וואָרט, אַז ער וועט אויפשטיין און וועט טאָן אַטאַ די דאָזיקע טואונג. בעת די רשעותדיקע פאַרפאַלגונג פון יהוהס עדות האַלט אָן איבער דער גאַנצער ערד, ווען די געטרייע שעפּן אַ סך מוט מיט דעם פאַרשטיין פון אַטאַ דער נבואה פון ישעיה.

די נבואה אין ישעיה כח: כא באַציט זיך דייטלעך אויף דעם, וואָס איז פאַרצייכנט געוואָרן דורך דעם האַר אין שמואל ב ה: יז־כה און אין דברי הימים א יד: ח־יז. אַ קורצע אָנווייזונג וועגן דעם דאָזיקן באַריכט איז דאָ פּאַסיק.

שאול איז געווען דער קעניג פון ישראל אין משך פון אַ געוויסער צייט; אָבער צוליב זיין אומגעטריישאַפט האָט גאָט אָפּגעווענדט דאָס קעניגרייך פון אים און האָט געהייסן זאַלבן דודן פאַרן קעניג איבער ישראל. „און דער גייסט יהוהס איז געקומען איבער דודן פון יענעם טאָג אָן ... אָבער דער גייסט יהוהס האָט פאַרלאָזן שאולן." (שמואל א טז: יג, יד) דוד, מיט זיין הויפּטקוואַרטיר אין חברון, האָט געהערשט איבער די דרומדיקע שבטים פון יהודה און בנימין, און אין משך פון עטלעכע יאָר זיינען פאָרגעקומען מלחמות צווישן די דרומ־דיקע און צפונדיקע שבטים. אבנר, וועלכער איז געווען דער הויפּטמאַן ביי די צפונדיקע שבטים, האָט געמאַכט פאַרזוכן צו ברענגען צושטאַנד די פאַראייניקונג פון אַלע שבטים פון ישראל אונטער דודן, דעם קעניג, און פאַלגלעך שטייט גע־שריבן: „און אבנר האָט געהאַט אַ גערייד מיט די עלטסטע פון ישראל, אַזוי צו זאָגן: איר האָט נאָך פון פריער באַגערט דודן פאַר אַ מלך איבער אייך. איצט טוט עס; וואָרן גאָט האָט גערעדט וועגן דודן און געזאָגט: דורך דער האַנט פון מיין קנעכט דוד וועל איך ראַטעווען מיין פאָלק ישראל פון דער האַנט פון די פלשתים, און פון דער האַנט פון אַלע זייערע שונאים." — שמואל ב ג: יז, יח.

דוד איז נאָכדעם געזאַלבט געוואָרן פאַר אַ קעניג איבער גאַנץ ישׂראל און האָט זיך צוגעגרייט זיך צו עטאַבּלירן אַלס קעניג אין ירושלים. די צעטיילונג פון די שבטים און די מלחמה צווישן דעם צפון און דעם דרום איז פּונקט געווען צוגעפּאַסט פאַר די פּלשתּים, און נאָכן טויט פון שאולן האָבן די פּלשתּים געהאַלטן אין איין אַרויספּרעסן שטייער פון די שבטים אין דעם צפונדיקן טייל פון לאַנד.

זיי האָבן מורא געהאַט פאַר דודן. די אייניקייט פון אַלע שבטים פון ישׂראל אונטער דודן און זיין ווערן קעניג איבער זיי אַלע, האָט איבערגעשראָקן די פּלשתּים, און זיי האָבן זיך צוגעגרייט אָנצופאַלן אויף דודן: „און ווען די פּלשתּים האָבן דערהערט, אַז זיי האָבן געזאַלבט דודן אַלס קעניג איבער ישׂראל, זיינען אַלע פּלשתּים אַרויפגעגאַנגען צו זוכן דודן. האָט דוד דערהערט, און ער האָט אַראָפּגענידערט צו דער פעסטונג.״ — שמואל ב ה: יז.

די פינף מלכים, וואָס האָבן געהערשט איבער די פּלשתּים, זיינען געווען פולשטענדיק איינשטימיק צו פאַרניכטן דודן, ווייל ער איז געווען גאָטס געזאַלבטער, אונטער וועמען ישׂראל איז געווען פאַראייניקט. די פּלשתּים האָבן געוווּסט וועגן דעם ליד פון די ישׂראלים, וואָס איז פון זיי קאָמפּאָנירט און געזונגען געוואָרן, נעמלעך: „שאול האָט דערשלאָגן זיינע טויזנטער; אָבער דוד זיינע צענטויזנטער.״ (שמואל א יח: ז) זיי האָבן געוואָלט אומברענגען דודן; וואָרן זיי וואָלטן זיך ניט געפילט זיכער, אַזוי לאַנג ער איז ניט געווען פאַרניכט, און אַזוינאָך האָבן זיי זיך גענומען צו אים. דוד איז אַ טיפּ פון יהוהס באַליבּטן געזאַלבטן, ישוע המשיחן, דעם קעניג, און ער שליסט איין אין זיך אַלע געזאַלבטע פון גאָטס טעמפּל אָדער קעניג־הויז, וואָס זיינען איצט יהוהס עדות.

ווען דער האַר האָט גערייניקט דעם טעמפּל, האָט ער געבראַכט זיין גאַנץ פאָלק צו דער איינהייט אונטער ישוע המשיחן, דעם הויפּט פון דער פאַרזאַמלונג און פון דעם טעמפּל. (עפּעזער

ד: יג) פון יענער צייט אָן האָבן יהודים געטרייע געזאַלבטע עדות באַקאַנט געמאַכט זיין בשׂורה קעגן די רשעותדיקע הערשער פון דער „קריסטנשאַפט", און הויפּטזאַכלעך קעגן דער רוימיש־קאַטוילישער העראַרכיע. אַזוי ווי די פּאַרצייטיקע פּלשתּים האָבן געוואָלט פּאַקן דודן, באַמיען זיך איצט די היינטצייטיקע פּלשתּים, די רוימיש־קאַטוילישע העראַרכיע און אירע פאַרבינדטע, צו באַווירקן די פאַרניכטונג פון גאָטס „פּאַר־באָרגענע", דעם געזאַלבטן איבערבלייב אויף דער ערד. — תּהלים פּ: ג.

די פּלשתּים האָבן מאָביליזירט זייער גאַנצן חיל און זיינען אַוועק אויפן וועג קיין ירושלים, וווּ זיי האָבן דערוואַרט צו טרעפן דודן און אים אומצוברענגען. „און די פּלשתּים זיינען גע־קומען און האָבן זיך אויסגעשפּרייט אין דעם טאָל פון רפאים." (שמואל ב ה: יח) רפאים ווייזט אויס צו זיין דאָס לאַנד, וואָס ליגט צום דרום פון ירושלים און צום מערב פון בית־לחם. דאָס מיינט „דאָס אָרט פון די ריזן". דוד האָט אָן שום ספק געהאַט זיינע וועכטער אויף דער וואַך, און ווען מען האָט אים געלאָזט וויסן וועגן די באַוועגונגען פון די פּלשתּים, האָט ער אָנגעהויבן זיינע סטראַטעגיע. ער איז געווען צו קלוג זיך צו לאָזן פאַרכאַפּן אין ירושלים; דערפאַר האָט ער צוריקגעצויגן זיין קליינעם חיל און „האָט אַראָפּגענידערט צו דער פעסטונג", וואָס איז געווען אין אַ ווילד אָרט פון לאַנד, צום דרום און מערב פון בית־לחם. דוד האָט געפונען שוץ אין דעם זעלביקן אָרט ביי צוויי פריערדיקע געלעגנהייטן, בעת שאול האָט פּרוּ־בירט אים אומצוברענגען. (שמואל א כב: ד, ה; כד: כב) דוד איז ניט אַנטלאָפן פון די פּלשתּים; נאָר ער האָט געשטעלט זיינע קריגסמענער אויף סטראַטעגישע ערטער, כּדי ער זאָל קענען אומדערוואַרט אָנפאַלן אויפן שׂונא. די פּלשתּים זיינען נאַטירלעך געווען גרעסער אין צאָל ווי דודס חיל, און דער שטח, וואָס דוד האָט באַדאַרפט אַריבער, כּדי צו מאַכן זיין אָנפאַל, איז געווען זייער אַ שווערער. די בינע איז געווען צוגעגרייט, און דאָס נביאישע שוישפּיל האָט איצט געקאָנט

אָנהייבן, כּדי צוּ ווייזן, וואָס וועט באַפאַלן די היינטצייטיקע פּלשתּים, די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע.

## „בּעל־פּרצים"

דאָס אָרט, ווו די שלאַכט איז פאָרגעקומען, איז אָנגערופן געוואָרן פון דודן „בּעל־פּרצים". (דאָס וואָרט פּרצים מיינט „אַ בּראָך" אָדער אַ „דורכבּרעכן"; בּעל בּאַציט זיך אויפן טיוול־דינסט.) דאָס מיינט דאָס אָרט פון דעם האַרס דורכבּראָך קעגן די טיוולס־דינער, די וואָרזאָגער, די פּלשתּים, פאַרצייטיקע און היינטצייטיקע. דער דורכבּראָך פון דעם האַר איז געווען ווי וואַסער בּרעכן זיך דורך זייערע פאַרצאַמונגען און יאָגן ווי אַ רייסנדיקע פאַרפלייצונג צו פאַרניכטן אַלץ אין זייער וועג. דער זעלבּיקער פּלאַץ איז דערמאָנט אין ישעיה כח: כא און ווערט דאָרטן אָנגערופן „הר־פּרצים"; דעריבּער בּאַשטימט די נבואה דייטלעך, אַז דאָס איז די שלאַכט, וואָס אילוסטרירט די פאַרניכטונג פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע. איידער דוד האָט אָנגעהויבּן זיין אָנגריף, האָט ער זיך אָנגעפרעגט בּיי יהוה, וואָס ער זאָל טאָן: „און דוד האָט אָנגעפרעגט בּיי יהוה, אַזוי צו זאָגן: זאָל איך אַרויפגיין אַקעגן די פּלשתּים? וועסטו זיי מיר איבּערגעבּן אין מיינע הענט? האָט יהוה געזאָגט צו דודן: גיי אַרויף; וואָרן איך וועל בּאַשטימט איבּערגעבּן די פּלשתּים אין דיינע הענט." (שמואל ב ה: יט) דוד האָט ניט געוואָלט בּאַפאַלן, סיידן אויפן בּאַפעל פונם האַר. יהוהס גע־זאַלבּטע גליבּן אין אים מיט זייער גאַנצן האַרץ, און זיי האָבּן זיין פולשטענדיקע פאַרזיכערונג, אַז ער וועט זיי פירן אויף זייערע וועגן. (משלי ג: ד, ה) דער גרעסערער דוד איז ישוע המשיח, דער העכסטער בּאַפולמעכטיקטער פון יהוה גאָט, איינ־געשלאָסן זיינע געזאַלבּטע חברים. דער אָנפאַל פון דודן אויף די פּלשתּים זאָגט דעריבּער פאָרויס דעם אָנפאַל פון יהוה דורך ישוע המשיחן קעגן דעם שונא, די היינטצייטיקע פּלשתּים.

דוד האט באפאלן דעם שונא פון הינטן, נאכדעם ווי דער האר האט אים פארזיכערט, אז ער וועט „באשטימט“ איבערגעבן דעם שונא אין דודס הענט: „און דוד איז געקומען אין בעל־פרצים, און דוד האט זיי דארטן דערשלאגן, און ער האט געזאגט: יהוה האט דורכגעבראכן מיינע שונאים פאר מיר, אזוי ווי א דורכרייס פון וואסערן. דעריבער האט ער גערופן דעם נאמען פון יענעם ארט בעל־פרצים. און דארטן האבן זיי איבערגעלאזט זייערע געצנבילדער, און דוד און זיינע מענטשן האבן זיי פארברענט.“ — שמואל ב ה: כ, כא.

די מפלה פון די פלשתים איז דארט געווען א פולשטענדיקע. די ווערטער פון טעקסט שילדערן דעם אנפאל, ווי פון א מעכטיקער פארפליצונג פון וואסערן, וואס ברעכן זיך דורך און פארשווענקען אלצדינג פאר זיך. די פלשתים זיינען געווען פולשטענדיק הילפלאז קעגנצושטיין דעם אניאג פון דער גרויסער פארפלייצונג פון מאכט, וואס יהוה האט געלאזט אומגעצאמט אויף זיי. זייער מפלה איז געווען אזא פולשטענדיקע, אז זיי זיינען אנטלאפן, לאזנדיק הינטער זיך זייער באליבטע געצנבילדער פון זייער טייוול־דינסט, און די דאזיקע געצנבילדער האט דוד פארניכט. די רוימישע הערארכיע באנוצט ניט נאר געצנבילדער אין אלע זייערע צערעמאניעס, נאר אנאנסירט אויף א ברייטן אופן אירע געצנבילדער זיי צו פארקויפן און אזוי צו באקומען רווח. (זע די אנאנסן אין דעם קאטוילישן אדרעסבוך פון 1935.) עס איז אמת, אז יענע שלאכט איז געקעמפט געווארן פון דודן; דאך בלויז מיט דער שטארקקייט פון האר, אויך איז די מלחמה געווען סימבאליש, און האט פארויסגעשילדערט עטוואס פון א סך גרעסערער וויכטיקייט, וואס וועט געשען אונטער דעם קאמאנדע פון דעם גרעסערן דודן, ישוע המשיחן. די באשרייבונג פון דער שלאכט באווייזט די האנט פונם האר אין דעם, און דאס איז שטארק באקרעפטיקט דורך די ווערטער פונם באריכט, ווו גאט האט געזאגט: „יהוה וועט אויפשטיין ווי ביים הר־פרצים.“ — ישעיה כח: כא.

## גבעון

עס איז געווען א צווייטע שלאכט צווישן דודן און די פלש־תים, ווי דאס ווערט באשריבן אין דעם צווייטן בוך שמואל. ווידער האבן זיך די פארצייטיקע פלשתים פארזאמלט אין דעם זעלביקן ארט: „און די פלשתים זיינען ווידער אמאל ארויפגעקומען, און זיי האבן זיך אויסגעשפרייט אין דעם טאל רפאים.״ (שמואל ב ה: כב) די פלשתים האבן בלי־ספק ביי זיך געטראכט, אז דוד וועט ווידער פרובירן אנצופאלן אויף זיי אויף דעם זעלביקן אופן ווי אין דעם פריערדיקן פאל, און אז איצט וועלן זיי זיין גרייט פאר דודן. בעת די הייליקע שריפט זאגט ניט, אז דוד האט, אין דעם איצטיקן מאל, פארנומען זיין פאזיציע אין דער פעסטונג, קאן מען אבער אננעמען די השערה, אז ער איז דארט געווען און האט אנגעהויבן זיין אנפאל פון יענעם פונקט: „און ווען דוד האט זיך אנגעפרעגט ביי יהוה, האט ער געזאגט: דו זאלסט ניט ארויפגיין; נאר דריי זיך אוים הינטער זיי, און זאלסט קומען אויף זיי פון אנטקעגן די מוילבערביימער.״ — שמואל ב ה: כג.

די ווערטער „דריי זיך אוים הינטער זיי״ דייטן אן, אז דודן איז באפוילן געווארן, אזוי צו פירן זיין חיל, אז זיי זאלן זיין אויף דעם שונאס פלאנג, ווי אויך פון הינטן ארום. דאס שיינט צו זיין די ערשטע דערמאנונג פון א פלאנג־באוועגונג אין מלחמה־פירונג. דא זיינען די פלשתים ווידער אויסגעמאַ־נעווורירט געווארן, וואס באווייזט גאטס האנט אין דעם ענין. ער האט אנגעוויזן דורך דודן צו מאכן זיין אנפאל פון א געווויסן פונקט, באצייכנט די „מוילבערביימער״. וואס ווערט פינקטלעך געמיינט אונטער „מוילבערביימער״, איז ניט קלאר. ביבלישע לעקסיקאגראפן דערקלערן דאסווארט אויף דעם אופן: „וויינענדיק אדער „וויינענדיקער בוים״. דאס קען זייער גוט שילדערן דעם פונקט, פון וועלכן עס קומט א צרה איבער דעם שונא, וואס פאראורזאכט זיי צו וויינען. נאכדעם ווי דוד האט געהאט געבראכט זיין חיל אין פאזיציע, האט ער געמוזט ווארטן, ביז ער וועט קריגן דעם סיגנאל פון דעם

האַר. דאָס באַווייזט, אַז דוד איז דאָרט אויסשליסלעך געווען אויפן באַפעל פון יהוה, און וואָס ער האָט געטאָן, האָט נביאיש סימבאָליזירט גרעסערע פּאַסירונגען, וואָס דאַרפן געשען אונטער דער פירערשאַפט פון ישוע המשיחן. דאָס איז דאָס איינציקע אָרט אין דער הייליקער שריפט, וווּ עס ווערן דערמאָנט „מויל־בערביימער", און דעריבער מוז דאָס וואָרט האָבן אַ באַזונדערן באַדייט אין פאַרבינדונג מיט די פּלשתּים, סיי די פאַרצייטיקע, סיי די היינטצייטיקע.

דוד האָט געוואַרט אויף באַפעלן פון יהוה, און יהוה האָט אים געזאָגט, ווי אַזוי ער קאָן וויסן, אַז עס איז צייט פאַר אים צו „איילן", דאָס הייסט זיך אַ נעם צו טאָן און דאַן פאָרויס צו שטורעמען אין אַן אָנפאַל: „און עס וועט זיין, ווען דו וועסט דערהערן אַ גערויש פון טריט אין די שפּיצן פון די מוילבערביימער, דעמאָלסט זאָלסטו זיך איילן: וואָרן דאַן איז יהוה אַרויסגעגאַנגען דיר פאָרויס, צו שלאָגן דעם חיל פון די פּלשתּים." — שמואל ב ה: כד.

„דעם גערויש פון טריט" [פון מאַרשירן] אין די מוילבער־ביימער שיינט ניט נאָר געווען צו זיין אַ סיגנאַל פאַר דודן צו האַנדלען, נייערט ווייזט אָן קלאָר, אַז יהוהס אומזעבאַרער חיל פון הייליקע מלאָכים האָבן דאָרטן אָנטייל גענומען און האָבן אָנגעפירט דעם אָנגריף קעגן דעם שׂונא. דאָס סימבאָלי־זירט קלאָר, אַז בעת ישוע המשיח, דער גרויסער דוד, וועט אָנהייבן דעם קאַמף קעגן דעם שׂונא, נביאיש אילוסטרירט דורך די פּלשתּים, וועלן זיינע חילות אין הימל אָנטיילנעמען אין דעם קאַמף. (אַנטפּלעקונג יט: יד) דער קאַמף האָט גע־ברענגט אַ שרעקלעכן סוף פאַר די פּלשתּים. „און דוד האָט געטאָן אַזוי, ווי יהוה האָט אים באַפוילן; און ער האָט געשלאָגן די פּלשתּים פון גבע ביז מען קומט קיין גזר." — שמואל ב ה: כה.

עס איז ניטאָ קיין שום סיבה צו צווייפלען, אַז די דאָזיקע צוויי שלאַכטן צווישן דודן און די פּלשתּים זיינען די זעלביקע ווי יענע, וואָס זיינען אָנגעוויזן אין ישעיה כח: כא. עס איז

אמת, אַז אין דעם באַריכט, וואָס ווערט געגעבן אין שמואל ב ה: כה ווערט דאָס וואָרט „גבע" באַנוצט צו באַצייכענען דאָס זעלביקע אָרט. פאַרשיידענע ביבל־איבערזעצונגען באַנוצן דערייבער דאָס וואָרט „גבעון", כּדי צו באַצייכענען דאָס זעלביקע אָרט. אויך אין דעם באַריכט וועגן דער זעלבער שלאַכט, באַשריבן אין דברי הימים א יד: טז, ווערט דאָס אָרט אָנגערופן גבעון. „דוד האָט געטאָן אַזוי, ווי גאָט האָט אים באַפוילן; און זיי האָבן געשלאָגן דעם חיל פון די פלשתים פון גבעון ביז גזרה." אַזוינאָך ווערט באַוויזן, אַז די נבואה פון ישעיה כח: כא באַציט זיך אויף דער פאַרניכטונג פון די פלשתים, וואָס זיינען געווען די הויפּט־שׂונאים פון גאָטס דערוויילטן פאָלק ישׂראל. דער פאַקט, אַז דער באַריכט אין דער הייליקער שריפט דערציילט פון צוויי שלאַכטן, נעמלעך פּרצים און גבעון, מיינט עס ניט נויטווענדיקערהייט, אַז דער האַר וועט פאַרפירן צוויי באַזונדערע שלאַכטן קעגן די היינטצייטיקע פלשתים. דער פּונקט פון דער גרעסטער וויכטיקייט דאָ איז, אַז „דער האַר וועט אויפשטיין אַזוי ווי ביים הר־פּרצים און ער וועט צערענען אַזוי ווי ביי גבעון." אין אַנדערע ווערטער, דאָס וואָס איז פאָרגעקומען ביים הר־פּרצים און אין טאָל פון גבעון, ווייזט פאָרויס, וואָס דער האַר וועט טאָן קעגן די קעגנבילדלעכע פלשתים.

בנוגע דעם באַרג זאָגט דער באַריכט: „דוד האָט זיי דאָרטן געשלאָגן, און ער האָט געזאָגט: יהוה האָט דורכגעבראָכן מיינע שׂונאים פאַר מיר, ווי דער דורכבראָך פון וואַסערן." דאָס איז אַן ענדגילטיקער באַוויין, אַז וואָס דוד האָט דערגרייכט אין דעם דאָזיקן קאַמף, האָט ער דערגרייכט ניט מיט זיין אייגענעם כּח, נייערט מיטן כּח און אויפן באַפעל פון יהוה גאָט; און דאָס זאָגט נביאות, אַז דער קאַמף קעגן דעם גרעסערן שׂונא, די היינטצייטיקע פלשתים, וועט געפירט ווערן פון דעם גרעסערן דוד אויפן באַפעל פון יהוה. יהוה האָט דורן געבראַכט דעם זיג, און דאָס זאָגט נביאות, אַז די קעגנבילדלעכע שלאַכט קעגן די היינטצייטיקע פלשתים איז ניט די שלאַכט פון באַשעפע־

נישן, נייערט איז די שלאַכט פון יהוה. די ווערטער „דער דורכבראָך פון וואַסערן" מיינט דאָס דורכברעכן אָדער דעם דורכרייס פון וואַסערן, אַזוי ווי דער אָניאָג פון אַ מעכטיקע פאַרפלייצונג, וואָס גיסט זיך פאַנאַנדער, שפּרייט זיך אויס און פאַרניכטעט אַלץ אין איר וועג. פאַרגלייך דאָס מיט דעם לשון פון ישעיהס נבואה אין דעם פריערדיקן פּסוק: „דער האָגל וועט אָוועקקערן די שוץ פון ליגנס, און די וואַסערן וועלן איבערפלייצן דאָס באַהעלטעניש." דאָס שיינט אָנצוווייזן, אַז גאָט וועט גורם זיין, אַז זיין בשורה פון האַרטע און שלאָגעדיקע אמתן זאָלן צעשלאָגן דעם שונא, און אַז דאָס וועט באַגלייט ווערן פון אַ דעמאָנסטראַציע פון זיין גרויסער מאַכט, מיט וואָס ער וועט פאַרניכטן די שוץ פון ליגנס, הינטער וועלכער עס האָבן זיך באַהאַלטן די היינטצייטיקע פּלשתּים, און פון וואַנעט זיי האָבן אָנגעפירט זייער טעטיקייט, און ער וועט פולשטענדיק אָוועקקערן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע. אין זיין משפּט קעגן די היינטצייטיקע פּלשתּים, דער רוימיש-קאַטוילישער היעראַרכיע, וועלן ניט נאָר אַנטפּלויזט ווערן די פאָרטלען און די גאָטלאָזיקייט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע פאַרן בליק פון ערלעכע מענטשן, נייערט די אָרגאַניזאַציע וועט געבראַכט ווערן צו חרפּה און וועט אינגאַנצן פאַרטיליקט ווערן.

אָבער באַמערק, אַז ביי גבעון ווערט אויסדריקלעך באַטאָנט דער ברענענדיקער כּעס פון גאָט: „ווי אין דעם טאָל פון גבעון וועט ער צערענען [דאָס הייסט, ער וועט אויסדריקן זיין שטאַרקן כּעס]." תּכף נאָכדעם דוד האָט דערהאַלטן יהוהס סיגנאַל, האָט דוד זיך אַ נעם געטאָן און געאיילט; און דאַן זעצט פאָר דער באַריכט: „דאַן איז יהוה אַרויסגעגאַנגען דיר פאָרויס צו שלאָגן דעם חיל פון די פּלשתּים." דער האַר האָט זיי דאָרטן טאַקע דערשלאָגן, און די דאָזיקע נבואה ווייזט אָן אין פאָרויס, אַז ווען גאָט שטייט אויף אין זיין צאָרן, ווי דאָס ווערט באַשריבן פון דעם נביא ישעיה, וועט ער מאַכן אַ סוף פון די היינטצייטיקע פּלשתּים, פון זייער גאַנצן געשעפט און פון אַלע זייערע טעטיקייטן.

„מאָדנע איז זיין ווערק"

דאָס, וואָס איז געשען ביים הר־פּרצים און ביי גבעון, איז נים געווען די טואונג פון מענטשן, נייערט די טואונג פון יהוה גאָט, און דעריבער סימבאָליזירט עס אָדער זאָגט נביאיש פאָרויס גרעסערע אויפטואונגען, וואָס וועלן דורכגעפירט ווערן שפּעטער פון יהוה. דאָס דאָזיקע צוקונפטיקע ווערק ווערט באַשריבן אין ישעיהס נבואה אַלס „זיין ווערק", און דער נביא באַטאָנט: „מאָדנע איז זיין ווערק." די וויכטיקייט פון דעם דאָזיקן ווערק ווערט אונטערגעשטראָכן דורך דעם פאַקט, אַז די ווערטער ווערן איבערגעחזרט אין דער הייליקער שריפט: „זיין ווערק — מאָדנע איז זיין ווערק"; „זיין טואונג — אויסטערליש איז זיין טואונג." דאָס וואָרט „מאָדנע", וואָס ווערט דאָ געברויכט, מיינט „פרעמד, אויסערגעוויינלעך, ווונדערבאַר, דער־שטוינענדיק, אומגעוויינלעך, אומדערוואַרט". אין צוזאַמענהאַנג דערמיט באַמערק, וואָס גאָט זאָגט דורך זיין נביא בנוגע דער היפּאָקריטישער חברה, וואָס גענענט צו אים מיט זייערע מיילער, — און דאָס באַציט זיך אָן צווייפל אויף די היינטצייטיקע פּלשתים, אויף דער רוימיש־קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע — : „און דער האר האָט געזאָגט: ווייל דאָס דאָזיקע פאָלק גענענט צו מיר מיט זייער מויל, און זיי גיבן מיר אָפּ כבוד מיט זייערע ליפּן; אָבער זיי האָבן אָפּגעקערט זייער האַרץ ווייט פון מיר, און זייער מורא פאַר מיר איז אַן איינגעלערנט געבאָט פון מענטשן: דעריבער זע, וועל איך פון איצט אָן טאָן אַ ווונ־דערבאַר ווערק צווישן דעם דאָזיקן פאָלק, אַ ווונדערלעך נס; און די חכמה פון זייערע חכמים וועט צונישט ווערן און דאָס פאַרשטענדעניש פון זייערע פאַרשטאַנדיקע וועט זיך באַהאַלטן. וויי איז צו די, וואָס זוכן צו פאַרבאָרגן טיף זייער באַראָט פון יהוה, און וועמעס מעשים זיינען אין דער פינצטער, און וואָס זאָגן: ווער זעט אונדז? און ווער קען אונדז?" — ישעיה כט: יג־טו.

די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע, וואָס האָט איינגערעדט דעם פאָלק מורא צו האָבן און אָפּצוגעבן זייער שווער־פאַרהאָ־

רעוועט געלט, און זייערע „חכמים" מאַכן היפּאָקריטיש אַן אָנשטעל פאַר די מענטשן אַלס די פאַרטרעטער פון גאָט און זאָגן: „ווער זעט אונדז? און ווער קען אונדז?" יהוה האָט געלאָזט די פּלשתּים אין לאַנד יהודה, כּדי אויסצופּרוּוון די ישׂראלים און צו וויסן, צי זיי וועלן געהאָרכן זיינע געבאָט. (שופטים ג: א־ד) די פּלשתּים האָבן אויסגענוצט די ישׂראלים פאַר זייער אייגענעם נוצן און פאַרגעניגן. די נביאישע דראַמע פון שמשונען באַווייזט, ווי אַזוי גאָטס פאָלק דאַרף זיין געטריי אַפילו ביזן טויט. דאָס נביאישע בילד פון דודס שטרייט מיט די פּלשתּים באַווייזט אַן אַנדער זאַך. יהוה האָט געזאַלבט דודן אַלס קעניג איבער גאַנץ ישׂראל, און איצט האָבן די פּלשתּים פּרובירט זיך צו שטעלן קעגן גאָטס כּונה. די פּלשתּים זיינען געווען אין משך פון אַ סך יאָרן די באַדריקער פון די ישׂראלים, און איצט איז געקומען גאָטס צייט צו ראַטעווען זיין פאָלק פון דער האַנט פון זייערע באַדריקער. דעריבער איז דאָס, וואָס האָט פּאַסירט ביים הר־פּרצים און ביי גבעון, געווען גאָטס ערשטע דעמאָנסטראַציע פון זיין מאַכט צוגונסטן פון זיין קעניגרייך. דאָס איז געווען דער ערשטער מלוכה־שטרייט, און דאָס גיט די אַבסאָלוטע פאַרזיכערונג, אַז יהוה וועט קעמפן פאַר זיין מלוכה. אַזוי שנעל ווי דוד איז געווען אין ירושלים אַלס קעניג, האָבן די פינף פּלשתּישע פירשטן געמאַכט אַ פאַרשווערונג צו צעשמעטערן דודן און אַזויגאָך אָפּצוהאַלטן גאָט פון דורכפירן זיין באַשלוס. גאָט האָט זיך אַריינגעמישט און האָט פאַרהיט די דורכפירונג פון דעם דאָזיקן רשעותדיקן צוועק.

דער באַריכט איז: „אַלע פּלשתּים זיינען אַרויפגעגאַנגען צו זוכן דודן." דאָס האָט געמוזט זיין אַ גוואַלטיקע מחנה מענטשן, וואָס איז דאָרט געקומען פּטור צו ווערן הויפּט־זאַכלעך פון איין מענטשן און זיין קליינעם חיל. עס איז גאַנץ וואַרשיינלעך, אַז די דאָזיקע באַוועגונג פון די פּלשתּים קעגן דודן האָט אָנגערעגט דעם נביא צו שרייבן דעם צווייטן קאַפּיטל תהלים, וווּ דער שונא ווערט פאָרגעשטעלט ווי ער זאָגט: „לאָמיר צעררייסן זייערע בינד [דאָס הייסט די בינד, וואָס

פארבינדן צוזאמען די ישראלים אין איינִיקייט אונטער קעניג דודן און וואס שטערן די מעשים פון די פלשתים], און אפּ־ווארפן זייערע שטריק פון אונדז!" זייער אויספיר האט מסתמא געמאכט גאט לאכן, און דעריבער זעצט פאר דער תהלים־זינ־גער: „דער, וואס טראגט אין הימל, לאכט; דער האר שפּעט פון זיי. דאן וועט ער רעדן צו זיי אין זיין כעס, און אין זיין גרימצארן וועט ער זיי דערשרעקן." — תהלים ב: ג־ה.

די נבואה ווערט איצט מקוים אויף א סך א גרעסערן אופן. מיר ווייסן, אז אלע אמתדיקע נאכפאלגער פון ישוע המשיחן זיינען איצט פאראייניקט אונטער דעם קעניג, דעם גרעסערן דודן, און אז זיי פּראקלאמירן הילכיק יהוה, זיין קעניג, און זיין קעניגרייך. ביז איצט האט די רוימיש־קאטוילישע היעראַרכיע געהאט איר אייגענעם דרך. דאס איז געווען א גרויסע אויס־פּרוּווּנג פון די אמתע נאכפאלגער פון ישוע המשיחן. די דאזיקע רשעותדיקע ארגאניזאציע, מאכנדיק דעם אנשטעל צו זיין גאטס פארטרעטער אויף דער ערד, האט פארניכט יעדע ארגאניזאציע, וואס איז ווען ניט איז אויפגעשטאנען קעגן איר. איצט איז משיח אויף זיין טראָן, און עס איז געקומען גאטס צייט פאר זיין מלוכה פולשטענדיק איבערצונעמען די הער־שאפט פון דער וועלט. אין משך פון די לעצטע עטלעכע יארן, און זינט דער איינהייט פון גאטס קהלה אונטער משיחן, האט די רוימיש־קאטוילישע גלחים־רעגירונג אנגעהויבן אירע שטענדיקע אנפאלן קעגן גאטס אמת פאלק. אין יעדן לאנד אויף דער ערד באטרייבט די היעראַרכיע די דאזיקע רשעותדיקע פארפאלגונגען פון יהוהס עדות, און ווי יהוהס נביא דערקלערט, זאגט איצט די היעראַרכיע: „לאמיר פאנאנדעררייסן זייערע בינדט [זייער איינִיקייט אונטער משיחן, וואס איז אזא אפּ־האלט פאר אונדז]." דערביי רעדט די היעראַרכיע אן די פּאליטישע און פינאנציעלע עלעמענטן פון דעם שטנס אר־גאניזאציע, צוזאמען מיט דעם יודאס־קלאס, זיך צו פאראייניקן מיט איר. און ווייטער באשרייבט גאטס נביא די היעראַרכיע: „זע, דיינע שונאים טומלען: און דיינע האסער הייבן אויף

דעם קאָפּ. זיי סודען זיך ליסטיק קעגן דיין פאָלק, און זיי עצהן זיך קעגן דיינע באַשיצטע. זיי האָבן געזאָגט: קומט און לאָמיר זיי פאַרטיליקן, אַז זיי זאָלן מער ניט זיין קיין נאַציע, כּדי דער נאָמען ישׂראל זאָל מער ניט געדאַכט ווערן! וואָרן זיי האָבן זיך געהאַלטן אַן עצה מיט איין האַרצן, זיי האָבן זיך פאַרשווירן קעגן דיר." — תּהלים פג: ב־ה.

וועט איצט דער האַר יהוה ניט לאַכן און שפּעטן פון די דאָזיקע העזהדיקע? איז עס ניט אומגעפער יהוהס באַשטימטע צייט צו „רעדן צו זיי אין זיין כּעס, און צו שרעקן זיי אין זיין גרימצאָרן"? און פאַרוואָס? ווייל, ווי דער האַר זאָגט, „איך האָב אויפגעשטעלט מיין מלך אויף ציון, מיין הייליקן באַרג" צו הערשן איבער דער וועלט, און גאָט וועט קיין זאַך ניט דערלויבן צו שטערן די דורכפירונג פון זיינע באַשלוסן. צו זיין קעניג, דעם גרעסערן דודן, זאָגט ער איצט: „דו וועסט זיי צעברעכן מיט אַן אייזערנעם רוט; דו וועסט זיי צעפּיצלען ווי אַ טעפּערס געפעס." — תּהלים ב: ט.

עס איז קלאָר, אַז יהוהס באַשטימטע צייט איז געקומען „אויפצושטיין" און זיך אַרויסצוווייזן, אַזוי ווי ער האָט עס געטאָן פאַר זיין פאָלק ביים הר־פּרצים און אין טאָל פון גבעון. די נבואה ווייזט זיכער, אַז מיר זיינען אין אַ צייט, ווען יהוה וועט גורם זיין, אַז זיין האָגל זאָל אָוועקקערן די שוץ פון ליגנס, און זיינע וואַסערן זאָלן פאַרפלייצן דעם שונא, אַנטפּלויזנדיק זייער רשעות, און נאָכדעם וועט קומען זיין ווערק פון פאַר־ניכטונג.

אָבער ווי אַזוי קאָן מען דאָס באַצייכענען אַלס יהוהס „מאָדנע ווערק" אָדער „אויסטערלישע טואונג"? דער פאַקט, אַז יהוה האָט געשטריטן דעם שטרייט פאַר זיין מלך דוד, איז גאָרניט געווען מאָדנע פאַר דודן, ווייל דוד האָט געוווּסט, אַז ער איז געווען אַ כּלי־זין אין די הענט פון יהוה צו ראַטעווען די ישׂראַ־לים פון דעם שונאס הענט. דוד האָט זיכער געוווּסט, וואָס איז פאַרצייכנט געוואָרן אין שמואל ב ג: יח: „דער האַר האָט גערעדט וועגן דודן, אַזוי צו זאָגן: דורך דער האַנט פון מיין

קנעכט דוד וועל איך ראטעווען מיין פאלק ישראל פון די הענט פון די פלשתים.״ דודס אנפרעגן דעם האר, וואס ער זאל טאן, איז ווייטער א באווייז, אז דאס, וואס האט פאסירט, האט ניט איבערראשט דודן; נאר עס ווייזט יא זיין פולשטענדיקן צוטרוי צו יהוה. צוליב די דאזיקע סיבות זיינען גאטס מעשים קעגן די פלשתים גארניט געווען מאדנע און אן איבערראשונג פאר ,די, וואס זיינען געווען איבערגעגעבן צו גאט. פאר די פלשתים אבער, האט עס געמוזט זיין זייער אויסטערליש, ווייל אין משך פון א לאנגער צייט זיינען זיי ניט געווען אפגעהאלטן פון יהוה צו דריקן די ישראלים אזוי ווי זיי האבן נאר גע־וואלט, און איצט, ווען יהוה האט זיי געלאזט געשלאגן ווערן דורך די ישראלים און איינגעמען א פולשטענדיקע מפלה, האט דאס געמוזט אויסזען פארן שונא זייער אויסטערליש.

באמערק ווי אזוי דאס נביאישע בילד זעט אויס ענלעך צו דער ווירקלעכקייט פון דער איצטיקער צייט: די רוימיש־קא־טוילישע הערארכיע האט אין משך פון א לאנגער צייט געהאט איר אייגענעם דרך. זי איז די שטארקסטע ארגאניזאציע אונטער דער זון, און איר כח און איינפלוס ווערט אויסגעאיבט אין יעדן לאנד אויף דער ערד. די מיטגלידער פון דער קירכן־רעגירונג זיינען הארטנעקיגע, גרויסהאלטערישע, שטרענגע און אפשפעטנ־דיקע מענטשן. די קאטוילישע הערארכיע איז פארהעלטנישמע־סיק א קליינע קערפערשאפט פון מענטשן, און די גרויסע מענגע פון קאטוילישע מענטשן, וואס אונטערשטיצן די ארגאניזאציע, זיינען ניט קיין מיטגלידער פון דער קאטוילישער קירך, נאר זיי הייסן „קינדער פון דער קירך״ אדער „קאטוילישע באפעל־קערונג״. די פריסטער־הערשאפט ציילט איר „באפעלקערונג״ אדער אירע אנהענגער אין די מיליאנען. די הערארכיע פרובירט איצט פארצווייפלטערהייט צו פארניכטן יהוהס עדות, כדי עס זאל ניט זיין קיין שום שטערונג ביים דורכפירן פון די פלענער צו קאנטראלירן די ענינים פון די נאציעס אויף דער ערד. די הערארכיע דערוואַרט מיט זיכערקייט צו באפרייען איינגיכן די ערד פון די דאזיקע „פלאנגדיקע עדות״, און ביי יעדער

געלעגנהייט הערט מען זיי זאָגן, אַז „די דאָזיקע חברה פון יהוהס עדות וועט זיך לאַנג ניט האַלטן".

דאָך ווען די צייט וועט קומען פאַר יהוה אויפצושטיין, אַזוי ווי ער האָט געטאָן ביים באַרג פּרצים און אין טאָל פון גבעון, און ער וועט אויסדריקן זיין גערעכטן כעס קעגן זיינע שונאים, וואָס האָבן פאַרפאָלגט זיינע געזאַלבטע מענטשן, און ווען ער וועט פאַראורזאַכן דעם אונטערגאַנג פון דער רוימיש־קאַטוי־לישער הערארכיע, וועט דאָס זיין אַזוי וואונדערלעך, אַזוי אוי־סערגעוויינלעך, אַזוי אומגעהויער און דערשרעקנדיק, און אַזוי פולשטענדיק פרעמד און אומדערהערט, אַז מיליאָנען מענטשן, וואָס זיינען געווען אונטערשטיצער פון דער רוימיש־קאַטוילי־שער גלחים־רעגירונג וועלן אויסרופן: „ווי דערשטוינענדיק, אַז גאָט זאָל פאַרניכטן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע!" זיי וועלן זען, אַז דאָס איז ניט די טואונג פון אַ מענטשן, נייערט מוז זיין די טואונג פון דעם אַלמעכטיקן, און פאַר אַזעלכע וועט די דאָזיקע טואונג אויסזען „אויסטערליש". מען קען דעריבער מיט זיכערקייט דערוואַרטן, אַז די לעבעדיק־איבערגעבליבענע וועלן זאָגן אין עצם: „ווי דערשטוינענדיק, אַז די דאָזיקע מעכטיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט דאָך אין משך פון יאָרהונדערטער געהאַנדלט, ווי זי וואָלט געווען דער פאַרטרעטער פון גאָט און משיחן אויף דער ערד, זאָל איצט צעשטערט ווערן פון דעם האַר! דאָס איז אַזוי פרעמד און האָט קיינמאָל ניט פריער פּאַסירט, און מיר קענען דאָס ניט פאַרשטיין!" די דאָ דער־מאָנטע טואונג יהוהס וועט אויסזען אויסטערליש יעדן איינעם, וואָס פאַרשטייט זי ניט, און בלויז יענע וועלן זי פאַרשטיין, וואָס זיינען אינגאַנצן איבערגעגעבן יהוה און זיין מלוכה. יהוהס טואונג וועט די געזאַלבטע גאָרניט איבעראַשן, ווייל גאָט האָט זיי מחנך געווען דורך זיין וואָרט וועגן דעם, וואָס וועט געשען, און נאָך זייער אויפקלערונג פאָלגן זיי נאָך זיין וואָרט און געהאָרכן זיינע געבאָט. זיי ווייסן איצט, אַז יהוה וועט אומברענגען די רשעותדיקע רוימיש־קאַטוילישע הערא־

כיע, און זיי ווייסן, אז יהוהס באשלוס וועט דורכגעפירט ווערן. — ישעיה מו : יא.

איבער דער גאנצער וועלט ווערן איצט די געטרייע פארפאלגט פון דער רוימיש־קאטוילישער הערארכיע. די דאזיקע פארפאלגונג איז אזוי שרעקלעך און מעכטיק, אז די געטרייע ווייסן, אז קיין מענטשלעכער כח וואלט געקענט דערפאלגרייך זיך שטעלן קעגן דער דאזיקער רשעותדיקער ארגאניזאציע. קיין איינער ניט, וואס באזיצט ניט דעם פולשטענדיקן צוטרוי און גלויבן אין גאט און זיינע הבטחות, וועט וואגן צו דערציילן דעם אמת וועגן דער רשעותדיקער ארגאניזאציע פון דער קירכן־רעגירונג; אבער די געטרייע האבן גענומען שטעלונג אויף דער זייט פון דעם האר און איס ווען זיי דינען, און ניט דעם מענטשן. זיי ווייסן, אז גאט וועט זיך אריינמישן זיי צוגונסטן. זיי ווייסן, אז די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע איז דעם טייוולס זעבארער הויפט־אגענט אויף דער ערד, און אז גאט וועט אויסזוכן און וועט אומברענגען אלע זיינע שונאים, איינשליסנדיק די הערארכיע. ווייל די געטרייע האבן די דאזיקע דערקענטעניש און פארזיכערונג פון גאטס ווארט, טוען זיי מיט פולן צוטרוי תפילה צו גאט, אז ער זאל צואיילן דעם טאג, ווען דער שונא וועט אפגעווישט ווערן פון דער ערד, און זיי האלטן אין איין זינגען פרייליך יהוהס שבחים, וויסנדיק, אז די שונאים קענען קיין ערגערע זאך ניט טאן, ווי זיי צו טייטן. גאט וועט מציל זיין זיין פאלק דורך דער האנט פון דעם גרעסערן דודן, ישוע המשיחן, דעם באליבטן זון פון יהוה. דער גרויסער קעניג זאגט צו די דאזיקע געטרייע און געזאלבטע : „זיי געטריי ביזן טויט, און איך וועל דיר געבן די קרוין פון לעבן.” (אנטפלעקונג ב : י) דעריבער פארלאזן זיך די געזאלבטע מיט זיכערקייט אויף יהוהס הבטחות, און צוליב דער דאזיקער סיבה פרייען זיי זיך אין די צרות, וואס קומען אויף זיי צוליב זייער געטריישאפט. זעענדיק די דערפילונג פון יהוס נבואות, און וויסנדיק, אז זיין קעניג איז אויפן טראן און אין טעמפל צו

משפטן, קוקן זיי ארויף און הייבן אויף זייערע קעפ, ווייל זיי ווייסן, אז דער טאָג פון רעטונג איז נאָענט.

## פאַרוואָס?

פאַרוואָס איז יהוה „אויפגעשטאַנען און האָט דערשלאָגן די פּלשתּים, הגם ווי מיר האָבן געזען, זיי האָבן מיט זיין דער־לויבעניש געהערשט איבער די ישׂראלים אין משך פון יאָרן? די זעלבע פראַגע קאָן געפרעגט ווערן, און דער זעלבער ענטפער קאָן געגעבן ווערן, אין באַצוג צו די היינטצייטיקע פּלשתּים, די רוימיש־קאַטוילישע גלחים־רעגירונג. די פּלשתּים זיינען גע־ווען פּריווילעגירט צו זיין אין דעם לאַנד, וואָס גאָט האָט געשאָנקען זיין אויסדערוויילט פאָלק, און זיי האָבן פּרובירט זיך צו שטעלן קעגן גאָטס כּונה אויפצושטעלן דאָרט זיין פאַר־בילד־מלוכה. פּונקט אַזוי איז אין משך פון יאָרהונדערטער דערלויבט געוואָרן דער רוימיש־קאַטוילישער העראַרכיע דורך יהוה צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון זיין פאָלק אויף דער ערד, און זי האָט געהאַט די חוצפּה צו פאַרנעמען דאָס באַגינסטיקטע אָרט פון יהוה; און אין דער זעלבער צייט באַמיט זי זיך העפטיק צו פאַרהינדערן, אַז יהוה זאָל דורכפירן זיין צוועק בנוגע זיינע געטרייע און געזאַלבטע און אויפשטעלן זיין קעניגרייך. זי האַנדלט מיט נקמה און גרויזאַמען האַס קעגן אַלעמען, וואָס זיינען איבערגעגעבן יהוה. קיינער קען ניט פול־שטענדיק און פאַרנונפטיק דינען יהוה, אויב ער שעטלט זיך ניט קעגן דער רשעות פון דער רוימיש־קאַטוילישער העראַרכיע, און פאָלגלעך זיינען זיי געהאַסט פון דער העראַרכיע. לאַנג נאָכדעם, ווי די פאַרצייטיקע פּלשתּים זיינען פאַרניכטעט געוואָרן אַלס אַ פאָלק, האָט גאָט גורם געווען, אַז זיין נביא זאָל שרייבן די פאָלגנדיקע נבואה אַלס ענטפער אויף דער פריערדיקער פראַגע, פאַרוואָס ער וועט אויפשטיין, און דער דאָזיקער ענט־פער איז פאַרצייכנט אין די פאָלגנדיקע ווערטער: „אַזוי האָט געזאָגט דער האַר, יהוה: ווייל די פּלשתּים האָבן געהאַנדלט מיט נקמה, און האָבן גענומען נקמה מיט פאַראַכטונג פון דער

זעל, צוּ פֿאַרניכטן אין אַלטער שׂנאה; דעריבער האָט דער האַר, יהוה, אַזוי געזאָגט: זע, איך וועל אויסשטרעקן מיין האַנט אויף די פּלשתּים, און איך וועל פֿאַרשניידן די כּרתים, און וועל פֿאַרניכטן די איבערגעבליבענע פֿון דעם ים־בּרעג. און איך וועל אויספירן אויף זיי גרויסע נקמות מיט שטראָפן פֿון גרימצאָרן; און זיי וועלן וויסן, אַז איך בּין יהוה, ווען איך וועל בּרענגען מיין נקמה אויף זיי."— יחזקאל כה: טו־יז.

זינט דער צייט פֿון יצחקן האָבן זיך די פּאַרצייטיקע פּלשתּים געשטעלט קעגן גאָטס פֿאָלק און זיי שלעכט בּאַהאַנדלט. זינט דער צייט פֿון דעם קעגנבּילדלעכן יצחקן האָבן דעם שׂטנס משרתים פֿאַרפֿאָלגט ישוּען און זיינע אמתע נאָכפֿאָלגער. הויפּט־זאַכלעך האָט די רוימיש־קאַטוילישע היעראַרכיע בּאַקעמפֿט און שלעכט בּאַהאַנדלט גאָטס אויסדערוויילט פֿאָלק. (בּראשית כו: טו־כב) יהוהס פּסק־דין, אויפֿגעשריבן, לאַנג נאָכדעם ווי די פּאַרצייטיקע פּלשתּים האָבן אויפֿגעהערט צוּ עקזיסטירן אַלס אַ נאַציע, איז, אַז ער וועט אוּמבּרענגען די פּלשתּים, און דעריבער איז עס בּלי שוּם ספֿק, אַז די נבוּאה בּאַציט זיך אויף די היינטצייטיקע פּלשתּים, אויף דער רוימיש־קאַטוילישער היעראַרכיע און אַלע אירע מיטפֿאַרשוואוירענע מעכטיקע. דער טאָג פֿון דער פֿאַרניכטוּנג פֿון דער דאָזיקער רשעותדיקער אָר־גאַניזאַציע, פֿון דער רוימיש־קאַטוילישער קירכן־רעגירוּנג, איז נאָענט: „און איך וועל פֿאַרשניידן די איינוואוינער פֿון אשדוד, און דעם, וואָס האַלט דעם צעפּטער פֿון אשקלון; און איך וועל קערן מיין האַנט קעגן עקרון, און דער איבערבּלייב פֿון די פּלשתּים וועט אוּנטערגיין, זאָגט דער האַר, יהוה." (עמוס א: ח) „וואָרן עזה וועט פֿאַרלאָזן און אשקלון אַ וויסטעניש זיין; אשדוד וועט מען אַרויסטרייבן אין מיטן טאָג, און עקרון וועט אויסגעוואָרצלט ווערן. וויי צוּ די איינוואוינער פֿוּנם ים־בּרעג, די נאַציע פֿון די כּרתים! דאָס וואָרט פֿון יהוה איז קעגן אייך, אָ כּנען, דאָס לאַנד פֿון די פּלשתּים! און איך וועל דיך אוּמבּרענגען, אַז דאָרטן זאָל ניט זיין קיין איינוואוינער." (צפניה ב: ד, ה) דער שטאָלץ פֿון די היינטצייטיקע פּלשתּים וועט

אויפהערן. (זכריה ט: ו) די פּאַראַייניקטע היפּאָקריטישע און רשעותדיקע רעליגיאָניסטן וועלן פאַרניכט ווערן; און די דאָזיקע ידיעה ווערט איצט פאַרשפּרייט צוגונסטן פון דעם איבערבלייב און צו גונסטן פון די יוֹנדבס אָדער די „גרויסע מחנה”. (זע דאָס בוך צוגרייטונג, זייט 150, ענגלישע אויסגאַבע.)

די הייליקע שריפט שיינט פולשטענדיק צו באַקרעפטיקן דעם אויספיר, אַז די פאַרניכטונג פון די רעליגיאָניסטן אונטער דער פירערשאַפט פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע, וועט זיין דער ערשטער טייל אָדער דער אָנהייב פון הר־מגדון. די טייוול־רעליגיע, באַצייכנט מיטן פאַלשן נאָמען „קריסטנטום”, איז צוערשט אויפגעשטעלט געוואָרן אונטער דעם נאָמען די קירך פון רוים, פון וואָס עס איז אַרויסגעוואַקסן די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע ווערט נביאיש דערמאָנט אין דער הייליקער שריפט אונטער דעם וועניק שמייכלהאַפטן נאָמען „די אַלטע הור”. עס איז אַמאָל געווען אַ צייט, ווען עס איז געווען אין דער וועלט אַן אָרגאַניזאַציע, באַוווּסט אַלס „פּראָטעסטאַנטיזם”, וואָס האָט געקעמפט קעגן דער רוימיש־קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע; אָבער אַרום דער צייט פון דער וועלט־מלחמה האָט די אַזוי־גערופענע „פּראָטעסטאַנטישע” אָרגאַניזאַציע אויפגעהערט צו פּראָטעסטירן און אַזוי־נאָך צו עקזיסטירן און איז אַריבער מיט זאַק און פּאַק צו דער הערארכיע, און איצט שטעלט די גאַנצע חברה מיט זיך פאָר „די גרויסע הור”. די דאָזיקע באַנדע עפּנטלעכע גענג־סטערס און שונאים פון גאָט האָבן אויפגעשטעלט די פעלקערליג אַלס אַ במקום פאַר גאָטס מלוכה. פאַר זיי איז אַלץ רעכט, כּדי נאָר אָפּצוקערן די מענטשן פון יהוה און זיין קעניג. די דאָזיקע, מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז זיי נעמען זיך אָן פאַר גאָט, נעמען זיך פּאַקטיש אָן פאַרן טייוול און פאַרטרעטן אים, און די דאָזיקע גאַנצע חברה איז אַ באַשטאַנדטייל פון דער חיהשער הערשאַפט פון דער וועלט. „און די צען הערנער, וואָס דו האָסט געזען אויף דער חיה, די דאָזיקע וועלן האַסן די הור, און וועלן זי וויסט און נאַקעט מאַכן, און וועלן עסן איר

פלייש, און וועלן זי מיט פייער פארבּרענען. ווארן גאט האט אריינגעגעבּן אין זייערע הערצער צו טאן זיין ווילן און אויסצופירן זיין באשלוס." (אנטפּלעקונג יז: טז־יז) (זע דאס בוך ליכט, באנד 2, זייטן 80־114; ענגלישע אויסגאבּע.) דאס איז פּינקטלעך אין איינקלאנג מיט ישעיהס נבואה. יהוהס שטורעם פון האגל וועט פארשווענקען די באהעלטעניש פון ליגנס און וועט פולשטענדיק אנטבּלויזן פאר דער גאנצער מענטשהייט די צווייפּנימדיקייט פון „דער אלטער הור", און איר אומקום וועט קומען איידער דער פארניכטונג פון „דער חיה" און פון „דעם פאלשן נביא". (אנטפּלעקונג יט: יט־כא) די רשעותדיקע היינטצייטיקע פּלשתים וועלן געפאנגען ווערן אין די נעצן פון זייערע אייגענע מעשׂים.—תהלים ט: טו, טז; זע אויך דאס בוך באוואָרונג, זייטן 139־143; ענגלישע אויסגאבּע.

עס וואלט געווען הזעהדיק פאר וועלכן ניט איז מענטשן, מער צו באהויפּטן, א חוץ דעם, וואס די הייליקע שריפט דערקלערט, ווי אזוי גאט וועט דורכפירן „זיין טואונג, זיין אויסטערלישע טואונג". וואס פארא מיטלען דער האר זאל ניט געבּרויכן אויסצופירן זיין באשלוס, וועט עס סיי ווי סיי זיין גאטס גרויסע טואונג, אפילו ווען ער געבּרויכט געוויסע מענטשלעכע כלים אויסצופירן זיין ווילן, ווי ער האט גענוצט דורן ביים בארג פּרצים. זאלן זיך איצט די געטרייע פארלאזן אויף דעם פאקט, אז פּונקט אזוי זיכער, ווי די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע פארנעמט זיך איצט מיט פארפאלגן די, וואס דינען יהוה, פּונקט אזוי זיכער וועט יהוה אויפשטיין און וועט דערשלאגן די רוימיש־קאטוילישע הערארכיע אין שטויב. דעריבּער דארפן די געטרייע פארמזועצן זייער טעטיקייט אָן מורא און ניט אכטנדיק אויף די מעשׂים פון די רשעים קעגן זיי. גאט האט באוויזן, אז די הערארכיע איז דעם טייוולס רשעותדיקע, זעבּארע הויפּט־ארגאניזאציע, און ער האט באקאנט געמאכט מיט זיכערע ווערטער, אז אלע רשעים וועלן אונטערגיין.

הר־מגדון איז דאָס ווערק פון יהוה, ווייל די הייליקע שריפט באַטאָנט אויסדריקלעך, אַז גאָט וועט באַווייזן זיין כח אין דער שלאַכט פון הר־מגדון דורך דער האַנט פון ישוע המשיחן. דער פאַקט אַליין, אַז יהוה רעדט דורך זיין נביא וועגן „זיין ווערק, זיין פרעמד ווערק", „זיין טואונג, זיין אויסטערלישע טואונג", איבערחזרנדיק די ווערטער, שיינט קלאָר צו באַווייזן צוויי באַזונדערע טיילן פון גאָטס זעלטן ווערק: (1) די אויפדעקונג און פאַרניכטונג פון די היפּאָקריטישע רעליגיאָניסטן; און (2) די פולשטענדיקסטע פאַרניכטונג פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע פון דעם שטן. הר־מגדון איז אַלס גאַנצעס יהוהס טואונג; אָבער יענער טייל פון הר־מגדון, וואָס ער רופט אָן „זיין אויסטערלישע טואונג", באַציט זיך מסתמא קלאָר צו עפּעס, וואָס מוז אויסזען פאַר אַ סך מענטשן זייער דערשטוינענדיק. דער שלוסקאַמף אַליין דאַרף ניט פאַרוואונדערן און אויסזען מאָדנע, צוליב דער סיבה, וואָס אַלע, וואָס רופן זיך קריסטן, זיינען אינפאָרמירט געוואָרן דורך דער הייליקער שריפט ווי אויך אויף אַנדערע אופנים, אַז הר־מגדון וועט זיין אַ גרויסע צייט פון צרות.

באַטראַכט אָבער איצט דעם פאַקט, אַז עס איז פאַראַן איין גרויסע רעליגיע־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן פּראָמינענט פאַר די אויגן פון מענטשן אין משך פון פילע יאָרהונדערטער, וועלכע אָרגאַניזאַציע האָט אָן אויפהער דערקלערט צו זיין דער ספּעציעלער פאַרטרעטער פון גאָט אויף דער ערד, און אַז מען האָט איינגערעדט מיליאָנען מענטשן צו גלייבן, אַז זי איז אַ געטלעכע אָרגאַניזאַציע. אַזעלכע מענטשן דערוואַרטן ניט די פאַרניכטונג פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע גרויסע רעליגיע־אָרגאַניזאַציע איז די רוימיש־קאַטוילישע סיסטעם. זי ווערט באַהערשט פון איר הערארכיע, און מיט איר איז פאַרבונדן אַ „קאַטוילישע באַפעלקערונג" פון מיליאָנען מענטשן. אַלע פעלקער פון דער „קריסטנשאַפט" גיבן שטילשווייגנדיק צו, אַז די קאַטוילישע קירך־אָרגאַניזאַציע איז דער פאָרשטייער פון „גאָט"; אָבער, ס'פאַרשטייט זיך, זיי

ווייסן ניט פון וועלכן גאָט. איצט, ווען יהוה ווייזט אָן באַזונ־
דערס אויף דער דאָזיקער רוימיש־קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע
און ברענגט זי צו שאַנדע און דערנידערונג, ווי דאָס ווערט
געשילדערט דורך דער ניטבאַשניידונג און דורך „די בלאָטערן
אין די פאַרבאָרגענע ערטער" פון די פלשתים, און נאָכדעם
פאַרשווענקט די באַהעלטעניש פון ליגנס, אונטער וועלכע די
רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע האָט פון לאַנג אָן פאַרהוילן
אירע אָפשיילעכע מעשים, און אַנטבלויזט די צביעות פון דער
דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, און נאָכדעם פאַרניכט זי פולשטענדיק,
וועט דאָס געווים אויסזען צו זיין אַ „מאָדנע ווערק" און אַן
„אויסטערלישע טואונג" פון דעם אַלמעכטיקן גאָט; און מיליאָנען
מענטשן אויף דער ערד, וואָס וועלן זען די דאָזיקע וווּנדער־
באַרע טואונג, וועלן אָן צווייפל אויסשרייען אין גרויסער פאַר־
ווונדערונג: „ווי דערשטוינענדיק, וואָס דער אַלמעכטיקער גאָט
פאַרניכט די אָרגאַניזאַציע, קעגן וועלכער, ווי מען האָט אונדז
געלערנט, קיין שום זאַך, אפילו ניט דער שאול, קען ניט
איבערוועלטיקן!"

צביעות איז פאַראַכטלעך אין די אויגן פון יהוה. ער זאָגט:
„דער געמיינער מענטש רעדט געמיינקייטן, און זיין האַרץ
טראַכט נאָך אומרעכט, צו טאָן צביעות, און צו רעדן וועגן
יהוה מיט אָפּנאַרעריי, און צו לאָזן ליידיק די זעל פון דעם
הונגעריקן." (ישעיה לב: ו) אָט דאָ באַשרייבט דער האַר קלאָר
די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע. די גרעסטע צביעות, וואָס
איז ווען אויסגעטראַכט געוואָרן צווישן מענטשן, איז די פאַר־
שטעלטקייט פון דער הערארכיע, און דער סוף פון זיי וועט
זיין פאַרניכטונג. שאול איז געווען אַ היפּאָקריט. (שמואל א
טו: א־כג) ער איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ קעניג, אויף
די פאַרלאַנגען פון פאָלק, און ער איז אַן אילוסטראַציע פון
יענע, וואָס זיינען אַמאָל געווען קאַנדידאַטן פאַר דער מלוכה,
אָבער וואָס זיינען אָנגעגריפן געוואָרן פון אייגננוץ, פון די
פאַרלאַנגען צו דערווערבן פערזענלעכע געווינסן, און צו לעבן
אַ לעבן פון מאַכט און כבוד. (שמואל א ח: ד־כב; י: יז־

כח) ווען דעם האַרם גייסט האָט פאַרלאָזן שאולן, האָט ער צוזאַמען געאַרבעט מיט די פּלשתּים אין זײערע שטענדיקע באַמיאונגען צו פאַרניכטן דודן, דעם פון גאָט געזאַלבטן. שאול אילוסטרירט אויף אַ קלאָרן אופן, דעם קלאַס פון „בײזן קנעכט", וועמען דער האַר ישוע האָט באַשריבן. די דאָזיקע זײנען אַמאָל געווען גרייט פאַר דעם קעניגרייך. אָנגעגריפן פון זעלבסטזוכט און דעריבער פאַרשטויסן פון דעם האַר אין זיין טעמפּל־משפּט, האָבן די דאָזיקע „אָנגעהויבן צו שלאָגן זײערע מיטקנעכט", און וועגן אַזעלכע האָט ישוע געזאָגט: „דער האַר . . . וועט אים צעשניידן, און אים געבן זיין טייל מיט די היפּאָקריטן." (מתּתיה כד: מח־נא) גאָט וועט קיינעם ניט דערלויבן זיך דערפאָלגרייך אַריינצומישן אין דעם אויפשטעלן פון זיין מלוכה אונטער משיחן.

## ערלעכע קאַטאָליקן

ערלעכע מענטשן זײנען אָפט אָפּגענאַרט געוואָרן און געפירט געוואָרן אין אַ פּאַסטקע. די קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע באַרימט זיך וועגן דעם: „גיט אונדז אַ קינד ביז עס ווערט זיבן יאָר אַלט, און עס וועט קיינמאָל ניט אַוועקגיין פון דעם קאַטוילישן גלויבן." ווען אַ קינד ווערט אויפגעהאָדעוועט אין אומוויסנקייט וועגן גאָט און וועגן זיין וואָרט, און זיין קאָפּ וועט אָנגעפילט מיט די לערעס פון מענטשן — די קאַטוילישע דאָגמעס, וואָס זײנען קעגן גאָטס וואָרט — און דערביי ווערט דעם קינד שטענדיק געסטראַשעט מיט דער שטראָף פון לייטערונגס־פייער און גיהנום, ניט צו לייענען וואָס ניט איז, וואָס איז ניט פריער גוטגעהייסן געוואָרן פון דעם קאַטוילישן גלח, אַזוי קאָן מען כמעט זיכער דערוואַרטן, אַז עס וועט פאַרבלייבן אין זיין אומוויסנקייט בנוגע יהוה גאָט. צוליב דער דאָזיקער סיבה זײנען דורך מורא און פאַרשריפטן פון מענטשן מיליאָנען מענטשן געהאַלטן געוואָרן אין קנעכטשאַפט און אין אומוויסנ־קייט. די גרויסע מאַסע מענטשן, וואָס שטיצן די רוימיש־קאַטוילישע קירך־אָרגאַניזאַציע, זײנען בשום אופן ניט קיין מיט־

גלידער פון דער קירך און האָבן גאָר ניט צו טאָן מיט דער רעגירונג פון דער דאָזיקער, און זיי ווערן באַצייכנט פון דער הערארכיע, ווי דאָס ווערט אָנגעגעבן אין די פּובליקאַציעס פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, אַלס „קאַטוילישע באַפעלקערונג”. (זע אָפיציעלן קאַטוילישן אַדרעסבוך, 1935) עס זיינען פאַראַן מיליאָנען מענטשן, וואָס געהאָרכן געווויסנהאַפט די געבאָט פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע, און וואָס זיינען דער־בּיי פולשטענדיק אומוויסנד וועגן דעם פאַקט, אַז זיי האַנדלען דערמיט קעגן דעם וואָרט פון גאָט.

די מיטגלידער פון דער הערארכיע לאַכן צווישן זיך און זאָגן: „מיר האָבן פון ליגנס געמאַכט אונדזער שוץ, און אונטער פאַלשקייטן האָבן מיר זיך באַהאַלטן. ווער קען אונדז? און ווער קען אונדז זען? מיר מאַכן אַן אָנשטעל, אַז מיר טוען תּפילה און די נאַראָנים וועלן צאָלן.” צוליב אָט דער סיבּה זיינען זיי געווען אימשטאַנד צו האַלטן די קאַטוילישע באַפעל־קערונג אין אומוויסנקייט וועגן גאָט און זיין קעניגרייך, און אָט כּדי זיי ווייטער אַזוי צו האַלטן, וואָרענען זיי די קאַטאָליקן, בּשום אופן ניט צו לייענען קיין שום שריפטן פון דעם וואַטש־טאַוער (וואַכטורעם). זאָלן די, וואָס באַגערן גערעכטיקייט, זיין זיכער, אַז גאָט וועט לויט זיין הבטחה נאָך פאַרשווענקען דאָס באַהעלטעניש פון ליגנס, הינטער וועלכן עס באַהאַלט זיך די הערארכיע, און אַז ער וועט אַזוינאָך, עפענען די אויגן פון אַלע ערלעכע מענטשן פאַרן אמת. ערלעכע קאַטאָליקן וועלן האָבן אַ געלעגנהייט צו פאַרשטיין דעם אמת און זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז גאָט און זיין קעניגרייך אונטער משיחן זיינען די איינציקע האָפענונג פון דעם מענטשלעכן מין. אין שייכות מיט דודס נצחונות בּיים הר־פּרצים און אין טאָל פון גבעון, דערציילט דער באַריכט (דברי הימים א יד: יז): „און דודס רום האָט זיך פאַרשפּרייט איבּער אַלע לענדער; און יהוה האָט געבּראַכט די מורא פאַר אים אויף אַלע פעלקער.” דאָ ווידער שטעלט דוד מיט זיך פאַר ישוע המשיחן, דעם באַליבּטן פון יהוה, און די מורא פאַר ישוע המשיחן, דעם גרויסן דודן,

מיינט קלאָר די באַפרייונג פון מיליאָנען פון דער „קאַטוילישער באַפעלקערונג" פון דער קנעכטשאַפט פון דער רשעותדיקער קאַטוילישער הערארכיע.

ווען די יונדבס נעמען אַן אַנטשיידענע שטעלונג אויף דער זייט פון יהוה גאָט און זיין מלוכה, געהאָרכן גאָטס געבאָט און זעצן פאָרט צו זוכן באַשיידנקייט און גערעכטיקייט, וועלן זיי מבזה ווערן פון אַלע משרתים פון שׂטן, וואָס זיינען פאַר־בליבן אויף דער ערד, הויפטזאַכלעך פון יענע, וואָס ווערן סימבאָליזירט דורך דער „חיה" און דעם „פאַלשן נביא". זיי וועלן לײדן, ווייל זיי זיינען חברים פון די, וואָס האָבן אָן אָן אויפהער פראָקלאַמירט די מלוכה פון גאָט אונטער משיחן. (עברים י: לב־לה) זאָלן אַלע די, וואָס ליבן גאָט און זיין קעניג, האָבן די פולשטענדיקע זיכערקייט פון גלויבן, אַז יהוהס צייט אויפצושטעלן זיין קעניגרייך איז געקומען און האָט זיך אָנגעהויבן, און אַז אַלע קעגנער, וואָס דער טייוול קען צונויפ־זאַמלען, קאָנען בשום אופן ניט אָפּהאַלטן זיין פולשטענדיקן אויפשטעל. יהוה האָט דעמאָנסטרירט און קלאָר באַוויזן, אַז גאָר אינגיכן וועט ער אויפשטיין און וועט קעמפן די מלחמות פאַר זיין פאָלק, וואָס איז פאַר זיין קעניגרייך, און אַז ער וועט אויף זיכער באַפרייען די ערד פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע און פון אַלע פאַרטרעטער פון דעם טייוול. דער צוועק דערפון איז די רעכטפאַרטיקונג פון יהוהס נאָמען; און דורך זיין נביא זאָגט ער וועגן דער שווערער באַשטראָפונג פון די היינטצייטיקע פלשתים: „זיי וועלן וויסן, אַז איך בין יהוה, ווען איך ברענג מיין נקמה אויף זיי." — יחזקאל כה: יז.

די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע פירט איצט אָן אַן ענער־גישע קאַמפּאַניע אין אַלע טיילן פון דער וועלט מיטן פאַרזוך צו צווינגען די מענטשן זיך אָנצושליסן אין דער קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע. די הערארכיע גייט אַרויס פון דער טעאָריע, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי אַלגעמיינע קלאַסן מענטשן, נעמלעך קאָמוניסטן און רוימישע קאַטאָליקן, און אַז אַלע, וואָס שטעלן זיך ניט אויף דער זייט פון די רוימישע קאַטאָליקן, מוזן נויט־

ווענדיקערהייט פֿאַררעכנט ווערן פֿאַר קאָמוניסטן. עס איז קלאָר, אַז דאָס איז דעם טייוולס פּאַרזוך פֿאַנאַנדערצוטיילן די מענטשן און אַזוי צו דורכקרייצן דאָס ווערק, וואָס דער האַר ישוע טוט איצט. ישוע המשיח טיילט איצט אָפּ די מענטשן פֿון גוטן ווילן, וואָס ווערן אָנגערופֿן דער קלאַס פֿון „שאָף", פֿון די רשעים, וועמען ער באַצייכנט אַלס דעם קלאַס פֿון „ציגנבעק". (מתּתיה כה: לב־מו) דערפֿאַר באַמיט זיך דער טייוול דורך דער הערארכיע צו אַרבעטן קעגן דעם האַרס ווערק דורך פֿאַנאַנדערטיילן די מענטשן אין צוויי אַנדערע קלאַסן, נעמלעך אין קאָמוניסטן און רוימישע קאַטאָליקן.

די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע און אירע פּאָליטישע און פֿינאַנציעלע פֿאַרפֿירטע און פֿאַרבינדעטע האָבן אונטערדריקט די וואַכטורעם־געזעלשאַפֿט און קאָנפֿיסקירט איר אייגנטום אין די לענדער פֿון עסטרייך און דייטשלאַנד און אין אַנדערע טיילן פֿון דער „קריסטנשאַפֿט". זי האָט לעצטנס גורם געווען, אַז אין פֿילע לענדער און שטאַטן זאָלן געשאַפֿן ווערן געזעצן מיטן צוועק צו אונטערדריקן רעדע־פֿרייהייט און דאָס פֿאַרעפֿנטלעכן פֿון דעם אמת. זי האָט פֿאַראורזאַכט, אַז פֿילע פֿון די געטרייע ווערן אומבּרחמנותדיק פֿאַרפֿאָלגט, גרויזאַם באַהאַנדלט און אַריינגעוואָרפֿן אין תּפֿיסה, און זי האַלט אָן איר רשעותדיקע טעטיקייט. די דאָזיקע היינטצייטיקע פּלשתּים האַנדלען מיט נקמה און מיט אַן אָפּשיילעך האַרץ, און דעם האַרס געטרייע מענטשן האַלטן אין איין לײַדן. אַ סך האָבן זיך געוווּנדערט, פֿאַרוואָס גאָט דערלויבט עס. זאָל אָבער קיין איינער ניט פֿון די געטרייע ווערן באַאומרואיקט! זאָלן אַלע, וואָס האָבן ליב גאָט און ישוע המשיחן, גאַנץ רואיק זײַן אין זייער גלויבן, און זאָלן זיי מיט נאָך גרעסערער אַנטשלאָסנקייט, ווי ווען עס איז פֿריער, אָנגיין מיט דינען דעם האַר, וויסנדיק דאָס, אַז גאָטס באַקאַנטגעמאַכטער באַשלוס, אויפֿצושטיין און צו צעשמעטערן דעם שונא, וועט אינגיכן אויסגעפֿירט ווערן, און יעדער איינער, וואָס האַלט אָן זײַן געטרײַשאַפֿט צום האַר אין דער מיט פֿון די אַלע פּרוּוון, וועט באַקומען די אייביקע ברכה פֿון יהוה,

וואָס מאַכט אזוי אומבאַשרייבלעך רייך. זיכער האָט ישוע גע־
האַט אין זינען די היינטיקע צייטן, ווען ער האָט געזאָגט:
„דער, וואָס וועט עס אויסהאַלטן ביז צום סוף, דער זעלביקער
וועט געראַטעוועט ווערן." (מתתיה כד: יג) אונדזער גאָט,
וועמען מיר דינען, וועט ראַטעווען און דערלייזן זיין פאָלק
צום כבוד און רום פון זיין נאָמען. די צייט איז געקומען, און
זע, די „גרויסע מחנה" דערשיינט!

קאַפּיטל 8

# די גרויסע מחנה

יהוה האָט אַנטפּלעקט פאַר ישוע המשיחן זאַכן, וואָס מוזן שפּעטער געשען, און ישוע האָט געשיקט אַ מלאך און האָט געהייסן יוחנען אויפשרייבן די דאָזיקע זאַכן אין סימבאָלישער שפּראַך. (אַנטפּלעקונג א: א, ב) די דאָזיקע אַנטפּלעקונג אַנט־בלויזט, אַז גאָטס קהלה, וואָס איז געבויט אויף ישוע המשיחן, דעם טייערן גרונטשטיין אָדער פעלז, באַשטייט פון 144 000 מיטגלידער, וועלכע ווערן אויך געשילדערט אַלס לעבעדיקע שטיינער (אַנטפּלעקונג ז: ד; פּעטרוס א ב: א־י) יוחנן פאַר־טרעט אין אָט דער גרויסער אַנטפּלעקונג די געטרייע, וואָס זיינען אויף דער ערד, ווען ישוע המשיח באַווייזט זיך אין גאָטס גייסטיקן טעמפּל, און די דאָזיקע ווערן געזאַלבט און עס ווערט זיי דערלויבט צו פאַרשטיין די אַנטפּלעקונג.

יוחנן איז געווען אויפן אינזל פּאַטמוס, ווען דער האַר האָט אים באַערט מיט דער דאָזיקער זעאונג. ער איז געווען דער ער־שטער, וואָס איז באַלערנט געוואָרן וועגן דעם פאַרזיגלען פון די 144 000, וואָס וועלן דאַרפן זיין די פאַרבינדטע פון ישוע המשיחן אין דעם קעניגלעכן הויז פון יהוה גאָט. דאַן זאָגט יוחנן: „נאָך דעם האָב איך געזען, און זע, אַ גרויסע מחנה, וואָס קיינער האָט ניט געקענט ציילן, פון אַלע נאַציעס און שבטים און פעלקער און לשנות, זיינען געשטאַנען פאַר דעם טראָן און פאַר דעם לאַם, געקליידט אין ווייסע קליידער, און פּאַלמען־צווייגן אין זייערע הענט.” (אַנטפּלעקונג ז: ט) די ווערטער „נאָך דעם” באַציען זיך אויף דער צייט פון יוחננס זען די דאָזיקע זאַכן. דאָס באַווייזט אויך, אַז דער איבערבלייב, וועמען יוחנן האָט פאָרגעשטעלט, וועט זען אָדער דערקענען די 144 000, און אַז נאָך דעם וועט דער איבערבלייב דער־קענען דעם אמתן מין פון דער „גרויסער מחנה” און וועט

איבערגעבן דאָס דאָזיקע וויסן צו אַנדערע. די 144 000 זיינען גייסטיקע מיטגלידער פון גאָטס אָרגאַניזאַציע און זיי וועלן בלייבן אויף אייביק אין הימל, בעת די „גרויסע מחנה" איז צונויפגעשטעלט פון „אַנדערע שאָף", פון יהונדבים אָדער מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס באַקומען די רייכטימער פון דער ערד און לעבן אייביק אויף דער ערד אין שלום און אין ענדלאָזער פרייד. די הייליקע שריפט באַווייזט קלאָר, אַז נאָכדעם ווי גאָט האָט אַרויסגענומען אָדער אויסדערוויילט די, וואָס וועלן זיין פון דעם הימלישן קלאַס, ברענגט ער אַרויס די „גרויסע מחנה", און דאָס טוט ער קורץ פאַר דער שלאַכט פון דעם גרויסן טאָג פון דעם אַלמעכטיקן גאָט. — אַנטפּלעקונג טז : יד.

## שטעלונג

בנוגע דער „גרויסער מחנה" דערקלערט די הייליקע שריפט : „זיי זיינען געשטאַנען פאַר דעם טראָן." דער פאַקט, אַז זיי „זיינען געשטאַנען", באַווייזט, אַז זיי ווערן גוטגעהייסן פון דעם אַלעכסטן, ווייל „די אומגעטלעכע וועלן ניט באַשטיין פאַרן משפט, און ניט די זינדיקע אין דער עדה פון די גערעכטע." (תהלים א : ה) וווּ שטייען זיי ? וועלן זיי דאַרפן גיין אין הימל, כדי צו שטיין אַלס גוט־געהייסענע פאַר דעם האַר ? זיכער ניט; זיי וועלן אויך ניט דאַרפן זיין אין הימל, כדי צו שטיין פאַרן טראָן, ניט אין באַצוג צו דער פּאָזיציע און ניט אין באַצוג צו דער גוטהייסונג. די גרויסע מחנה, וואָס שטייט פאַרן טראָן, ווערט געשילדערט אַלס הונגעריקע און דורשטיקע. ווען זיי וואָלטן געווען אין הימל וואָלט ניט געווען פאַר זיי קיין אורזאַך צו זיין הונגעריק און דורשטיק. די, וואָס זיינען הונגעריק און דורשטיק נאָך גייסטלעכע נאַרונג, זיינען די מענטשן אויף דער ערד, וואָס זוכן צו ווערן געשפּייזט מיט דעם, וואָס וועט באַפרידיקן זייער הארצנס פאַרלאַנג. עס איז אויגנשיינלעך, אַז די גרויסע מחנה ווערט דאָ באַוויזן אַלס

שטייענדיקע פאר דעם משפט־טראָן פון ישוע המשיחן, דאָס הייסט פאַר גאָטס טראָן, און ווי יהוה משפט דורך אַ פאַר־טרעטער, נעמלעך דורך זיין באַליבטן זון, וועמען ער האָט איבערגעגעבן אַלע משפטים. עס שטייט געשריבן, אַז די, וואָס שטייען פאַרן טראָן, שרייען אויס: „ישועה קומט פון אונדזער גאָט, וואָס זיצט אויפן טראָן, און פון דעם לאַם!"—אַנט־פּלעקונג ז: י.

אין יאָר 1914 האָט יהוה אַרויפגעזעצט זיין באַליבטן זון אויפן טראָן פון פולמאַכט. (תהלים ב: ו) און אין יאָר 1918, אָדער דריי און האַלב יאָר נאָך דער טראָן־באַשטייגונג, האָט ישוע המשיח אָנגעהויבן משפטן אין טעמפּל. כּדי צו שטיין פאַרן האַר צו ווערן געמשפט, דאַרף מען ניט זיין אין הימל, וויל, ווי ישוע דערקלערט, ווען ער פאַרנעמט זיין טראָן צו משפטן די נאַציעס, וועלן אַלע פעלקער זיין פאַרזאַמלט פאַר אים, און עס איז זיכער, אַז די דאָזיקע נאַציעס זיינען ניט אין הימל. „ווען דער בן־אָדם וועט קומען אין זיין פראַכט, און אַלע הייליקע מלאָכים מיט אים, דאַן וועט ער זיצן אויף זיין טראָן פון הערלעכקייט: און פאַר אים וועלן פאַרזאַמלט ווערן אַלע פעלקער; און ער וועט זיי פונאַנדערטיילן איין מענטש פון צווייטן, ווי אַ פּאַסטוך טיילט אָפּ די שאָף פון די ציגנבעק."— מתתיה כה: לא, לב.

מיט וועמען הייבט ישוע המשיח אָן דעם משפט, נאָכדעם ווי ער פאַרנעמט זיין הויכן אַמט אַלס שופט אויפן טראָן? ניט מיט די טויטע, נאָר מיט די לעבעדיקע. דער האַר ישוע המשיח, וועלכער וועט משפטן די לעבעדיקע און [דאַן] די טויטע ביי זיין דערשיינען און זיין קעניגרייך." (טימותיוס ב ד: א) ישוע המשיח איז אין טעמפּל אויף זיין טראָן פון משפט און הערלעכקייט, און פאַר אים זיינען פאַרזאַמלט אַלע נאַציעס, כּדי זיי פונאַנדער צו טיילן און צו משפטן. אַזוי קומט די גרויסע מחנה „פון אַלע פעלקער" אויף דער ערד, און זי שטייט פאַר ישוע המשיחן צו ווערן געמשפט, און דער דאָזיקער

משפט באוויזט, אז די מענטשן פון גוטן ווילן שטעלן זיך אויף גאָטס זייט און ווערן די „אַנדערע שאָף" פון דעם האַר. צו די „שאָף" זאָגט ישוע המשיח: „קומט, איר געבענטשטע פון מיין פאָטער, ירשנט דאָס קעניגרייך, וואָס איז אָנגעגרייט פאַר אייך פון דער גרינדונג פון דער וועלט אָן." זיי זיינען די, וואָס באַקומען אייביק לעבן אויף דער ערד. — מתתיה כה: לב־מו.

באַשרייבנדיק ווייטער די גרויסע מחנה, ווערן די דאָזיקע ווערטער געברויכט: „געקליידט אין ווייסע קליידער." אין פערצנטן פסוק פון דעם דאָזיקן בילד ווערן דערקלערט די מיטלען, דורך וועלכע זייערע קליידער ווערן געמאַכט ווייס. די ווערטער „ווייסע קליידער", געברויכט אין פסוק ניין, דער־קלערן סימבאָליש, אַז מיטגלידער פון דער גרויסער מענגע שטייען פאַר דעם טראָן אַלס גוטגעהייסענע.

אין אַנטפּלעקונג ו: ט־יא ווערט באַשריבן אַ קלאַס פון געטרייע מענטשן, וואָס האָבן געליטן מאַרטירעריי, צוליב זייער פולשטענדיקער איבערגעבנקייט צו יהוה, און זיי איז „געגעבן געוואָרן ווייסע קליידער". אָבער עס ווערט ניט באַהויפּט, אַז זיי האָבן פריער „געוואַשן זייערע קליידער, און זיי געמאַכט ווייס אין דעם בלוט פון דעם לאַם". די ווייסע קליידער, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן יענע געטרייע מענטשן, זאָגן ידות אויף אַ סימבאָלישן אופן וועגן זייער גוטהייסונג, אָן אַ דערקלערונג ווי אַזוי זיי זיינען געמאַכט געוואָרן ווייס.

זיי זיינען געווען געטריי צו יהוה אפילו ביזן טויט, באַ־ווייזנדיק זייער שטאַנדהאַפטיקייט; און בעת די הייליקע שריפט דערקלערט ניט, אַז זיי האָבן געוואַשן זייערע קליידער און זיי געמאַכט ווייס אין דעם בלוט פון דעם לאַם, לערנען אַנדערע פסוקים קלאָר, אַז זיי האָבן געהאַט און אויסגעאיבט גלויבן אין דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיחן.

אין אַנטפּלעקונג יט: ח ווערט באַשריבן דעם לאַמס ווייב, וועמען עס איז געגעבן געוואָרן, זיך צו קליידן אין פיינעם

לײנען, רײן און װײס; אָבער יענער טעקסט האָט קײן שײכות ניט מיט דער גרויסער מחנה. װאָס דען װערט געשילדערט דורך די קלײדער, װאָס װערן געגעבן די אײנצלנע מיטגלידער פון דער גרויסער מענגע, מיט װאָס זײ זײנען געקלײדט? די דאָזיקע װײסע קלײדער שילדערן, אַז זײ זײנען רײן און גוטגעהײסן. רײנקײט קומט דורך דעם גלױבן אין דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיחן, װעלכער האָט אונדז געליבט און האָט אונדז געװאַשן פון אונדזערע זינד אין זײן אײגן בלוט. (אַנטפּלעקונג א : ה) די גרויסע מחנה װאַשט אירע קלײדער אין דעם בלוט פון דעם לאַם און מאַכט זיך רײן דורך איר גלױבן אין דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיחן און איר איבערגעבנקײט צו גאָט.

יעדע מענטשלעכע באַשעפעניש, װאָס באַקומט לעבן, מוז עס קריגן אַלס מתנה פון גאָט דורך ישוע המשיחן, און דאָס איז דער אײנציקער װעג; און אַלע אַזעלכע מוזן האָבן זײערע זינד אָפּגעװאַשן דורך אױסאיבן גלױבן אין דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיחן. די מענטשן פון גוטן װילן, דאָס מײנט צו זאָגן, דער יונדב־קלאַס, זײנען די, װאָס האָבן גלױבן אין דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיחן אַלס דעם אײנציקן מיטל פון דערלײזונג און רעטונג פון דעם מענטשלעכן מין, און זײ שטימען פרײװיליק אײן צו טאָן גאָטס װילן; און װען זײ מאַכן דעם שריט זיך צו הײליקן פאַר גאָט דורכן גלױבן אין דעם בלוט פון ישוע המשיחן, שטײען זײ אַלס גוט־געהײסענע פאַר דעם משפּט־טראָן פון ישוען, און די דאָזיקע גוטהײסונג איז סימבאַליזירט דורך די װײסע קלײדער, אין װעלכע יוחנן האָט זײ געזען. די דאָזיקע האַלטן זײערע קלײדער רײן דורך אָנהאַלטן דעם גלױבן און זײערע איבערגעבנקײט צו גאָט און ישוע המשיחן, זײן געזאַלבטן קעניג. די גרויסע מחנה האָט דעריבער ניט געקענט קומען צום לעבן, ביז װאַנעט דער האַר ישוע המשיח איז דערשינען אין דעם טעמפּל און האָט אָנגעהױבן זײן משפּט; דערפאַר האָט די גרויסע מענגע ניט געקענט דערשײנען פריער פאַרן יאָר 1918.

## פאלמען־צווייגן

וואס איז דער באדייט פון „פאלמען־צווייגן אין זייערע הענט"? אין יאר 1918 איז דער „טייערער ווינקלשטיין" גע־לייגט געווארן אין ציון אין דער פולשטענדיקן דערפילונג, ווען ישוע המשיח איז פארגעשטעלט געווארן אין ציון אלס יהוהס קעניג. אין דער געהעריקער צייט האט דער איבערבלייב געזען, אז דער דאזיקער הויפּט־ווינקלשטיין איז ענדגילטיק געלייגט געווארן, און זיי האבן געיובלט. נאכדעם האבן אנ־דערע זיך דערוווסט דעם דאזיקן גרויסן אמת און זיי האבן געגלויבט און זיי האבן באגריסט יהוהס געזאלבטן קעניג, ישוע המשיחן, אלס דער וועלטס גערעכטן קעניג. די דאזיקע גרויסע מחנה באגריסט ישוע המשיחן אלס דעם קעניג און דעם גערעכטן הערשער פון דער וועלט און דעם רעטער פון דער מענטשהייט. ווען ישוע המשיח איז אריינגעריטן אין ירושלים אויף זיין אייזל און האט זיך פארגעשטעלט אלס קעניג, איז דאס געווען דאס גרונטפעסטיקן פון דעם ווינקלשטיין אין מיניאטור, און דאס האט פארויסגעוויזן דאס גרונטפעסטיקן פון דעם ווינקלשטיין אין פארענדיקונג, ווען משיח באווייזט זיך אין טעמפל אלס קעניג. ווען דער האר ישוע איז אריינגע־ריטן אין ירושלים, איז ער דארט באגריסט געווארן פון דער מענגע אלס קעניג, ווי עס שטייט געשריבן: „און זייער א גרויסע מחנה האט אויסגעשפרייט זייערע קליידער אויף דעם וועג; אנדערע האבן אפגעשניטן צווייגן פון די ביימער און האבן זיי אויסגעשפרייט אויף דעם וועג. און די מענטשן־מענגעס, וואס זיינען געגאנגען פארויס, און וואס האבן נאכ־געפאלגט, האבן געשריען, זאגנדיק: הושענא דעם זון פון דוד! געבענטשט איז דער, וועלכער קומט אין דעם נאמען פון דעם האר! הושענא אין דער הויך!" — מתתיה כא: ח, ט.

פארצייכענענדיק דעם באריכט פון דער מיניאטור־גרונטפע־סטיקונג פון דעם ווינקלשטיין, האט יוחנן געשריבן: „אויף דעם אנדערן טאג, ווען א גרויסע מחנה, וואס איז געקומען צום יום־טוב, האט דערהערט, אז ישוע קומט קיין ירושלים,

האָבן זיי גענומען צווייגן פון פּאַלמען־ביימער, און זיינען אַרויס אים צו באַגעגענען, און זיי האָבן געשריען: הושענא! געבענטשט איז דער, וועלכער קומט אין דעם נאָמען פון דעם האַר, דער קעניג פון ישׂראל." (יוחנן יב: יב, יג) אין דער בשׂורה־טובה פון יוחנן און אין דער אַנטפּלעקונג דערמאָנט יוחנן די פּאַלמען־צווייגן, און דאָס אין שייכות מיט די גרויסע מחנה. אַזוי נאָך האָט דאָס, וואָס איז געשען ביים מיניאַטור־גרונטפּעסטיקן דעם ווינקלשטיין, פאָרויסגעוויזן, וואָס יוחנן האָט געזען אין אַ זעאונג פון גרונטפעסטיקן דעם ווינקלשטיין אין גרויסער מאָס.

זאָל דאָס ווערן גוט באַמערקט, אַז ווען ישוע איז אַריין אין ירושלים, איז די גרויסע מחנה, וואָס האָט צעשפּרייט זייערע קליידער און האָט געפּאָכעט מיט זייערע פּאַלמען־צווייגן, דאָן ניט געווען די תּלמידים פון ישוע המשיחן, ווי די פאַקטן האָבן שפּעטער באַוויזן. בלויז אַ קורצע צייט פאַר דעם דאָזיקן טריומף־איינצוג פון ישוע אין ירושלים האָט ער זיך געווענדט צו זיינע תּלמידים, רעדנדיק צו זיי אַלס „קליינע סטאַדע". (לוקאס יב: לב) ערשט שפּעטער און בעת ישוע איז אַריינגע־ריטן אויף אַן אייזל אַלס קעניג, האָט די גרויסע מחנה זיך באַוויזן און געשריען: „הושענא דעם זון פון דוד; געבענטשט איז דער, וועלכער קומט אין דעם נאָמען פון יהוה!" פּונקט אַזוי איז אויך ביי דער טראָן־באַשטייגונג פון ישוע המשיחן, די גרויסע מחנה ניט געוואָרן דערקענט און פאַרשטאַנען, און זי באַשטייט ניט פון די תּלמידים פון ישוע המשיחן. ערשט שפּעטער, ווען ער איז פאַרגעשטעלט געוואָרן אַלס קעניג און נאָכדעם ווי ער האָט זיך געזעצט אויף זיין טראָן פון משפּט, ווערט די גרויסע מחנה מיט פּאַלמען־צווייגן אין זייערע הענט דערקענט. עס זעט דעריבער אויס, אַז די מיניאַטור־גרונטפּע־סטיקונג פון דעם ווינקלשטיין אין ציון און די געשעעענישן, וואָס זיינען פאַרבונדן דערמיט, שילדערן נביאיש די פולשטענ־דיקע גרונטפּעסטיקונג פון דעם ווינקלשטיין און די געשעעענישן, וואָס זיינען פאַרבונדן דערמיט. דאָס באַווייזט, אַז די גרויסע

מחנה, וואָס ווערט דערמאָנט אין אַנטפּלעקונג ז:ט, האָט אָנגעהויבן צו עקזיסטירן, נאָכדעם ווי דער האַר איז דערשינען אין דעם טעמפּל צו משפּטן.

עס איז קלאָר, אַז די מיט די „פּאַלמען־צווייגן אין זייערע הענט", וועלכע ווערן דערמאָנט אין אַנטפּלעקונג, זיינען ניט די פּוסטריט־נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן, דאָס מיינט צו זאָגן, דער איבערבלייב אויף דער ערד; נאָר אַז די גרויסע מענגע איז צונויפגעשטעלט פון אַנדערע, וואָס הערן פון יהוה און זיין מלוכה אונטער משיחן און באַגערן דאָס דאָזיקע קעניג־רייך. עס איז צו זען, אַז די דאָזיקע ווערן אויסגעקליבן פון אַלע נאַציעס, ראַסן, פעלקער און לשנות; און ווען זיי דערוויסן זיך, אַז גאָטס גערעכטע מלוכה איז געקומען, שטעלן זיי זיך אויף דער זייט פון יהוה און זיין קעניג און זיי פאָכען מיט זייערע פּאַלמען־צווייגן אַלס אַ באַווייז, אַז זיי זיינען איינשטי־מיק מיטן פולן האַרץ מיט דעם קעניג, וועגן וועמען זיי האָבן זיך דערוווּסט, און אַז זיי שטיצן אים.

ווען מענטשן דערוויסן זיך וועגן עפּעס, וואָס איז פון גרויסן ווערט פאַר זיי, איז עס שווער פאַר זיי איינצוהאַלטן זיך פון געבן אויסדרוק צו זייער פרייד. קיין שום בעסערע נייעס קאָן ניט קומען צו מענטשן, וואָס זאָל זיי מאַכן אַזוי גליקלעך, ווי די נייעס, אַז פאַר זיי איז צוגעגרייט דערלייזונג. דאָס ווערט באַוויזן דורך די געפילן פון יענע, וואָס שטעלן צונויף די גרויסע מחנה, וואָס שטייט פאַר דעם טראָן מיט פּאַלמען־צווייגן אין זייערע הענט, און אויך דורך די זאַכן, וואָס זיי זעען, בעת זיי שטייען דאָרט. בנוגע דעם שרייבט יוחנן: „און זיי רופן אויף אַ הויכן קול, זאָגנדיק: ישועה קומט פון אונדזער גאָט, וועלכער זיצט אויפן טראָן, און פון דעם לאַם!" — אַנטפּלע־קונג ז:י.

די דאָזיקע גרויסע מחנה שרייט אויס מיט פרייד, פּונקט אַזוי ווי די גרויסע מענגע האָט אויסגעשריען מיט פרייד ביי דער מיניאַטור־גרונטפעסטיקונג פון גאָטס ווינקלשטיין, בעת ישוע איז אַריינגעריטן אין ירושלים. ווען די מענטשן פון

גוטן ווילן אויף דער ערד דערוויסן זיך, אַז דער קעניג פון גערעכטיקייט איז געקומען, און אַז גאָט האָט צוגעגרייט דער־לייזונג דורך דעם בלוט פון ישוע המשיחן און דורך זיין קעניגרייך, און אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדער מיטל פון ישועה, רופן זיי אויס שבחים צו יהוה, וועלכער איז דער שאַפער פון דערלייזונג, און זיי גיבן זיך איבער צו זיין דינסט. די מענטשן פון גוטן ווילן אויף דער ערד, וואָס הערן דעם אמת, בלייבן היינט ניט שטום, נאָר פאַראייניקן זיך מיט יהוהס עדות, דעם איבערבלייב, און צוזאַמען מיט זיי רופן זיי אייפערדיק אויס די בשורה פון דעם קעניגרייך. זיי האָבן אויפגענומען די גוטע נייעס, וואָס זיי האָבן געהערט פונם מויל פון יהוהס עדות, און וועלכע גוטע בשורה די עדות האָבן געבראַכט צו דעם קלאַס פון „שאָף” אויפן באַפעל פון דעם האַר, זייער קעניג, און זיי האָבן געזאָגט צו זיי: „דער, וואָס הערט דאָס, זאָל זאָגן: קומט!” (אַנטפּלעקונג כב: יז) און הערנדיק די דאָזיקע איינלאַדונג, זאָגט דער דאָזיקער שאָף־ אָדער יונדב־קלאַס צו אַנדערע: „קומט, און דערוויסט זיך דעם איינציקן וועג פון ישועה!” דאָס ווערט באַוויזן דורך די ווערטער פון אַנטפּלעקונג ז: י, ווו די „גרויסע מחנה” זאָגט צו אַנדערע: „ישועה קומט פון אונדזער גאָט, וועלכער זיצט אויפן טראָן, און פון דעם לאַם!”

בעת ישוע איז אַריינגעריטן אין ירושלים אין יאָר 33 נ. ק., האָט די גרויסע מענגע דעמאָלט אויסגעשריען מיט די ווערטער פון תהלים אָדער ליד, פון פריער געשריבן: „ראַטעווע נון, איך בעט דיך, אָ יהוה! אָ האַר, איך בעט דיך, שיק נון גליק!” (תהלים קיח: כה) זיי האָבן געשריען: „הושענא דעם זון פון דודן!” דאָס העברייאישע וואָרט הושענא מיינט „ראַטעווע, איך בעט דיך”, וואָס איז די שפּראַך פון תהלים קיח: כה. פונקט אַזוי, בעת ישוע המשיח, דער הויפּט־ווינקל־שטיין פון יהוהס אָרגאַניזאַציע, ווערט געלייגט אין ציון, פולשטענדיק דערפילנדיק די נבואה, הייבן אָן זיינע געטרייע נאָכפאָלגער אויסצורופן: „עפנט מיר די טויערן פון גערעכטיקייט:

איך וועל אריינגיין אין זיי, און איך וועל לויבן דעם האר.
דאס איז יהוהס טויער, אין וועלכן די גערעכטע זאלן אריינגיין.
איך וועל דיך לויבן; ווארן דו האסט מיך דערהערט, און ביסט
מיר געוועזן מיין ישועה. דער שטיין, וואס די בוימייסטער האבן
פאראכט, איז געווארן דער הויפטשטיין פון דעם ווינקל. דאס
איז יהוהס טואונג; וואונדערבאר איז דאס אין אונדזערע אויגן.
דאס איז דער טאג, וואס יהוה האט געמאכט; לאמיר זיך
פרייען און זיין גליקלעך אין אים! ראטעווע נון, איך בעט
דיך, א יהוה! א האר, איך בעט דיך, שיק נון גליק! גע־
בענטשט זאל זיין דער, וואס קומט אין יהוהס נאמען! מיר
האבן אייך געבענטשט פון יהוהס הויז.” (תהלים קיח: יט־כו)
זינט דאן האבן די מענטשן פון גוטן ווילן, דער שאף־קלאס
אדער די יונדבים, וואס זיינען איצט אויף דער ערד און האבן
דערהערט דעם פריידיקן אויסגעשריי פון יהוהס עדות, אויך
אויפגענומען די דאזיקע באגליקנדיקע בשורה און פארטגעזעצט
זי אויסצורופן, אז אנדערע זאלן דאס הערן.

„ישועה” באשטייט אין דער רעכטפארטיקונג פון יהוהס
נאמען און ווארט, און קומט צו די, וואס האלטן אן זייער
שטאנדהאפטיקייט צו אים, און וואס לויבן זיין הייליקן נאמען.
עס איז ניטא קיין אנדער מיטל פון רעטונג, און זי קומט צו
די, וואס באנוצן זיך מיטן פולן הארצן מיט יהוהס מיטל
פאר זייער דערלייזונג. (אפאסטאלן־געשיכטע ד: יא, יב) דער
טייוול באטריגט די מענטשן און קערט זיי אפ פון גאט, און
שיקט ארויס זיינע משרתים, וואס באהויפטן, אז די ישועה
פון מענטשן קומט דורך זיינע משרתים. אן אויפפאלנדיקער
ביישפיל דערפון איז די דערהייבונג פון היטלערן אין דייטש־
לאנד. ער גיט ארויס דעם באפעל, אז אלע מענטשן זאלן אויס־
רופן „הייל היטלער”, וואס מיינט אין דער יידישער שפראך
„ישועה דורך היטלערן”. אבער אלע מענטשן, וואס האבן
גלויבן אין גאט, ווייסן, אז ניט היטלער, ניט מוסאליני, ניט
סטאלין, ניט קיין שום אנדער באשעפעניש און קיין שום אנדער
פארטל קאן ברענגען דערלייזונג צו די מענטשן.

די, וואס האבן גלויבן אין גאט און אין ישוע המשיחן, און וואס נעמען זייער שטעלונג אויף דער זייט פון גאט און זיין מלוכה אנערקענען און באגריסן, דורך זייער אופן פון טעטיקייט, יהוה אלס זייער דערלייזער, וועמעס דערלייזונג ווערט זיי געגעבן דורך ישוע המשיחן. די דאזיקע זיינען געשילדערט אין דעם אנטפלעקונג־באריכט, זאגנדיק: „די ישועה קומט פון אונדזער גאט [יהוה], וועלכער זיצט אויף דעם טראן און פון דעם לאם [ישוע המשיחן]!" אזוינאך רופן די אלע: „הייל יהוה און משיח!" זיי רופן ניט „הייל היטלער!" אדער „הייל" וועלכע ניט איז אנדערע מענטשן, און זיי וואלטן ניט געקאנט זיין געטריי צו יהוה גאט, אויב זיי וואלטן אויסשרייען צו וועלכער ניט איז באשעפעניש „הייל", צוליב דער פשוטער סיבה, וואס קיין שום באשעפעניש האט ניט די מאכט פון דערלייזונג און ישועה. די דאזיקע מענטשן פון גוטן ווילן דערקענען און באקענען איצט פריידיק, אז יהוה איז דער אייביקער קעניג און דער אלהעכסטער, און אז יהוה און ישוע המשיח, זיין געזאלבטער קעניג, שטעלן צונויף צוזאמען „די העכערע גוואלטן", צו וועלכע אלע מענטשן, וואס ווילן באקומען לעבן, מוזן זיין אונטערווארפן. די מענטשן פון גוטן ווילן הערן און גלייבן, אז גאטס מלוכה אונטער משיחן איז געקומען, און אז יהוה קעניגט, און זיי שרייען אויס, ווי עס שטייט געשריבן אין תהלים: „דער האר קעניגט! זאל די ערד זיך פרייען; זאל די מענגעס פון די אינזעלן זיין גליקלעך דערמיט." — תהלים צז: א.

דאס איז אין איינקלאנג מיט דעם אויסגעשריי פון יאר 33 נ. ק. דורך דער גרויסער מענגע פון יענער צייט; און איצט שרייט אויס די גרויסע מענגע פון דער איצטיקער צייט: „ישועה איז געקומען; ראטעווע נון, שיק אונדז גליק!" גאטס ווערק פון דערלייזונג און רעכטפארטיקונג שרייבן זיי צו צו זיין גרויסן רעכטפארטיקער, ישוע המשיחן, דעם לאם פון גאט, וואס זיצט אויפן טראן, וועלכן יהוה גאט האט צוגעגרייט פאר אים, און אז זייער אייגענע רעטונג קומט פון יהוה דורך ישוע המשיחן, און ניט פון וועלכן ניט איז אנדערן קוואל. די פאקטן

און די באווייזן, וואס האבן פאסירט אין משך פון די לעצטע פינף יאר, באווייזן ענדגילטיק, אז די גרויסע מחנה איז צו־נויפגעשטעלט פון מענטשלעכע באשעפענישן, וואס הערן און נעמען אן די גוטע בשורה פון גאטס מלוכה אונטער משיחן, און וואס פרייען זיך דערמיט. די פאלמען־צווייגן אין זייערע הענט זאגן פאקטיש: „מיר לויבן אונדזער קעניג און רעטער; מיר זיינען אים געטריי און איבערגעגעבן. אונדזער ישועה קומט פון אים, דעם אייביקן קעניג, וועלכער איז יהוה, און דורך ישוע המשיחן, זיין געזאלבטן הערשער פון דער וועלט.״ זיי באקענען אפן, אז זיי זיינען אויף דעם הארס זייט.

## טעמפל־פארזאמלונג

ביי דעם פונקט פון דער זעאונג, וואס יוחנן האט געזען, ווי באריכט אין אנטפלעקונג זיבן, דערשיינט א פארזאמלונג פון די, וואס זיינען יהוה אינגאנצן איבערגעגעבן. באמערקט איצט, ווער ווערט באוויזן צו זיין אנוועזנדיק אין דער פארזאמלונג: „און אלע מלאכים זיינען געשטאנען רונד ארום דעם טראן, און ארום די עלטסטע און די פיר חיות, און זיי זיינען געפאלן פארן טראן אויף זייערע פנימער, און זיי האבן געדינט גאט.״ (אנטפלעקונג ז: יא) ישוע המשיח, דאס לאם פון גאט, זיצט אויף זיין טראן פון הערלעכקייט. דורך דער פולמאכט פון יהוה גאט האט ער פארנומען די דאזיקע דערהויבענע שטעלונג אין יאר 1914; אבער די איינזאמלונג איז געוועזן דריי און האלב יאר נאכדעם, ווען ער איז געקומען צום משפט. ווי דאס אנטפלעקונג־בילד ווייזט אן, שטייען רונד ארום דעם טראן אלע הייליקע מלאכים. דאס מוז זיך באציען אויף דער צייט, וואס ווערט באשריבן פון יהודהן: „און אויך חנוך, דער זיבעטער פון אדמען, האט נביאות געזאגט וועגן דעם, זאגנ־דיק: ,זע, דער האר קומט מיט טויזנטער פון זיינע הייליקע, כדי דורכצופירן משפטים איבער אלעמען, און כדי צו איבערצייגן אלע רשעים צווישן זיי וועגן אלע זייערע רשעותדיקע מעשים, וואס זיי האבן געטאן אין זייער גאטלאזיקייט, און פאר אלע

הארטע רייד, וואָס די גאָטלאָזע זינדער האָבן גערעדט קעגן אים׳.״ (יהודה יד, טו) דאָס באַצייכנט די צייט, ווען דער האַר ישוע האָט זיך באַוויזן אינעם טעמפּל צו משפּטן.

משה האָט געזאָגט נביאות וועגן דעם זעלביקן ענין, ווען ער האָט געזאָגט: „דער האַר ... איז געקומען מיט די הייליקע צענטויזנטן.״ (דברים לג: ב) די דאָזיקע הייליקע מלאָכים זיינען פאַרזאַמלט געוואָרן צו דינען יהוה און ישוע המשיחן, און דאָס אַנטפּלעקונג־בילד באַווייזט, אַז דאָס איז די צייט פון ישוע המשיחס קומען אין טעמפּל. דאָס ווערט ווייטער געשטיצט דורך ישועס פאָלגנדיקע ווערטער: „ווען דער בן־אָדם וועט קומען אין זיין הערלעכקייט און אַלע הייליקע מלאָכים מיט אים, דאַן וועט ער זיצן אויפן טראָן פון זיין פּראַכט.״ (מתתיה כה: לא) דאָס איז יהוהס געריכט־טראָן, און דאָרטן זיצט ישוע המשיח אַלס דער פאָרזיצנדיקער ריכטער אויסצוטיילן משפּטים.

דער שליח פּוילוס, באַשרייבנדיק די זעלביקע זאַך, זאָגט: „איר זייט געקומען ... צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג ... און צו גאָט, דעם ריכטער פון אַלעמען, ... און צו ישוען.״ (עברים יב: כב־כד) דער משפּט אינעם טעמפּל הייבט זיך אָן מיט דעם הויז פון גאָט. (פּעטרוס א ד: יז; מלאָכי ג: ג) דורך די דאָזיקע פּסוקים איז די צייט ענדגילטיק באַשטימט, און דאָס באַווייזט אָן שום ספק, אַז די גרויסע מחנה פון אַנטפּלעקונג ז: ט באַווייזט זיך ניט פריער ווי ביז נאָך דעם האַרס קומען אין טעמפּל, און דאָס איז ניט מעגלעך געווען איידער דעם יאָר 1918, און פאַקטיש איז עס געווען שפּעטער און נאָכדעם ווי עס איז אויסגעגאָסן געוואָרן דער הייליקער גייסט אויף דעם גאַנצן קלאַס פון גאָטס קנעכט. — אַפּאָסטאָלן־געשיכטע ב: יז, יח.

באַמערקט, אַז אַנטפּלעקונג ז: ט, שילדערנדיק די גרויסע מחנה, זאָגט, אַז זיי „זיינען געשטאַנען פאַרן טראָן, און פאַר דעם לאַם״; בעת די שילדערונג פון דער פאַרזאַמלונג פון דער טעמפּלגרופּע אין אַנטפּלעקונג ז: יא, זאָגט: „די מלאָכים זיינען

געשטאַנען רונד אַרום דעם טראָן", די טעמפּל־פאַרזאַמלונג שליסט אין זיך איין די הייליקע מלאָכים, די עלטסטע און די פיר לעבעדיקע באַשעפענישן, ווי דאָס ווערט באַוויזן אין אַנטפּלעקונג ד: ד, נעמלעך: „און רונד אַרום דעם טראָן זיינען געווען פיר און צוואַנציק טראָנען, און אויף די טראָנען האָב איך געזען פיר און צוואַנציק עלטסטע זיצן, געקליידט אין ווייסע קליידער, און זיי האָבן געהאַט אויף זייערע קעפּ קרוינען פון גאָלד."

די דאָזיקע „פיר און צוואַנציק עלטסטע" שליסן איין אַלע יענע, וואָס זיינען טויגלעכע־דינער פון דעם נייעם בונד (קאָרינטער ב ג: ו), און וואָס שליסט איין אויך דעם איבערבלייב, דאָס הייסט, יהוהס עדות, ווייל זיי זיינען רייף געוואָרן אין משיחן און זיינען פּאַקטיש געוואָרן עלטסטע. קיינער קען ניט זיין פון דעם דאָזיקן קלאַס עלטסטע, ביז ער איז פּאַקטיש געוואָרן אַן עלטסטער דורך זיין אויפגענומען זיין אין משיחס קערפּערשאַפט און זיין געבראַכט זיין צו רייפקייט. — עפעזער ד: יא־יג.

אָט די צייט איז באַצייכנט דורך דער רייניקונג פון דעם טעמפּל, וואָס גאָטס פאָלק האָט דערקענט צום ערשטן מאָל אין יאָר 1932 (דניאל ח: יד); און איצט דערלויבט זיי יהוה צו דערקענען דעם אמתן באַדייט פון דער „גרויסער מחנה". אָט די עלטסטע ווערן באַוויזן, ווי זיי שטייען מיט ישוע המשיחן, ווייל זיי זיינען זיינע ברידער. (עברים ב: יא) די דאָזיקע עלטסטע זיינען דעריבער „געזאַנדטע פאַר משיחן". (קאָרינטער ב ה: כ; עפעזער ו: כ) דאָס דאָזיקע בילד ווייזט דעריבער די 144 000 אָנוועזנדיק ביי דער פאַרזאַמלונג, און די דאָזיקע פאַרזאַמלונג האָט ניט געקענט צושטאַנד קומען, ביז דעם האַרס קומען אינם טעמפּל; און דעריבער האָט די גרויסע מענגע ערשט געקענט דאָ זיין נאָך דער דאָזיקער צייט.

די זעאונג אַנטפּלעקט אויך יהוהס אוניווערסאַלע אָרגאַניזאַציע, סימבאָליזירט דורך אַ קוואַדראַט און צונויפגעשטעלט פון זיינע לעבעדיקע באַשעפענישן, וואָס אַלע פון זיי שטיצן יהוה



יהוהס אָרגאַניזאַציע געזען אין סימבאָל
זייטן 75, 76 און 320, 323

און זיינען אין פולשטענדיקן קעגנזאץ צו דעם שׂטנס אָרגאַני־
זאַציע; און דאָס ווערט באַוויזן דורך די ווערטער (פּסוק יא)
„די פיר לעבעדיקע באַשעפעניש‌ן"; „פול מיט אויגן פון פאָרנט
און הינטן". (אנטפּלעקונג ד: ז) יהוה און ישוע המשיח זיינען
אויפן טראָן, און די פיר לעבעדיקע באַשעפענישן, א סימבאָל
פון יהוהס אוניווערסאַלע אָרגאַניזאַציע, זיינען רונד אַרום דעם
טראָן. — זע דאָס בוך ליכט, באַנד 1, זייט 57. (ענגלישע
אויסגאַבע.)

יהוהס אָרגאַניזאַציע, דערשיינענדיק פאַר דעם איבערבלייב,
איז איינע פון די „צוויי גרויסע צייכנס אין הימל" (אנט־
פּלעקונג יב: א, ג) און איז פונקט אין קעגנזאץ צו דעם
אַנדערן גרויסן צייכן, וואָס שילדערט דעם טייוולס אָרגאַני־
זאַציע. אָט די צוויי צייכנס דערשיינען צום ערשטן מאָל ביים
געבורט פון דער מלוכה; נאָר זיי זיינען דערקענט געוואָרן
דורך יהוהס געטרייע מענטשן אויף דער ערד צום ערשטן מאָל
בערך 1924; און דאָ, מער ווי צען יאָר שפּעטער, דערקענען
מיר דעם ביבלישן באַדייט פון דער „גרויסער מחנה". די,
וואָס שטעלן מיט זיך צונויף די גרויסע מענגע, מוזן פריער
קריגן געוויסע אויפקלערונג וועגן די צוויי גרויסע אָרגאַ־
ניזאַציעס, געשילדערט דורך די צייכנס, איידער זיי קאָנען זיך
אַנטשיידן, צי פאַר די איינע, צי פאַר די אַנדערע; און דעריבער
איז עס זיכער, אַז די גרויסע מענגע האָט ניט געקענט עקזיסטירן
פריער, ווי נאָך דעם האַר ישועס דערשיינען אינם טעמפּל, און
נאָכדעם דער קלאַס פון „אַנדערע שאָף" האָט באַקומען די
ידיעות דורכן מויל פון יהוהס עדות. דער קלאַס פון שאָף,
באַקומענדיק די אויפקלערונג, שטעלט זיך אויף דער זייט פון
יהוה און זיין קעניג און שטייגט אַרויף אין דעם „רייטוואָגן",
דאָס מיינט צו זאָגן, אין יהוהס אָרגאַניזאַציע, פאָלגנדיק דער
איינלאַדונג פון דעם גרעסערן יהוא, און אַזוינאָך גייען זיי
צוזאַמען מיט יהוהס עדות.

די זעאונג פון דער טעמפּל־פאַרזאַמלונג באַווייזט אַלע מלאָכים
און אַלע עלטסטע און אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן, דאָס הייסט,

אַלע פון יהוהס אָרגאַניזאַציע, לויבנדיק און דינענדיק גאָט. און זיי „זיינען אַנידערגעפאַלן פאַרן טראָן אויף זייערע פּנימער, און האָבן געדינט גאָט״. דאָס איז אין געגוועם איינקלאַנג מיט דער שילדערונג אין פערטן קאַפּיטל פון אַנטפּלעקונג, אַז די פיר לעבעדיקע און די פיר און צוואַנציק עלטסטע „פאַלן אַנידער פאַר אים, וועלכער איז געזעסן אויפן טראָן, און דינען אים, וועלכער לעבט פון אייביקייט צו אייביקייט״. (אַנטפּלעקונג ד: ח־י) דאָס טוען זיי, ניט געקוקט אויף אַלע קעגנערשאַפט, און זיי פרעגן ניט קיין שום באַשעפעניש אָדער וועלכן ניט איז טייל פון דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, ווי אַזוי זיי זאָלן דינען גאָט, און ווען זיי זאָלן אים דינען; דען אַלע פון יהוהס אָרגאַניזאַציע דינען גאָט אין איינקלאַנג מיט זיינע געבאָט. אַזוינאָך זעט מען ווידער, אַז דאָס וואָלט געווען אינגאַנצן קעגן גאָטס ווילן פאַר יהוהס עדות צו בעטן דערלויבעניש פון וועלכער ניט איז פון די וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס אָדער פאַר אַ פאַטענט זיך צו פאַרנעמען מיט פריידיקן די בשׂורה־טובה. אַלע פון אָט די געטרייע פון יהוה האָבן ענדגילטיק אַנטשיידן, ווענען זיי וועלן דינען, און דעריבער דינען זיי יהוה גאָט אין גייסט און אין אמת. אָט די עדות פון יהוה ברענגען איצט דאָס עדות־זאָגן אָדער „די פרוכט פון דעם קעניגרייך״ פאַר די מענטשן פון גוטן ווילן, און די לעצטע זעען זייער פריווילעגיע צו נעמען שטעלונג אויף דער זייט פון יהוה און פון לויבן אים און דינען אים; און דאָס טוען זיי.

צו וואָס זאָגן די אין אַנטפּלעקונג ז: יא באַשריבענע „אָמן״? זיי זאָגן „אָמן״ צו דעם, וואָס די גרויסע מחנה האָט אויסגערופן, און זיי דערקלערן, אַז זיי זיינען פולשטענדיק איינשטימיק דערמיט. בנוגע דער דאָזיקער גרויסער הימלישער פאַרזאַמלונג זאָגט דער באַריכט: „און זיי האָבן געזאָגט: אָמן! די ברכה און די הערלעכקייט און די חכמה און די מאַכט און די קראַפט זאָלן זיין צו אונדזער גאָט לעולם ועד! אָמן.״ אַנטפּלעקונג ז: יב) דער איבערבלייב און אַלע, איינשליסנדיק די גרויסע מחנה, זיינען אין פולן איינקלאַנג, און אַלע לויבן

יהוה גאט, וואס באווייזט, אז זיי ליבן אים און דינען אים אין איינקלאנג מיט זיינע געבאט. דאס לאזט גארניט איבער אויפן חשבון פון באשעפענישן אדער מענטשן, קירך־ארגאניזאציעס אדער פון וועלכע ניט איז אנדערע ארגאניזאציעס פון מענטשן. זיי באגייען ניט די „זינד פון שומרון”. (עמוס ח: יד) זיי האלטן זיך ניט אן דער לערע פון וועלכן ניט איז מענטשן און גיבן אים ניט קיין אנערקענונג דערפאר. זיי אנערקענען, אז אלע זייערע ברכות קומען פון יהוה גאט, און אז ער איז דער איינציקער, וועלכער איז ווערט געלויבט צו ווערן. אט די ווייזן ארויס גאנצע און פולשטענדיקע איבערגעבנקייט צו גאט, און דאס איז דאס אמתע דינען דעם אלהעכסטן אין גייסט. די הייליקע שריפט, אין אנטפלעקונג ז: יא, יב, באציט זיך ניט ספעציעל אויף דער גרויסער מחנה; אבער די ווערטער אין פסוק צוועלף באווייזן, אז די גרויסע מחנה איז אין פולן איינקלאנג, און טוט די זעלביקע זאך, ווי אלע אנדערע טוען, וואס זיינען פולשטענדיק איבערגעגעבן יהוה גאט.

עס איז קלאר, אז די פסוקים עלף און צוועלף דערשיינען דא אין דעם באריכט, כדי אונטערצושטרייכן יהוהס אבסאלוטע פאדערונגען, אז מען מוז זיין אים איבערגעגעבן מיט אן אומגעטיילטן הארצן, און די פסוקים באווייזן אויך, אז אלע, וועמען ער הייסט גוט, זיינען אים פולשטענדיק איבערגעגעבן. אט די אלע אנערקענען, אז זייער איבערגעבנקייט געהערט אויף אייביק יהוה גאט, ווייל זיי זאגן: „צו אונדזער גאט אויף אייביק און אייביק!” זיי האבן ניט דעם מינדסטן באגער, אפילו ניט אויף איין רגע, איינצוגיין אויף א קאמפראמיס מיטן טייוול און זיין חברה, און זיי זיינען לחלוטין ניט „מער אדער ווייניקער אנגעשטעקט מיט דעם וועלטגייסט”, דאס הייסט, מיט די פלענער און אופנים פון דעם טייוולס ארגאניזאציע. די זעלבע האלטונג און איבערגעבנקייט פון גאטס גוטגעהייסענע ווערט באוויזן אין די ווערטער פונם באריכט אין אנטפלעקונג ד: יא: „דו ביסט ווערט, א אונדזער האר און אונדזער גאט, צו נעמען די הערלעכקייט און דעם כבוד און די מאכט; ווארן דו האסט

באַשאַפן אַלצדינג, און פאַר דיין ווילגעפעלן זיינען זיי געווען און זיינען זיי באַשאַפן געוואָרן." דאָס מוז זיין די האַלטונג פון דעם גאַנצן באַשאַף, וואָס באַקומט אייביק לעבן, איינ־שליסנדיק פאַרשטייט זיך די פון דער גרויסער מחנה. די פראַגע, וואָס איטלעך באַשעפעניש מוז ענטפערן אין דער געהעריקער צייט, איז: „בין איך אויף דער זייט פון דעם טייוול, צי אויף יהוהס זייט?" עס איז ניט פאַראַן קיין צווישנוועג, און קיינער קען ניט זיין ערלעך מיט גאָט און אין דער זעלבער צייט פרובירן צופרידנצושטעלן דעם טייוולס חברה.

אין גאָטס אָרגאַניזאַציע געפינען זיך באַשעפענישן אויף פאַרשיידענע פּאָזיציעס, טייל העכער איידער אַנדערע אין ראַנג; אָבער עס איז ניטאָ קיין שום סיבה צו זאָגן, אַז עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד אין דער מדרגה פון געטריישאַפט, וואָס ווערט געפאָדערט פון יעדן באַזונדער און פון אַלעמען. אַלע מוזן זיין פולשטענדיק איבערגעגעבן יהוה. אומטרייקייט איז דער דערקען־צייכן פון דעם שטנס אָרגאַניזאַציע און פון אַלע באַשעפענישן דאָרט. געטרייִשאַפט צו גאָט קענצייכנט יעדן טייל פון יהוהס אָרגאַניזאַציע. די נביאים האָבן אָנגעהאַלטן זייער שטאַנדהאַפטיקייט בנוגע יהוה און זיי זיינען געווען אונטערגעוואָרפן צו דעם זעלבן מין אויספּרוּוונגען, ווי די, וואָס זיינען געקומען אויף דעם קעניגהויז. די שטעלונג פון די געטרייע נביאים פון אמאָל וועט זיין וויניקער דערהויבן ווי די פון דעם קעניגלעכן הויז. אויך די שטעלונג פון דער גרויסער מחנה איז וויניקער דערהויבן ווי די פון די מיטגלי־דער פון דעם קעניגלעכן הויז און פון די פירשטן פון דער ערד; אָבער דאָס מאַכט אַבסאָלוט ניט קיין שום אונטערשייד. וואָס עס זאָל ניט זיין די פּאָזיציע, פאַרנומען פון וועלכן ניט איז באַשעפעניש אין גאָטס אָרגאַניזאַציע, איז די דאָזיקע פּאָזיציע אַ בכּבודיקע. עס איז די העכסטע טובה צו באַקומען לעבן פון יהוה גאָט, און די תּנאים, וואָס מוזן דערפילט ווערן, איידער מען באַקומט די דאָזיקע ברכות און איידער מען פאַר־נעמט וועלכע ניט איז שטופע, איז צו ליבן יהוה מיט דעם

גאַנצן האַרצן, מיט דעם גאַנצן געמיט און מיט דער גאַנצער זעל. יהוהס גאַנצע אָרגאַניזאַציע איז אַ בּכּבודיקע און אַ געבּענטשטע, און גליקלעך איז דאָס באַשעפעניש, וואָס פאַרנעמט דאָרט וועלכן ניט איז אָרט. טייל האָבּן אייננגוציק געגאַרט צו זיין אין הימל און צו העלפן געוועלטיקן איבּערן אוניווערס. אַנדערע אָבּער האָבּן געזאָגט: „וואָס עס זאָל ניט זיין מיין פּאָזיציע, וואָס דער האַר גיט מיר, וועל איך זיין גליקלעך." דאָס לעצטע איז די ריכטיקע איינשטעלונג.

דאָס בּילד דאָ שילדערט די מחנה מלאָכים און די הייליקע, אַלע אין פולשטענדיקן שלום, און פּונקט אַזוי איז די גרויסע מענגע אין פולן איינקלאַנג מיט זיי, און אַלע צוזאַמען זינגען שבחים דעם נאָמען פון יהוה.

### וויטערדיקע דערקענטניש

דאָס דערקענען די גרויסע מענגע איז בּיז איצט ניט געווען קלאָר צו יענע באַשעפענישן אויף דער ערד, וואָס דינען גאָט. איצט אָבּער זעען מיר, אַז די גרויסע מענגע האָט ניט געקאָנט דערקענט ווערן פון ישוע המשיחס נאָכפאָלגער בּיז דעם האַרס קומען אין טעמפּל. יוחנן, ווייזט אויס, איז געווען אין צווייפל, ווען ער האָט פאָרגעלייגט די פראַגע, ווער די גרויסע מחנה איז. וואָלט ער דאָס געוווּסט, וואָלט ער די דאָזיקע פראַגע ניט געשטעלט; און וואָלט דער יוחנן־קלאַס געוווּסט, וואָלטן זיי ניט געהאַלטן אין איין אָנפרעגן אין די פאַרגאַנגענע יאָרן.

„ווער זיינען יענע, געקליידט אין ווייסע קליידער? און פון וואַנעט קומען זיי?" (אנטפּלעקונג ז: יג) די דאָ געשטעלטע פראַגע איז די עצם פראַגע, וואָס דער איבּערבּלייבּ פון יהוהס עדות האָט געהאַלטן אין פרעגן אין משך פון אַ צייט, און הויפּטזאַכלעך זינט דעם האַר ישועס קומען אין טעמפּל, ווען דער איבּערבּלייבּ האָט געזען, אַז יעדער איינער מוז אָנהאַלטן זיין געטריישאַפט צו יהוה, און אַז יהוהס הויפּט־כּונה איז די רעכטפאַרטיקונג פון זיין נאָמען, זיינען זיי ניט געווען צופרידן מיט דער אידענטיפיקאַציע, וואָס איז פריער געגעבּן געוואָרן

בנוגע דער גרויסער מחנה. זיי האָבן אָנגעהויבן צו שטעלן פראַגעס בנוגע דער גרויסער מענגע, און זיי וואָלטן ניט גע־פרעגט אַזעלכע פראַגעס וועגן אַ ביבליש בילד פון זיך אַליין. ווי עס ווייזט אויס, איז די פראַגע אין פסוק דרייצן געשטעלט געוואָרן, ווייל דער איבערבלייב קען ניט איינזען, אַז דאָס בילד פון דער גרויסער מחנה באַציט זיך אויף די 144 000 מיטגלי־דער פון משיחס קערפּערשאַפט אַלס אַ גאַנצעס אָדער אויף וועלכן ניט איז טייל דערפון; און ווייטער, ווייל עס איז ניט אויסגעהאַלטן פאַר וועלכער ניט איז גרופּע צו זיין האַלבוועג איבערגעגעבן יהוה. וואָלט דער איבערבלייב דערקענט די גרויסע מחנה אַלס זיך אַליין, וואָלטן זיי ניט געפרעגט די פראַגע, וואָס ווערט דאָ געשטעלט.

אויגנשיינלעך האָט יוחנן צוערשט פאָרגעשלאָגן די פראַגע, און דער „עלטסטער" האָט זי איבערגעחזרט, כדי צו זען, צי יוחנן וואָלט געקאָנט אָדער ניט געקאָנט געבן דעם ענטפער. דער „עלטסטער" האָט געזאָגט: „ווער זיינען יענע, געקליידט אין ווייסע קליידער?" דער פאַקט, אַז אַן „עלטסטער" האָט געפרעגט די פראַגע, באַווייזט, אַז די פראַגע איז ניט געווען דערליידיקט, איידער יהוהס קהלה האָט דערגרייכט רייפקייט אין משיחן. יענע צייט ווערט באַצייכנט דורך דער רייניקונג פון דעם טעמפּל אָדער הייליקטום, און דאָס איז ניט געשען איידער 1932. (דניאל ח: יד) ערשט דעמאָלט האָט דער איבער־בלייב פאַרשטאַנען דעם אמתן באַדייט פון אַ ווירקלעכן עלטסטן, און ווי אַזוי מען ווערט אַן עלטסטער; און ערשט דערנאָך איז פאַרענטפערט געוואָרן די פראַגע ווער עס איז די גרויסע מחנה. אַז עס וועט זיין אַ גרויסע מחנה אין גאָטס אָרגאַניזאַציע, האָט מען געזען לאַנג צוריק; אָבער ווער עס איז די גרויסע מחנה און פון וואַנען זי קומט, איז ניט פאַרשטאַנען געוואָרן; אַנדערש וואָלט דאָך די פראַגע ניט אויפגעהויבן געוואָרן.

„אָבער ווער זיינען זיי, און פון וואַנען זיינען זיי געקומען?" אין משך פון פילע יאָרן האָבן גאָטס מענטשן פאַרשטאַנען, אַז עס איז פאַראַן אַ גרויסע מענגע פון גייסט־געבוירענע מענ־

טשן, וואָס זיינען מיטגלידער פון קירכן פון פאַרשיידענע גלוי־בונגען אָדער רעליגיעזע סיסטעמען און וואָס זיינען דאָרט געפאַנגענע פון די דאָזיקע סיסטעמען; אָבער וואָס דאַרפן נאָך אַרויסקומען פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס און נעמען זייער שטעלונג אויף דעם האַרס זייט און קעגן שׂטנס אָרגאַניזאַציע, וואָס מוז ברענגען גרויסע צרות און ליידן אויף זיי. אין משך פון פילע יאָרן האָט דער איבערבלייב אויסגעקוקט אויף די דאָזיקע מענטשן אין די קירך־סיסטעמען און האָט פּרובירט זיי צו געפינען, און ביז דער איצטיקער שפּעטער צייט האָט ער זיי ניט געזען. קאָן מען דען זאָגן, אַז אַלע די, וואָס געפינען זיך איצט אין די פאַרשיידענע קירך־סיסטעמען (וועלכע זיינען אין איינקלאַנג מיט אַנדערע טיילן פון דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע) זיינען גייסט־געבוירענע, און האָבן פּאַקטיש ליב גאָט, און אַז זיי בלייבן בלויז דאָרט ביז הר־מגדון, און אַז זיי וועלן דאַן, געצוווּנגען דורך די אומשטענדן, נעמען זייער שטעלונג אויף גאָטס זייט? דאָס זעט ניט אויס צו זיין אויסגעהאַלטן מיט אונדזער גאָטס גערעכטן געזעץ.

איז דען פאַראַן וועלכער ניט איז ביבּלישער באַווייז, אַז די גרויסע מחנה איז פּאַקטיש אַ גייסט־געבוירענע חברה? זינט אַלע „זיינען בארופן אין איין האָפענונג" (עפעזער ד:ד), און גאָט האָט פון די בארופענע „אַרויסגענומען אַ פאָלק פאַר זיין נאָמען", פאַרוואָס זאָלן מיר קומען צום אויספיר, אַז ער האָט אַ חוץ דעם נאָך אַ גרויסע מענגע פון גייסט־געבוירענע באַשעפענישן, וואָס פאַרנעמען אַנדערע ערטער אין זיין אָרגאַ־ניזאַציע ווי אַנדערע, און וואָס זיינען ניט בארופן צו זיין קעניגרייך? יוחנן האָט שוין געוווּסט, אַז אַט די גרויסע מענגע איז אַרויסגעקומען „פון אַלע גוים, שבטים, פעלקער און לשו־נות", און דעריבער דאַרף זיין פראַגע, „פון וואַנען זיינען זיי געקומען?", זיך באַציען צו עפּעס אַנדערש איידער צו אַט דעם פאַקט. דאָס דאַרף מיינען, אַז די, וואָס שטעלן צונויף די גרויסע מענגע, זיינען אַרויסגעקומען פון אַ געוויסער געמיינ־שאַפטלעכער דערפאַרונג, אָדער אַז זיי זיינען בערך אַרויסצו־

קומען פון אזא געוויסער דערפארונג, וועלכע דערפארונג עס בלייבט פאר יהוה צו באשטימען, אין וואס זי דארף באשטיין.

איידער דעם האר ישועס קומען אין טעמפל האבן א סך פון ישוע המשיחס נאכפאלגער, און הויפטזאכלעך די חברה פון די „דערוויילטע עלטסטע", זיך באטראכט פאר לערער און אויסטייטשער פון נביאות, איינשליסנדיק די נבואה פון אנט־פלעקונג. עס איז ניט געווען קיין אומגעוויינלעכע זאך, דורך דער אליהו־פעריאדע פון דער קהלה צו זען א „פירנדיקן ברודער" מיט א גרופע ארום זיך, ווי ער האט מיט א קלוגער תנועה דערקלערט זיין „נייעסטע אנטדעקטע אויסטייטשונג" פון א געוויסער נבואה, הויפטזאכלעך די נבואה פון אנטפלעקונג. זיי האבן דערקלערט פון יעדן פראמינענטן מענטשן אין דער עדה, אז די נביאישע ווערטער האבן זיי פארויסגעזאגט, און זיי האבן זיי געלויבט און גערימט.

איצט באמערקט דעם קאנטראסט צווישן דער האלטונג פון אט די דאזיקע און יוחננס האלטונג, ווען די אנטפלעקונג איז געגעבן געווארן: „מיין האר, דו ווייסט עס. און ער האט צו מיר געזאגט, דאס זיינען די, וואס קומען ארויס פון דער גרויסער צרה, און האבן זייערע קליידער געוואשן, און האבן זיי ווייס געמאכט אין בלוט פון דעם לאם." (אנטפלעקונג ז: יד) יוחנן האט דא פארטראטן דעם איבערבלייב, און זיין האלטונג אנטשפרעכט די ריכטיקע האלטונג פון דעם איבער־בלייב; און דאס באווייזט, אז דער איבערבלייב האט צוגעגעבן, אז זיי האבן ניט געוווסט דעם ריכטיקן ענטפער און אז זיי זיינען ניט קיין אויסטייטשער פון נבואות און אויך ניט קיין לערער. דער איבערבלייב אנערקענט גאט און ישוע המשיחן אלס לערער, און זיי גיבן זיי אפ כבוד און הערלעכקייט. (ישעיה ל: כ) די ווערטער פון דער אנטפלעקונג באווייזן, אז דער עלטסטער האט געוווסט דעם ענטפער; דעריבער מיינט דאס, אז ווען גאטס איבערבלייב וועט דערגרייכן די מדרגה פון אמתער עלטסטנשאפט, דאס הייסט צו זאגן, רייפקייט אין משיחן (עפעזער ד: יג), דאן וועט דער איבערבלייב וויסן דעם

ריכטיקן ענטפער, האָבנדיק זיך דערוווּסט דעם ענטפער פון דעם האַר, זייער לערער. דער האַר האָט זיין אייגענע געהעריקע צייט, צו אַנטפּלעקן זיינע סודות, און מען קען קוים דערוואַרטן, אַז זיין צייט צו באַשענקען די געטרייע מיט אַ פאַרשטענדעניש פון דעם דאָזיקן ענין, איז פאַר דעם אָנקומען פון דעם האַר ישוע אינם טעמפל. ער אַנטפּלעקט ניט זיינע סודות צו מורדים, נייערט בלויז צו די, וואָס זיינען אָן זעלבסטזוכט אים איבערגעגעבן. — משלי ג: לב; תהלים כה: יד.

יהוה האָט געמאַכט אַלע נויטיקע צוגרייטונגען אין זיין אָרגאַניזאַציע צו באַלערנען זיין פאָלק, און אַלע אָנערקענען, אַז אין משך פון עטלעכע יאָרן איז דער וואַכטורעם געווען דער מיטל צו איבערברענגען אויפקלערונג דעם פאָלק פון גאָט. דאָס מיינט ניט, אַז די, וואָס גרייטן צו די מאַנוסקריפּטן פאַרן וואַכטורעם, זיינען אינספּירירט; נאָר אַז דער האַר, דורך זיינע מלאָכים זעט, אַז די ידיעות זאָלן איבערגעגעבן ווערן צו זיין פאָלק אין דער רעכטער צייט, ער פירט דערצו, אַז געשעענישן זאָלן איינטרעטן אין דערפילונג פון זיין נבואה, און דאַן לאָדט ער איין זיינע איבערגעגעבענע צו זען דאָס אַלץ. גאָט שפּייזט זיין פאָלק דורך ישוע המשיחן מיט דעם „נייטיקן ברויט" פאַר זיי, און ער גיט דאָס זיי אין דער געהעריקער צייט. (משלי ל: ח) דעם האַרס מלאָכים, וואָס באַגלייטן אים אין דעם טעמפל פון משפּט, דינען אונטער זיין באַפעל, און די באַווייזן, וואָס זיינען ביז איצט געגעבן געוואָרן דורך די שריפטן פון דעם וואַכטורעם, זיינען עדות, אַז אַזויאַרום האַנדלט דער האַר מיט זיינע געטרייע אויף דער ערד. דער פאַקט, אַז עס ווערן געברויכט די ווערטער, „און ער האָט צו מיר געזאָגט", באַווייזט, אַז יהוה וועט דורך זיין זעבאָרן קאַנאַל געבן אַן ענטפער אויף דער לאַנג דיספּוטירטער פראַגע, און דאָס אין זיין באַשטימטער צייט, און אויך אַז דער ענטפער וועט געגעבן ווערן דעם איבערבלייב, ווען זיי וועלן האָבן דערגרייכט די מדרגה פון אמתער עלטסטנשאַפט. עס איז דעריבער פאַרנונפטיק צו דערוואַרטן, אַז נאָך דער רייניקונג פון דעם הייליקטום,

וועלן די גוטגעהייסענע אין טעמפל אויפגעקלערט ווערן, און דאן וועט דער ריכטיקער באדייט פון דער גרויסער מחנה ווערן פארשטאנען.

## צרות

איז די „גרויסע צרה", דערמאנט אין פסוק פערצן, „געשיקט געווארן אין באזונדערער רחמנות, כדי אויפצוּוועקן אין דער גרויסער מחנה די געהעריקע תשובה פאר זינד און א געהעריקע ווערטשאצונג פון דעם געטלעכן ריכטשנור פון אמת און גערעכטיקייט", ווי דאס איז פארשטאנען געווארן פון א סך? איז די דאזיקע צרה, ווי דאס איז פריער דערקלערט געווארן, געשיקט אויף דער גרויסער מחנה, „כדי די לײדן פון דער גרויסער מחנה זאלן זיין גרעסער פון יענע, וואס די קליינע סטאדע שאף האט דערפארן"? דער פארנונפטיקער ענטפער אויף דער דאזיקער פראגע איז: ניין. עס איז ניטא קיין פסוק אין דער הייליקער שריפט, וואס וואלט דערלויבט אן אנדער ענטפער. אנדערע איבערזעצונגען גיבן איבער דעם דאזיקן טעקסט (פסוק 14) אויף דעם פאלגנדיקן אופן: „וואס קומען ארויס פון דער גרויסער צרה." „דאס זיינען די פון דער גרויסער נויט ארויסקומענדיקע." עס איז אפט אויסגעדריקט געווארן דער געדאנק, אז די גרויסע מחנה איז אנטוויקלט געווארן צוזאמען מיט דער „קליינער סטאדע" אין משך פון דער קריסטלעכער צייטרעכענונג, און דעריבער זיינען די דאזיקע אפט גערופן געווארן „די צרה־הייליקע".

איז אבער די צרה, וואס ווערט דא דערמאנט, די „גרויסע צרה, אזא וואס איז נאך קיינמאל פריער ניט געווען" (מתתיה כד: כא), און וואס קומט צום סוף פון דעם שטנס וועלט, דאן האט די גרויסע מחנה ניט געקענט זיין א קלאס, וואס איז אנטוויקלט געווארן אין די פארגאנגענע יארן. אפילו ניט אלע מיטגלידער פון גאטס קהלה לײדן די זעלביקע מאס פון צרות. די הייליקע שריפט באווייזט קלאר, אז עס איז דער איבערבלייב, וואס וועט זען די גרעסטע צרה. בנוגע די געטרייע

נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן, וואָס שטעלן צונויף די 144.000, שטייט געשריבן: „אין דער וועלט ליידט איר צרות"; זיי ווערן „אויסגעליפערט, כּדי צו ווערן געפּלאָגט"; „דורך פילע צרות וועלן מיר אריינגיין אין דעם קעניגרייך"; „מיר פרייען זיך און זיינען געדולדיק אין צרות"; „זיי דערגאַנצן אין דאָס, וואָס פעלט נאָך צו די ליידן פון משיחן"; „זיי זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר אַ שוישפּיל, סיי דורך לעסטערונגען, און סיי דורך ליידן אויך אַלס חברים פון די, וואָס זיינען אין צרות"; „האָבן צרות צען טעג". — יוחנן טז: לג; מתתיה כד: ט; אַפּאָסטאָלן־געשיכטע יד: כב; רוימער ה: ג; יב: יב; קאָלאָסער א: כד; עברים י: לג; אַנטפּלעקונג א: ט; ב: י.

איז אַזאַ צרה, גענומען אַלס אַ טייל אָדער אינגאַנצן, „די גרויסע צרה", פון וועלכער די גרויסע מחנה קומט אַרויס? דער ענטפער איז: ניין. די 144 000 ליידן גרויסע צרות, און אַזעלכע צרות האָבן געדויערט דורך דער גאַנצער קריסטלעכער ציטרעכענונג; אָבער די גרעסטע פון אַלע צרות, דערמאָנט אין דער הייליקער שריפט, מוז קומען נאָכדעם ווי די גרויסע מחנה דערשיינט, און מוז זיין יענע צרה, וואָס ווערט דערמאָנט פון ישוע המשיחן אַלס אַזאַ „צרה, וואָס איז נאָך ניט געוועזן זינט דעם אָנהייב פון דער וועלט ביז דער איצטיקער צייט". (מתתיה כד: כא) די דאָזיקע צרה־פּעריאָדע האָט זיך אָנגע־הויבן מיט דעם „טאָג פון יהוה", נעמלעך אין יאָר 1914, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה קעגן דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע אין הימל (אַנטפּלעקונג יב: ז־י), און דערגרייכט דעם גרויסן קלימאַקס אין דער שלאַכט פון הר־מגדון, דעם גרויסן טאָג פון דעם אַלמעכטיקן גאָט. אין איינקלאַנג דערמיט באַצייכנט די אַנטפּלעקונג יענע צייט אַלס „די גרויסע צרה". — אַנטפּלעקונג ז: יד.

דערפון איז קלאָר, אַז די דאָזיקע צרה קומט ניט פאַר דער אַנטוויקלונג אָדער פאַרפולשטענדיקונג פון דער גרויסער מענגע, נאָר דאָס איז די צרה, וואָס קומט אויף דעם שׂטנס אָרגאַני־זאַציע, סיי די זעבאַרע און סיי די אומזעבאַרע, און וואָס וועט

פֿולשטענדיק פֿאַרניכטן די גאַנצע אָרגאַניזאַציע. (טעסאַלאָניקער ב א : ו; רוימער ב : ה־ט; אַנטפּלעקונג ב : כב) ווי מיר האָבן געזען, האָט זיך „דער טאָג פֿון יהוה״ אָנגעהויבן אין יאָר 1914, ביים געבורט פֿון דעם קעניגרייך. (אַנטפּלעקונג יא : יז, יח) וואָלט יענע צרה, וואָס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן, אָנגעהאַלטן ביז איר סוף אָן אונטערברעכונג, וואָלטן אַלע לעבעדיקע אומגעקומען. די צרה איז פֿאַרקירצט געוואָרן דורך דעם האַר, ווען די וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט, און דאָס האָט געגעבן זיינע עדות אַ געלעגנהייט אונטער זיין באַפֿעל אַרויסצוטרעטן און צו טראָגן די בשׂורה פֿון זיין נאָמען און זיין קעניגרייך אַלס עדות פֿאַר דער וועלט. אין יענער צייט פֿון ברענגען דאָס צייגניש, דאָס הייסט, פֿון דעם „פּריידיקן די דאָזיקע בשׂורה פֿון דער מלוכה״, קומט דער קלאַס פֿון דער גרויסער מחנה אַרויס. זאָל דאָס דערליידיקט ווערן איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל : די צרות זיינען ניט צוגונסטן דער גרויסער מחנה, ווייל די צרות זיינען געקומען אויף דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע.

צו „קומען אוים דער גרויסער צרה״, מיינט ניט בלויז אַריבערצולעבן די דאָזיקע צרה אַלס „די מענטשן, וואָס וועלן געראַטעוועט ווערן״ (מתּתיה כד : כב), נאָר מיינט הויפּטזאַכלעך, אַז די גרויסע מחנה קומט אַרוים פֿון דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע און שטעלט זיך אויף דער זייט פֿון יהוה אין משך פֿון דער צייט, וואָס פֿאַרגייט פֿון דעם אויפֿהערן פֿון דער וועלט־מלחמה ביז צו דעם טאָג פֿון הר־מגדון, דאָס מיינט צו זאָגן, בעת די „טעג ווערן פֿאַרקירצט״ און אין משך פֿון וועלכן צייטאָפּשניט עס ווערט געפּריידיקט אָט די בשׂורה פֿון דער מלוכה.

וואָס איז דער צוועק פֿון קירצן יענע טעג פֿון צרות ? דער האַר ענטפֿערט : „צוליב די אויסדערוויילטע וועלן יענע טעג פֿאַרקירצט ווערן״. (מתּתיה כד : כב) במשך פֿון דער דאָזיקער צייט האָבן די אויסדערוויילטע צו טאָן אַ ווערק אַלס עדות פֿאַר יהוה און אונטער זיין באַפֿעל, און וויניקסטנס אַ טייל

פון דעם דאַזיקן ווערק איז דאָס מאַכן דעם קענצייכן אויף די שטערנס פון דער גרויסער מחנה, ווי דאָס ווערט באַפוילן פון יהוה. (יחזקאל ט: ד) דאָס מיינט, אַז יהוהס עדות מוזן פּראָקלאַמירן די בשׂורה פון אמת און אַזוינאָך ברענגען אַ שׂכלדיק פאַרשטענדעניש פון דעם אמת צו דעם קלאַס פון דער גרויסער מחנה, וואָס „אַנטלויפט אין די בערג", פאַר־נעמענדיק זייער אָרט און שטעלונג אין דער שטאָט פון אַנט־רינונג. (מתתיה כד: טז; במדבר לה: ו) דאָס איז פאָרגעקומען „תּכף נאָך דער צרה פון יענע טעג" (מתתיה כד: כט), דאָס מיינט צו זאָגן, אין דעם ערשטן טייל פון דער צרה, פון 1914 ביז 1918. די גרויסע מענגע וועט אויך איבערלעבן הר־מגדון, וואָרן גאָטס הבטחה צו די, וואָס זוכן באַשיידנקייט און גערעכטיקייט איז, אַז זיי וועלן קענען פאַרבאָרגן ווערן אין יענער צייט. (צפניה ב: ג) אָט די אַלע פּסוקים פון דער הייליקער שריפט פאַרניינען דעם געדאַנק, אַז די צרה איז פאַרן צוועק צו אַנטוויקלען אָדער צו פאַרפולקאָמען דעם דאָזיקן קלאַס פון גאָטס פאָלק. די גרויסע צרה איז דער אויספיר פון גאָטס פסק־דין קעגן דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, און איז ניט פאַרן צוועק צו אַנטוויקלען וועמען ניט איז.

### קליידער

גאָטס פאָלק איז געקומען פון בבל מיט אומריינע קליידער, דאָס הייסט, טראָגנדיק „שמוציקע קליידער", ווייל זיי זיינען אָנגעשטעקט געווען מיט די טעאָריעס און פירונגען פון דער בבלישער סיסטעם. (זכריה ג: ג) (זע דאָס בוך צוגרייטונג, זייט 56; ענגלישע אויסגאַבע.) זיי האָבן געלערנט און פאַרטיידיקט פילע זעלבסטזיכטיקע טעאָריעס, וואָס זיינען ניט געווען קיין כּבוד פאַרן האַר, צווישן וועלכע טעאָריעס עס זיינען געווען די פון „כאַראַקטער־אַנטוויקלונג", געמלעך, אַז מען קען זיך אַליין דערהייבן צו אַזאַ מדרגה, אַז מען זאָל זיין ווערט צו העלפן יהוה צו הערשן איבער דער וועלט. אַן אַנדערע אומ־ווערדיקייט איז געווען דאָס פאַרערן און דינען מענטשן; און

דאָס פּראַקטיצירן פאָרמאַליזם, און זאַכן פון דעם מין. ווען דער האַר ישוע איז דערשינען אינם טעמפּל צו משפּטן, האָט אָנגעהויבן זיין ווערק צו רייניקן זיין פאָלק, כּדי די געריייניקטע זאָלן „ברענגען יהוה קרבּנות אין גערעכטיקייט". (מלאָכי ג: ג) די רייניקונג ביים טעמפּל־משפּט האָט אָנגעהאַלטן, און דער האַר האָט געזאָגט ווענגן די אין טעמפּל פאַרזאַמלטע: „יהושוע איז געווען אָנגעטאָן אין שמוציקע בגדים און איז געשטאַנען פאַר דעם מלאך." (זכריה ג: ג) אָבער דאָס רייניקונג־ווערק באַציט זיך אויסשליסלעך אויף דער טעמפּל־חברה, און לחלוטין ניט אויף דער גרויסער מחנה.

בנוגע דער גרויסער מענגע זאָגט דער באַריכט: „זיי האָבן געוואַשן זייערע קליידער, און זיי האָבן זיי געמאַכט ווייס אין דעם בלוט פון דעם לאַם." (אַנטפּלעקונג ז: יד) דאָס וואָרט „קליידער" ווערט דאָ געברויכט אין דער מערצאָל, און דאָס קאָן זיך ניט באַציען אויף דעם „מאַנטל [איינצאָל] פון גע־רעכטיקייט", מיט וואָס דער האַר באַקליידט די גוטגעהייסענע טעמפּל־חברה, ווי דאָס איז באַריכט אין ישעיה סא: י. דאָס באַציט זיך אויך ניט אויף אַן אַמטלעכע שטעלונג, אַזוי ווי באַצייכנט דורך „דאָס פּורפּל־קלייד". (יוחנן יט: ב, ה) דאָס באַציט זיך אויך ניט אויף דעם „ווייסן קלייד" פון אַנטפּלעקונג ד: ד און יט: יג, טז. די „קליידער" פון דער גרויסער מחנה מיינען קלאָר זייער אייגענע עפנטלעכע דערקלערונג, דורך וועלכער זיי גיבן זיך צו דערקענען אַלס אַזעלכע, וואָס גלייבן אין דעם בלוט פון ישוע המשיחן אַלס דעם אויסלייז־פּרייז פון דער מענטשהייט, און די „קליידער" באַדייטן, אַז זיי האָבן זיך עפנטלעך געשטעלט אויף דער זייט פון יהוה. פיינע קליידער זיינען געטראָגן געוואָרן ביי פריילעכע געלעגנהייטן, ווי ווען דער פאַרלוירענער זון איז צוריק געקומען און איז געוואָרן אָנגעטאָן מיט „דעם בעסטן קלייד". (לוקאַס טו: כב) אַ סך ערלעכע מענטשן זיינען פאַרפירט געוואָרן צו גלייבן, אַז די „העכערע מאַכטן" זיינען די זעבאַרע הערשער פון אָט דער רשעותדיקער וועלט; אָבער ווען גאָט האָט אויפגעקלערט זיין

פאלק און האט זיי געלאזט וויסן, אז די „העכערע מאכטן" זיינען יהוה און ישוע המשיח, איז די דאזיקע ידיעה ווייטערגעגעבן געווארן צו אנדערע ערלעכע מענטשן פון גוטן ווילן, און א סך אנדערע האבן זינט דאן מיט פרייד אנגענומען, דערקענט און אנערקענט ישוע המשיחן און יהוה אלס די „העכערע מאכטן". פאר זיי איז דאס געווען א צייט פון פרייד, און זיי האבן מיט פרייד דערקלערט פאר מענטשן, אז זיי גלייבן אין דעם האר ישוע המשיחן, און אז זיי פארטרויען אומבאדינגט יהוה און זיינען אויף זיין זייט.

אזוינאך ווערן זיי דורך זייערע קליידער סימבאליש אידענטיפיצירט אלס די, וואס זיינען אויף דעם הארס זייט, און זיי יובלען איבער זייערע שטעלונג. א סך פון זיי האבן פריער באהויפט, אז זיי זיינען גלויביקע אין דעם האר און אז זיי האבן אוועקגעגעבן זייערע הערצער צום האר; אבער אין אומוויסנקייט האבן זיי זיך אנגעהאלטן אן די זאכן פון דער וועלט. אבער ווען נאכן קומען פון ישוע המשיחן אלס דער בארעכטיקטער וועלטהערשער, די מענטשן פון גוטן ווילן זיינען אויפגעקלערט געווארן, האט עס זיי געהאלפן צו זען, אז זיי זיינען אונטער דעם שטנס ארגאניזאציע, און אז עס איז נויטווענדיק זיך אפצורייניקן דורך ארויסטרעטן דערפון. און דאס טוען זיי דורך פארלאזן דעם שטנס ארגאניזאציע און דורך אידענטיפיצירן זיך אלס שטיצער פון גאטס ארגאניזאציע.

לויט דער שפראך פון דער אנטפלעקונג באזארגט די גרויסע מחנה איר אייגן וואשן; דאס הייסט, דורך איר דרך פון האנדלען, אויף וועלכן זיי פארנעמען זיך, טיילן זיי זיך אפ פון שטנס אומריינער ארגאניזאציע און באווייזן זיך אפן אויף דער זייט פון יהוה, און דאס טוען זיי דורך אפן באקענען זייער איבערגעבנקייט צו גאט. „מיטן מויל באקענט מען זיך צו ישועה." (רוימער י: י) קומענדיק צום וויסן פון דעם פאקט, אז יהוהס נאמען מוז ווערן גערעכטפארטיקט, און אז דאס איז די וויכטיקע פראגע, דערקלערן זיי ניט נאר, אז זיי זיינען אויף יהוהס זייט; נייערט זיי העלפן דער טעמפל־חברה צו

טראָגן דאָס צייגניש פאַרן כבוד און פאַרן נאָמען פון יהוה גאָט, און אַזוינאַך שטייגן זיי איין אין דעם „רייטוואָגן".

ווי אַזוי מאַכן זיי זייערע קליידער „ווייס אין דעם בלוט פון דעם לאַם"? דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון ישוע המשיחן איז דער יסוד פון פאַרגעבן זינד און גאָטס יסוד צו פאַרגעבן אומרייניקייט. דורכן גלויבן, אַז ישוע המשיחס פאַרגאָסן בלוט איז דער אויסלייז־פרייז פאַר דער מענטשהייט, און דורך הייליקן זיך צו טאָן דעם ווילן פון גאָט, געבויט אויף אַזאַ גלויבן, און דורך דינען, אָנבעטן און געהאָרכן דעם האַר, און ניט מענטשן, שטעלן זיי זיך אויף יהוהס זייט און נעמען אָנטייל אין זיין דינסט, און דאָס איז דער איינציקער וועג, צו באַקומען אַ ווייסן און ריינעם אויסזען אין אָנגעזיכט פון גאָט. קיין שום מענטש קאָן ניט נעמען שטעלונג אויף דער זייט פון יהוה, ניט גלייבנדיק אין דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיח אַלס דעם מיטל צו דערלייזונג.

מיליאָנען קירך־באַזוכער באַהויפּטן, אַז זיי גלייבן אין משיחן; אָבער ווייל זיי זיינען פאַלש געלערנט געוואָרן, אַז ער איז בלויז אַ ביישפּיל, וואָס מען דאַרף נאָכפאָלגן, פאַר־שטייען זיי ניט וועגן דעם בלוט פון משיחן און זיין ווירקזאַמ־קייט. ווען די אויגן פון זייער פאַרשטאַנד ווערן געעפנט, און זיי שטעלן זיך אויף יהוהס זייט, ווי אויבן דערמאָנט, רייניקן זיי זיך אָפּ. זיי האָבן שוין פריער באַגערט צו טאָן דאָס רעכטע; אָבער זיי זיינען ניט געווען אויפגעקלערט איבערן ריכטיקן וועג, און די פאַלשע און אומגעטרייע גייסטלעכע זיינען פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר די פאַלשע לערעס, וואָס ווערן געלערנט; וואָרן די רעליגיע־לערער לייקענען, אַז עס איז דאָ וועלכע ניט איז קראַפט אין דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון ישוע המשיחן. ווען אָבער די דאָזיקע ערלעכע מענטשן באַגרייפן פולשטענדיק, אַז ישוע המשיח איז קעניג, און „איז אין דער מיט פון דעם טראָן" מיט יהוה, באַגריסן זיי ישוע המשיחן אַלס קעניג און זיי רופן אויס דורך עפנטלעך זאָגן עדות: „הושענא צו אונ־דזער גאָט, וועלכער זיצט אויפן טראָן, און צו דעם לאַם!" זיי

לאָזן ניט איבער קיין שום צווייפל וועגן דעם, ווו זיי שטייען. זייער לאַגע ווערט אויך געשילדערט דורך דעם טויטשלעגער דורך אַ פּאַרזע, וואָס אַנטלויפט אין דער שטאָט פון אַנטרינונג. (במדבר לה: יא) די גרויסע מחנה אַנטלויפט איצט צו יהוה און צו משיחן, „די בערג". דאָרטן געפינען זיי אַ רעטונגסאָרט אין יהוהס אָרגאַניזאַציע און דאָרט פאַרבלייבן זיי „ביזן טויט פונם כהן־גדול" (מתתיה כד: טז; במדבר לג: לב־לד); דאָס מיינט צו זאָגן, זיי פאַרבלייבן דאָרט, ביז צום סוף פון דעם גרויסן סימבאָלישן יום־כפור. — ויקרא טז: ו־לד; עברים ט: כד־כח.

איצט זעען מיר אַ חברה, וואָס אַנטשפּרעכט גענוי די באַשרייבונג, וואָס איז געגעבן אין אַנטפּלעקונג זיבן בנוגע דער גרויסער מחנה. במשך פון די פאַרגאַנגענע עטלעכע יאָר און אין דער צייט, ווען „די דאָזיקע בשורה פון דער מלוכה ווערט געפּריידיקט אַלס עדות", זיינען אָנגעקומען גרויסע צאָלן (און זיי האַלטן נאָך אַלץ אין קומען), וואָס באַקענען, אַז דער האַר ישוע איז זייער דערלייזער, און אַז יהוה איז זייער גאָט, וועמען זיי בעטן אָן אין גייסט און אין אמת און וועמען זיי דינען מיט פרייד. אָט די ווערן אַנדערש אָנגערופן „די יונדבס". זיי ווערן געטובלט אין סימבאָל, זאָגנדיק אַזוינאָך עדות, אַז זיי האָבן זיך געהייליקט צו טאָן דעם ווילן פון גאָט, און אַז זיי האָבן גענומען זייער שטעלונג אויף דער זייט פון יהוה און אַז זיי דינען אים און זיין קעניג. אַזוינאָך האָבן זיי זיך גערייניקט און זיינען איצט „אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער". אַזוי ווערט די גרויסע מחנה באַשטימט צו דערקענען געגעבן, ניט אַלס אַ גייסט־געבוירענער קלאַס, וועמעס האָפענונג איז אַן אָרט אין הימל, נאָר אַלס אַ קלאַס, וואָס פאַרלאָזט זיך אויף דעם האַר און האָפט אויפן אייביקן לעבן אויף דער ערד אַלס אַ מתנה פון יהוה גאָט דורך ישוע המשיחן, אונדזער האַר.

אָט די דאָזיקע האַלטן אין איין „זוכן באַשיידנקייט און גערעכטיקייט" און האָבן גאָטס הבטחה, אַז זיי וועלן באַהאַלטן ווערן בעת דעם גרעסטן טייל פון דער צרה, דאָס הייסט, אין

דער מלחמה פון הר־מגדון. (צפניה ב: ג) דאָס איז אַ ווייטער־
דיקער באַווייז, אַז זייער אַנטוויקלונג איז ניט דער רעזולטאַט
פון דער גרויסער צרה, נאָר אַז זיי „קומען אַרויס פון דער
גרויסער צרה", דאָס מיינט צו זאָגן, קומען אַרויס פון שׂטנס
וועלט במשך דער צרה פון דער צייט פון ישוע המשיחס קומען
ביז צו דער צייט פון הר־מגדון. עס וועט זיין צו שפּעט צו
וואַשן זיך אין דער צייט פון הר־מגדון. זיי „אַנטלויפן אין
די בערג", און דאָס טוען זיי פאַר דער „ווינטערצייט", דאָס
הייסט, פאַר דעם גרויסן קלימאַקס פון צרות אין הר־מגדון.
(מתתיה כד: טז, כ) זיי זיינען אַרויסגעקומען און זיי קומען
נאָך אַלץ אַרויס, און איצט, צוזאַמען מיטן איבערבלייב, זינגען
זיי, „הושענא צו אונדזער גאָט ... און צו דעם לאַם!" (אַנט־
פּלעקונג ז: י) זיי גיבן אָפּ כבוד יהוה גאָט און זיין קעניג,
און זיי אַנטזאָגן זיך אָפּצוגעבן ווערלכן ניט איז כבוד צו וועלכן
ניט איז טייל פון דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע. זיי זיינען געווים
ניט אין איינקלאַנג מיט די געדאַנקן און דרכים פון אָט דער
וועלט; נייערט זיי זיינען קעגן דעם.

אָט די ערלעך־האַרציקע מענטשן, וואָס האָבן פאַרלאָזן דעם
שׂטנס אָרגאַניזאַציע, זיינען איצט אויף דער זייט פון דעם
האַר, און ווילן, אַז דער דאָזיקער פאַקט זאָל ווערן באַוווּסט
און זיי מאַכן עס באַוווּסט, און זיי דינען דעם איינציקן אמתן
גאָט, יהוה, און זיין קעניג. „דעריבער זיינען זיי פאַרן טראָן
פון גאָט, און זיי דינען אים טאָג און נאַכט אין זיין טעמפּל;
און ער, וועלכער זיצט אויפן טראָן, וועט וווינען צווישן זיי."
— אַנטפּלעקונג ז: טו.

זיי קוקן אַרויף צום טראָן פון גאָט און משיחן, און צו
קיין שום אַנדערן פּלאַץ, און דעריבער זיינען זיי „פאַר דעם
טראָן" און אין אָנגעזיכט פון יהוה און זיין קעניג. זיי שטימען
פאַר דער מלוכה פון גאָט, און זיי נעמען אָנטייל אין דער
אַרבעט פון באַקאַנטמאַכן דעם קעניג און זיין קעניגרייך. זיי
האָבן די אָנערקענונג פון דעם טראָן, און גאָט קערט זיין גנע־
דיקע אויפמערקזאַמקייט אויף זיי, כדי זיי זאָלן באַהאַלטן ווערן

אין דעם טאָג פון זיין כעס. אַזוי ווי יונדב איז געבּרויכט געוואָרן אַלס אַ סימבּאָל פון דער גרויסער מחנה, באַציט זיך גאָטס הבטחה צו יונדבן אויך אויף דער גרויסער מענגע: „דעריבּער האָט אַזוי געזאָגט יהוה פון צבאות, דער גאָט פון ישראל: עס וועט ניט פעלן פון יונדב, דעם זון פון רכבן, אַ מאַן צו שטיין פאַר מיר אַלע טעג.״ — ירמיה לה: יט.

אַנטפּלעקונג ז: ט איז באמת דער שליסל צו דערקענען די גרויסע מחנה. בּיז איצט האָט מען טעותדיק געמיינט, אַז די גרויסע מענגע איז אַ גייסט־געבּוירענער קלאַס מענטשן, וואָס האָבּן פאַרנאַכלעסיקט זייערע פּריווילעגיעס און זאָגן זיך אָפּ אַנטייל צו נעמען אין דינסט פון דעם האַר; און דאָך דער־וואַרטן זיי, אַז יהוה זאָל זיי בענטשן צוליב זייער טויטנבעט־תשובה. אָבּער די אַנטפּלעקונג באַשרייבּט די גרויסע מחנה, אַז „זיי זיינען פאַר דעם טראָן פון גאָט, און דינען אים עפנטלעך״ (דיאַגלאָט־איבּערזעצונג); „און זיי בּרענגען אים זייער גאָטסדינסט״. (ראָטהערהאַם) בּיז איצט האָבּן זיי, ווי אַנדערע אין דער וועלט, אומוויסנדיק „פאַרערט און געדינט די באַשעפענישן מער ווי דעם באַשעפער״. (רוימער א: כה) אָבּער איצע זעען און פאַרשטייען און געהאָרכן זיי די ווערטער פון ישוע, דעם לאַם פון גאָט, וואָס זאָגט צו זיי: „דו זאָלסט אָנבּעטן דעם האַר, דיין גאָט, און בּלויז אים זאָלסטו דינען״; און די דאָזיקע ווערטער באַציען זיך אויף אַלע באַשעפענישן, וועמען יהוה הייסט גוט. — מתתיה ד: י.

ווי וווייט דינט די גרויסע מחנה יהוה? די אַנטפּלעקונג ענטפערט: „זיי . . . דינען אים טאָג און נאַכט.״ טאָג און נאַכט מיינט אַלעמאָל, און די דאָזיקע באַשרייבּונג באַווייזט, אַז די גרויסע מחנה דינט יהוה שטענדיק, ניט געקוקט אויף שעהן. זיי זיינען ניט צופרידן צו אַרבּעטן אַכט שעה אַ טאָג און דאַן אַוועק־צוגיין בּיים שלאָגן פון זייגער, און דערפאַר זאָגן זיי זיך ניט אָפּ ווייטער צו אַרבּעטן אָדער „איבּערשטונדן״ צו אַרבּעטן; נאָר זיי זיינען גרייט צו פאָלגן דעם רוף פאַר דינסט צו יעדער צייט, טאָג און נאַכט. באַריכטן פון פעלד אין די לעצטע חדשים

באַשטעטיקן פוֹלשטענדיק דעם דאָזיקן אויספיר. אַ סך פוּן די, וואָס זיינען איצט יהוֹנדבים, הערן אין אַ שיינעם טאָג דעם אמת, גיבן זיך איינגאַנצן איבער צום האר, שליסן זיך תּכּף אָן אין דעם פעלדדינסט און זיי זיינען באַשטרעבט פריי־דיק צו טאָן, וואָס זיי קענען נאָר. דערצו שטודירן זיי מיט התמדה דאָס וואָרט פוּן גאָט, און אַזוינאָך זוכן זיי באַשיידנקייט און גערעכטיקייט, באַמיענדיק זיך צו געהאָרכן יהוהס געבאָטן.

יהוהס טעמפּל איז זיין הויפּט־אָרגאַניזאַציע און דעריבער איז ער אויפן באַרג ציון. די גרויסע מחנה „דינט ... טאָג און נאַכט אין זיין טעמפּל.” זיי מוּזן קומען קיין ציון, גאָטס אָרגאַניזאַציע, מיט יהוהס עדות, וואָס זיינען אַ טייל פוּן דעם טעמפּל, און דאָס איז פאָרויסגעזאָגט געוואָרן דורך די ווערטער פוּן דעם נביא זכריה: „אַזוי האָט געזאָגט יהוה צבאות: עס וועט נאָך געשען, אַז עס וועלן קומען פעלקער און די איינ־וווינער פוּן אַ סך שטעט; און די באַוווינער פוּן איין שטאָט וועלן גיין צו דער אַנדערער, זאָגנדיק: לאָמיר גיין שנעל צו טאָן תּפילה פאַר יהוה, און צו זוכן יהוה פוּן צבאות! איך וויל אויך גיין. און פילע אומות און מעכטיקע נאַציעס וועלן קומען צו זוכן יהוה פוּן צבאות אין ירושלים און צו טאָן תּפילה פאַר יהוה. אַזוי האָט געזאָגט יהוה פוּן צבאות: אין יענע טעג וועט עס געשען, אַז צען מענטשן פוּן אַלערליי לשונות פוּן די פעלקער וועלן אָננעמען, יאָ, אָנכאַפּן וועלן זיי דעם זוים פוּן דעם קלייד פוּן אים, וואָס איז אַ ייד, זאָגנדיק: מיר וועלן גיין מיט אייך; וואָרן מיר האָבן געהערט, אַז גאָט איז מיט אייך.” — זכריה ח: כ־כג; זע דאָס בוּך צוגרייטוּנג, זייט 139 (ענגלישע אויסגאַבע).

די פאָלגנדיקע ווערטער, וואָס משה האָט גערעדט צו ישׂראל, באַציען זיך איצט מיט מער קראַפט צום גייסטיקן ישׂראל, דעם איבערבלייב: „איר זאָלט ניט טאָן אַזוי ווי דאָס אַלץ, וואָס מיר טוּען דאָ היינט, איטלעכער וואָס־ניט־איז שיינט צו זיין גערעכט אין זיינע אייגענע אויגן ... צו דעם אָרט, וואָס יהוה, אייער גאָט וועט אויסדערוויילן, צו מאַכן רוּען זיין

נאָמען דאָרטן, אַהין זאָלט איר בּרענגען אַלץ, וואָס איך באַפעל אייך; ... היט זיך, אַז דו זאָלסט ניט בּרענגען דיינע בּראַנד־אָפּפער אין איטלעכן אָרט, וואָס דו זעסט! נייערט אין דעם אָרט, וואָס יהוה וועט אויסדערוויילן אין איינעם פון דיינע שבטים, דאָרטן זאָלסטו אַרויפבּרענגען דיינע בּראַנדאָפּפער, און דאָרטן זאָלסטו טאָן אַלץ, וואָס איך באַפעל דיר.״ — דברים יב: ח־יד.

דעם זעלבּיקן געזעץ מוז אָפּהיטן די גרויסע מחנה, ווייל זיי זיינען געוואָרן אַ טייל פון גאָטס אָרגאַניזאַציע. זיי מוזן קומען קיין ציון, גאָטס טעמפּל, און דינען דאָרט, און ניט אין וועלכער ניט איז וועלטלעכער אָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט גערופן „קירך״. יהוה זאָגט: „מיין הויז [דער טעמפּל] וועט גערופן ווערן דאָס הויז פון תּפילה פאַר אַלע פעלקער.״ (ישעיה נו: ז; מלכים א ח: מא־מג) די גרויסע מחנה מוז נאָכפאָלגן יהוהס עדות אויפן וועג קיין ציון. (ישעיה לה: ח־י; סב: י) זיי מוזן האָבּן אין זינען און נעמען אין אַכט די פאָלגנדיקע ווערטער פון גאָטס נביא: „דער האַר איז אין זיין הייליקן טעמפּל: זאָל די גאַנצע ערד זיין שטיל פאַר אים!״ (חבקוק ב: כ) יהוהס טעמפּל איז ניט ווו ניט איז אין דעם טייוולס אָרגאַניזאַציע, און דעריבּער מוז די גרויסע מחנה אַנטלויפן פון בּבל, וואָס איז דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, און זיי מוזן זיך מוטיק שטעלן אויף דער זייט פונם האַר און זיך פאַר־בּינדן מיט גאָטס געזאַלבּטן פאָלק.

„אין זיין טעמפּל״, ווו עס דינט די גרויסע מענגע, מיינט ניט דעם אינעווייניקן הויף, ווייל דער אינעווייניקער הויף איז אויסשליסלעך פאַר יהוהס כּהנים־קלאַס. די גרויסע מענגע איז אָפּגעטיילט פון זיי און איז אין דעם „דרויסנדיקן הויף״, אויף דער „אונטערשטער פלאַסטערונג״ פון דעם טעמפּל, און דאָרט דינען זיי יהוה טאָג און נאַכט, דאָס הייסט, כּסדר. (יחזקאל מ: יז, יח; מד: יט; מו: ג, ט, י, כ־כד) עס איז קלאָר, אַז די דאָזיקע באַשרייבּונג פון זייער כּסדרדיקן דינסט באַצוועקט צו בּאַווייזן, אַז זיי מאַכן קיינמאָל ניט קיין קאָמפּראָמיס מיט

דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, און כּדי פולשטענדיק צו פאַרניינען, אַז זיי מאַכן יאָ אַ קאָמפּראָמיס.

אַלע, וואָס ליבן און דינען גאָט וועלן זיין בייַ יהוה, און ניט ביים שׂטן. „און ער [יהוה], וואָס זיצט אויפן טראָן, וועט וווינען צווישן זיי.״ (אַנטפּלעקונג ז: טו) משיח הייבט איצט אָן צו הערשן אין מיטן פון זיינע שׂונאים. (אַנטפּלעקונג יא: יז; תהלים קי: ב) לויט אָט דעם געזעץ געפינט זיך יהוהס גאַנצע אָרגאַניזאַציע אונטער זיין שוץ. ער „וועט אויסשפּרייטן זיין צעלט איבער זיי״. אַזוינאָך ווערן די יוֹנדבס אָדער די פון דער גרויסער מחנה באַהאַלטן אין דעם טאָג פון גאָטס גרימצאָרן. — אַנטפּלעקונג כא: ג.

משיח שטייט אין דעם צעלט פון גאָט און דורך משיחן וווינט יהוה צווישן דער גרויסער מחנה, באַשאָטנט זיי און גיט זיי שוץ און הילף. אַזוי וווינט יהוה דאָרט דורך זיין פּאַרטרעטער, משיחן, ווייל זיי זיינען אַנטלאָפן צו דער שטאָט פון אַנטרינונג. דער גרעסערער יהוא האָט זיי איינגעלאַדן אין דעם רייטוואָגן, דאָס הייסט אין יהוהס אָרגאַניזאַציע, און ער האָט אויסגעשפּרייט זיין צעלט איבער זיי. די גרויסע מחנה האָט געקראָגן דאָס קענצייכן אויף זייערע שטערנס דורך יהוהס „מאַן אין לייוונט, מיט דעם שרייבערס טינטהאָרן ביי זיין זייט״, דאָס מיינט צו זאָגן, דורך די, וואָס האָבן זיי געבראַכט די בשׂורה פון גאָטס נאָמען און מלוכה. (יחזקאל ט: ג) גאָט און זיין קעניג זיינען זייערע האָפענונג און וווינונג. „אויף דעם הויכן באַרג פון ישׂראל וועל איך אים פלאַנצן [אַ בוים פון האָפענונג אַלס אַ וווינונג]; און ער וועט אַרויסברענגען צווייגן, און טראָגן פרוכט, און ווערן אַ פּרעכטיקער צעדערבוים: און אונטער אים וועלן וווינען אַלע פויגלען פון אַלערליי פליגלען; אין דעם שאָטן פון זיינע צווייגן וועלן זיי רוען.״ — יחזקאל יז: כג.

עס זיינען פאַראַן מיליאָנען מענטשן אויף דער ערד, וואָס הונגערן נאָך עפּעס בעסערס ווי נאָך „שאַלעכץ״, מיט וואָס מען האָט זיי געשפּייזט אין די בבלישע סיסטעמען, וואָס הייסן

„קירבעס”. זינט דעם האַרס קומען אינם טעמפּל זיינען יהוהס עדות געווען פּריווילעגירט צו טראָגן צו יענע הונגעריקע גאָטס בשורה פון אמת, און די, וואָס האָבן פון דעם געשפּייזט, וועלן ניט מער הונגערן אָדער דורשטן: „זיי וועלן מער ניט הונגערן, און זיי וועלן מער ניט דורשטן; און די זון וועט זיי קיינמאָל ניט אָפּבּרענען, און אויך ניט קיין היץ.” — אַנטפּלעקונג ז: טז.

אין דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע, אָדער בעסער געזאָגט, אונטער איר, האָבן די ערלעכע געהונגערט און געדאָרשט, סיי בּילדלעך געזעדט און סיי בּוכשטעבּלעך. דעם שׂטנס גרויסער „בּוים אין מיטן פון דער ערד” (דניאל ד: ז) גיט זיי ניט קיין שאָטן. די פון דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע באַהויפּטן, אַז זיי זיינען דאָס זונליכט פון דער וועלט, און דאַן בּרענען און בּראָטן זיי די ערלעכע מענטשן; אָבער איצט, זינט דעם האַר ישועס קומען אין טעמפּל, און זינט דעם שאַלן פון דעם פערטן טרומפּייט (אַנטפּלעקונג ח: יב) און זינט דעם אויסגיסן פון דער פערטער שאָל פון גרים-צאָרן (אַנטפּלעקונג טז: ח, ט), האָט דאָס פאַראורזאַכט, אַז דאָס „ליכט פון דער וועלט” (ווי זיי רופן זיך אַליין) איז פאַרפינצטערט געוואָרן, און איצט איז עס „ניט אַזוי הייס” פאַר די פון דעם שאָפּקלאַס אונטער זיי, וואָס האָבן געהערט און געלייענט די בשורה פון גאָטס נאָמען און זיין מלוכה. די דאָזיקע ערלעכע האָבן זיך געקערט צו גאָטס אָרגאַניזאַציע, וואָס איז סימבּאָליש גאָטס „פרוי”, „באַקליידט מיט דער זון”. (אַנטפּלעקונג יב: א) מער ווערן זיי ניט אָפּגעבּרענט פון די איינגעבּילדעטע „זון פון דער וועלט”. דאָס איז פולשטענדיק אין איינקלאַנג מיטן וואָרט פון נביא ישעיה בנוגע די ערלעכע מענטשן פון דער וועלט, וואָס זוכן איצט באַשיידנקייט און גערעכטיקייט: „זיי וועלן ניט הונגערן און ניט דורשטן; ניט די היץ און ניט די זון וועט זיי פּלאָגן: וואָרן זייער דערבּאַרעמער וועט זיי פירן, אפילו בּיי די קוואַלן פון וואַסערן וועט ער זיי פירן . . . זע, די וועלן קומען פון דער ווייט; און די פון צפון און פון מערב; און די פון לאַנד סינים.” — ישעיה מט: י־יב.

ישוע המשיח אינם טעמפּל, אַלס דער הויפּט פון יהוהס הויפּט־אָרגאַניזאַציע, פּירט איצט און שפּייזט די, וואָס שטעלן זיך אויפריכטיק אונטער זיין פירערשאַפט. „זע, איך האָב אים געגעבן פאַר אַן עדות צו די פעלקער, פאַר אַ פירער און באַפעלער פון די אומות.״ (ישעיה נה: ד) ער איז די אמתע זון, „דאָס ליכט פון דער וועלט״. (יוחנן ח: יב) די גרויסע מענגע, וואָס שטייט פאַרן טראָן, וועט קיינמאָל מער ניט זיין הונגעריק: „וואָרן דאָס לאַם, וואָס איז אין דער מיט פון דעם טראָן, וועט זיי שפּייזן, און וועט זיי פירן צו לעבעדיקע קוואַלן פון וואַסער; און גאָט וועט אָפּווישן אַלע טרערן פון זייערע אויגן.״ (אַנטפּלעקונג ז: יז) אין דער האַנט פון דעם האַר ישוע איז איבערגעגעבן געוואָרן די גאַנצע מאַכט, און דאָס לאַם פון גאָט וועט זיין זייער פּאַסטוך. ער איז דער אמתער פּאַסטוך־קעניג, פון וועמען דער קעניג דוד איז בלויז געווען אַ סימבאָל. „און איך וועל אויפשטעלן אַ פּאַסטוך איבער זיי, און ער וועט זיי פּיטערן — מיין קנעכט דוד; ער וועט זיי שפּייזן, און ער וועט זיין זייער פּאַסטוך. און איך, יהוה, וועל זיין זייער גאָט, און מיין קנעכט דוד וועט זיין פירשט [אין מיטן פון דעם טראָן] צווישן זיי; איך, יהוה, האָב גערעדט.״ — יחזקאל לד: כג, כד.

די פון דער גרויסער מחנה אָדער יונדב־חברה זיינען קענטיק יענע, וועמען ישוע האָט אָנגערופן זיינע „אַנדערע שאָף״. צו די געטרייע תלמידים, דעם איבערבלייב, האָט ישוע געזאָגט: „איך בין דער פּאַסטוך, און איך קען מיינע שאָף, און די מיינע [דער איבערבלייב] קענען מיך ... און איך האָב אַנדערע שאָף, וואָס זיינען ניט פון דער דאָזיקער טשערעדע [מיטגלידער פון דעם קעניגהויז]: זיי אויך [דעם ערדישן שאָפּקלאַס] מוז איך ברענגען, און זיי וועלן הערן מיין קול; און עס וועט זיין איין טשערעדע, און איין פּאַסטוך.״ — יוחנן י: יד־טז.

אַלע, וואָס קומען אַריין און פאַרבלייבן אין יהוהס אָרגאַניזאַציע, מוזן זיין איין האַרמאָנישע טשערעדע, צי דאָס איז

אין הימל, צי אויף דער ערד. ישועס פאָלגנדיקע ווערטער באַציִען זיך אויף די צייט נאָך זיין קומען אין טעמפּל אין יאָר 1918: „פאַר אים וועלן ווערן פאַרזאַמלט אַלע נאַציִעס; און ער וועט זיי פאַנאַנדערטיילן, אַזוי ווי אַ פּאַסטוך טיילט פאַנאַנדער די שאָף פון די ציגנבעק. און ער וועט שטעלן די שאָף צו זיין רעכטער האַנט, און די ציגנבעק צו דער לינקער.״ — מתתיה כה: לב, לג.

ער איז משיח, דער פירער און באַפעלער, און דער גאַנצער באַשאַף, וואָס לעבט, מוז אים אָנערקענען, און אַלע קני זאָלן זיך בייגן פאַר אים און יעדע צונג זאָל צוגעבן, אַז ער איז משיח, דער האַר, צי זיי זיינען אין הימל, צי אויף דער ערד, און אַלע מוזן אים אַזוינאָך אָנערקענען צו דער הערלעכקייט פון דעם אַלמעכטיקן גאָט. — פיליפּער ב: ט־יא.

צי אַ וועלכע ניט איז באַשעפעניש באַקומט לעבן אין הימל צי אויף דער ערד, מוז זי אָנערקענען און דינען יהוה אַלס דעם איינציקן אמתן און אַלמעכטיקן גאָט, און ישוע המשיחן אַלס זיין קעניג און הויפּט־אויספיר־באַאַמטן, און יעדע באַשעפעניש, וואָס באַקומט לעבן אויף דער ערד אָדער אין הימל, מוז זיין פולשטענדיק לאָיאַל און געטריי צו גאָט, און אָט די פאָדערונגען זיינען אַ פאָרבאַדינג פאַרן איינגאַנג אין לעבן. עס איז פולשטענדיק ניט אויסגעהאַלטן און ניט ביבליש צו זאָגן, אַז גאָט וועט קוקן מיט גוטהייסונג אויף אַ קוואַליפיצירטער אָדער באַגרענעצטער געטרייִשאַפט צו אים. צו זאָגן, אַז די גרויסע מחנה איז אַ גלייכגילטיקער קלאַס, נאָר אַז גאָט איז גנעדיק צו זיי, ווייל זיי האָבן אַ ביסל גלויבן, און אַז ער וועט זיי שליסלעך ראַטעווען און נעמען אַרויף אין הימל, איז אינגאַנצן אָן ביבלישער פולמאַכט. די גרויסע מחנה מוז געפירט ווערן פון ישוע המשיחן און געשפּייזט ווערן פון אים איידער דער מלחמה פון הר־מגדון, און זי מוז זיין אונטער זיין שוץ און אַריבערגעבראַכט ווערן דורך הר־מגדון. און גאָטס לאַם „וועט זיי פירן צו די וואַסערקוואַלן פון לעבן.״ (אַנט־פּלעקונג ז: יז) איבער דעם „וועג פון הייליקייט״ גייט ישוע

המשיח, און זיין טשערעדע שאָף, די געזאַלבטע מיטגלידער פון דעם קעניגלעכן הויז, פאָלגן אים נאָך. (ישעיה לה: ח־י) דאָן זאָגט דער האר: „איך וועל מאַכן אַלע מיינע בערג [טיילן פון גאָטס אָרגאַניזאַציע] פאַר אַ וועג, און מיינע שטעגן וועלן דערהויבן ווערן.״ — ישעיה מט: יא.

די „אַנדערע שאָף״, דאָס הייסט די גרויסע מחנה, פאָלגן נאָך, און צוזאַמענגייענדיק מיט יהוהס עדות ווערן זיי געפירט „צו די וואַסערקוואַלן פון לעבן״. צוליב דער סיבה וועלן אַלע, וואָס ווערן אַזוינאָך געפירט, מער ניט זיין דאָרשטיק. זיי גייען מער ניט צו די אויסגעטריקנטע וואַסערגריבער פון דער גרויזאַ־מער טייוולשער סיסטעם; נייערט דורך יהוהס חסד און דורך דער האַנט פון דעם האר ישוע המשיחן ווערן זיי געפירט צו די קוואַלן פון לעבעדיקע וואַסערן. (ירמיה ב: יג) דאָס אוועק־פירן די אויספריכטיקע מענטשן פון די געזאַלצענע וואַסערן האָט זיך אָנגעהויבן, ווען דער האר האָט געשאַלט דעם דריטן טראָמפּייט און האָט אויסגעגאָסן די דריטע פּלאָג אָדער שאָל פון צאָרן. (אַנטפּלעקונג ח: י, יא; טז: ד) אַזוינאָך זיינען אַנטבלויזט געוואָרן די „ביטערע וואַסערן פון דער דאָזיקער וועלט״. דאַן האָט גאָט אוועקגעפירט, און פירט נאָך עד־היום־הזה, אַלע, וואָס האָבן אים ליב, צו די וואַסערן פון לעבן.

## דערפריי זיך!

די גרויסע מחנה באַשטייט ניט פון קיין „הייליקע פון צרות״. זיי זיינען ניט אַנטוויקלט געוואָרן דורך צרה. זיי זיינען אַ חברה פון פריידיקע באַשעפענישן, וואָס זיינען אייפערדיק טעטיק פאַר יהוה און זיין מלוכה. יעדער אויפריכטיקער זוכער פון גאָט און גערעכטיקייט האָט, איידער ער האָט געפונען דעם האר, טיף געטרויערט וועגן דער רשעות, וואָס ווערט געזען צווישן יענע, וואָס מאַכן אַן אָנשטעל, אַז זיי זיינען נאָכפאָל־גער פון קריסטוסן און וועלכע זיינען טעטיק דורך קירך־אָרגאַניזאַציעס אין זיין נאָמען. די דאָזיקע ערלעך־האַרציקע מענטשן האָבן פאַרגאָסן טרערן צוליב די אָפשיילעכקייטן, וואָס

זיי האָבן באַאַבאַכט, ווי זיי ווערן באַגאַנגען אין דעם נאָמען פֿון דעם האַר. זיי האָבן דאָס געזען אין אַלע קירכן־סיסטעמען פֿון וועלכע ניט איז רעליגיעס. הויפּטזאַכלעך צווישן דער חברה פֿון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע. אָבער מיט דעם האַר ישועס קומען אין טעמפּל, און מיט דער איינזאַמלונג פֿון די געטרייע אַרום אים, האָבן די געטרייע געיובלט פֿאַר פֿרייד. אַ סך פֿון זיי זיינען אַרויס פֿון די פֿאַרשיידענע רעליגיעז־סיסטעמען און זיי האָבן זיך שטאַרק געפֿרייט, ווען זיי האָבן דערקענט דעם האַר. אָט די דאָזיקע האָט דער האַר אַרויסגע־שיקט מיט דער בשׂורה פֿון גוטע נייעס און האָט מודיע געווען די ערלעכע מענטשן, אַז ער האָט באַשלאָסן צו פֿאַרניכטן דעם שׂטנס רשעותדיקע און באַדריקנדיקע אָרגאַניזאַציע און אָנ־שטאָט דעם צו ברענגען אַ רעגירונג פֿון גערעכטיקייט. ווי די דאָזיקע בשׂורה איז פֿאַרנומען געוואָרן פֿון גוטע און אויפֿ־ריכטיקע הערצער, האָט זי געמאַכט גליקלעך זייער אַ סך און האָט זיי דערפֿילט מיט גרויס פֿרייד. די, וואָס האָבן זיך פֿול־שטענדיק געקערט צו גאָט און זיין מלוכה, האָבן דעריבער אויפֿגעהערט צו וויינען.

„גאָט וועט אָפּווישן יעדן טרער פֿון זייערע אויגן." (אַנט־פּלעקונג 7: 17) טרערן פֿלעגן פֿאַרגאָסן ווערן צוליב דער חרפּה, וואָס איז געהויפֿט געוואָרן אויף יהוהס הייליקן נאָמען, און דאָס באַזונדערס דורך די פֿאַלשע מענטשן, וואָס האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי זיינען גאָטס דינער. די ערלעכע פֿלעגן פֿאַרגיסן טרערן, ווייל זיי האָבן ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿאַר־וואָס מענטשן, וואָס באַהויפּטן, אַז זיי דינען גאָט, ברענגען אין דער זעלביקער צייט שאַנד אויף זיין הייליקן נאָמען. דער־האַלטנדיק די בשׂורה פֿון אמת און דערוויסנדיק זיך, אַז דער שׂטן האָט פֿון שטענדיק אָן פֿאַרלעסטערט יהוהס נאָמען, און אַז אַלע זיינע משרתים האָבן דורך פֿעלשונג, באַטרוג און פֿאַלשן אָנשטעל געבראַכט חרפּה אויף זיין הייליקן נאָמען, און אַז יהוה וועט איינגיכן רעכטפֿאַרטיקן זיין נאָמען דורך זיין קעניגרייך אונטער משיחן, האָבן די טרערן פֿון די דאָזיקע

אויפריכטיקע מענטשן אויפגעהערט צו פליסן, און אַנשטאָט דעם האָט פרייד אָנגעפילט זייערע הערצער, זייערע פּנימער האָבן אָנגעהויבן אויסזען גליקלעך, און זיי האָבן זיך פול־שטענדיק באַקערט צום האַר.

אפילו יוחנן, דער אַנטפּלעקער האָט „פיל געוויינט", ביז ער האָט זיך דערוווּסט, אַז ישוע המשיח האָט באַוויזן זיין ווירדיקייט צו זיין יהוהס רעכטפאַרטיקער, און אַז ער איז דער, וועלכער אַנטפּלעקט יהוהס באַשלוסן און פירט אויס זיינע משפּטים. (אַנטפּלעקונג ה: ד) יעדער ערלעכער מענטש, וואָס זעט און שאַצט יהוהס באַשלוס, פרייט זיך. אויף דעם אופן האָבן די ערלעכע זוכער פון אמת באַקומען „דעם צייכן אויף זייערע שטערנס", און דערקענענדיק די לאַגע זיינען זיי אַנט־לאָפן צום האַר. (יחזקאל ט: ד) זיי ווייסן, אַז אַלע גוטע זאַכן און אַלע ברכות קומען פון יהוה, און אַזוינאָך ווישט ער אָפּ אַלע זייערע טרערן. די „הייליקע שטאָט", וואָס איז גאָטס אָרגאַניזאַציע, קומט אַראָפּ פון הימל, און איצט ווערט גערעכ־טיקייט אויפגעשטעלט ווערן אויף אייביק, און עס וועלן מער ניט קיין טרערן פאַרגאָסן ווערן פון די, וואָס בלייבן אין איינ־קלאַנג מיט גאָט. — אַנטפּלעקונג כא: א־ד.

זאָל יהוהס געזאַלבטער קנעכט־קלאַס, דער איבערבלייב, זיך איצט אָפּשטעלן און באַטראַכטן אויף אַ רגע, וואָס פאַרא פּריווילעגיעס יהוה האָט זיי געגעבן זינט 1918. די צרות אויף דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1914, ווען דער דאָזיקער רשע און זיינע מלאָכים זיינען אַראָפּגעשליי־דערט געוואָרן פון הימל. דער שׂטן, באַגרייפנדיק, אַז זיין צייט איז געקומען, איז דאַן געוואָרן זייער אין כעס און ער האָט זיך זינט דאַן פאַרלייגט אויף דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון אַלע לעבעדיקע. (אַנטפּלעקונג יב: יב), און ער וואָלט דער־גרייכט זיין צוועק, ווען יהוה גאָט וואָלט זיך ניט אַריינגעמישט. „צוליב די אויסדערוויילטע", כּדי זיי זאָלן קאָנען זיין עדות פאַר יהוהס נאָמען, האָט ער אָפּגעשטעלט די וועלט־מלחמה.

(מארקוס יג: כ; מתתיה כד: כא, כב) יהוה האט דאן באזייטיקט די פענטעס, וואס זיינען ארויפגעלייגט געווארן אויף זיין פאלק אין משך פון דער מלחמה, כדי עס זאל זיך קענען ארגאניזירן פארן ווייטער אנפירן פון זיין דינסט. דעם איבערבלייב איז דאן געגעבן געווארן דאס געבאט: „די דאזיקע בשורה פון דעם קעניגרייך מוז געפריידיקט ווערן איבער דער גאנצער וועלט אלס עדות צו אלע נאציעס: און דאן וועט קומען דער סוף.”— מתתיה כד: יד.

אט דאס ציי גניש מוז געבראכט ווערן; און ווען דאס איז געשען, דאן וועט נאכפאלגן די שרעקלעכסטע צרה, וואס איז ווען ניט איז געווען. במשך פון דעם דאזיקן צייטאפשניט, גלייך פאר הר־מגדון, זיינען יהוהס עדות געווען פריווילעגירט ארויסצוטרעטן מיט דער בשורה פון אמת. אונטער דעם באפעל פון האר זיינען זיי אוועק „אפצוראמען די שטיינער” און „אויפצוהייבן א פאן פאר די [אויפריכטיקע] מענטשן”. (ישעיה סב: י) יהוהס עדות זיינען געגאנגען צו דער דאזיקער ארבעט מיט לידער פון פרייד אויף זייערע ליפן, ווייל זיי ווייסן, אז דער קעניג איז אויפן טראן און אז די רעכטפארטיקונג פון יהוהס נאמען איז נאענט. בעת זיי האבן דאס געטאן, האט דער שונא געמאכט זיינע גרעסטע אנשטרענגונגען זיי צו פארשלינגען, ווייל זיי ברענגען דאס צייגניש פון ישוע המשיחן אין געהארכזאמקייט צו גאטס געבאט. (אנטפלעקונג יב: יז) קיין שום פארפאלגונגען האבן ניט אפגעשוואכט דעם אייפער פון די געטרייע. זיי האבן געזען די האנט פון דעם האר פאנאנדערטיילנדיק די מענטשן, און זיי האבן געזען, ווי די „ציגנבעק” פארזאמלען זיך אונטער דעם באפעל פון גוג, כדי אויסצופירן דעם שטנס ווילן. און זיי האבן געזען, ווי דער ערלעכער „שאף”־קלאס פארזאמלט זיך אלס א גרופע אונטער דעם האר, זייער פירער. איצט זעען זיי אויך, ווי דער גאנצער קלאס פון „אנדערע שאף” ווערט געבראכט אין דער שטאט פון אנטרינונג, איידער די גרעסטע פון אלע צרות באפאלט די גאנצע וועלט.

מיט דעם דאָזיקן וויסן און מיט דער דאָזיקער פּריווילעגיע קומט אַ גרעסערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו יענע עדות פון יהוה דורכצופירן מיט נאָך גרעסערן אייפער און ערנסטקייט זייער ווערק צו ברענגען דאָס צייגניש צו די מענטשן פון גוטן ווילן. זעענדיק און פאַרשטייענדיק די דאָזיקע זאַכן, זיינען זיי אַנטשלאָסן, אַז קיין שום אונטערדריקונגען אָדער פאַרפאָלגונגען וועט זיי ניט אָפּהאַלטן אין זייער דורכפירן געטריי זייערן באַשטימטן אויפטראָג. זאָלן די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע און אַלע אַנדערע פון דעם שׂטנס רשעותדיקע חברה טאָן, וואָס זיי ווילן. גאָר אינגיכן וועט די היינטצייטיקע־פּלשתישע אָרגאַניזאַציע פאַלן, און די אויפריכטיקע קאַטאָליקן וועלן פאַרמערן די צאָל פון דער „גרויסער מחנה".

קאפיטל 9

# משפט

יהוהס הויפט־צוועק אין אראפשיקן זיין באליבטן זון ישוען אויף דער ערד, איז דורכצופירן די אויפגאבע צו רעכטפארטיקן גאטס נאמען. אונטערגעאָרדנט דערצו איז די דערלייזונג און רעטונג פון אלע מענטשלעכע באשעפענישן, וואס האבן ליב גערעכטיקייט און האבן פיינט אומרעכט. זיין כונה האט יהוה אין פארויס אנגעדייט אדער געשילדערט דורך זיינע פירונגען מיטן פאלק ישראל, זיין פארבילד־פאלק. דאס האט ער געטאן דורך שיקן זיין פארטרעטער משהן קיין מצרים „צו דערלייזן א פאלק פאר זיך און זיך צו מאכן א נאמען.” (שמואל ב ז: כג) אין דער דערפילונג פון דעם דאזיקן נביאישן בילד האט יהוה געשיקט ישוען, דעם קעגנבילדלעכן משהן, אויף דער ערד, דעם קעגנבילדלעכן מצרים, דורכצופירן זיין ווילן. ישוע האט געמוזט פריער באווייזן, אז ער איז געאייגנט דורכצופירן יהוהס כונה. דערפאר איז ישוע המשיח געפרווט געוואָרן אין משך פון דריי און א האלב יאר, און אין אלצדינג האט ישוע באוויזן זיין פולשטענדיקע געטריישאפט צו גאט: „און, פולקאמען געמאכט, איז ער געוואָרן דער באשאפער פון אייביקער דערלייזונג פאר אלע די, וואס געהאָרכן אים.” (עברים ה: ט) יהוה האט געמאכט ישוען פאר דעם קעניג פון דער וועלט, דעם דערלייזער פון דער מענטשהייט, דעם גרויסן אויספיר־באאמטן פון יהוה, און דעם רעכטפארטיקער פון זיין נאמען. צו ישוען האט יהוה געזאגט: „דו האסט ליב געהאט גערעכטיקייט, און פיינט געהאט אומרעכט; דעריבער האט גאט, דיין גאט, דיך געזאלבט מיט אייל פון פרייד איבער דיינע חברים.” (עברים א: ט; תהלים מה: ז) יהוה האט אויך געמאכט ישוען פארן ריכטער צו אנטשיידן געריכטלעך אלע

פראַגעס, וואָס קומען אויף צווישן יהוה און זיינע באַשעפענישן. — יוחנן ה: כב־כז.

יהוה איז דער אמתער און אַלמעכטיקער גאָט. שׂטן דער טייוול איז דער נאָכגעקרימטער גאָט, ווייל דעם שׂטן גלוסט זיך דאָס, וואָס באַלאַנגט צו יהוה, און ער באַנוצט זיך מיט רשעות צו דערגרייכן זיין צוועק. יהוהס נאָמען שטייט פאַר אַלץ, וואָס איז גוט און גערעכט. שׂטנס נאָמען שטייט פאַר אַלץ, וואָס איז רשעותדיק. די שטרייטפראַגע, וואָס מוז אָנטשיידן ווערן, איז: קען דער שׂטן צורײַדן אַלע באַשעפענישן, אַז זיי זאָלן זיך אָפּקערן פון גאָט און אים שעלטן, אָדער וועלן אַ סך פון דעם מענטשלעכן מין, ווען זיי וועלן געשטעלט ווערן צום פּרווו, בלייבן אמתדיק און געטריי צו גאָט? קען גאָט האָבן מענטשן אויף דער ערד, וואָס וועלן אים זיין געטריי? גאָטס אומפאַרענדערלעך געזעץ איז, אַז יעדער, וואָס וויל ליבער נאָכפאָלגן דעם שׂטן, דעם נאָכגעקרימטן גאָט, אין דעם וועג פון אומגערעכטיקייט, וועט שטאַרבן; אָבער ווער עס ווייזט זיך אַרויס צו זיין אמתדיק און געטריי צו יהוה, וועט אייביק לעבן. די, וואָס באַווייזן צו זיין גאָט געטריי, זיינען „אַ פאָלק פאַר זיך אַליין". נויטווענדיקערהייט זיינען יהוהס וואָרט און נאָמען אַריינגעוויקלט אין דער פראַגע פון וויכוח, און כדי צו באַווייזן זיין איבערמאַכט, מוז יהוה רעכטפאַרטיקן זיין נאָמען. ישוע המשיח איז דער גרויסער רעכטפאַרטיקער, שופט און משפט־אויספירער.

גאָטס טעמפּל איז זיין הויפּט־אָרגאַניזאַציע, פון וועלכער ישוע המשיח איז דער הויפּט, טייערער ווינקלשטיין און יסוד. (אַן אויספירלעכע דערקלערונג בנוגע דעם טעמפּל קען מען געפינען אין דעם בוך רעכטפאַרטיקונג, באַנד 3, ענגלישע אויסגאַבע, אָנהייבנדיק מיט זייט 111.) ווען ישוע איז אַרויף אין הימל נאָך זיין אויפשטיין תחית־המתים, איז ער דאַמאָלס שוין געווען דער ריכטער פון אַלע זאַכן און דער קעניג פון דער וועלט; אָבער עס איז אים געבאָטן געוואָרן צו וואַרטן אויף גאָטס באַשטימטער צייט, אָנצוהייבן זיין הערשאַפט און

זיין משפט. די הייליקע שריפט און די פאַקטן באַווייזן, אַז ישוע המשיח איז געזעצט געוואָרן אויפן טראָן אין יאָר 1914 און איז געשיקט געוואָרן צו רעגירן, בעת דער שונא, דער שׂטן, איבט נאָך אוים זיין מאַכט. (תהלים ב: ו; קי: א, ב) נאָכדעם, גענלעך אין יאָר 1918, ווייזן די הייליקע שריפט און די פאַקטן, אַז ישוע המשיח, דער גרויסער ריכטער, איז געקומען אין טעמפּל פון גאָט, און פון יענער צייט אָן, און ביז צום סוף פון הר־מגדון, זיצט ער דאָרט אויפן טראָן פון משפט. אין דעם טעמפּל דערשיינט ישוע המשיח אין דער הערלעכקייט פון זיין פאָטער און אין דער הערלעכקייט, וואָס דער פאָטער האָט אים געגעבן: „ווען דער בן־אָדם וועט קומען אין זיין הערלעכקייט, און אַלע הייליקע מלאָכים מיט אים, דאַן וועט ער זיך זעצן אויף זיין טראָן פון הערלעכקייט; און פאַר אים וועלן פאַרזאַמלט ווערן אַלע פעלקער; און ער וועט זיי פאַנאַנדערטיילן, ווי אַ פּאַסטוך טיילט פאַנאַנדער די שאָף פון די ציגנבעק.” (מתתיה כה: לא, לב) דאָס איז אַ זעאונג פון זיין הערלעכן הויף פון משפט.

## אָרדענונג

די הייליקע שריפט באַווייזט, אַז דאָס משפטן פון ישוע המשיחן אינם טעמפּל גייט אָן אין אָט דער אָרדענונג: דער משפט הייבט זיך אָן מיט דעם „הויז פון גאָט”, דאָס מיינט די, וואָס זיינען געהייליקט צו טאָן גאָטס ווילן, געבוירן פון גייסט, באַרופן צום הויכן באַרוף, און אין דער ריי פאַר אַ שטעלונג אין דער מלוכה. (פעטרוס א ד: יז) ביי דעם משפט ווערן אַלע זעלבסטזיכטיקע פאַרמשפט און „אַרויסגעזאַמלט פון דער מלוכה און אַריינגעוואָרפן אין פולשטענדיקער פינ־צטערניש”. אָט דאָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם קלאַס פון „בייזן קנעכט”, וועמעס סוף איז פאַרניכטונג. אַלע, וואָס ווערן געפונען געטריי און אמתדיק ווערן פאַרזאַמלט אינם טעמפּל, דאָס הייסט זיי ווערן געמאַכט פאַר אַ טייל פון גאָטס הויפּט־אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע זיינען געזאַלבט און ווערן

געמאכט פאר א טייל פון דעם קלאס פון דעם „געטרייען און קלוגן קנעכט”, וועמען ישוע המשיח גיט איבער די ענינים פון זיין קעניגרייך אויף דער ערד דורך דעם, וואס ער מאכט זיי פאר די אפיציעלע עדות פון יהוה און פאר די פארטרעטער פון משיחן אויף דער ערד. — מתתיה יג: מא־מג; כד: מה־נא.

יהוהס געזאלבטע עדות מוזן ארויסטרעטן און „פריידיקן די בשורה פון דעם קעניגרייך פאר א צייגניש”, כדי די מענטשן פון די פעלקער קאנען האבן א געלעגנהייט אויסצו־ווילן, וועמען זיי ווילן דינען; און ווען דאס דאזיקע עדות־ווערק וועט זיין פארענדיקט, דאן וועט קומען הר־מגדון. (מתתיה כד: יד, כא) דורך דעם, וואס ישוע המשיח, דער גרויסער שופט, פאראורזאכט, אז „די דאזיקע בשורה פון דעם קעניג־רייך” ווערט געבראכט צו די מענטשן, פארזאמלט ער דערמיט פאר זיך די מענטשן פון די פעלקער, און די פאנאנדערטיילונג הייבט זיך אן. אין דעם דאזיקן משפט שטעלן זיך די מענטשן פון גוטן ווילן, וואס ווערן דא אנגערופן יונדבס, אויף דער זייט אדער אויף דער „רעכטער האנט” פון דעם האר ישוע המשיחן, און די דאזיקע רופט דער האר אן זיינע „שאף”; און אלע, וואס זיינען קעגן גאט און זיין קעניגרייך, ווייזן זיך ארויס צו זיין אויף דער זייט פון דעם טייוול, און ישוע שטעלט זיי אויף דער לינקער זייט, מיינענדיק אויף דער קעגנערישער זייט. מיט דעם, וואס די מענטשן ווערן געבראכט אין באריר מיט דעם אמת פון גאטס מלוכה, קלייבן זיי זיך אויס זייער אייגענעם גורל, און דעריבער זיינען זיי אליין דערפאר פאר־אנטוואָרטלעך. אויף יהוהס עדות ווערט געלייגט די פאראנט־וואָרטלעכקייט צו דערציילן די מענטשן די בשורה פון דעם קעניגרייך. און אויף די, וואס הערן, ליגט די פאראנטוואָרט־לעכקייט זיך צו אנטשיידן, אויף וועלכן צד זיי וועלן זיך שטעלן. (יחזקאל ג: יח־כא) ישוע המשיח גיט ארויס דעם ענדגילטיקן פסק־דין איבער יעדן איינעם, ווייל גאט האט איבערגעגעבן משיחן אלע משפטים. — יוחנן ה: כב, כז.



ירשענדיק דעם רייכטום פון דער מלוכה — זייטן 360, 361

דער שׂטן איז שוין פריער פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. אַלע, וואָס בלייבן אויף זיין זייט, וועלן אומגעבראַכט ווערן. דער האַר דערמאָנט אויסדריקלעך די היפּאָקריטן און דעם „בייזן קנעכט" צווישן יענע, וואָס וועלן אויסגעראָט ווערן. דאָס איז דער גורל פון אַלע רשעים. (תהלים קמה: כ) די רעליגיעזע גרופּעס אָדער אָרגאַניזאַציעס צווישן דעם מענטשלעכן מין זיינען די היפּאָקריטן, ווייל אָט די האָבן באַהויפּט, אַז זיי דינען גאָט, בעת פּאַקטיש האָבן זיי געדינט דעם טייוול. די הייליקע שריפט ווייזט אָן, אַז די דאָזיקע וועלן אומגעבראַכט ווערן די ערשטע אין הר־מגדון. דאַן וועט קומען די פאַרניכטונג פון אַלע אַנדערע באַשטאַנדטיילן פון דעם שׂטנס אָרגאַניזאַציע. (אַנטפּלעקונג יט: יט־כא) דער שׂטן איז געצוווּנגען צו זען, ווי זיין גאַנצע אָרגאַניזאַציע גייט אונטער. נאָכדעם טייט ישוע המשיח, דער גרויסער משפּט־אויספירער, אויך דעם שׂטן, און דאַן וועט די ערד זיין ריין. (אַנטפּלעקונג כ: א־ג; עברים ב: יד) די פאַרניכטונג פון דעם שׂטן און זיינע שטיצער וועט רעכטפאַרטיקן יהוהס נאָמען, ווייל דאָס וועט באַווייזן, אַז דער שׂטן איז אַ ליגנער, און אַז יהוה גאָט איז אמתדיק און אַלמעכטיק.

פון הבל ביז יוחנן המטבל זיינען געווען עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן זייער לויטערקייט און געטריישאַפט צו יהוה און האָבן דערהאַלטן זיין גוטהייסונג. הגם יענע מענטשן זיינען געשטאָרבן אין גלויבן, מוזן זיי דאָך פאַרבלייבן טויט און וואַרטן אויף דער פאַרענדיקונג פון דעם קעניגלעכן הויז, איידער זיי ווערן אויפגעוועקט פון טויט. דאַן וועלן זיי געבראַכט ווערן צום לעבן און זיי וועלן געמאַכט ווערן פולקאָמען און וועלן דינען אין הויכע אמטן פון דעם קעניגרייך אויף דער ערד אַלס די פאַרטרעטער פון ישוע המשיחן. (עברים יא: א־מ; תהלים מה: טז) די דאָזיקע געטריישע מענטשן וועלן אויך זיין אַ רעכטפאַרטיקונג פאַר יהוהס נאָמען. ישוע, דער פולקאָמענער מענטש, צוליב זיין געטריישאַפט און פולשטענדיקער געהאָרכזאַמקייט צו גאָט אפילו ביז צו דעם שענדלעכן

טויט, איז די גרעסטע רעכטפאַרטיקונג פון גאָטס וואָרט און נאָמען, און צוליב דער דאָזיקער סיבה איז ער געמאַכט געוואָרן דער רעכטפאַרטיקער אָדער הויפּט צווישן גאָטס באַאַמטע. די געטרייע מיטגלידער פון זיין אָרגאַניזאַציע, וואָס ווערן אַ טייל פון דעם קעניגלעכן הויז אין הימל, זיינען אויך אַ רעכטפאַר־טיקונג פון יהוהס נאָמען. אַלע מענטשן פון גוטן ווילן, דאָס הייסט די יהונדבים אָדער די „גרויסע מחנה”, וואָס באַווייזן זייער געטריישאַפט צו יהוה און זיין קעניג, וועלן אויך זיין אַ רעכטפאַרטיקונג פון יהוהס נאָמען. דאַן קומט דאָס אויפ־שטיין תחית־המתים פון די טויטע און דאָס משפּטן פון אַלע אַזעלכע אין משך פון משיחס ממשלה. (יוחנן ה: כז־כט) אַלע מענטשן, וואָס באַווייזן זייער געטריישאַפט און אמתדי־קייט בשעת דעם משפּט, וועלן זיין אַ צייגניש פאַר דער אויבער־מאַכט פון יהוה און צום כבוד פון זיין נאָמען. אַלע געטרייע מענטשן וועלן ירשענען די רייכטימער, וואָס יהוה האָט צוגע־גרייט פאַר זיי. די ערד וועט זיין זייער אייביקע היים, זיי וועלן באַגליקט ווערן מיט איר שפע מיט אייביקן שלום, רייכטום און גליק פאַר אַלעמען. — תהלים סז: ו, ז.

במשך פון דער איצטיקער צייט ווייזן „די ציגנבעק” אַרויס זייער קעגנערשאַפט קעגן גאָט און זיין קעניגרייך דורך דעם, וואָס זיי פאַרפאָלגן יהוהס עדות. די ערגסטע צווישן די דאָזיקע פאַרפאָלגער זיינען די רעליגיאָניסטן, די גלחים פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע און אַנדערע רעליגיע־פירער. די דאָזיקע פאַרפאָלגער פאַראורזאַכן די פאַרהאַפטונג פון יהוהס עדות, כדי זיי אָפּצוהאַלטן פון ברענגען די בשורה פון דער מלוכה צו די מענטשן, און אַזוי האַנדלען זיי דייטלעך אַלס די כלי־זין פון דעם טייוול. בנוגע יענע פאַרפאָלגער, וואָס ווערן פון דעם האַר פאַרגליכן מיט ציגנבעק, זאָגט ער: „גייט אַוועק פון מיר, איר פאַרשאָלטענע, אין דעם אייביקן פייער [סימבאָליש פאַר אייביקער פאַרניכטונג], צוגעגרייט פאַר דעם טייוול און זיינע מלאָכים!” די פון גוטן ווילן צו גאָט און זיין קעניגרייך, באַווייזן דאָס דורך זייער העלפן, טרייסטן און שטיצן יהוהס

עדות און דורך זייער ערנסט פארנעמען זיך צוזאמען מיט זיי אין דערציילן אנדערע דעם אמת וועגן גאטס מלוכה. ישוע המשיח, דער גרויסער ריכטער, גיט ארויס זיין משפט איבער אזעלכע אין די דאזיקע ווערטער: דאן וועט דער קעניג זאגן צו זיי אויף זיין רעכטער האנט: קומט, איר געבענטשטע פון מיין פאטער, ירשנט די מלוכה, וואס איז אנגעגרייט פאר אייך זינט דער גרינדונג פון דער וועלט.״ (מתתיה כה: לד) אלע די ווערט געשאנקן אייביק לעבן אויף דער ערד.

אזוי ווי דאס דאזיקע וויסן קומט צו די מענטשן, מוז יעדער זיך אנטשיידן אויף וואס פארא וועג ער וויל גיין. אויף וועמעס זייט שטעלט איר זיך: אויף דעם טייוולס זייט, אדער אויף דער זייט פון משיחן, דעם קעניג פון יהוה און פון זיין קעניגרייך? די פליכט ליגט אויף אייך אויסצוקלייבן, וועמען איר ווילט דינען.

קאפיטל 10

# פליכט און רעזולטאטן

יהוה איז גערעכט צו אלע באשעפענישן. „גערעכטיקייט איז דער פונדאמענט פון זיין טראן.‟ (תהלים פט: יד; אנט־פלעקונג טו: ג) „גאט איז ניט קיין נושא פנים‟ און ווייזט ניט ארויס קיין פארטייאישקייט. (אפאסטאלן־געשיכטע י: לד) ער האט דערלויבט דעם שטן צו פארבלייבן און צו טאן דאס ערגסטע אין זיינע באמיאונגען צו באווייזן זיין בארימערישן ארויסרוף. גאט לאזט דורך זיינע עדות באקאנטמאכן זיין בשורה פון אמת אלס א צייגניש, און דאן ווייזט ער ארויס זיין העכסטע מאכט. (שמות ט: טז) קורץ איידער הר־מגדון לאזט גאט דאס צייגניש פון אמת ווייט און ברייט באקאנט־מאכן, כדי די מענטשן זאלן האבן געלעגנהייט אויסצוקלייבן, וועמען זיי ווילן דינען. די, וואס זיינען געשטארבן אין אומ־וויסנקייט וועגן דעם אמת, וועט גאט אין דער באשטימטער צייט מחיה־מתים זיין און זיי אויפקלערן וועגן דעם אמת, כדי זיי זאלן קענען זיך אויסקלייבן זייער אייגענעם גורל. דער האר האט אייך געבענטשט דורך ברענגען אייך אין באריר מיטן אמת. וואס איז אייער פליכט? דער האר ווייזט אייך אין די פאלגנדיקע ווערטער, וואס איר קענט טאן: „איידער דער גזר ווערט פארגעבראכט, איידער דער טאג פארגייט ווי א שפריי, איידער יהוהס גרימצארן קומט אויף אייך, איידער דער טאג פון יהוהס כעס קומט אויף אייך, זוכט דעם האר, איר אלע געליטענע אויף דער ערד, וואס האבן געטאן זיין רעכט; זוכט גערעכטיקייט, זוכט עניוות: עס קען זיין, אז איר זאלט בא־האלטן ווערן אין טאג פון יהוהס כעס.‟ — צפניה ב: ב, ג.

„עניוות‟ אדער „באשיידנקייט‟, ווי דאס ווערט גענוצט אין אט דעם טעקסט, מיינט, אז מען איז וויליק צו לערנען, אז מען הערט מיט פרייד דעם אמת, און אז מען באשטרעבט זיך

פליסיק צו דערווערבן א פארשטענדעניש פון דעם אמת און דאן שטודירט די הייליקע שריפט, כדי מען זאל זיך קענען פולשטענדיקער דערווייזן גאטס ווילן. אזעלכע מענטשן באנוצן זיך מיט אלע ארויסגעגעבענע הילפמיטלען, וואס דער האר האט צוגעגרייט, אז זיי זאלן קענען דערגרייכן מער וויסן. אויף אזאן אופן זוכט מען באשיידנקייט און געהארכזאמקייט צו גאטס אנווייזונגען. דער פאקט אליין, אז איר האט געהערט דעם אמת פון גאטס ווארט און אז איר האט גענומען שטעלונג אויף דער זייט פון גאט און זיין קעניגרייך, וועט נית זיין גענוג. איר מוזט שטאנדהאפטיק בלייבן אויף דער זייט פון דעם האר, און כדי דאס צו טאן, מוזט איר ווייטער וואקסן אין וויסן און אין פארשטיין זיין ווילן, וואס איז פארצייכנט אין זיין ווארט.

בלויז דאס וויסן אדער אן אינטעלעקטועלער באגריף פון גאטס ווארט איז נית גענוג. איר מוזט „זוכן גערעכטיקייט", און דאס מיינט צו טאן דאס גערעכטע; און כדי צו טאן דאס גערעכטע, מוזט איר האלטן גאטס געבאט. עס שטייט געשריבן: „וואס פאדערט דען יהוה פון דיר, ווי נאר צו טאן גערעכטי־קייט, און ליב צו האבן חסד, און צו גיין באשיידן [געהארכזאם] מיט דיין גאט?" (מיכה ו: ח) דאס ערשטע גרויסע געבאט איז צו ליבן גאט. מען באווייזט די ליבע צו גאט דורך אפהיטן זיינע געבאט. איר דארפט וויסן אין וואס עס באשטייען זיינע געבאט, כדי צו באווייזן אייער ליבע פאר אים. וואס יהוה אדער ישוע המשיח זאל נית באפעלן, מוז מען טאן, און טאן מיט פרייד. דאס צווייטע געבאט איז צו ליבן דעם שכן אדער חבר, וואס איז פון גוטן ווילן. (מתתיה כב: לט) נאכדעם ווי איר האט זיך דערוווסט וועגן יהוה און זיין טראכטונג, מוזט איר איצט דערציילן אייער שכן גאטס בשורה, כדי ער זאל קענען געפינען דעם וועג צו רייכטום, וואס וועט געשענקט ווערן די, וואס וועלן דינען יהוה און זיין מלוכה. באמערקט אויפמערקזאם עטלעכע פון די געבאטן, וואס דער האר האט געגעבן, און וואס איר מוזט איצט אויספירן:

## אנטלויפט!

די דאָזיקע שורות וועלן לייענען אַ סך מענטשן, וואָס זיינען אַ לאַנגע צייט געווען אין פינצטערניש, צוליב דעם פאַקט, וואָס דער שׂטן האָט גורם געווען, אַז זיי זאָלן ווערן פאַרהאַפּט אָדער איינגעצאַמט דורך זיינע משרתים, וואָס זיינען טעטיק אויף אַ באַטריגערישן אופן אונטער דעם נאָמען פון קריסטטום. צו זיינע געטרייע תלמידים זאָגט ישוע: „אייך איז געגעבן צו וויסן דעם סוד פון גאָטס מלוכה.״ (מאַרקוס ד: יא) אָט דער סוד איז די משיחישע קערפּערשאַפט מיט ישוע אַלס דער הויפּט־ווינקלשטיין און יסוד־שטיין, וועלכן ישוע דערמאָנט, ווען ער זאָגט: „אויף דעם דאָזיקן פעלז [שטיין] וועל איך אויפבויען מיין קהלה.״ די מיטגלידער פון זיין קעניגלעכן הויז זיינען 144 000 אַנדערע, וואָס זיינען געשילדערט אַלס לעבעדיקע שטיינער, און זיי ווערן גערופן „די קהלה״. (קאָלאָסער א: כו, כז; פּעטרוס א ב: ב־ט) דער שׂטן האָט באַשאַפן און האָט געפעדערט „דעם סוד פון געזעצלאָזיקייט״, וואָס באַקעמפט יהוה גאָט און זיין קעניגרייך (טעסאַלאָניקער ב ב: ד־ח) און האָט פאַרבאָטן אָט דעם סוד פון געזעצלאָזיקייט פאַר גאָטס מלוכה. די רוימיש־קאַטוילישע הערארכיע באַהויפּט, אַז זי איז גאָטס אָפיציעלער פאַרטרעטער אויף דער ערד און דעריבער דער הויפּט־באַשטאַנדטייל פון דער אַזוי גערופענער „קריסטנשאַפט״. די נאַציעס פון דער „קריסטנשאַפט״ האָבן פאַרמירט אַ ליגע צווישן זיך, און דער דאָזיקער פעלקערבונד ווערט באַגריסט פון דער רעליגיעזער וועלט אַלס „דער פּאָליטישער אויסדרוק פון גאָטס ממשלה אויף דער ערד״. אַנדערש אויסגעדריקט, די נאַציעס פון דער „קריסטנשאַפט״, דורך זייער צוזאַמענבונד צווישן זיך אין אַ ליגע, און דורך דער באַהויפּטונג פון דער רוימיש־קאַטוילישער הערארכיע, אַז זי איז דער יסוד אָדער הויפּטטייל פון די רעליגיע־אָרגאַניזאַציעס און אַ טייל פון די פּאָליטישע מאַכטן פון דער וועלט, שטעלן זיך אָט די אַלע צוזאַמען קעגן גאָט און זיין קעניגרייך. די נאַציעס אין דער ליגע — איינשליסנדיק רעליגיעזע, פּאָליטישע

און קאמערציעלע מאכטגרופעס — האבן זי אויפגעשטעלט אויפן ארט און אנשטאט גאטס מלוכה, און די רעליגיעזע עלעמענטן פארזוכן די גאנצע זאך צו סאנקציאנירן און צו דערקלערן פאר הייליק און אזוי צו שטעלן זי אויפן ארט פון גאטס מלוכה, דעריבער „אין דעם הייליקן ארט". בנוגע דער דאזיקער גאטלאזער זאך, זאגט דער רעליגיעזער עלעמענט: „דער פעלקערבונד איז דאס איינציקע ליכט פון דער וועלט"; בעת ישוע האט געזאגט: „איך בין דאס ליכט פון דער וועלט." — יוחנן ט: ה.

### אפשיילעכקייט

„דער וועג פון די רשעים איז אפשיילעך פאר גאט." (משלי טו: ט) דער שטן איז דער הויפט-רשע, און דאס, וואס ווערט אויפגעשטעלט פון דעם שטן און פון זיין ארגאניזאציע אלס א במקום פאר גאטס מלוכה, שטעלט מיט זיך פאר אן אפשיילעכקייט פאר גאט. דער שטן און זיינע משרתים האבן גורם געווען, אז דער פעלקערבונד זאל אויפגעשטעלט ווערן אויפן ארט און אנשטאט דעם קעניגרייך, און דעריבער זאגט ישוע, און דער נביא דניאל (יא: לא; יב: יא), אז אזא פארוויסטנדיקער גרויל שטייט אין דעם הייליקן ארט, וווּ ער דארף ניט שטיין. דער האר ישוע ווארנט איצט אלע מענטשן פון גוטן ווילן, און די דאזיקע ווארענונג מוז איבערגעחזרט ווערן צו די מענטשן אויף דער ערד: „ווען איר וועט זען דעם גרויל פון פארוויסטונג, וועגן וואס דניאל הנביא האט גערעדט, שטייענדיק אין הייליקן ארט, (ווער עס לייענט, דער זאל פארשטיין), דאן זאלן די, וואס זיינען אין יהודה, אנטלויפן אין די בערג. ווארן דאן וועט זיין א גרויסע צרה, אזא וואס איז נאך ניט געווען זינט דעם אנהייב פון דער וועלט ביז אצינד, און וועט אויך מער ניט זיין." — מתתיה כד: טו, טז, כא.

וואס זיינען די בערג, וואס ווערן דא דערמאנט? דער ענטפער איז, יהוהס ארגאניזאציע אונטער ישוע המשיחן. גאט איז דער גרויסער פעלז אדער „שטיין", און משיחס קערפער-

שאפט, די הויפט־אָרגאַניזאַציע, איז אויך „אַ גרויסער באַרג״. דעריבער מיינט דעם האַרס געבאָט צו די גוטוויליקע, אַז זיי מוזן אַנטלויפן צו גאָטס מלוכה אונטער משיחן, „אין די בערג״, ווייל דאָס קעניגרייך איז די איינציקע האָפענונג פון דער מענטשהייט. דאָס איז גאָטס באַוואָרעניש פאַר דער זיכערקייט פון די, וואָס ווילן ווערן געראַטעוועט. קיינער קען ניט פאַר־בלייבן אין דעם טייוולס אָרגאַניזאַציע און זיך אַרויסדרייען פון די פּלאָגן, וואָס וועלן קומען אויף דעם גאַנצן באַשאַף אין דער מלחמה פון הר־מגדון. אַנטלויפט אין די בערג דורך דעם, וואָס איר שטייגט איין אין דעם „רייטוואָגן״ פון דעם גרעסערן יהוא, דאָס מיינט צו זאָגן פאַראייניקנדיק זיך מיט דער אָרגאַניזאַציע פון דעם האַר אונטער ישוע המשיחן.

ווען איר זייט שוין אַנטלאָפן אין די בערג, דאָס מיינט צו זאָגן, צו גאָטס מלוכה אונטער משיחן, מוזט איר דאָרטן פאָרט־זעצן צו געהאָרכן די געבאָט פון דעם האַר, אויב איר ווילט ווערן באַהאַלטן און באַשיצט במשך פון דער לעצטן קאַטאַ־סטראָפע, וואָס וועט באַפאַלן דעם באַשאַף אין הר־מגדון, און וועגן דעם דערמאָנט אייך דער האַר: „זוכט גערעכטיקייט, זוכט באַשיידנקייט; עס קאָן זיין, אַז איר וועט באַהאַלטן ווערן אין דעם טאָג פון יהוהס כעס.״ אָבער אויב איר פאַרפעלט צו געהאָרכן דעם דאָזיקן געבאָט, וועט איר זיכער ניט באַשיצט און ניט באַשירעמט ווערן אין הר־מגדון. עס איז ניט פאַראַן אַזאַ צוזאָג, אַז וואָסער ניט איז מענטש וועט אַריבערלעבן די שלאַכט פון דעם גרויסן טאָג פון דעם אַלמעכטיקן גאָט, אויסער די, וואָס זיינען אין יהוהס אָרגאַניזאַציע אונטער משיחן, און וואָס בלייבן געטריי און אמתדיק צום האַר. אַ סך וועלן פרעגן: פון וואַנען קאָן איך וויסן, וואָס זיינען גאָטס געבאָט בנוגע מיר, וואָס איך מוז געהאָרכן? גאָטס וואָרט אַנטהאַלט די ידיעות בנוגע זיין ווילן וועגן זיינע באַשעפענישן. דעם האַר ישועס קומען אין גאָטס טעמפּל אין יאָר 1918 באַצייכנט די צייט, פון ווען אָן עס געפעלט גאָט צו לאָזן וויסן זיין כוונה צו די, וואָס זוכן און דינען אים מיט התמדה. דער האַר

האָט גנעדיק אָנגעגרייט די פּאַרעפנטלעכונג פון דער בשורה אין דער פאָרם פון ביכער, כּדי די מענטשן זאָלן באַקאַנט ווערן מיטן אמת. אויף דער לעצטער זייט פון אָט דעם דאָזיקן בוך וועט איר געפינען אַ רשימה פון אַזעלכע שריפטן, וואָס וועלן אייך דערמעגלעכן צו געפינען אין דער ביבל יענע טעקסטן, וואָס אינטערעסירן אייך, און וואָס פאַרענטפערן אייערע פראַגעס. באַזאָרגט זיך מיט דער דאָזיקער ליטעראַטור און שטודירט זי צוזאַמען מיט דער ביבל. די דאָזיקע ביכער אַנטהאַלטן ניט די מיינונג פון וועלכן ניט איז מענטשן; נאָר זיי גיבן אייך אַ מעגלעכקייט צו געפינען די ווערטער פון דעם האַר און אויסצוגעפינען די אמתן, וועלכע איר ווילט וויסן; און ווען איר טוט דאָס, היט איר אָפּ גאָטס געבאָט.

## „זאָגט: קום!“

איינס פון דעם האַרס געבאָטן, וואָס באַציט זיך אויסשליסלעך אויף דער איצטיקער צייט, איז דאָס: „די דאָזיקע בשורה פון דעם קעניגרייך זאָל געפּריידיקט ווערן איבער דער גאַנצער וועלט אַלס אַ צייגניש צו אַלע נאַציעס; און דאַן וועט קומען דער סוף.“ (מתתיה כד: יד) אין דערפילונג פון דעם דאָזיקן געבאָט, גייען געטרייע מענער און פרויען, וואָס זיינען פּריוואַלעגירט צו זיין יהוהס עדות, פון אָרט צו אָרט און ברענגען די מענטשן די שריפטן, וואָס אַנטהאַלטן די בשורה פון דער מלוכה. ווען איר האָט גענומען שטעלונג אויף דער זייט פון גאָטס אָרגאַניזאַציע, ווען איר זייט אַנטלאָפן צו גאָטס מלוכה אונטער משיחן, דאַן ווערט עס אייער פּריווילעגיע און פליכט צו איבערגעבן די דאָזיקע אויפקלערונג, וואָס איר האָט באַקומען, צו אַנדערע, וואָס ווילן זי הערן. דעריבער מוזט איר זיך פאַראייניקן מיט יהוהס עדות אין „פּריידיקן די דאָזיקע בשורה פון דער מלוכה“.

ישוע המשיח איז דער גרויסער גייסט און דער פירער פון גאָטס הויפּט־אָרגאַניזאַציע, און די, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אים אַלס מיטגלידער פון זיין קעניגהויז, ווערן סימבאָליש באַ־

צייכנט אַלס „די כּלה". אָט די אַלע מוזן זיין אין פולשטענדי־ קער אייניקייט, און זיי זיינען דאָס, אַרבעטנדיק צוזאַמען צו דער פאַרהערלעכונג פון יהוה. דעריבער שטייט געשריבן: „און דער גייסט און די כּלה זאָגן: קום! און זאָל דער, וואָס הערט, זאָגן: קום! און זאָל דער, וואָס איז דורשטיק, קומען; און ווער עס וויל, זאָל נעמען דאָס וואַסער פון לעבן אומזיסט." (אַנטפּלעקונג כב: יז) די, וואָס ווילן הערן די בּשׂורה פון גאָטס מלוכה, זיינען די מענטשן פון גוטן ווילן, די יונדבס, די מענטשן, וואָס זיינען אַנטלאָפן אין דער שטאָט פון אַנט־ רינונג, דעם האַרס „אַנדערע שאָף". צו אַזעלכע הערנדיקע מענטשן גיט דער האַר, „דער גייסט", דאָס דאָזיקע געבאָט: „זאָל דער, וואָס הערט, זאָגן: קום!" דאָס איז אַן אויסדריקלעך געבאָט צו דעם יונדב־קלאַס אויפצונעמען די בּשׂורה פון דער מלוכה און זי צו טראָגן צו אַנדערע. דאָס טוענדיק, באַווייזן זיי זייער ליבע צו גאָט און זיין קעניגרייך, און דאָס טוען זיי, כּדי „ווער עס וויל נאָר" זאָל קאָנען קומען און „נעמען דאָס וואַסער פון לעבן אומזיסט". יהוה, דער גרויסער קוואַל פון ענדלאָזע רייכטימער, שענקט איצט פאַר אַלע, וואָס באַגערן דאָס אייביקע לעבן, די מיטלען פון פאַרשטענדניש. אויב איר האָט ליב גאָט, וועט איר געהאָרכן זיינע געבאָט דורך פאָרטזעצן געטריי צו דערציילן אַנדערע די גוטע נייעס, אַז גאָטס מלוכה איז געקומען, און אַז דאָז איז די איינציקע האָפענונג פאַר דער מענטשהייט. אויב איר האָט ליב אייער שכן, וועט איר מיט פרייד מאַכן באַקאַנט צו אים די בּשׂורה פון אמת, כּדי ער זאָל קאָנען באַקומען גאָטס ברכות און ווערן רייך.

## ד ו ר כ ג ע פ י ר ט

יהוהס באַשלוס וועט זיכער ווערן פולשטענדיק דורכגעפירט. דער האַר יהוה זאָגט: „איך האָב גערעדט, און איך וועל עס אויך טאָן." „מיין וואָרט ... וועט דורכפירן דאָס, וואָס מיר געפעלט." (ישעיה מו: יא; נה: יא) יעדער איינער, וואָס האָט גלויבן אין גאָט, וויים, אַז גאָט וועט ברענגען צושטאַנד פינקט־



„זאָל דער, וואָס הערט, זאָגן: קום!" זייט 368

לעך דאָס, וואָס ער האָט צוגעזאָגט. און אַז קיין שום זאַך קאָן דאָס ניט אָפּהאַלטן. טאָ פאַרוואָס זאָל ווער ניט איז באַטראַכטן אויף אַ רגע די נישטיקע טעאָריעס פון אומפּולקאָמענע מענטשן? בלויז דער נאַר וועט מענטשן נאָכפאָלגן, און דורך דעם, וואָס ער טוט אזוי, אין זיין האַרצן זאָגן: „עס איז ניטאָ קיין גאָט!" „יעטוועדער קלוגער פירט זיך מיט פאַרשטאַנדיקייט; אָבער אַ נאַר לייגט אַרויס אָפן זיין נאַרישקייט. אָרעמקייט און שאַנדע וועט באַפאַלן דעם, וואָס אַנטזאָגט זיך פון ווערן באַלערנט; אָבער דער, וואָס אַכט אויף מוסר, וועט זיין געערט." (משלי יג: טז, יח) אויב איר האָט ביז איצט נאָכגעפאָלגט די טעאָריעס פון מענטשן, וועט דער האַר אייך איצט מוסרן דורך ברענגען צו אייער אויפמערקזאַמקייט דעם אמת; און דאַן, ווען איר געהאָרכט דעם אמת, וועט איר דערווערבן דעם גרויסן רייכטום, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר די, וואָס ליבן און דינען אים.

גאָטס ווילן און כּונה איז אויסגעדריקט אין זיין וואָרט, און אויף דעם דאָזיקן אויסגעדריקטן באַשלוס קענען די באַשעפענישן זיך שטענדיק פאַרלאָזן מיט צוטרוי. דערפאַר האָט ישוע באַלערנט זיינע נאָכפאָלגער שטענדיק צו טאָן תּפילה צו גאָט: „דיין ווילן זאָל געטאָן ווערן אין הימל און אויף דער ערד!" די דאָזיקע תּפילה באַאיינפלוסט ניט די אויספירונג פון גאָטס ווילן, נייערט האַלט דאָס האַרץ פון דער באַשעפעניש אין דעם ריכטיקן צושטאַנד דורך שטענדיק אָנהאַלטן זיינע געדאַנקן און געפילן צוגעקערט צו גאָט און זיין מלוכה.

ווען גיריקייט האָט געפירט צום פאַרברעכן פון מרידה קעגן גאָט און צום טויט פון דעם מענטשן־מין, האָט יהוה דאַן אויסגעדריקט זיין ווילן אַרויסצוברענגען אַ „זאָמען", וואָס וועט באַנייען מיט לעבן אַלע, וואָס, אונטער אַ פּרווו, וועלן באַווייזן זייער געטריישאַפט צו אים. דער צוגעזאָגטער זאָמען איז דער משיח, און אין איינקלאַנג מיט זיין צוזאָג האָט גאָט דערפילט די דאָזיקע הבטחה. יעדער איינער פון דעם קעניג־

הויז באווייזט זיין שטאַנדהאַפטיקייט צו גאָט און דאַן טרעט ער אַריין אין די רייכטימער פון אומשטערבלעכקייט און איז אויף אייביק ביי דעם האַר ישוע המשיח. (אַנטפּלעקונג כ : ד) פאַר אַזעלכע שטייט געשריבן : „די אויגן פון אייער פאַרשטאַנד זיינען דערלויכט, כּדי איר זאָלט וויסן, וואָס איז די האָפענונג פון זיין באַרופונג, און וואָס זיינען די רייכקייטן פון דער הערלעכקייט פון זיין ירושה אין די הייליקע, און וואָס איז די אומגעהויערע גרויסקייט פון זיין מאַכט פאַר אונדז, די גלויביקע, לויט דעם ווירקן פון זיין מעכטיקער קראַפט.״ — עפעזער א : יח, יט.

איידער דעם האַר ישועס קומען אויף דער ערד, האָבן עטלעכע מענטשן זיך קעגנגעשטעלט דעם טייוול, אַנגעהאַלטן זייער לויטערקייט צו גאָט, און זיינען געשטאָרבן אין גלויבן און געטריישאַפט. די נעמען פון אַ סך פון יענע געטרייע דערשיינען אין דעם עלפטן קאַפּיטל פון דעם בריוו צו די עברים. איינגיכן וועלן יענע געטרייע אויפשטיין תּחית־המתים, זיי וועלן געמאַכט ווערן פאַר פולקאָמענע מענטשן און וועלן זיין די „פירשטן״ אָדער זעבאַרע פאַרשטייער פון משיחס ממשלה אויף דער ערד. (תּהלים מה : טז; ישעיה לב : א) זיי וועלן אַרבן עשירות, און זייער רייכטום און כּבוד וועלן דויערן אויף אייביק, וואָרן דאָס איז יהוהס באַשלוס.

גאָט האָט דערקלערט, אַז ער האָט באַשאַפן דעם מענטשן פאַר דער ערד, און די ערד פאַר דעם געהאָרכזאַמען מענטשן. (ישעיה מה : יב, יח) די ערד וועט זיכער זיין די אייביקע היים פון די, וואָס וווינען איצט אויף דער ערד און באַווייזן זייער שטאַנדהאַפטיקייט צו גאָט. די לעבעדיקע ווערן צוערשט גע־משפט, און דאַן וועלן יענע, וואָס זיינען געשטאָרבן אין אומוויסנקייט, אויפגעוועקט ווערן און זיי וועט געגעבן ווערן אַ געלעגנהייט צו באַווייזן זייער געטריישאַפט צו גאָט. די געטרייע וועלן לעבן אייביק און וועלן גענים פון אַלע רייכ־טימער אויף דער ערד, וואָרום גאָט האָט אַזוי צוגעזאָגט. — יוחנן ח : נא; יא : כו.

מענטשן האַלטן אומעטום אין איין באַשולדיקן גאָט מיט דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דערלויבן דאָס גאַנצע רשעות אויף דער וועלט, און מיט דעם טוען זיי שלעכט, ווייל זיי זיינען אומוויסנד וועגן גאָטס כּוונה. אַ סך זאָגן, פאַרוואָס זאָל גאָט מיך לאָזן אַזויפיל ליידן? צו אַזעלכע זיינען די דאָזיקע ווערטער געווענדט: „אָ מענטש, ווער ביסטו, אַז דו זאָלסט גאָט קעגנענטפערן? זאָל דאָס געפורעמטע ווערק זאָגן צו דעם, וואָס האָט עס געפורעמט: פאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי געמאַכט? און וואָס זאָלן מיר זאָגן, ווען גאָט, ווייל ער האָט געוואָלט באַווייזן זיין צאָרן און וויסן טאָן זיין מאַכט, האָט מיט גרויס געדולד אויסגעהאַלטן די כּלים פון צאָרן, וואָס זיינען צוגעגרייט פאַרניכט צו ווערן, און כּדי ער זאָל וויסן טאָן דאָס רייכטום פון זיין הערלעכקייט איבער די כּלים פון חסד, וועלכע ער האָט קודם צו הערלעכקייט אָנגעגרייט?" — רוימער ט: כ, כב, כג.

גאָט וויל געבן אַלע מענטשן אַ געלעגנהייט אויסצוווילן, צי זיי ווילן זיך שטעלן אויף דעם צד פון דעם טייוול און שטאַרבן, אָדער צי זיי ווילן זיך שטעלן אויף דער זייט פון דעם האַר, זיין געטריי צו גאָט, און לעבן. וואָס איז אייער אויסוואַל?

לערן צו ווייזן זיך ווילגעפעליק פאַר גאָט, דערקען יהוה און ישוע המשיחן, וואָרן דאָס איז דער וועג פון אייביקן לעבן. (טימותיוס ב ב: טו) די טויערן פון גאָטס מלוכה עפענען זיך אויף, און זיינע אומגעהויערע רייכטימער הייבן זיך שוין אָן צו באַווייזן פאַר די אויגן פון מענטשן. דאָס קעניגרייך איז דאָ און באַלד וועט עס פאַרניכטן אַלע, וואָס שטעלן זיך קעגן אים. די, וואָס פאַרלאָזן זיך אויף יהוהס הבטחות, וויסן, אַז דאָס איז אמת. דער שליח איז געווען איינער פון די געטרייע, און אונטער געטלעכער אינספּיראַציע, האָט ער געשריבן וועגן גאָטס באַשלוס צו פאַרניכטן דאָס גאַנצע רשעות פון דער וועלט. דער טאָג פון פאַרניכטונג פון שׂטנס רשעותדיקער אָרגאַניזאַציע איז איצט געקומען. דעריבער האָט דער געטרייער נאָכפאָלגער פון ישוע המשיחן געשריבן: „בעת איר

דערוואָרט און מיט ערנסט גאַרט נאָך דעם דערשיינען פונם טאָג פון גאָט, אין וועלכן די הימלען וועלן אינגאַנצן פאַר־ברענט ווערן און צעגיין, און די עלעמענטן וועלן צעשמאָלצן ווערן פאַר היץ? אָבער לויט זיין הבטחה דערוואַרטן מיר נייע הימלען און אַ נייע ערד, וווּ גערעכטיקייט וועט וווינען.״ — פעטרוס ב ג: יב, יג.

די „נייע הימלען״ זיינען צונויפגעשטעלט פון ישוע המשיחן און די מיטגלידער פון זיין קעניגהויז. די „נייע ערד״ וועט צונויפגעשטעלט ווערן פון די געטרייע מענטשן אויף דער ערד, וואָס וועלן פאַרטרעטן גאָט און משיחן, פון וועלכע עטלעכע געטרייע מענטשן ווערן דערמאָנט אין עברים, אין דעם עלפטן קאַפיטל, און די דאָזיקע וועלן דינען אַלס זעבאַרע הערשער. דאָס וועט ניט זיין אַ „צוריקקערונג״ צו אַ פריערדיקן צו־שטאַנד, וואָרן אַלצדינג וועט ניי געמאַכט ווערן, ווי עס שטייט געשריבן: „און איך האָב געהערט אַ הויך קול, וואָס איז געקומען פון דעם טראָן, זאָגן: זע, גאָטס געצעלט איז צווישן מענטשן, און ער וועט וווינען צווישן זיי, און זיי וועלן זיין זיין פאָלק. יאָ, גאָט אַליין וועט זיין צווישן זיי און וועט זיין זייער גאָט. און גאָט וועט אָפּווישן יעדע טרער פון זייערע אויגן, און עס וועט מער ניט זיין קיין טויט, און ניט קיין קלאָג, און אויך ניט קיין געשריי, און ניט קיין ווייטיק; וואָרן די פריערדיקע צושטאַנדן זיינען פאַרגאַנגען. דאָן האָט דער, וועל־כער איז געזעסן אויפן טראָן, געזאָגט: זע, איך באַשאַף אַלצ־דינג ניי! און ער האָט צוגעגעבן: שרייב אויף די דאָזיקע ווערטער, וואָרן זיי זיינען געוויס און אמתדיק.״ — אנטפּלעקונג כא: ג־ה.

די דערפילונג פון די דאָזיקע צוזאָגן אין דורכפירונג פון גאָטס ווילן, וועט זיין אַ פולשטענדיקע רעכטפאַרטיקונג פון דעם נאָמען און דעם וואָרט פון יהוה גאָט. דאָס גאַנצע באַשאַף וועט וויסן, אַז יהוה איז דער אורשפּרונג און דער קוואַל פון אַל דעם רייכטום און אַל דער הערלעכקייט, און אַז אַלע באַ־שעפענישן, וואָס געהאָרכן אים, וועלן לעבן און באַשאַנקען

ווערן פון זיין גנעדיקער האַנט מיט ברכות פון עשירות, וואָס זיינען ניט באַגלייט פון קיין שום צער, און צו די דאָזיקע לייגט ער ניט צו קיין שום צער. (משלי י: כב) אַלע געהאָרכזאַמע וועלן יהוהס רייכטום אייביק געניסן, און זיי וועלן שטענדיק וווינען אין אומאויפהערלעכן שלום און גליק.

דאַן וועט אַלץ, וואָס אָטעמט, לעולם ועד ערן און לויבן דעם אַלהעכסטן, וועמעס נאָמען אַליין איז

# יהוה.

— תהלים קנ —

ג ע פ י נ ט  ד ע ם  ג ר ו י ס ן  ר ע ט ו נ ג ס א ָ ר ט

דורך לייענען דעם

# וואַטשטאַוער (וואַכטורעם)

דער דאָזיקער זשורנאַל פון 16 זייטן איז געווען דער ערשטער צו פארעפנטלעכן דעם ארטיקל וועגן דער „גרויסער מחנה”. אנדערע, ענלעך אויפקלערנדיקע און וויכטיקע ארטיקלען, וואס איר זעט קיינמאָל ניט אין די רעליגיעזע צייטשריפטן, דערשיינען אין יעדן נומער פון דעם וואַטשטאַוער.

קענט איר זיך לעננער פארלייקענען אזעלכע וויכטיקע פאקטן און אמתן אין די היינטיקע טעג פון צעטומלטקייט?

דער וואַטשטאַוער ווערט ארויסגעגעבן צווייטאָל א חודש. ער איז אין גאנצן איבערגעגעבן צו דיסקוסיעס וועגן דער ביבל און וועגן דער גרויסער טעאָקראַטיע און אירע ברכות און פאָדערונגען.

אַ ן  אַ ב אָ נ ע מ ע נ ט  אויף א יאָר איז 1.00 $; 1.50 $ אין אויסלאַנד. דער זשורנאַל ווערט ארויסגעגעבן אין ענגליש און אין א סך אנדערע שפראכן (ניט אין יידיש).

**THE WATCHTOWER**
**117 Adams St., Brooklyn, N.Y.**

ער שרייבט רעגלמעסיק אין

# קאָנסאָליישאָן (טרייסט)

וועה? דער מחבר פון רייכטום, נעמלעך ריכטער ראָטהערפאָרד. ער האָט א באַזונדערע זייט, וואָס הייסט ראַט, חוץ זיינע אינטערעסאַנטע שפּע־ציעלע ארטיקלען, וואָס דערשיינען פון צייט צו צייט און זיינען פון דער גרעסטער וויכטיקייט.

אויסערדעם איז פאַראַן דער „בריטישער קאָמענטאַר" פון דעם לאָנדאָנער קאָרעספּאָנדענט, חוץ קורצע, לעבעדיקע ארטיקלען, וואָס באַלויכטן יעדע פראַגע, וואָס האָט צו טאָן מיט אייער לעבן, גליק און זיכערקייט.

טרייסט אנטהאַלט 32 זייטלעך אין יעדן נומער, איז אילוסטרירט און קומט ארויס יעדן צווייטן מיטוואָך. יאָ, עס איז ניט־רעליגיעז!

אבאָנירונג אויף א יאָר: ‎$1.00‎; אין אויסלאַנד: ‎$1.25‎. ארויסגעגעבן אין ענגליש און אַנדערע שפּראַכן (ניט אין יידיש).

**THE WATCHTOWER**
**117 Adams St., Brooklyn, N.Y.**

# די בשורה פון גאָטס מלוכה אויף דער ערד

איז די וויכטיקסטע און דערקוויקנדיקסטע דערקענטניש, וואָס מען קאָן באַזיצן.

זי איז די וויכטיקסטע, ווייל זי איז אַ דירעקטע שליחות פון דעם גרויסן באַשאַפער, און אַנטפּלעקט זיין באַשלוס וועגן דער מענטשהייט, און דאָס איז דאָך פאַר יעדן מענטש אַ פראַגע פון לעבן אָדער טויט.

דערקוויקנדיק איז די בשורה, ווייל זי דערקלערט אויספירלעך גאָטס באַשלוס אין גיכן צו רעכטפאַרטיקן זיין הייליקן נאָמען, אויסצוראָטן פון דער ערד אַלע זינד, אַלע זאָרגן, אַלע קראַנקייטן, אַלע אונטערדריקונגען און דעם טויט; און צו געבן יעטוועדן, וואָס פאָלגט גאָט, געזונט, גליק, ווילשטאַנד און אייביק לעבן אויף דער ערד.

פאַרוואָס זאָלט איר פאַרשווענדן אייער צייט מיט דער נישטיקער, אייטלער פילאָסאָפיע פון מענטשן אָדער מיט דעם קינדישן פלאַפּלען פון די וועלטלעכע חכמים, וועמעס חכמה איז נאַרישקייט ביי גאָט, אַז איר קאָנט געפינען אין ריכטער ראָטהערפאָרדס ביכער אַ קלאָרע און פולשטענדיק איבערצייגנדיקע דערקלערונג וועגן גאָטס כונה, אַזוי ווי עס איז פאַרצייכנט אין דער ביבל?

וויסן, וואָס קיין טאָטאַליטאַרישע רעגירונג קען איצט ניט צונעמען פון דער ערד:

| | |
|---|---|
| דאָס באַגינסטיקטע פאָלק | פונאַנדערטיילונג פון די מענטשן |
| די אַנטשיידנדיקע מלחמה | ווידער־אויפבוי פון דער וועלט |
| ווו זיינען די טויטע? | אויף יענער זייט קבר |

די העכסטע מאכט
שליסל פון הימל
געזונט און לעבן
היים און גליק
טעאָקראַטיע
דער קריזיס
אַנטשיידונג
הר־מגדון
פרייהייט

שוץ
זיכערקייט
אויפגעדעקט
גוטע בשורה
ווער איז גאָט?
די אורזאַך פון טויט
גאָט און דער שטאַט

וואָס איר האָט נויטיק
רעגירונג און שלום
וואָס איז אמת?
זיינע ווערק
עולם הבא
זיין נקמה
געזעטיקט
וואָרענונג
רעגירונג

דער סוף פון די אַקסיס־מאַכטן
קאָנספיראַציע קעגן דעמאָקראַטיע
ריכטער ראָטהערפאָרד אַנטפּלויזט די פינפטע קאָלאָנע
פאַשיזם אָדער פרייהייט (אין יידיש)
דער גערעכטער הערשער (אין יידיש)
באַטראַכט מוטיק די פאַקטן (אין יידיש)
אַלוועלטלעכע מלחמה נאָענט (אין יידיש)
ווער זאָל רעגירן די וועלט? (אין יידיש)
דאָס קעניגרייך, די האָפענונג פון דער וועלט (אין יידיש)
מלאָכים (אין יידיש)
פליכטלינגען (אין יידיש)

אַלע געשריבן פון ריכטער ראָטהערפאָרד, די פרוכט פון יאָרן פון פאָרשונג פון די ביבלישע אמתן און פאַקטן, און אַנטהאַלטנ־דיק זיינע באַרימטסטע רעדעס איבער נאַציאָנאַלע און אינטער־נאַציאָנאַלע ראַדיאָ־פּראָגראַמען. אַלע ביכלעך מיט אילוסטרירטע טאָוולען אין קאָלירן, און איטלעך ביכל באַשטייט פון 64 זייטלעך.

וועלכע עס זאָל ניט זיין דרייצן, וואָס איר קלייבט אויס, 50 סענטס; וועלכע עס זאָל ניט זיין זעקס, 25 סענטס; איינס, 5 סענטס; אַרויסגעשיקט דורך באַצאָלטער פּאָסט אומעטום. שיקט אייער באַשטעלונג צו:

**WATCHTOWER, 117 Adams St., Brooklyn, N. Y.**

פאַגליקנדיקער, ווי איר קענט זיך פאָרשטעלן, איז דאָס שטודיום פון ביבלישע נבואות אין ליכט פון די נייסטע פאַקטן. קיין זאַך דערפרייט, דערמוטיקט, טרייסט און העלפט אונדז איצט ניט אַזוי, ווי אַזאַ פאָרשונג. אַ סך טוט זיך אין דער וועלט, וואָס וויל אייך מרה־שחורהדיק מאַכן, פאַרניכטן אַלע האָפענונגען און וואַרפן אָן אויף אייך אַ שרעק און אַ פחד פאַר דער נאָענטער צוקונפט. איבערציַיגט זיך איצט, אַז דער סוף פון שלעכטס איז נאָענט, אַז אַ נייע און גערעכטע רעגירונג האָט אָנגעפאַנגען צו הערשן צווישן דעם מענטשנס שונאים, אַז די ערד וועט ווערן אַ גן־עדן, און אַז מיליאָנען מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס לעבן איצט, וועלן קיינמאָל ניט שטאַרבן!

איבערציַיגט זיך — ווי אַזוי? דורך לייענען די פאָלגנדיקע סעריע ביכער פון ריכטער ראָטהערפאָרד, וואָס האָט ניט קיין מורא, אויפצודעקן פאַר דער וועלט די פאַקטן:

| | | |
|---|---|---|
| די האַרף פון גאָט | באַפרייאונג | באַשאַפונג |
| דאָס שלום־מאַכן | צוגרייטונג | באַוואָרונג |
| נבואה | רעגירונג | יהוה |
| רייכטום | שונאים | רעטונג |
| רעליגיע | | קינדער |
| ליכט (2 בענדער) | רעכטפאַרטיקונג (3 בענדער) | |

די דאָזיקע ביכער זיינען געדרוקט אין ענגליש און אין אַ סך אַנדערע שפּראַכן (רייכטום אין יידיש), אַלע זיינען אָנציענדיק געבונדן אין לייוונט, מיט בולט אויסגעקלאַפּטע טאָוולען אין גאָלדענע אותיות. אילוסטרירט מיט קאָלירן, אַנטהאַלטנדיק אַן אינדעקס. איטלעך בוך אַנטהאַלט 352 אָדער מער זייטלעך פון באַווייזן אויס דער הייליקער שריפט און פון פאַקטן.

אַלע ניינצן בּיכער פּאַר אַ בּיישטייערונג פוּן $4.75; וועלכע עס איז פיר בּיכער פּאַר $1.00; איין בּוּך 25 סענטס; געשיקט צוּ אייך אוּמעטוּם דוּרך בּאַצאָלטער פּאָסט. פּאַר אַ פרייען אילוּסטרירטן קאַטאַלאָג, וואָס שילדערט די אויבּנדערמאָנטע בּיכער אוּן אַלע אַנדערע שריפטן פוּן ריכטער ראָטהערפאָרד, שרייבּט צוּ:

**WATCHTOWER, 117 Adams St., Brooklyn, N. Y.**

Chief Office and Official Address of

**WATCH TOWER BIBLE & TRACT SOCIETY**
**WATCHTOWER BIBLE AND TRACT SOCIETY, INC.**
**INTERNATIONAL BIBLE STUDENTS ASSOCIATION**

is

124 Columbia Heights, Brooklyn, N. Y.

**Address of factories and publishers:**

| | | |
|---|---|---|
| **America,** | 117 Adams St., | **Brooklyn, N.Y.** |
| **Argentina,** | Calle Honduras 5646-48, | **Buenos Aires** |
| **Australia,** | 7 Beresford Rd., | **Strathfield, N.S.W.** |
| **Brazil,** | Caixa Postal 1319, | **Rio de Janeiro** |
| **British Guiana,** | 5 Croal St., | **Georgetown, Demerara** |
| **Chile,** | Avda. Buenos Aires 80 (Blanqueado), | **Santiago** |
| **China,** | Box 1903, | **Shanghai** |
| **Denmark,** | Sondre Fasanvej 54, | **Copenhagen-Valby** |
| **England,** | 34 Craven Terrace, | **London, W. 2** |
| **Finland,** | Vainamoisenkatu 27, | **Helsinki** |
| **Greece,** | Lombardou 44, | **Athens** |
| **Hawaii,** | 1228 Pensacola St., | **Honolulu** |
| **India,** | 40 Colaba Road, | **Bombay 5** |
| **Jamaica, B.W.I.,** | 151 King St., | **Kingston** |
| **Java,** | Post Box 59, | **Batavia Centrum** |
| **Mexico,** | Calzada Melchor Ocampo 71, | **Mexico, D.F.** |
| **New Zealand,** | G.P.O. Box 30, | **Wellington** |
| **Norway,** | Inkognitogaten 28, b., | **Oslo** |
| **Philippine Islands,** | 1736 M. Natividad, | **Manila** |
| **South Africa,** | 623 Boston House, | **Cape Town** |
| **Straits Settlements,** | Post Box 566, | **Singapore** |
| **Sweden,** | Luntmakaregatan 94, | **Stockholm** |
| **Switzerland,** | Allmendstrasse 39, | **Berne** |
| **West Africa,** | 71 Broad St., Box 695, | **Lagos, Nigeria** |
| **Yugoslavia,** | Dalmatinska ul. 59, | **Beograd** |

All communications for literature should be addressed Watch Tower Bible & Tract Society, at the above addresses respectively.